עמיל זאָלאַ.

# געוועהלטע ווערק

## דריטער באנד.

היברו פאָבלישינג קאָמפאני

52-50 עלדרידוש סטריט, ניו יאָרק.

# אינהאַלט־פערצייכניס:

# דער וויבערשער גן־עדן.

## 1.

ד ע נ י ס און א הרע צווייא ברידער זיינען געגאנגען פון דעם סאנט־לאזאר וואגזאל, וואוהין זייא זיינען אָנגעקומען מיט דעם טשערבורג צוג. פעפע האט געהאלטען איהר האנד און זשען איז געגאנגען נעבען איהר. אלע דרייא ווארען מיעד פון דער רייזע, וועלכע האט געדויערט א גאנצע נאכט אויף א הארטען באנק אין דריטען קלאס. דיא גרויסע פאריז האט זייא צומישט און צושראָקען און בייא יעדען ווינקעל האבען זייא זיך אָפּגעשטעלט פרעגען דעם וועג צו דער מ י ש א ד י ר שטראסע, וואו זייער אָנקעל ב אָ ד ו וואָהנט.

אלע דרייא האבען געטראגען טרויער נאך זייער פאטער, ד ע נ י ס, וועלכע וואר א מיידעל פון צוואנציג יאָהר, האט געהאלטען איהר פינף יעהריגען ברודער'ל אין איין האנד, און א שווערען פעקעל אין דער צווייטער. זשען, וועלכער וואר א געזונדער יונג פון זעכצעהן יאָהר איז געגאנגען מיט לעדיגען.

זייא זיינען געקומען צום ווינקעל פון מ י ש א ד י ר און ס א נ ט א נ ו ס ט י ן גאס, און זיינען געבליבען שטעהן נעגען א טוך־מאגאזין. עס וואר אכט אוהר פריה. דיא גאסען זיינען געוועזען לעער, נאָר קלערקס און הויז־פרויען זיינען געגאנגען אין דיא גאסען. אין דעם טוך־מאגאזין ווארען נאך קיינע קונדען, אָבער דיא ארבייטער וואס האבען זיך געפונען אינוועניג, האבען געארבייט וויא דיא בינען.

דיא דרייא אָנגעקומענע האבען זיך אָפּגעשטעלט בייא'ן מאגאזין און זשען האט אויסגערופען:

— בייא גאָט, דיין מאגאזין קומט ניט צו דיעזען.

דעניס האט געשאָקעלט איהר קאָפּ. זיא האט פערבראכט צווייא יאָהר אין קארניילס — דער הויפט טוך־מאגאזין אין שטעדטעל און פּלוצלינג האט זיא דערזעהן דיעזען מאגאזין. אין איהרע אויגען איז דאס דער גרעסטער פּלאַטץ און זיא איז געוואָרען אזוי איבערראשט, דאס זיא האט אלעס אנדערע פערגעסען. דיא הויכע טהירען פון געשליפענעם־גלאָז, וועלכע זיינען געוועזען נעגען דעם „גאילאָן פלאטץ", האבען עררייכט ביז דעם צווייטען עטאזש. איבער דיעזער טהיר זיינען געשטאנען צווייא פיגורען, וואס האבען פאָרגעשטעלט צווייא לעבעדיגע פרויען, און

האבען געהאלטען א שילד, אויף וועלבען עס זיינען געשטאנען דיא גרויסע ווערטער:

## „דער ווייבערשער גן־עדן.“

— דער ווייבערשער גן־עדן! — האט זשען געלעזען מיט דעם שמייכעל פון א יונגען מאן וואס האט שוין אמאל געהאט צו טהון מיט פרויען. — דאס מוז אנציהען דיא קונדען, עה?

אָבער דענים איז געווען פעראינטערעסירט אין דיא פענסטער, אין דיא בערג בילינע וואארע וואס איז געלעגען אין גאס ביי'ן טהיר פון מאגאזין, און ווארען אמת'ע מציאות, נאך זייער קליינעם פרייז. עס האט געשיינט, אז עס ווערט פאר־בערייט צו איין אויספערקויף, ווייל דער מאגאזין וואר בעלאגערט מיט וואארע.

באלד האבען אלע דרייא דערזעהן א פענסטער מיט דאמען־קליידער. אין קארנייל איז דענים געווען אין דיעזען דעפּארטמענט, אָבער זיא האט אין איהר לעבען נים געזעהן אזעלכע קליידער, אזעלכע מאָדעס, אזעלכע וואארע, אזעלכע פיגורען, אזעלכע קונציגע, פּאָעטישע און אנציהענדע אויסשטעללונגען. עס האט איהר געשיינט, אז זיא זעהט דעם טעמפעל, וואו מען דארף זיך בוקען פאר דעם חן און דיא שעהנהייט פון פרויען.

זשען איז אויך געשטאנען מיט איין אייגענער מויל און האט נים געקענט אוועק געהן פון דעם פענסטער. דער קליינ[illegible] פּעפּע האט זיך צוגערוקט צו זיין שוועסטער און האט אויך געקוקט אויף דיא פיגורען און דיא קליידער, און אלע דרייא זיינען יעטצט געשטאנען צוזאמען און האבען פארגעשטעלט א מערקווירדיגע און אינטערעסאנטע גרופּע, ווייל אלע דרייא ווארען שעהן, דאס מיידעל וואר פער־זאָרגט און בלאס, און איז געשטאנען צווישען דעם שעהנעם קינד און דעם פיינעם יונגען מאן, וועלכער האט געהאט דיא שעהנהייט פון א מיידעל. דיא דרייא האבען פּארגעשטעלט אזא בילד, דאס יעדער וואס איז זייא פארבייא געגאנגען האט זיך צו זייא צוגעקוקט און האט געשמייכעלט.

אין טהיר פון א קראָם אויף דעם צווייטען זייט גאס איז געשטאנען א דיקער מאן מיט גראָע האאר און א געלע געזיכט און האט בעטראכט דיא דרייא קינדער. ער איז געשטאנען מיט פערגאָסענע אויגען און פערביסענע ליפּען און האט געקאָכט פון כעס וועגען דער אויסשטעללונג וואס דער „ווייבערשער גן־עדן“ האט געמאכט. ער האט דערזעהן דיא מיידעל מיט איהרע צווייא ברידער און איז נאך מעהר צר

קאַכט געוואָרען. ער האט געוואָלט וויסען וואס טהוען דיעזע דרייא יאָלדעס בייא דיא פענסטער פון דער ביליגער קראַם.

פלוצלינג האט זיך דענים אויפגעכאַפּט וויא פון א שלאָף, און האט גע־פרעגט:

— וואס וועט זיין מיט דעם אָנקעל?

— מיר זיינען אין מישאדיר שטראַסע, ער מוז וואָהנען אין דיעזען נעגענד.

זייא האבען אויפגעהויבען זייערע קעפּ און האבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. און איבער דעם קאָפּ פון דעם דיקען אלטען מאַן, האבען זייא דערזעהן א שילד מיט דעם אויפשריפט:

## דער אַלטער עלבייף. קליידער, פלאַנעל.
## באָדו, געוועזענער האַשעקאַרן.

— דאס איז דיא הויז! — האט זשען געזאגט.

— דאַן מוזען מיר אַהין געהן! — האט דענים געענטפערט.

ווען זייא זיינען געווען נאהענט צו זייער ציעל, האבען זייא אָנגעפאַנגען צו זאָרגען. א מורא איז זייא בעפאַלען. ווען זייער פאטער איז געשטאָרבען פון דעם זעלבען פיבער, וואס זייער מוטער איז געשטאָרבען צוריק מיט א חודש, האט זייער אָנקעל, וועלכער איז געריהרט געוואָרען פון דעם צוויייענדיגען אונגליק, געשריבען, אז זייא קענען קומען צו איהם אין פאַריז. אָבער דאס וואַר מיט א יאָהר צוריק, און דענים האט זיך יעטצט בערעכענט, אז עס וואַר נארריש פון איהר צו פערלאַסען וואלאנס, אָהנע אָנצופרעגען דעם אָנקעל. דער אָנקעל קען זיא ניט, ער איז קיין מאָל ניט געווען אין וואלאנס, זייט ער איז פון דאָרט אוועק אלס יונגער מאַן אום אריינצוקומען אין דעם טוך געשעפט פון האַשעקאַרן, וואו ער איז געוואָרען איין איידעם און דער יורש.

— זייט איהר מאָנסיו באָדו? — האט דענים געפרעגט דעם אלטען מאַן, וועלכער האט זייא ניט אויפגעהערט צו בעטראַכטען.

— דאס בין איך! — האט דער דיקער מאַן געענטפערט.

דענים איז געוואָרען רויטה און האט געמורמעלט:

— אהה, עס פרעהט מיך! איך בין דענים. דיעזער איז זשען און דיעזער איז פעפע. איהר זעהט, אז מיר זיינען געקומען, אָנקעל.

באַדו איז געוואָרען איבערראַשט. זיינע גרויסע אויגען האבען זיך אויפגע־הויבען. ער האט געשפּראָכען לאַנגזאַם און שווער. עס האט געשיינט, אז ער האט יעצט גאר ניט געטראַכט פון דיעזער פאַמיליע, וועלכע איז ארונטער געפאַלען וויא פון הימעל.

— וואס? וואס? וואס? איהר זייט היער? — האט ער געפרעגט אייניגע מאל. — איהר זייט דאָך געווען אין וואַלאַנס? ווארום זייט איהר דאַרט ניט גע־בליעבען?

מיט איהר זיסער שטימע האט זיא איהם ערקלערט, אַז דער פאַטער איז גע־שטאָרבען און האט פאַר זייא גאר ניט איבערגעלאָזען. זיא האט דעם יאָהר גע־ארבייט אין קאָרנייַלס, אָבער איהר פערדיענסט וואר ווענינ פאַר זייא. זשען האט געאַרבייט בייא אַלטע מעבעל, אָבער ער האט ניט פערדיענט. ער האט אָבער ליעב דיעזע ארבייט און האט זיך אויסגעלערענט צו מאַכען האָלץ. איין מאל האט זשען אויסגעשניצט א פיגור, און א דורכרייזענדער, וועלכער האט דיא פיגור געזעהן האט זייא צוגערעדט זייא זאָלען פאָהרען נאָך פּאַריז, וואו ער וועט קריעגען א גוטע שטעלע פאַר דעם טאָקער.

— זעהט איהר, אָנקעל! — האט דעניס געענדיגט איהר ערצעהלונג, — זשען וועט זיך מאָרגען שטעלען ארבייטען אויף זיין נייען פּלאַטץ. זייא בעטען בייא איהם קיין געלד, און זייא וועלען איהם געבען קעסט און קווארטיר אומזיסט. איך בין זיכער, אז איך און פּעפּע וועלען פערדיענען אונזער ברויט. מיר קענען גאר ניט פערלירען. ערגער וויא אין וואַלאַנס וועט אונז דאָ ניט זיין.

זיא האט אָבער ניט ערצעהלט פון זשען'ס ליעבע און דיא בריעף וואס ער האט געשריבען צו א נאָבעל־מאַנ'ס טאָכטער און וויא מען האט זייא געכאַפּט קוסענדיג זיך איבער א פּארקאַן. דיעזע ליעבע האט ארויסגערופען א סקאַנדאל און האט זיא געצוואונגען צו פערלאָזען איהר שטאָדט. זיא איז געווען זעהר נייגעריג צו זיין אין פּאַריז און אכטונג געבען אויף איהר שעהנעם און לוסטיגען ברודער, אזוי וויא א מוטער וואס זאָרגט זיך פאַר איהר זוהן, וועלכען אַלע פרויען ליעבען. דער אָנקעל האט אויסגעהערט איהר גאַנצע ערצעהלונג און איז געוואָרען פיעל ווייכער.

— זאָ, אייער פאַטער האט איך גאר נישט געלאָזען? — האט ער גע־פרעגט. — איך האב געגלויבט, אז ער איז געשטאָרבען רייך. אָה, וויפיעל מאל האב איך איהם געראַטהען, ער זאָל זיך ניט נעהמען צום פאַרב געשעפט? ער

וואר א גוטער מענש, אָבער ער האט ניט פערשטאַנען וויא צו האנדלען. און דוא ביזט געווען געצוואונגען צו ארבייטען און ערציהען דיעזע צווייא קינדער?

זיין געזיכט איז געוואָרען רוהיגער און פריינדליכער. פּלוצלינג האט ער בעמערקט, אז ער שטעהט אין טהיר און פערשטעלט פאר זייא דעם אריינגאַנג.

— אה, קומט דאָך אריין, איהר זייט דאָך שוין דאָ! קומט אריין!

ער האט געוואָרפען זיין לעצטען בליק אויף דעם „ווייבערשען גן־עדן" און האט אריינגעפיהרט דיא קינדער אין זיין קראָם און האט ארונטער גערופען זיין ווייב און זיין טאָכטער.

— עליזאבעטע, זשענעוויעוו, קומט ארונטער, היער האט איהר פריינדע!

אָבער דעניס און איהרע ברידער זיינען צומישט געוואָרען פון דיא פינסטערניס אין קראָם. נאָך דיא העלע שיין אין גאס האבען זייא אין קראָם ניט געקענט זעהן. זייא זיינען אריין אין קראָם גאַנץ פאָרזיכטיג און האבען געטאַפּט ארום זיך. פּעפּע און זשען האבען זיך נאָך שטארקער צוגעדריקט צו זייער שוועסטער.

באַלד זיינען אין קראָם ערשיענען באָדו'ס ווייב און טאָכטער. דיא ווייב וואר א קליינע, קראַנקע פרוי, מיט ווייסע האאר, ווייסע אויגען און ווייסע ליפּען. זשענעוויעוו וואר געראטען אין איהר מוטער, און האט אויסגעזעהן וויא א פלאַנצונג וואס וואקסט אין שאָטען. זיא האט געהאט שעהנע שווארצע האאר, וועלכע וואַרען צו לאַנג און צו געדיכט פאר איהר שוואכען קערפּער און האבען נאָך פערגרעסערט איהר מעלאַנכאָלישען אויסזעהן.

דיא פרויען האבען אוועקגעזעצט דיא שעהנע דעניס אונטער'ן קאַנטאָר. פּעפּע האט זיך באַלד אריינגעכאַפּט אין איהר שויס און זשען האט זיך צוגעשפּאַרט צו א סלופּ. דיא געסט האבען זיך באַלד צוגעוואָהנט צו דיא פינסטערניס. זייא האבען יעצט געקענט זעהן דיא קראָם מיט איהר ניעדעריגען דאָך, און איהרע אַלטע פּאַליצעס, וועלכע וואַרען פערלייגט מיט וואארע. אין א הינטערסטען טהייל פון קראָם האבען צווייא יונגע מענער און איין פרוי, צוזאמענגעלייגט ווייסען פלאַנעל.

— דיעזער יונגער מאַן וויל פּיעללייכט עטוואס נעהמען? — האט מאַדאַם באָדו געזאגט און האט געשמייכעלט צום קליינעם פּעפּע.

— איך דאַנק אייך! — האט דעניס געענטפערט. מיר האבען געטרונקען קאַפּע ביים דעם באַהן. מיר האבען דאָרט געלאָזען אונזער קאַסטען.

זיא האט עס געזאגט, ווייל זיא האט בעמערקט וויא זשענעוויעוו בעטראכט איהר קליינעם און ארמען פּעקעל. זיא האט יעצט געפיהלט, אז זיא האט ניט בע־

דארפט קומען אזוי פלוצלינג. ווען זיא איז אָנגעקומען אין וואגזאל, האט זיא שוין חרטה געהאט אויף דער רייזע, און דארום האט זיא געגעבען דעם קינד פריהשטיק און האט געלאָזען איהר קאסטען ביי'ן וואגזאל.

פלוצלינג האט זיך באַדו אָפּגערופען:

— מיין ליעבעס קינד, מיר מוזען זיין אָפען. עס איז וואהר, איך האב אייך געשריבען, אָבער דאס וואר מיט א יאָהר צוריק, און זייט דאן זיינען דיא געשעפטען געווען זעהר שלעכט.

ער איז געבליעבען שטעהן. געפיהלען האבען זיך ערוועקט אין זיין הארץ, אָבער ער האט זייא ניט געוואָלט ארויס ווייזען. זיין פרוי און זיין טאָכטער האבען אויך ארונטער געלאָזען זייערע אויגען.

— אה, האט באַדו ווייטער געזאגט, — דער קריזיס וועט זיכער פאַראיבער געהן, אָבער איך האב געמוזט פערקלענערן דיא צאָהל פון מיינע אנגעשטעלטע. איך האב דאָ נאָר דרייא און יעצט איז ניט דיא צייט אנצושטעלען א פיערטע. קורץ גערעדט, מיין ליעבע מיידעל, איך קען דיך ניט אנשטעלען, וויא איך האב פער־שפּראָכען.

דעניס האט אויסגעהערט און איז געוואָרען זעהר בלאַס.

— גאנץ רעכט, אָנקעל, — האט זיא ענדליך געענטפערט מיט מוטה. — איך וועל מיך פּרובירען העלפען.

דיא באַדו'ס ווארען קיינע שלעכטע מענשען. זייא זיינען אָבער געווען אָהן מזל. ווען זייער געשעפט איז געגאנגען גוט, האבען זייא בעדארפט ערציהען פינף זיהן. דרייא פון זייא זיינען געשטאָרבען, איינער איז אוועק אין א שלעכטען וועג און דער פינפטער איז אוועק נאָך מעקסיקא אלס קאפּיטאַן. זשענעוויוו איז געווען דיא איינציגע וואס איז געבליבען אין דער היים. דיעזע גרויסע פאמיליע האט אָב־געקאָסט א פערמעגען, און באַדו האט נאָך פערערגערט זיין לאַגע, דערמיט וואס ער האט געקויפט א גרויסע הויז, און ראמבאַלעט, ניט וויט פון זיין שווינגער־פאטער. פון דיעזע צרות איז דער עהרליכער קויפמאַן געוואָרען בייז און שלעכט.

— דוא האסט אונז בעדארפט אָנזאגען! — האט ער ווייטער אָנגעפאנגען צו זאגען און ווערען אין כעס אויף זיך אליין. — דוא האסט בעדארפט שרייבען, און איך וואָלט דיר געראַטהען צו בלייבען אין וואלאָנס. ווען איך האב געהערט פון דיין פאטער'ס טויט, האב איך געזאגט, וואס דאן האט געפאסט, אָבער דוא ביזט צו אונז אריינגעפאלען זעהר פלוצלינג, דאס איז ניט ריכטיג.

ער האט דיזעס געזאגט מיט א הויכען קול און איהם איז דערפון געוואָרען לייכטער אויפ'ן הארצען. זיין ווייב און זיין טאָכטער האבען אלץ געקוקט אויף דער ערד, וויא אונטערטהעניגע פערזאָנען וואס וואגען זיך ניט צומישען. זשען איז געוואָרען בלאס און דענים האט צוגעדריקט דעם קליינעם פעפע פעסטער צו איהר בוזים און איהרע טרעהרען האבען זיך געגאָסען.

— ענטשולדיגט, אָנקעל, — האט זיא געזאגט, — מיר וועלען געהן.

אָבער דער אָנקעל האט יעטצט אויסגעשריען מיט נאך מעהר כעס: — איך וויל אייך ניט ארויסטרייבען! — האט ער געזאגט. — ווען איהר זייט שוין דאָ, מוזט איהר דאָ זיין איבער נאכט. מאָרגען וועלען מיר זעהן וואס מיר קענען טהאָן.

יעצט האבען מאדאם באָדו און איהר טאָכטער פערשטאנען, אז זייא האבען דאס רעכט צו מאכען דעם אָרדנונג מיט דיא געסט. וועגען זשע האבען זייא ניט געהאט צו זאָרגען. ער האט זיך מאַ־גען בעדארפט בעגעבען צו זיין שטעלע. פעפע וועט זיך גוט ערציהען בייא מאדאם גראז, איין אַלטע פרוי, אין דער גאס ארטיס, וועלכע ערציהט קינדער פאַר פערציג פראנק א מאָנאט. דענים האט געזאגט, אז זיא האט גענוג צו בעצאָהלען פאַר דעם ערסטען חודש, און פאַר זיך אליין האָפט זיא צו געפינען א שטעלע אין א קראָם.

— מיר שיינט אז ווינקארט דארף א פריילין אין זיין קראָם? — האט זשאַן געוויזו געזאגט.

— גאַנץ ריכטיג! — האט באָדו אויסגערופען. — מיר וועלען איהם געהן באלד זעהן. מען דארף שמידען דעם אייזען זאָלאנג ער איז הייס

אין דער גאַנצער צייט איז קיין איינציגער קונד אריינגעקומען, וואס זאָל שטערען דעם געשפרעך. דיא קראָם איז געבליבען פינסטער און טרויעריג. ענדליך זיינען דרייא פרויען אריינגעקומען און דענים איז א ווייַלע געבליבען אליין. זיא האט געקוסט איהר קליינעם ברודער'ל, מיט וועלכען זיא וועט זיך באַלד דארפען שיידען. פעפע איז געווען שטיל וויא א קעצעלע. מאדאם באָדו האט זיך געוואונדערט וואס דאס קינד איז אזוי שטיל און דענים האט איהר פערזיכערט, אז דאס קינד איז אימער אזוי, ער לעבט נאָר אויף קוסען און ליעבע. ביז דעם פריהשטיק איז דענים געזעסען מיט איהר טאַנטע און זשענעוויוו און זייא האבען געשפראָכען וועגען קינד, וועגען הויז־ווירטהשאפט, וועגען פאריז, וועגען דאס לאַנד, און וועגען אנדערע זאכען. זשען איז אוועק צום טהיר פון קראָם, איז דאָרט געשטאַנען, האט בעטראכט דיא פאַרבייגעהער און האט געשמייכעלט צו דיא שעהנע מיידלעך. אום צעהן אוהר איז געקומען א דיענסט און האט געמאָלדען דעם פריהשטיק.

— קום צום עסען! — האט באַדו געזאגט צו זיין ניכטע.

און ווען זייא האבען זיך אלע געזעצט אין דעם קליינעם שפּיידצימער, הינטער דער קראָם, האט באַדו גערופען דעם ערשטען קלערק „קאַלאָמבאַן“, וועלכער פלעגט עסען מיט איהם צוזאמען.

קאַלאָמבאַן האט זיך ענטשולדיגט. ער האט צוערשט געוואָלט ענדיגען זיין ארבייט. דיעזער קלערק איז געווען א גרויסער, געזונטער יונג פון פינף און צוואַנציג יאָהר, מיט איין עהרליכעס געזיכט, א גרויסען מויל, און קלוגע אויגען.

באַדו האט צושניטען דיא פלייש אין גלייכע טהיילען, אזוי וויא ער וואָלט געמאָסטען און געוואוינען יעדען חלק. דאן האט ער צושניטען דעם ברויט, און האט יעדען דערלאנגט זיין פּאָרציאָן.

— דיעזער יונגער מאַן האט א גוטען אפּעטיט! — האט באַדו בעמערקט, ווען ער האט געזעהען, אז זשען האט אויפגעגעסען זיין חלק. — אויב ער ארבייט אזוי וויא ער עסט, וועט ער אויסוואקסען א חוואט. אָבער דעניס עסט גאַנץ וועניג. אָבער יעטצט קענען מיר אביסעל פּלוידערן און דערצעהלען, זאג מיר, מיין קינד, ווארום האסט דוא ניט געהייראטה אין וואלאָנס?

דעניס האט זיך צולאכט.

— וואס זאגט איהר, אָנקעל? איך זאָל הייראטהען! וויא איז דאס מעגליך? און דיא קינדער?

זיא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען פון געלעכטער. עס האט איהר גע־קלונגען אזוי קאָמיש. ווער וועט עס נעהמען א מיידעל אָהן א פראנק? א מיידעל וואס איז אזוי מאָגער און איז ניט שעהן? אה, זיא וועט ניעמאלס הייראטהען. איהרע קליינע ברידער זיינען פאר איהר גענוג.

— דוא האסט א טעות! — האט דער אָנקעל ערקלעהרט. — א פרוי מוז האבען א מאַן. ווען דוא וואָלסט געפונען איין עהרליכען יונגען מאַן, וואָלט איהר ניט ארייננעפאלען אין פּאריז, וויא ארמע ציגיינער. מיין טאָכטער זשענעוויעוו און מיין ערשטער קלערק קאַלאָמבאַן וועלען הייראטהען נעכסטען פריהלינג, אויב מיר וועלען האבען א גוטען סיזאָן.

וועהרענד ער האט געשפּראָכען, האט דעניס בעטראכט דיא חתן־כלה. זייא זיינען געזעסען צוזאמען ביי׳ם טיש, אָבער זייא זיינען געווען גאַנץ שטיל, זייא האבען ניט גערעדט און ניט געשמייכעלט. פון דעם טאָג וואס קאַלאָמבאַן איז אריין אין דעם געשעפט, האט ער גערעכענט אויף דיעזען שידוך. ער האט

אָנגעפּאנגען פון דעם קלענסטען אַמט, או איז דורכגעגאנגען אלע שטופען, ביז ער איז אנפערטרויט געוואָרען מיט דיא געהיימניסע און אינטערעסען פון דער פאמיליע. ער האט דיא גאנצע צייט געפיהרט א רעגעלען לעבען און האט געווארט אויף דער חתונה וויא אויף דער ענדע פון זיין ציעל. ער איז געוועזן זיכער, אז ער וועט זיא האבען, און דארום האט ער ניט געקענט ברענגען נאך איהר. דיא כלה האט זיך צו איהם צוגעוואָהנט, און האט איהם געליעבט, אָבער זיא וואר אויך שטיל, און אין זעהר רוהיגען לעבען, האט זיא אליין ניט געוואוסט דיא ליידענשאפט, וועלכע ליעגט בעהאלטען אין איהר הארצען.

דיא ליעבע צווישען דיעזער פּאאר איז אויסגעוואקסען אין דיעזען אומטהיגען הויז, וויא א בלום אין א קעלער. גאנצע צעהן יאָהר האט זשענעוויוו קיין אנדערן געקענט אויסער איהם. פון פריה־מאָגען ביז שפּעט אין דער נאכט האבען זייא זיך געפונען איינע נעבען דיא אנדערע, אונטער דיעזעלבע פּעק וואַרע און ארום דיעזעלבע אלטע פּאַליצעס. און אין דיעזען איינזאמען אָרט, אין דיעזען מעלאנכאָ־לישען ווינקעל האבען זייא איינע דיא אנדערע געגעבען דיא הענד און זיינען געוואָרען פערליעבט.

נאך דעם עסען זיינען זייא אלע וויעדער אריין אין קראָם. דענים איז גע־בליבען ווארטען אויף איהר אָנקעל, ער זאָל זיא פיהרען צו ווינקארט, פּעפּע האט זיך געשפּיעלט בייא איהרע פיס און זשען האט זיך וויעדער געשטעלט ביי'ן טהיר. דענים איז געזעסען, בעטראכט דיא קונדען וואס זיינען געקומען זעהר לאַנגזאם און געקויפט זעהר וועניג. זיא האט בעטראכט וויא דאס געשעפט ווערט געפיהרט אויף איין אלמאָדישען וועג, און זיא האט אויך בעטראכט דעם „וייבערשען גן־עדן“ וועלכען זיא האט געקענט זעהן דורך דער אָפענער טהיר.

אין איהרע אויגען איז דער „ווייבערשער גן־עדן,“ געוועזן דער גרעסטער מאגאזין איז דער וועלט. זיא האט געקריעגען א חשק אריינצוגעהן און זעהען יענעם מאגאזין און בעטראכטען דעם גרויסען געשעפט, וועלכער איז געוועזן דער קאָנטראסט פון דעם שלעפעריגען, שטילען, טרויעריגען געשעפט, וואו איהר אָנקעל האט זיא אויפגענומען אזוי קאלט, און לעבט אזוי ארעם.

— דאָרט מאכט מען גרויסע געשעפטען! — האט זיא ניט ווילענדיג בע־מערקט.

אָבער עס האט איהר לייד געטהאָן וואס זיא האט עס געזאגט, ווען זיא האט געזעהן וויא איהר אָנקעל און איהר מאמע קוקען אויף דעם גרויסען מאגאזין וויא מען קוקט אויף א טיגער וואס טראגט אוועק א קרבן, און וויא זייא קריצען מיט

דיא צייהן, ווען זייא זעהן דיא שטראָמען קונדען וואס געהן אריין און געהן ארויס פון יענע טהירען. זשענעוויוו איז געשטאַנען און האט געהיט איהר חתן, וועלכער האט זיך צוגעקוקט צו דער שעהנער קרעמערקע, וועלבע איז געשטאַנען אין א פענסטער פון דעם „ווייבערשען גן־עדן" און האט צוזאַמענגעלייגט זיידענע וואַארע. באַדו, האט געקוקט און געקוקט צו זיין קאָנקורענט און האט פּלוצלינג אויס־געררופען:

— נים אַלעס איז גאָלד וואס גלאַנצט! געדולד!

באַדו וואָלט אויסגעשריען און וואָלט פיעללייכט אויך געשאָלטען, אָבער ער האט זיך געשעהמט פאר דיא קרובים וואס זיינען ערשט אָנגעקומען.

ענדליך האט ער זיך אָפּגעריסען פון טהיר, וואו ער האט צוגעזעהן דעם אויס־פערקויף אין דעם „ווייבערשען גן־עדן" און האט געזאגט:

— גענוג. מיר וועלען געהן זעהן ווינקארט'ן. אזעלכע שטעלען ווערען ארויס געכאַפּט. מאָרגען קען זיין צו שפּעט:

איידער ער איז אוועק, האט ער געהייסען דעם איינגסטען קלערק, ער זאָל געהען ברענגען דעניס קאסטען פון וואגזאל. מאדאם באַדו האט גענומען דעם קליינעם פּעפּע און האט בעשלאָסען אריבער צו געהן זעהן דיא מאדאם גראז, און זשען האט פערשפּראָכען זיין שוועסטער, אז ער וועט נים אָפּטרעטען פון אָרט.

עס איז בלויז צווייא מינוטען גאנג! — האט באַדו געזאגט אלס זייא זיינען אריין אין נאילאָן גאַס. — ווינקארט האט א קראָם פון זייד און ער מאכט נאך גוטע געשעפטען. מיר שיינט אָבער, אז ער וועט שנעל אויפגעבען זיין געשע..ט צוליעב זיין רהעמאַטיזמוס.

ווינקארט'ס געשעפט איז געווען אין דער גאס „נייוו־דע־פּעטי־טשאמפּס". דיא קראָם איז געווען ריין און ליכטיג, אויפגעפוצט אויף דעם נייסטען סטייל, אָבער קליין און מיט ווייניג וואַארע. זייא האבען געפונען דעם איינגעטהימער ריידענדי.. מיט צווייא לייטע.

— שטערט אייך נים! — האט באַדו געזאגט. — מיר קענען ווארטען. — און ווענדענדיג זיך צו זיין ניכטע, האט ער איהר געזאגט: „דיעזער מאָגערער יונגער מאַן איז פון „גן־עדן", דער צווייטער אין דעם זייד דעפּארטמענט. דער דיקער מאַן איז א זייד פאבריקאנט פון לייאָנס.

פון דעם געשפּרעך האט דעניס פערשטאַנען, אז ווינקארט וויל פערקויפען זיין קראָם צו ראָבינא פון „גן־עדן". ער, ווינקארט, האט געהאַלטען אין איין

שווערען און געבען זיך עהרענוואָרט. נאך זיין רעכענונג איז דאס געשעפט א גאָלד גרוב. אָבער ראָבינא, וועלכער וואר אויפגערעגט און אונגעדולדיג, האט איהם ניט געלאָזט ריידען. ער האט געוואוסט וואס פאר א קריזיס עס איז יעצט אויף אלע געשעפטען, און ער האט געקענט אויסרעכענען איינינע געשעפטס-הייזער, וואס זיינען איינגעשלונגען געוואָרען פון דעם „גן־עדן". אָבער ווינקארט איז געוואָרען בייז און האט געשריען.

גאנזשין, דער פאבריקאנט, האט זיך אריינגעמישט און האט ערקלעהרט, אז דיא גרויסע פירמען רוענירען דיא פראנצויזישע פאבריקען. דרייא אָדער פיער מאכען דיא געזעצע און הערשען איבער דעם מארקעט. ער האט ערקלעהרט, אז דער איינציגער מיטעל צו בעקעמפפען דיעזע פירמען איז צו פאטראָניזירען דיא קליינע קראָמען, בעזאָנדערס צו אזעלכע וואס האנדלען מיט ספעציעלע וואארע. צוליעב דיעזע אורזאכען, האט ער אָנגעבאָטען א גרויסען קרעדיט דעם יונגען ראָבינא.

— זעהסט וויא מען האט דיך בעהאנדעלט אין פאריז? מען האט זיך גאר ניט געקימערט וואס דוא ביזט דאָרט געוועזן אזוי לאנג אנגעשטעלט. מען האט דיר שוין לאנג פערשפּראָכען צו געבען דיא העכערע שטעלע, דאך איז געקומען א גאנץ פרעמדער, וואס האט קיין פּרעטענזיע צו דער שטעלע, און האט פערנומען דעם פּלאַטץ.

ראבינא איז געוועזן שטארק בייז פיר דיעזען אונרעכט. ער האט אָבער אלין מורא געהאט אָנצופאנגען דיא געשעפטען אויף זיין איינענעם רעכענונג. ער האט ערקלעהרט, אז דאס געלד האט ער געקראָגען פון זיין ווייב, וועלכע האט גערירש'נט זעבצעהן טויזענד פראנק, און ער האט געזאגט, אז ער וועט בעסער פערלירען זיין קאָפּ, וויא פערלירען זיין ווייב'ס געלד.

— ניין! — האט ער געזאגט. — איך האב מיך נאך ניט בעשלאָסען. ניט מיר צייט, מיר וועלען עס נאך איבערלייגען.

— וויא איהר ווילט אייך! — האט ווינקארט געזאגט מיט א שמייכעל און האט בעהאלטען זיין פערדרוס, וואס דאס געשעפט איז ניט געשלאָסען. איך וואָרט ניט פערקויפט, ווען ניט מיין קראנקהייט.

ער האט איבערגעלאָזען דיא צווייא לייטע און האט זיך געווענדעט צו באָד און דאס מיידעל און האט זייא געפרעגט וואס זייא ווינשען.

באָדו האט פאָרגעשטעלט זיין ניכטע דעניס און האט איהם ערקלעהרט, אז דיא האט שוין געהאט צווייא יאָהר פּראקטיקע אין א געשעפט.

— וואס פאר אין אונגליק! — האט ווינקארט געזאגט, נאכדעם וויא ער האט אויסגעהערט דיא גאנצע געשיכטע. — איך האב דיא גאנצע וואך געזוכט א מיידעל אין קראם, אבער צוריק מיט צווייא שטונדען, האב איך איינע אנ־גענומען.

אלע ווארען שטיל. דעניס איז געוואָרען טרויעריג. ראבינא, וועלכער האט צוגעהערט דאס געשפרעך און האט געפיהלט מיטלייד צו דער יתומה, האט געזאגט, אז מען דארף האבען א מיידעל אין דעם „וויבערשען גן־עדן" אין דער קליידער דע־פארטמענט.

באדו איז אויפגעציטערט געוואָרען און האט אויסגערופען: — אין אייער פלאטץ?! ניין, ניעמאלס!

דאן איז ער געבליבען שטעהן א צומישטער. דעניס איז געוואָרען זעהר רויטה. זיא וואָלט קיינמאל ניט געוואגט אריינצוקומען אין יענעם פלאטץ, דאך האט זיא געטראכט, אז אזא פלאטץ מוז זיין א גליק.

— ווארום ניט? — האט ראבינא געפרעגט מיט איבערראשונג. — עס וואָלט געווען א גוטער אנפאנג פאר דער יונגער דאמע. איך ראטה איהר זיא זאָל מאָרגען געהן זעהן מאדאם ארילע, דיא ערשטע אין דעם דעפּארטמענט. דאס ערגסטע וואס איהר קען טרעפען, איז, מען זאָל זיא ניט אָנגעהמען.

באדו האט געקענט דיזע מאדאם און אויך איהר מאן, דעם קאסיר, וואס האט פערלאָרען זיין האנד אונטערן אמניבוס, אם ענדע האט ער געזאגט, אז דעניס קען טהאָן וויא זיא וויל, ער וויל זיך ניט אריינמישען.

דעניס האט בעדאנקט דעם מאן, וואס האט איהר געזאגט פון דעם פלאטץ, און איז מיט איהר אָנקעל אוועק.

קומענדיג צוריק צו זיין קראם, האט א שכן איהם אָנגעטראָפען און האט איהם ערצעהלט מיט גרויס אויפרעגונג, אז דער מאן פון דעם „וויבערשען גן־עדן" וויל קויפען דאס הויז, וואו ער האלט זיין קראם. אָבער ער האט איהם פערזיכערט מיט טויזענד שבועות, אז ער וועט קעמפפען ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט, און וועט זיך ניט ריהרען פון אָרט.

דיא צווייא קרעמער האבען בעשפראָכען דיא געפעהרליכע קאָנקורענצע, וואס דער גרויסער מאגאזין מאכט דיא קלענערע סוחרים. ביידע ווארען שטארק אויפ־געדעגט ווען זייא האבען זיך צוזעגענד.

דעניס האט געהערט זייער געשפרעך. ווען דיא איז געקומען צוריק אין קראָם, האט דיא מאָנטע איהר ערצעהלט, אז זיא איז געווען בייא מאדאם גראז, וועלכע

אין בעריים אויפצוגעהמען דעם קליינעם פעפע, ווען מען וועט איהם צו איהר ברענגען. זשען האט זיך אונטער דער צייט ארויסגעבאפט און האט בעזוכט א פאאר בולווארען. דערווייל איז דער קאסטען אויך אנגעקומען פון וואגזאל.

ווען דיא פאמיליע האט געהערט, אז דעניס קען קריעגען א שטעלע אין „ווייבערשען גן־עדן,“ האבען זיך אלע דערפון געערגערט.

— עס איז דעניס געשעפט, זיא קען טהאן וויא זיא וויל! — האט באדו געזאגט, ריידענדיג וועגען דער שטעלע, — אבער ווען זיא וואלט נאר וויסען וואס פאר א חיה רעה דארט איז! און דערבייא האט ער אנגעפאנגען צו דערצעהלען דיא גאנצע געשיכטע פון אקטאוו מארעט, דער אייגענטהימער פון „ווייבערשען גן־עדן“. דער מאן איז געקומען פון דער פראווינץ מיט א זעלטענער חוצפה. אזוי שנעל וויא ער האט זיך עטוואס בעקענט אין שטאדט, האט ער אנגעפאנגען צו טרייבען אלערלייא שענדליכע זאכען מיט פרויען. ער איז געווען פערמישט אין א סקאנדאל וואס האט אויפגערעגט דיא שטאדט. אם ענדע, האט ער געפאנגען דיא רייכע מאדאם קאראלינע הערדואין, וועלכע האט איהם איבערגעשריבען דעם „ווייבערשען גן־עדן“ אלס נדן.

— ארמע קאראלינע! — האט מאדאם באדו אויסגערופען. — מיר ווארען ווייטע קרובים. ווען זיא וואלט לעבען, וואלט אלעס געווען גאנץ אנדערש. זיא וואלט ניט דערלאזען זייא זאלען אונז אזוי רוענירען. איהר מאן האט זיא געטיים. זיא איז געשטארבען דורך דאס געביידע, וואס זיא האט פאר איהם געקויפט. זיא איז דארט אריינגעפאלען אין א לאך און איז אין דרייא טעג געשטארבען. זיא וואר א שעהנע, שטארקע פרוי, וואס האט קיינמאל ניט געוואוסט וואס קראנק הייסט. פלעקען פון איהר בלוט קען מען נאך געפינען אין דעם פונדאמענט פון דעם הויז. עס שיינט, אז איהר בלוט האט דעם מאן געבראכט גליק.

אבער באדו האט ניט געוואלט הערען דער וויב׳ס ערצעהלונג. ער האט אנגעפאנגען איבערצוגעבען דיא געשיכטע וויא א געשעפטס־מאן. „דער ווייבערשער גן־עדן“, איז געגרינדעט געווארען אין יאהר 1822. דיא גרינדער ווארען צווייא ברידער מיט דעם נאמען דעקעז. ווען דער עלטערער ברודער איז געשטארבען, האט זיין טאכטער קאראלינע געהייראטה א פאבריקאנט קארעל הערדואין. זיא איז שפעטער געווארען איין אלמנה און האט געהייראטה דיעזען מארעט. זיא האט איהם איבערגעשריבען איהר טהייל אין דעם געשעפט. דרייא מאנאט נאך דער חתונה, איז דער צווייטער ברודער געשטארבען אהן קינדער. ווען זיא איז געשטארבען, איז מארעט דאדורך געווארען דער גאנצער אייגענטהימער פון דעם

מאגאזין. דיעזער מאַרעט איז א ביטערער יונג, א דרעה־קאָפּ וואס וועט איינשלונגען דעם גאַנצען געגענד, ווען מען וועט איהם נאָר ערלויבען. ער האט אויסגעקויפט פיער הייזער ארום זיין מאַגאזין, און ווען עס וועט איהם ווייטער אַזוי געהן, וועט ער אויסקויפען אַלעמען פון דעם געגענד.

ער האט עס ערצעהלט מיט כעס, און מיט אויפרעגונג. ער איז ארומגעגאַנגען איבער׳ן הויז און האט געמאַכט מיט דיא הענד און געקריצט מיט דיא צייהן. מען האט געקענט בעמערקען, אז זיין גאַנצער האס איז אויף דיעזען מאַרעט.

— אָבער אַזעלכע חברה־לייט געהן ניט ווייט! — האט ער גלייך אויסגעשריען. — איך וויים, אז מאַרעט איז יעצט פערדרעהט איבער׳ן קאָפּ. ער האט זיין גאַנצעס געלד אויסגעגעבען אויף פערגרעסערן זיין מאַגאזין און אדווערטייזען אין דיא צייטונגען. אום צו שאפען זיך געלד, האט ער איינגערעדט אַלע זיינע ארבייטער, זייא זאָלען זייער געלד איהם באָרגען. ווען ער וועט ניט קריעגען הילפע פון דיעזען אויספערקויף, וועט ער פאַלען מיט א קראַך. ווען דאס וועט געשעהן, וועל איך בעלייכטען מיין הויז מיט אַלערלייא שעהנע פייערן.

ער האט זיך ניט אויפגעהערט צו קאָכען. מען האט געזעהן, אז זיין גאַנצער לעבען הענגט אָן דעם באַנקראָט פון דעם גרויסען מאַגאזין, וועלכער פערקויפט אַלעס אין דער וועלט, און שנייט דיא פרייזען אין העלפט. און וואס פאר קלערקס דאָרט זיצען! מען קען מיינען, אז זייא זיינען אַלע לאָקאייען, וואס דארפען זיך נאָר נייגען און בייגען פאַר דיא קונדען. אָבער קיינער פון זייא פערשטעהט אויף וואָרע און האט קיין בעגריף וואס האַנדעל בעדייטעט. נו, אויב אַזעלכע געשעפטען וועלען אריין אין דער מאָדע, וועט ער אין גאַנצען אויפגעבען זיין קראָם און וועט זיך שעהמען צו זאגען, אז ער איז א קרעמער. ער האט געענדיגט זיין געשפרעך מיט דיא ווערטער:

— און דיר, דעניס, זאג איך, אז איך וויל דיך ניט אָפּריידען. אויב דוא דענקסט, אז דוא דאַרפסט אהין געהן ארבייטען, בין איך דער ערשטער וואס הייכט דיר געהן. אָבער איך פרעג דיר אליין, דעניס, דוא פערשטעהסט דאָך וואס געשעפט הייסט. איז דאס ריכטיג, אז א טוך־מאַגאזין, זאָל פערקויפען אַלעס אין דער וועלט? אמאל, ווען געשעפט איז געווען געשעפט, האבען טוך־קרעמער פערקויפט נאָר טוך. יעטצט כאַפּען זייא אַלעס אריין צו זיך און זוכען צו רואינירען זייערע שכנים. דיא גאַנצע נאַכבאַרשאַפט ליידעט פון זייא. מאַרעט רואינירט אַלע קליינע קרעמער. אַלע אין דעם געגענד פערלירען זייער געלד, און מאַנכע געהן באַנקראָט, נאָר דאדורך וואס א טוך־מאַגאזין פערקויפט אַלעס, פון א קנעפּעל מיט א פערד

אן וואָגען. געווים, האב איך אויך געליטען פון דיעזען לומפּ. אָבער ער זעהט, אז איך האלט נאך אויס מיט א פּאאר ארטיקלען, און ער האט זיך גענומען אויס־שטעלען מיין וואארע צו דיא בילינגסטע פּרייזען. און וויא פּוצט ער אויס דיא פענסטער און וויא שטעלט ער אויס דיא בעסטע זאכען, איך שווער, אז איך וואלט מיך געשעהמט מיט אזא מעטהאָדע. דיא קראָם, אין וועלכער איך זיטץ, איז שוין אלט א הונדערט יאָהר און זאָלאנג איך וועל לעבען, וועט זיא בלייבען אויף דיעזעלבע אלטע מעטהאָדע.

— שטעל זיך פאָר ! — האט מאדאם באָדו געזאגט, — מיר קענען יענע הויז, ווען זיא איז נאך געווען קלענער פון איין איי. ווען דעלעז האט זיין קראָם געעפענט, האט זיא געהאט נאָר איין פענסטער און מעהר וויא א פּאאר שטיקלעך וואארע איז דאָרט ניט געווען. עס וואר אזוי קליין, דאס צווייא מענשען האבען אהין ניט געקענט אריינקומען. אָבער וואס איז דערפון געוואָרען יעצט ?

— וואס איז דאָ פיעל צו ריידען ! — האט באָדו אונטערבראָכען דעם גע־שפּרעך. — דעניס ווייס יעצט אלעס און זיא קען טהאָן וואס זיא וויל.

ער האט זיא אָנגעקוקט גאנץ שטרענג און האט געווארט אויף איין אנט־וואָרט. דעניס איז פון דיעזע געשיכטען געוואָרען נאך נייגעריגער אריינצוקומען אין יענעם מאגאזין, און אין איהר שטילען, עדעלען טאָן, האט זיא געענטפערט, מיר וועלען זעהן, אָנקעל.

דעניס האט געבעטען ערלויבניס צו געהן פריה שלאָפען מיט דיא קינדער, ווייל זייא וואָרען אלע מיעד. עס האט אָבער ערשט געשלאגען זעקס און זיא האט בעשלאָסען צו ווארטען אין קראָם א ווײלע לענגער.

עס איז געוואָרען נאכט. עס וואר א רעגענדינגע, בלאָטינגע נאכט. אָבער דער גרויסער מאגאזין וואר בעלוכטען מיט הונדערטע פייערן, און דיא קלערקס ווארען נאך בעשעפטיגט מיט צוזאמענליינען דיא וואארע און צעהלען דאס געלד. דעניס איז געשטאנען ביי׳ן טהיר און האט בעטראכט פון וויטען דיא שעהנהייט, דיא ליכטיגקייט און דיא לעבעדיגקייט פון דעם „ווייבערשען גן־עדן,“ וועלכער האט אויסגעזעהן וויא א לייכט־טהורם אין דער נאכט. זיא האט גענומען טראכטען פון דעם גליק צו ארבייטען אין דיעזען שעהנעם מאגאזין, און פון פיעלע אנדערע זאכען.

---

## 2טער קאפיטעל.

אויף מאָרגען אום האַלב נאָך זיעבען, איז דענים געשטאַנען פאַר דער טהיר פון „ווייבערשען גן־עדן"', און האט אהין געוואָלט אריינקומען פרענען, איידער זיא האט געפיהרט איהר ברודער זשׂען צו דער ארבייט. אָבער אזוי וויא זיא איז געווען געוואָהנט אויפצושטעהן פריה, איז זיא געקומען צו פריה, און דארום איז זיא ארום־געגאנגען א ווילע ארום דיא פענסטער.

דער קאַלטער ווינד האט אָפגעטריקענט דיא גאס. קלערק'ס זיינען גע־קומען פון אַלע זייטען מיט אויפגעשטעלטע קעלנער און דיא הענד אין דיא טאַשען, און האבען זיך געטרייסעלט פון דיא ערשטע ווינטער־קעלט.

דענים האט בעמערקט, אז אייניגע פון דיא פערביי־געהער קוקען זיך צו איהר צו. זיא האט זיך דערפון געפיהלט אונבעקוועם און זיא האט בעשלאָסען צו ווארטען ביז אלע קלערק'ס וועלען אריינקומען אין מאגאזין. אָבער דיא קלערק'ס האבען ניט אויפגעהערט צו קומען פון אלע זייטען, און אום אויסצומיידען זייערע בליקען, איז זיא אוועק פון פענסטער און פון טהיר און איז אוועק אין א ווינקעל. ווען זיא איז גע־קומען צוריק צום הויפט־טהיר, האט זיא דארט געפונען א יונגען מאן, וועלכער האט געשיינט צו זיין א פרעמדער, אזוי וויא זיא. דער יונגער מאן האט זיך פערנייגט און האט צו איהר געזאגט:

— ענטשולדיגט מיר, פריילין, בעלאנגט איהר צו דיעזען מאגאזין?

דיעזע פראגע האט זיא אין גאנצען צומישט און זיא האט איהם ניט גע־ענטפערט. אָבער דער יונגער מאן האט איהר ערצעהלט, אז ער וויל בעטען א שטעלע אין דיעזען מאגאזין און ער דענקט, אז זיא קען איהם ערקלעהרען, וואס ער האט צו טהון.

— איך וואָלט עס געטהון מיט פערגניגען! — האט דענים געענטפערט, אָבער איך מוז אייך זאגען דיא ווארהייט, אז מיר איז ניט בעסער פון אייך. איך וויל אליין בעטען א שטעלע.

— אה, דאס איז זעהר גוט! — האט דער יונגער מאן אויסגערופען.

ביידע זיינען רויטה געוואָרען, ביידע האבען זיך פערשעהמט. דיא צוויא שעהמעדיגע זיינען געשטאנען איינע נעגען דיא אנדערע, און האבען זיך געפיהלט וויא פעראייניגט אין איין שיקזאל, אין איין לאגע. אָבער אזוי וויא ביידע האבען ניט געפונען ווערטער, וואס זאָל פאסען פאר דיעזער געלעגענהייט, און ביידע האבען זיך

געפיהלט אתבעקוועם, האט זיך דענים פערגיינט און האט זיך אפגערוקט צו ווארטען אין איין אנדער ווינקעל.

פלוצלינג האט זיא דערזעהן א יונגען מאן, וועלכער איז אנגעקומען צום מא־גאזין. זיא האט געמיינט, אז ער איז א קאסירער אדער א מענעדזשער פון איין טהייל פון מאגאזין, ווייל דיא קלערק'ס האבען זיך צו איהם געניינט און האבען פאר איהם ארונטער גענומען זייערע הימלען. ער איז איהר פאראיבער געלאפען, און האט אויף איהר געווארפען א שארפען און קורצען בליק, און איז אריין אין מאגאזין.

דיעזער מאן וואר בעסער וויא א מענעדזשער, ער וואר אקטאוו מארעט אליין. ער איז ניט געוועזן דיא נאכט אין בעט. דען נאכדעם וויא ער האט פערבראכט דעם אבענד אין קלאב, איז ער אוועק צום אבענד־מאהלצייט מיט א פריינד און צוויא פרויען, וועלכע זייא האבען ארויסגענומען פון א קליינעם טהעאטער. ער איז דארום געגאנגען מיט איין אנגעשטעלטען קאלנער אין זיין מאנטעל, אום מען זאל ניט זעהן, אז ער געהט נאך אין דיא אבענד־קליידער, מיט דעם ווייסען האלז־בענדעל.

אזוי שנעל וויא ער איז אריין אין מאגאזין, איז ער אוועק אין זיין פריוואט־צימער, האט דארט איבערגעטהאן זיינע קליידער און איז גלייך אריין אין זיין ביורא, פערטיג צו דער ארבייט, מיט קלאהרע אויגען און א פרישע געזיכט, גלייך וויא ער וואלט געשלאפען צעהן שטונדען. אין זיין ביורא האט ער געהאט ווייניג ציערונג. דאס בילד פון זיין פערשטארבענע ווייב, איז געהאנגען איבער זיין שרייב־טיש. וועלכער וואר בעדעקט מיט א שווארצע טוך צום צייכען פון טרויער נאך זיין ווייב. דיעזע שווארצע טוך איז געוועזן זיין גאנצע דאנקבארקייט צו דער פרוי, וואס האט איהם איבערגעלאזען אזא פערמעגען. ער האט זיך אבער געזעצט בייא דיעזען טיש, און האט ניט געטראכט פון זיין פערשטארבענער ווייב, וועגען וועלכער אלע האבען נאך גערעדט. ער האט געטראכט פון דיא פערגניגענס, וואס ער האט געהאט דיא לעצטע נאכט.

קוים האט ער זיך געזעצט ביי'ם טיש, אזוי האט זיך געעפענט דיא טהיר און א הויכער, דארער יונגער מאן מיט דינע ליפען און א שפיצינע נאז, איז אריינ־געקומען, און האט זיך גאנץ העפליך פערניינט.

מארעט האט ניט ארויס גענומען דיא אויגען פון טיש, אלס ער האט געזאגט:

— האט איהר גוט געשלאפען, בארדאנסעל ?

— זעהר גוט. — האט דער יונגער מאן געענטפערט, ארומגעהענדיג איבער דער ביורא, גלייך ווי א בייא זיך צו הויז. — האט איהר גוט געשלאָפען?

אלס מאָרעט האט געענטפערט, אז ער האט נאך זיין בעט ניט געזעהן, האט דער יונגער מאן געשאָקעלט זיין קאָפּ און האט געזאגט: — עס איז א שלעכטע געוואָהנהייט.

— און ווארום? — האט מאָרעט געפרעגט. — זעהט, איך בין פרישער און לעבעדיגער פאר אייך. איהר זייט פערשלאָפען, איהר פיהרט א שטילען לעבען, איהר דארפט זיך אביסעל אמוזירען, דאס וועט אייך אביסעל אויפמונטערן.

באַרדאנקעל איז געוועזן א יונגער מאן פון איין ארמען לאנד־בעזיצער; ער איז אָנגעקומען אין דעם „וויבערשען גן־עדן" צוזאמען מיט מאָרעט, אין דער צייט ווען דער מאגאזין האט פערנומען נאָר איין ווינקעל פון דער גאַס. מאָרעט האט מיט איהם אימער דיספוטירט וועגען דער פראַגע פון פערגניגען און רוהע. באַר־דאנקעל האט ניט געקענט לעבען לאנג מיט זיין מאַטרעסע, ווייל זיא האט איהם ניט געלאָזט שלאָפען. ליעבע איז בייא איהם געוועזן אזא קליינע זאך אין לעבען, דאס ער האט קיינמאל ניט געוואָלט רעדען פון דעם. ער האט זיך בענוגענד דער־מיט, וואס ער פלעגט צוריידען דיא פרויען, וואס קומען אין מאגאזין, זייא זאָלען אויסגעבען וואס מעהר געלד אויף מאָדעס.

— איך האב לעטצטע נאכט געזעהן מאדאם דעספארגעס! — האט מאָרעט איהם ערצעהלט. — זיא האט אויסגעזעהן פּראכטפאָל אויף דעם באָל.

— אָבער איהר האט זיא ניט גענומען צום עסען? — האט באַרדאנקעל געפרעגט.

— אָה ניין! — האט מאָרעט אויסגעשריען. — זיא איז צו פרום. איך האב גענומען דיא קליינע העלאָיז, זיא איז א קעלבעלע, אָבער זעהר פריילעך.

— זייא וועלען אָבער האבען זייער נקמה! — האט באַרדאנקעל בעמערקט גאנץ רוהיג.

— ווער? — האט מאָרעט געפרעגט.

— דיא פרויען!

מאָרעט האט זיך צו לאַכט. זיין פריינד'ס בעמערקונג האט איהם אמוזירט. ער האט א ציה געטהאָן מיט דיא אַקסלען און האט געענטפערט, אז ער וועט אוועקוואַרפען אלע פרויען, וויא מען ווארפט אוועק אָפּגעטראָגענע זאַקע, נאכדעם וויא ער וועט זייא אויסניטצען צו מאכען זיין גליק. אָבער באַרדאנקעל אי־

נעבל׳עבען פעסט בייא זיין מיינונג, אז דיא פרויען וועלען האבען זייער נקמה. עס וועט שוין קומען איינע, וואס וועט נעהמען ראכע פאר אלע אנדערע.

— האב קיין מורא! — האט מארעט אויסגערופען און האט אין אלע זיינע עדעלע און ווייבע מאניערען ארויסגעוויזען זיין ברוטאלען כאראקטער. — יענע פרוי איז נאך ניט געבארען געווארען, און ווען זיא וועט קומען ווייסט דוא ...

ער האט אויפגעהויבען זיין פעדער און האט זיא א שטויס געטהאן אין דיא לופט, גלייך וויא ער וואלט דורכגעשטאכען א הארץ. באררדאנקעל האט אנגעפאנגען ארומשפאצירען איבער׳ן צימער און האט מעהר ניט געוואלט דעבאטירען מיט דעם מאן, וועלכער איז פעהיגער און שטארקער פאר איהם.

עס וואר א ווילע שטיל. מעהר וויא דעם קריצען פון מארעט׳ס פעדער האט מען ניט געהערט. דאן האט מארעט אויסגעפרעגט אלע איינצעלהייטען וועגען דיא ווינטער־וואארע, וואס וועלען אויסגערקויפט ווערען דעם קומענדען מאנטאג. דיעזער אויספערקויף איז געווען א וויכטיגע אונטערנעהמונג, און מארעט האט אויף דעם זעהר פיעל ריזיקירט. מארעט האט ספעקולירט וויא א וואהנזיניגער. ער האט געוואלט אונטערנעהמען דיא גרעסטע זאכען, און האט דערצו געהאט אזא פעסטען בעשלוס, דאס אלעס האט זיך געבוקט פאר זיין שטארקען ווילען.

פאר מארעט׳ס אונטערנעהמונגס גייסט, איז זיין יעצטיגער מאגאזין געווען צו קליין, און דיא ניינצעהן דעפארטמענטס מיט דיא פיער הונדערט אנגעשטעלטע, ווארען פאר איהם ווענינ.

— מיר וועלען מוזען פערגרעסערן אונזער פלאטץ אין פערלויף פון עטליכע חדשים! — האט מארעט געזאגט. מאדאם דעספארגעס האט מיר לעצטע נאכט פערשפראכען פארצושטעלען מיך פאר א געוויסע פערזאן. ווען דער פלאן וועט ווערען פערטיג, וועלען מיר עס בעשפרעכען.

ער האט דערבייא נעקלאפט זיין העלפער אויף דיא פלייצעס און ער האט זיך אמוזירט, וואס דיא שטילע מענשען ציטערן פאר זיינע אונטערנעהמונגען. ער האט ערקלעהרט, אז ער איז אין הארצען דער גרעסטער איד פון אלע אידען אין דער וועלט. ער איז נערעטען אין זיין פאטער, וועלכער האט געוואוסט וויא צו שעצען געלד. דיא פאנטאזיע האט ער געירש׳ענט פון זיין מוטער, אבער זיינע פאנטאזיען זיינען דער סוד פון זיין גליק. דען זיין פאנטאזי טרייבט איהם גאנץ ווייט און ניט איהם מוטה צום געפעהרליכסטען שריט, וועלבען קיין מענש וואלט וואגען.

— איהר ווייסט גאנץ גוט, אז מיר וועלען זיין מיט אייך ביז דאס לעצטע! — האט באררדאנקעל איהם געענטפערט.

איידער זייא זיינען ארונטער בעזוכען דיא פערשיעדענע דעפּארטמענטס, האט מאָרעט ערקלעהרט, אז ער האט אויסגעפונען א נייען פּלאַן פאר זיין געשעפט. ער וויל אז זיינע קלערקס זאָלען זיין פעראינטערעסירט צו פערקויפען וואס מעהר וואארע, און צוליעב דעם האט ער געוואָלט איינפיהרען א קאָמיסיאָן פאר יעדען שטיקעל וואארע, פאר דעם קלענסטען ארטיקעל וואס א קלערק פערקויפט. דיעזע סיסטעמע מוז אויפהויבען דעם געשעפט, ווייל עס ערוועקט אין דיא קלערק'ס דעם קאמפּף פאר איין עקסיסטענץ, און דער איינענטהימער פון דאס געשעפט, האט דערפון דעם פּראָפיט. אויסער דיעזע קאָנקורענציע צווישען זיינע קלערק'ס, פלעגט מאָרעט זוכען צו שאפען א קנאה צווישען זייא, דערמיט וואס ער פלעגט ווייזען א בעזונדערע פריינדשאפט צו איינינע פון זייא. ער האט זיך געהאלטען פעסט אין דעם פּרינציפּ, אז ער דארף לאָזען דעם שטארקען איינשלינגען דעם שוואכען, און ער זאָל פּראָפעטירען פון דיעזען קאמפּף.

— מיר וועלען ארונטערגעהן, און זעהן אויב דיא זייד פיר דעם אויספערקויף איז געקומען! — האט מאָרעט יעצט געזאגט צו זיין אנפערטרויטען.

ביידע זיינען ארונטער אין דעם אונטערשטען טהייל פון מאגאזין, וואוהין פּעק מיט וואארע איז געבראכט געוואָרען פון אלע זייטען, צעהנדלינגע מענשען וואָרען שטארק בעשעפטיגט מיט צונעהמען, צעהלען און צוזאמענלייגען דיא פּעק זייד, וועלכע מאָרעט האט ערווארטעט.

נאכדעם וויא זייא האבען בעטראכט דיא זייד, און האבען בעשטימט צו פערקויפען דיא וואארע אונטער קאָסט־פּרייז, אום צו איבערראשען אלע פּאריזער דאמען, און אדווערטייזען דעם מאגאזין איבער'ן גאנצען לאנד, ווייל דיא זייד וואר ווירקליך שעהן און גוט, און יעדע פרוי וועט עס מוזען כאפען וויא צוקער, זיינען זייא אוועק איבער דעם מאגאזין. זייא זיינען געוועזן אין אלע דעפּארטמענטס, האבען בעטראכט יעדען קלערק, האבען זיך צוגעקוקט צו יעדענס ארבייט, האבען נאכגעזעהען דיא אָרדערס, האבען אויסגעהערט רעפּאָרטען און האבען געטהיילט קאָמפּלימענטען צו דיא פעהיגע און האבען אויסגעזידעלט דיא אונפעהיגע — אנגעשטעלטע, וועלכע זייא האבען געפונען דרעמלענדיג בייא דיא טישען. ווען מאָרעט און זיין בעגלייטער זיינען ערשיענען אין א דעפּארטמענט, איז דאָרט געוואָרען א רעש. יעדער אנגעשטעלטער האט געווארט צו הערען זיין אורטהייל, וועלכער האט פאר איהם בעשטימט זיין צוקונפט.

ענדליך זיינען זייא אריינגעקומען אין דעם דעפּארטמענט, וואו ראָבינא האט זיך געפונען.

אלס זיא זיינען דארט געשטאנען און האבען גערעדט וועגען דיא געשעפטען פון זיין דעפּארטמענט, איז אהין אריינגעקומען א שטילע און שעהמעדיגע מיידעל, וועלכע איז געבליבען שטעהן ביי'ן טהיר. דאס וואר דעניס, וועלכע איז געשטאנען ביא א גאנצע שטונדע אין גאס, ביז זיא האט בעקעמפּפט איהר שעהמעדיגקייט, און איז מיט געוואלד אריין אין מאגאזין. זיא איז אָבער געווען אזוי צומישט און אזוי צושראָקען, דאס ווען זיא האט געפרעגט, וויא מען געהט צו מאדאם אורילע, און מען האט איהר געהייסען געהן רעכטס, איז זיא געגאנגען לינקס, ווען מען האט איהר געזאגט זיא זאָל געהן טרעפּ אראָפּ, איז זיא געגאנגען טרעפּ ארויף און האט אזוי געבלאָנדזשעט ביז צעהן מינוט, פון איין דעפּארטמענט אין דעם צווייטען, און איז אויסגעלאכט געוואָרען פון אייניגע אויסגעלאסענע קלערקס. ניט איין מאל האט זיא געוואָלט אלעס איבערלאָזען און אנטלויפען פון מאגאזין, אָבער זיא האט פער־לאָרען איהר וועג און איהר גאנצען קראפט, און איז אזוי געגאנגען וויא צו חלום, ביז זיא איז פערקראָכען אין דעם דעפּארטמענט, וואו ראָבינא און מאָרעט מיט זיין בעגלייטער זיינען געשטאנען.

מאָרעט האט זיא זאָפאָרט בעמערקט, און וועהרענד ער האט זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך, וואס ראָבינא האט געהאט מיט באָרדאנקעל, האבען זיינע אויגען גערוהט אויף דער ארמער אָבער חנ'עוודיגער מיידעל. דעניס האט אויפגע־הויבען איהרע אויגען, און זיא איז נאך מעהר צומישט געוואָרען, ווען זיא האט דערזעהן דיעזען שעהנעם, איידעלען יונגען מאן, וועלכען זיא האט געהאלטען פאר דעם מענעדזשער פון מאגאזין. איהר האט געשיינט, אז ער קוקט אויף איהר קרום. זיא האט אָבער ניט געוואוסט, וויא מען געהט ארויס פון דיעזען דעפּארטמענט, און זיא האט זיך דארום געווענדעט צו א קלערק, וועלכער איז געשטאנען ניט ווייט פון איהר און האט איהם געפרעגט, וויא מען געהט צו מאדאם אורילע.

דיעזער קלערק איז געווען א געוויסער פאווער, א קאלטער, שלעכטער מענש, וועלכער האט זיך פאר קיינעם ניט אינטערעסירט, און ער האט איהר געענטפערט גאנץ קורץ: „אויפ'ן ערשטען עטאזש, פריילין."

אין ראָבינא'ס דעפּארטמענט איז געווען הוטין, דער מאן, וועגען וועלכען ראָ־בינא האט זיך אזוי פיעל מתקנא געווע. הוטין איז געווען א העפליכער קאוואליער, און אזוי וויא ער האט דערזעהן, אז דאס פריילין וויל נעהמען א פאלשען וועג, האט ער זיך אָנגעבאָטען צו ווייזען איהר, וויא מען קומט צו מאדאם אורילע. ער האט זיא צוגעפיהרט צו דיא טרעפּ, האט איהר געוויזען מיט דער האנד וועלכע טהיר זיא דאַרף עפענען, און וויא זיא זאָל פון דארט געהן, און דאן האט ער זיך פון איהר

אבגעזוענענד מיט א העפליכען ניין, וויא ער איז געוואָהנט צו טהאָן פיר יעדע דאַמע.

דיעזע העפליכקייט האט זעהר שטארק געווירקט אויף דער ארמער דעניס. עס איז פאר איהר געווען איין פריינדשאפט, וועלכע זיא האט ניט געוואוסט וויא דויף צו שאטצען. זיא האט אויפגעהויבען איהרע אויגען און האט אָנגעקוקט דעם יונגען מאן, און אלע זיינע מיענעס זיינען אריין אין איהר הארצען. זיין געזיכט וואר שעהן, זיינע בליקען פריינדליך, און זיין שטימע האט איהר געקלונגען ווייך און ליעבליך. איהר הארץ איז געוואָרען פול מיט דאנקבארקייט, און זיא האט זייא אויסגעדריקט צו איהם מיט דיא עטליכע, צוריסענע ווערטער:

— ווירקליך, מיין העדר, איהר זייט זעהר פריינדליך. איך דאנק אייך, איהר דארפט ניט געהן מיט מיר ווייטער. איך דאנק אייך זעהר שטארק.

הוטין האט זיך באלד אומגעקעהרט, און צוגעהענדיג צו פאווער, האט ער געזאגט: „וואס דענקסט דוא פון דיעזען שאכטעל? עה?

דעניס איז ענדליך אריינגעקומען אין דעם קליידער־דעפארטמענט, וועלכען מאדאם אורילע האט געפיהרט. זיא איז געוואָרען איבערראשט פון דיא שעהנע פיגורען, דיא טהייערע קליידער, דיא רייכע בעפוצונגען אויף דיא װענד און אין דיא ווינקעלעך. איינינע פרויען אין זיידענע קליידער, מיט אלערלייא בעפוצונגען אויף דיא קעפ, זעהר קאָקעטיש און שטאלצע, האבען געארבייט אין פערשיעדענע ווינקעלעך. איינינע האבען געפאקט, אנדערע האבען געמאָסטען, ווייטער אנדערע האבען אויסגעהאנגען דיא קליידער אויף דיא פיגורען, און האבען געמאכט פערטינ דעם דעפארטמענט פאר דיא קונדען.

דעניס האט זיך געווענדעט צו איינער און האט געפרעגט, „וועלכע איז מאדאם אורילע“. דיא מיידעל אין זייד און סאמעט האט א קוק געטהאָן אויף דער בלאָסער און ארמער דעניס און האט געענטפערט, אז זיא וויים ניט. דעניס האט זיך געווענדעט צו א צווייטער, וועלכע האט געענטפערט, אז מאדאם אורילע וועט באלד קומען, און אויב זיא וויל זעהן דיא מאדאם פערזענליך, מוז זיא ווארטען.

דעניס איז געבליבען ווארטען. אין דעם דעפארטמענט זיינען געווען פיעלע ווייכע שטוהלען, פארבערייטעט פאר דיא פרויען וואס קומען קויפען קליידער, אָבער אזוי וויא קיינע האט איהר געהייסען זיצען, איז זיא געבליבען שטעהן, אָבוואָהל איהרע פיס האבען זיך איהר געבראָכען, און זיא איז באלד אומגעפאלען פון מידינקייט.

ענדליך איז א פרוי פון אומגעפעהר פינף און פערציג יאָהר אריינגעקומען. עס וואר מאַדאַם אורילע, א דיקע פרוי אין א זיידענע קלייד, און א הויכע ברוסט. — די פרוי האט געהאט געדיכטע שווארצע האאר, און גרויסע, שארפע אויגען, א בייזען מויל, און הויכע באקען, און זיא האט אין גאנצען אויסגעזעהען ווי א הערשערין.

דעניס האט פערשטאנען, אז דאס איז די מאַדאַם, און זיא איז געבליבען שטעהן און האט געווארט ביז מען וועט זיא פרעגען ווער זיא דארף.

מאַדאַם אורילע האט ארומגעקוקט איינינע קליידער, האט אָנגעשריען אויף א פּאאר מיידלעך, און האט זיך נאכדעם געווענדעט צו דער ארמער מיידעל, וועלכע איז געשטאנען ווי א סטאטוע.

— וועמען דארפט איהר? — האט זיא געפרעגט מיט א הארטע שטימע.

— די מאַדאַם אורילע.

— איך בין די פרויזאָן.

דעניס האט דערפיהלט, אז איהר מויל איז טרוקען, איהר צונג געליימט און איהרע הענד זיינען קאלט. זיא האט זיך געפיהלט ווי זיא וואָלט געווען א בייבי, וואס האט מורא פאר שמיץ. זיא האט ארויס געמורמעלט איהר וואונש, אָבער זיא האט עס געמוזט זאגען צוויא מאל, אום מען זאָל פערשטעהן וואס זיא מיינט. מאַדאַם אורילע האט זיא בעטראכט פון קאָפּ ביז די פיס און האט נאכדעם געזאגט:

— וויא אלט זיינט איהר?

— צוואנציג יאָהר!

— וואס? צוואנציג? איהר זעהט אויס איינער פון זעכצעהן.

— אָבער איך בין זעהר שטארק, איך קען ארבייטען!

מאַדאַם אורילע האט א ציה געטהאָן איהרע אקסלען און האט געענט־פערט:

— איך וועל איינשרייבען אייער נאמען. מיר פערשרייבען די נעמען פון יעדע וואס קומט בעטען ארבייט.

גראדע ווען מאַדאַם אורילע האט גענומען זוכען דעם בוך, האט זיך די טהיר געעפענט און מאָרעט און באָרדאנקעל זיינען אריינגעקומען א קוק טהאָן אין דיעזע דעפּארטמענט. מאַדאַם אורילע האט געלאָזט שטעהן די ארמע מיידעל און איז

געלאפען נעגען דעם איינענטהימער פון מאגאזין, מיט וועלכען זיא האט בעדארפט ריידען וועגען וויכטיגע זאכען פון דעם געשעפט.

מאַרעט איז איבערראשט געוואָרען צו זעהן דאָ דיא ארמע מיידעל, וועלכע ער האט געזעהן אין ראַבינא׳ס דעפּארטמענט. ער האט אין דער שטיל געפרעגט דער מאדאם אורילע, וואס דיא ארמע מיידעל טהוט אין דיעזען דעפּארטמענט, און ער האט ערהאלטען דעם אנטוואָרט, אז זיא ווינשט אַנצוקומען פאר א פערקויפערין. בארדאנקעל, וועלכער האט געהאסט אלע פרויען, האט זיך צו לאַכט.

— דאס מוז זיין א וויטץ! — האט ער געזאגט שטיל. — עס קען ניט זיין. זיא איז צו העסליך, פאר דיעזען מאגאזין.

— עס איז אמת, אז זיא איז ניט צו שעהן, אָבער זיא איז אויך ניט אזוי העסליך! — האט מאַרעט געענטפערט, און האט ניט געוואָגט צו פערטהיידיגען דיעזע מיידעל, וועלכע האט אויף איהם געמאַכט אזא שטארקען איינדרוק. — דאָך איהר נאמען דארף מען האבען.

— דאס טהו איך מיט יעדע פערזאָן וואס קומט בעטען ארבייט! — האט מאדאם אורילע געענטפערט און האט צוגערופען דיא מיידעל צום בוך.

— וויא רופט מען אייך? — האט מאדאם אורילע געפרעגט מיט דער פעדער אין האנד, פערטיג צום שרייבען.

— דעניס באָדו!

— און וויא אלט?

— צוואַנציג יאָהר און פיער מאָנאטען, — און אזוי וויא זיא האט זיך גע־שראָקען פאר דעם שעהנעם מאן, וועלכען זיא טרעפט אָן שוין דעם דריטען מאל, האט זיא בעמערקט. — איך זעה ניט אויס צו זיין אזוי אלט, אָבער איך בין זעהר שטארק.

— וואו זייט איהר געוועזען פריהער אין פאריז?

— איך קום ערשט פון וואלאנס.

דאס וואר א צווייטער אונגליק. דער „וויבערשער גן־עדן" האט נאָר גענומען אזעלכע פרויען, וואס האבען שוין געהאט ערפאהרונג אין איינע פון דיא פאריזער געשעפטען. דעניס האט געגלויבט, אז אלעס איז שוין פערלאָרען, און ווען עס וואלט ניט געוועזען געטהיג פאר דיא קליינע קינדער, וועלכע זיא דארף ערנעהרען, וואלט זיא געלאָזען דעם גאַנצען געשפרעך אין מיטען און וואלט אוועק געגאַנגען.

— וואו זייט איהר געוועזען אין וואלאנס?

— אין קאַרניילס.

— איך קען איהם. עס איז א גוטער פלאטץ, האט מאַרעט בעמערקט.

עס וואר זעהר זעלטען, אז מאַרעט זאָל זיך אריינמישען וועגען אנשטעלען איין קלערק, ווייל דער מענעדזשער פון יעדען דעפּארטמענט איז געווען פעראנט־וואָרטליך פאר זיינע מענשען. אָבער מיט זיין ליעבע צו פרויען, האט ער אין דיעזער מיידעל בעמערקט א חן, איין עדעלקייט און א קראפט, וואס דעניס אליין האט דערפון ניט געוואוסט. דער נאמען פון דאס הויז וואו א קאנדידאט האט פריהער געארבייט, האט אימער געשפּיעלט דיא הויפּט ראָלע, ביי׳ם קריעגען א פּלאטץ אין מאַרעט׳ס מאגאזין. מאדאם אורילע האט דארום געפרעגט דיא אורזאַכע, ווארום דעניס האט דעם פּלאטץ פערלאָזען.

— צוליעב פאמיליען זאכען! — האט דעניס געענטפערט און איז געוואָרען רויטה. — מיר האבען פערלאָרען אונזערע עלטערן, און איך האב געמוזט ברענגען מיינע ברידער אין פאריז. היער איז א סערטיפיקייט.

דער סערטיפיקייט איז געווען דער בעסטער בעווייז. יעטצט האט מאדאם אורילע געפרעגט, אויב זיא האט בעקאנטע אין פאריז, און וואו זיא געפינט זיך.

— בייא מיין אָנקעל! — האט זיא געענטפערט און האט מורא געהאט צו זאגען דעם נאמען פון דעם קאָנקורענט. — בייא מיין אָנקעל באָדו.

יעצט האט זיך מאַרעט אריינגעמישט.

— וואס? — האט ער געפרעגט. — איהר זייט באָדו׳ס א ניכטע? ער האט אייך אהער געשיקט?

— ניין, מיין הערר!

זיא האט זיך שטארק פערשעהמט און זיא איז דערבייא אין גאנצען פערענדערט געוואָרען. איהר בלאסער פּנים איז געוואָרען רויטה און איהר מויל האט יעצט בעלוכטען איהר גאנצע געזיכט. איהרע גרױע אויגען האבען געקריעגען א פייער און איהרע באקען זיינען געוואָרען פול מיט גריבעלעך.

— זיא איז דאָך ווירקליך שעהן! — האט מאַרעט געמורמעלט צו באר־דאנקעל.

בארדאנקעל האט עס ניט געוואָלט מודה זיין, אָבער מאדאם אורילע האט צונעשטימט מיט א נייג פון איהר קאָפּ, און מאַרעט האט ווייטער געזאגט:

— אייער אָנקעל וואר אונגערעכט, וואס ער האט אייך אהער ניט געבראכט. זיין רעקאָמענדאציאָן וואָלט געווען גאנץ גענוג. מען זאגט, אז ער האט א שנאה געגען אונז. מיר זיינען זעהר ליבעראלע מענשען און ווען ער קען ניט געפינען ארבייט

פאר דין ניכטע אין דין קראַם, וועלען מיר איהם ווייזען, אז ער דאַרף נור אָנ־קלאַפּען אין אונזער טהיר אום מיר זאָלען איהם עמפּפאַנגען. זאגט איהם, אז איך ליעב איהם זעהר שטאַרק, אָבער אז איך בין ניט שולדיג, עס איז דיא שולד פון דאס געשעפט, וואס האט נייע מעטהאָדען. זאגט איהם, אז ער וועט זיך רוענירען, ווען ער וועט זיך האלטען שטאַרק בייא זיינע אלטמאָדישע געשעפטס־מעטהאָדען.

דערוויל האט מאדאם אורילע צונעשלאָסען איהר בוך. זיא האט בעדאַרפט נור איין מיידעל און זיא האט שוין געהאט צעהן אפּליקאנטין. זיא האט אָבער געוואָלט ווייזען דעם אייגענטהימער, אז זיא זוכט נאך יעדע פּרוּאָן, און זיא האט געענטפערט, אז דער אינספּעקטאָר וועט ארויסגעהן און נאכפרעגען, און וועט אריינברענגען זיין רעפּאָרט, און דאן וועט דעניס ערהאלטען א בריעף.

דעניס איז געשטאַנען א ווייל און האט ניט געוואוסט וויא אזוי זיא זאָל ארויסגעהן פון דיעזע לייטע. זיא האט ענדליך בעדאַנקט מאדאם אורילע, און האט זיך פערנייגט פאר מאָרעט און באַרדאַנקעל, און איז ארויס פון מאגאזין מיט דיא זעלבע אונרוהיגע געדאַנקען וויא זיא איז אהין געקומען.

ארויס געהענדיג פון מאגאזין, האט זיא אָנגעטראָפען דעם יונגען מאַן, וועלכען זיא האט בעגעגענט קומענדיג צום מאגאזין. דער יונגער מאַן האט איהר געפרעגט וויא זיא האט אויסגעמאכט, און זיא האט איהם געענטפערט, אז זיא וויים אליין נים.

דער שעהמעדיגער יונגער מאַן האט זיך יעטצט געפאסט מוטה און האט גע־פרעגט דער פריילין איהר נאמען.

— דעניס באָדו.

— מיין נאמען איז העגרי דעלאָש.

יעצט האבען זייא ביידע געשמייכעלט. דיא עהנליכקייט אין זייער לאגע, האט זייא ביידען בעפריינדעט, און זייא האבען זיך ביידע געדייכט דיא הענד, וויא ברודער און שוועסטער אין איין שיקזאל.

## 3טער קאַפּיטעל.

יעדען שבת נאכמיטאג, צווישען פיער און זעקס, פלעגט מאדאם דעספארגעס געבען טהעע און זיסע געבעק צו דיא פריינדע וואס פלעגען זיא בעזוכען. מאדאם דעספארגעס האט געוואָהנט אויף דעם דריטען עטאַזש אין א הויז, וואס האט זיך

געפונען אין עקע פון דער ריוואלי און דעיאלושער שטראסע. דיא פענסטער פון איהרע צימערן, זיינען אריין אין דיא גארטענס וואס זיינען געשטאנען נעגען איהר הויז.

אין א געוויס׳ען שבת נאכמיטאג איז מארעט געקומען בעזובען דיזע דאמע, הענריעטע דעספארגעס. ער האט זיא אנגעטראפען גראדע אין דעם קליינעם צימער פאר דעם זאאל, וואו ער האט גענומען איהר האנד און האט זיא זעהר הייס געקוסט.

— זייט פארזיכטיג, איך האב קאמפאניע! — האט זיא געזאגט שטיל און האט א וואונק געטהאן צום זאאל. — איך בין גראדע ארויס נעהמען דיזען פעכער צו ווייזען דיא געסט.

און דערבייא האט זיא איהם געקלאפט אין געזיכט מיט דעם פעכער און האט זיך געלאכט. מאדאם הענריעטע דעספארגעס וואר א דיקע, דונקעלע פערזאן מיט גרויסע, אייפערזיכטיגע אויגען.

אבער מארעט האט אלץ געהאלטען איהר האנד און האט געפרעגט:

— ווער ער קומען?

— געוויס. איך האב זיין פערשפרעכען.

ביידע האבען געמיינט באראן הארטמאן, דעם דירעקטאר פון א קרעדיט באנק.

— וויים ער דערפון?

— ניין. איהר וועט אליין דארפען ערקלעהרען דעם געשעפט.

זיא האט איהם דערבייא אנגעקוקט און האט געמיינט, אז מארעט ווייס פון קיין זאך, ווייל ווען ער וואלט געוואוסט, וואלט ער זיא ניט געבעטען זיא זאל איהם פארשטעלען פאר דעם באראן. אבער מארעט האט נאך אלץ געהאלטען איהר האנד, האט איהר געגעבען אלערלייא קאמפלימענטען, און איהר הארץ האט געשמאלצען. אין דער שטיל האט זיא פאר איהם אנגעשטעלט איהרע ליפען, האט זייא צוגעדריקט צו זיין מויל, און נאכדעם וויא זייא האבען זיך גאנץ זיס צוקוסט, האט זיא געזאגט:

— זייא ווארטען דארט אויף מיר. קומט.

זייא זיינען ביידע אריין אין גרויסען זאאל. מארעט האט זיך פערנייגט צו דיא דאמען, וועלכע ער האט געקענט.

דעספארגעס האט געוויזען דעם פעכער צו מאדאם בארדעלי, א שעהנע פרוי, פון דרייסיג יאהר מיט א שעהנעם נאז און ליכטיגע אויגען. בארדעלי וואר איבער

יגענד פריינדין, וועלכע האט געהייראטה א בעאמטען אין דער טרעזשורי און האט געזעהן צו פיהרען א שעהנעם לעבען, מיט דיא קליינע הכנסה, וואס זיא האט געהאט.

מאדאם בארדעלי האט איבערגעגעבען דעם פעבער צו א צווייטער פרוי, וועלכע האט איהם געגעבען צו א דריטער, דאן צו א פיערטער און א פינפטער. יעדע פרוי האט איהם בעטראכט, האט איהם געשאצט און קריטיקירט מיט אלע פעהיגקייטען וואס פרויען האבען צו אזעלכע זאכען.

מארעט איז געבליבען שטעהן צווישען דיא פינף פרויען און האט זיך געמוזט אינטערעסירען מיט דער קליינער פראגע, וועגען דעם פעבער. ער האט איהם גע־נומען אין האנד, האט איהם בעטראכט, און האט אויף איהם געוואלט געבען זיין מיינונג, אלס דער דיענער האט געעפענט דיא טהיר און האט געמאלדען:

— מאדאם מארטי!

א קליינע, מאגערע און מיאוסע פרוי, אויסגעשלאגען מיט פאקען און גע־קליידעט נאך דעם שעהנסטען פאסאן, איז אריינגעקומען. א האנד־טאשע פון רויטען לעדער האט זיא ניט ארויסגעלאזען פון איהר רעכטע האנד.

— מיין טהייערע מאדאם! — האט זיא געזאגט צו העגריעטע דעספארגעס. ענטשולדיג מיר, וואס איך האלט דא אין זאאל מיין האנד־טאשע. פאהרענדיג אהער, האב איך מיך אבגעשטעלט ביי'ם „גן־עדן" און האב אויסגעגעבען פיעל געלד. איך האב מורא געהאט צו לאזען דיעזע זאכען אין מיין וואגען, ווייל איך האב מורא מען וועט עס דארט גנב'נען.

זיא האט זיך אומגעקעהרט און האט דערזעהן דעם אייגענטהימער פון „גן־עדן", און זיא האט זיך צולאכט: — אה, מאנסיו מארעט, איך האב ניט געמיינט צו אדווערטייזען אייער מאגאזין. איך האב ניט געוואוסט, אז איהר זייט היער. אבער איך מוז אייך זאגען, אז איהר האט דארט ווירקליך זעהר גוטען לייס.

יעצט האבען אלע פרויען געוואלט זעהן וואס מאדאם מארטי האט געקויפט אלע האבען געוואוסט, אז זיא איז א גרויסע פערשווענדערין, וועלכע צאהלט אימער דיא גרעסטע פרייזען און קען זיך ניט צוריק האלטען ווען זיא זעהט עטוואס צום פערקויפען.

זיא האט ענדליך איינגעוויליגט צו ווייזען דיא וואארע. דיא פרויען האבען ארומגעצויגען זייערע העלזער און זיא האט שוין אנגעפאנגען צו עפענען איהר האנד־טאשע, אלס דער טהיר־גלעקעל האט געגומען קלינגען.

— עס איז מיין מאַן! — האָט מאַדאַם מאַרטי געזאָגט און איז געוואָרען צו־מישט, ער האָט מיר פערשפּראָכען צו קומען נאָך מיר.

זיא האָט גאַנץ שנעל פערשלאָסען איהר האַנד־טאַשע און האָט איהם אוועק געלייגט אונטער דעם שטוהל, אויף וועלכען זיא איז געזעסען. די פרויען האָבען געשמייכעלט. זיא האָט זיך פערשעהמט און האָט צוריק גענומען די האַנד־טאַשע אין איהר שויס מיט דער ערקלעהרונג, אַז די מענער פערשטעהען ניט אויף גוטע זאַכען און דאַרפען ניט וויסען פון אַזעלכע אויסגאַבען.

אָבער ניט מאָנסיו מאַרטי איז געקומען. דער נייער גאַסט איז געווען באַראָן האַרטמאַן.

מאַדאַם דעספּאָרגעס האָט פאָרגעשטעלט דעם באַראָן צום אייגענטהימער פון „דאַמען פּאַראַדיז“, און מאָרעט האָט געכאַפּט די געלעגענהייט אויס־צורופען:

— אה, באַראָן, איך בין גליקליך מיט דער געלעגענהייט אויסצודריקען פאַר אייך מיין ענטהוזיאַזמוס און מיין בעוואונדערונג פאַר די גרויסע געשעפטען פון אייער באַנק.ווירקליך, עס איז איין עהרע צו קענען אַזאַ פעהיגע פּערזאָן ווי איירע.

באַראָן האַרטמאַן האָט געשמייכעלט.

מאָרעט און באַראָן האַרטמאַן האָבען זיך צורעדט פון פערשיעדענע גע־שעפטען. מאָרעט האָט שטאַרק געלויבט די אונטערנעהמונגען פון דעם קרעדיט־באַנק, בעזאָנדערס די אַרבייט, צו עפענען, ברוקירען און אויספּוצען אַ גרויסע גאַס, וועלכע פיהרט צום „דאַמען פּאַראַדיז“. דיעזע נייע עוועניו וועט פיעל פערגרעסערן מאָרעט'ס געשעפטען און ער וועט קענען אויסברייטען זיין מאַגאַזין אויף נאָך עטליכע בלאָק.

ענדליך איז מאָרעט געקומען צום וויכטיגען פונקט. מאָרעט האָט געוואוסט, אַז די קרעדיט־באַנק קויפט אויס די הייזער, וועלכע שטעהן אַרום דעם „דאַמען־פּאַראַדיז“. ניט נור די הייזער וואָס מען וועט מוזען אַרונטער נעהמען צוליעב די נייע גאַס, נור אויך די הייזער וואָס וועלען בלייבען שטעהן, און ער האָט מורא געהאַט, פיעלייכט איז דאָרין אַ געהיימער פּלאַן צו עפענען אַ גרויסען מאַגאַזין גענען דעם „ווייבערשען גן־עדן“. דאָס איז די אורזאַכע וואָרום ער האָט געזוכט די בעקאַנטשאַפט פון באַראָן האַרטמאַן. ער האָט אפילו געקענט בעזוכען דעם באַראָן אין זיין באַנק און בעשפּרעכען מיט איהם דיעזע פראַגע, אָבער ער האָט זיך גע־פיהלט זיכערער אין הענריעטע'ס הויז. ער האָט געוואוסט, אַז אַ געליעבטע קען

אלעס אויספיהרען, און מיט הענריעטע'ס הילפע, וועט איהם געלינגען צו ערפאהרען דעם אמת.

— האט איהר ניט אויסגעקויפט דעם אלטען האָטעל, וועלכער שטעהט ניט ווייט פון מיין מאגאזין ? — האט מאַרעט געפרעגט.

דער באראָן האט זיך א ווייכע פערטראַכט, נאכדעם האט ער עס אָפּגע־לייקענט. אָבער מאַרעט האט בעשלאָסען מען זאָל איהם ניט נארען, און ער האט גענומען שפּיעלען דיא ראָלע פון א יונגען מענשען מיט איין אָפענעם כאראקטער, וואס קען זיך לייכט פערטרויען צו יעדען איינעם.

— הערט מיך אויס, באראָן ! — האט ער יעצט געזאגט גאנץ אונשולדיג. — ווען איך האב דיא עהרע אייך צו קענען, מוז איך אייך ערצעהלען, אז איך האב שוין איינינע מאל געוואָלט בעזוכען אייך אין אייער באנק און פרעגען איין עצה אויף איינינע זאכען, אָבער איך האב ניט געוואגט. איך וויל אייך נעמליך פערטרויען, אז איך געה יעצט דורך א קריזיס. דאס געשעפט שלינגט איין גרויסע סומען געלד, דאס געשעפט מוז אימער פערגרעסערט ווערען, דיא פערדיענסטען מוזען אימער אריינגעלייגט ווערען אין וואארע, און בייא יעדען אויספערקויף, מוז דאס גאנצע גע־שעפט ריזיקירט ווערען. איין ניט געלונגענער אויסערקויף, ענדיגט אלע ספּעקו־לאציעס. אָבער דאָך זוך איך קיין געלד, ווייל איך האב צוטרויען צו מיינע קונדען. מיין אמביציאָן געהט פיעל ווייטער, וויא העלפען זיך אין דיעזען געשעפט. איך וויל שליסען א שותפות מיט דער „קרעדיט־באנק". דיא באנק זאָל פאר מיר קויפען דעם גרויסען געשעפטס פּאלאסט, פון וועלכען איך טרוים. איך, פון מיין זייט, וועל אין געשעפט אריינברענגען מיין גרויסע ערפאהרונג אין מיין מאגאזין. נאך מיין מיינונג, איז דאס זעהר לייכט אויסצופיהרען, און עס וועט דערפון ארויס וואקסען א געשעפט, פון וועלכען פּאריז וועט שטורמען.

— וואס וועט איהר טהאָן מיט דאס לאנד און מיט דיא געגענדען, וועלכע איהר קויפט אויס ? — האט ער געפרעגט צום שלוס פון זיין ערקלעהרונג. — דיא באנק מוז דאָך געוויס האבען א פּלאן. אָבער איך בין זיכער, אז אייער פּלאן איז ניט אזוי גוט וויא מיינער. מיר קענען עפענען א באזאר, וואס וועט איינברענגען מיל־ליאָנען. אה, ווען איך וואָלט עס קענען אויספיהרען אָהן פרעמדע הילפע, וואָלט איך געווען דער גליקליכסטער. אָבער דיא גרויסע קאפּיטאליסטען נעהמען יעצט אריין אלעס אין זייערע הענד, איך אליין קען ניט שאפען דיא נעטהיגע סומע. מיר דארפען דארום גוט בעשפּרעכען און שליסען דיעזען געשעפט, עס וועט זיין א פּער־ברעכען מיר זאָלען ארויס לאָזען אזא גאָלדענעם פּלאן.

— אח, וויא חיים איהר קענט פאנטאזירען! — האט באראָן הארטמאַן גע־ענטפערט גאנץ קורץ אויף מאָרעט׳ס לאנגע רעדע.

דער באראָן איז גראדע ניט געוועזן אזוי לייכטזיניג צו פערטרויען זיינע סודות צו מאָנסיו מאָרעט, וועלכער האט פאר איהם געעפענט זיין הארץ. דיא אבזיכט פון דער „קרעדיט־באנק" איז געווען, אויפצובויען א האָטעל אין דער גאס, וועלכע דיא באנק וויל עפענען. דיעזער נייער האָטעל זאָל זיין דער שעהנסטער אין פאריז, וואוהין אלע אויסלענדער זאָלען פערקעהרען, און וואס זאָל קאָנקורירען מיט דעם „גרענד האָטעל". דער פלאן פון האָטעל איז געוויס א זיכערער, און א בעסערער, וויא ריזיקירען גרויסע סומען אין א דעפארטמענט מאגאזין, וואו אלעס איז א ריזיקע.

— אייער פלאַן איז א שעהנער! — האט באראָן הארטמאַן וויטער גע־זאגט, — אָבער עס איז דיא פאנטאזי פון א פאָעט. וואו וועט איהר נעהמען אזוי פיעל קונדען, זייא זאָלען אייך אויסהאלטען אזא באזאר!

מאָרעט איז געוואָרען איבערראשט. ער האט ניט ערווארטעט, אז דער באראָן וועט איהם ענטזאגען. ער האט גיגלויבט, אז איהם וועט געלונגען צו געווינען דיעזען קאפיטאליסט פאר זיין אידעע, און פלוצלינג פרעגט נאר יענער וואו וועט ער נעהמען קונדען? ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד צום זאאל, וואו דיא פרויען זיינען געזעסען און האט געזאגט:

— דאָרט זיינען מיינע קונדען. איך מוז אייך נאך אמאל ערקלעהרען, באראָן, דעם סוד פון אונזערע דעפארטמענט מאגאזינען. דער סוד איז איין איינ־פאכער, אָביער מען דארף איהם פערשטעהן. מיר ווילען ניט האבען א גרויסען קאַ־פיטאל, וואס זאָל ליעגען און שלאָפען אין אונזערע מאגאזינען. אונזער איינציגער וואונש איז, אויסצופערקויפען אונזער סטאָק אזוי שנעל וויא מיר קענען, און באלד קויפען א נייען, וועלכער מוז זאָפאָרט פערקויפט ווערען, אום מאכען פלאטץ פאר איין אנדערן. אויף דיעזען וועג דרעהען מיר ארום אונזער קאפיטאל איינינע מאל אין א ווילע, און יעדעס מאל עטוואס פערדיענען. דאדורך קענען מיר זיך שטעלען א קליינעם פראָפיט אויף וואארע, ווייל מיר פערקויפען פיעל. אונזערע אויסגאבען זיינען זעהר גרויס, אומגעפעהר זעכצעהן פראָצענט, אונזער פראָפיט איז ניט מעהר וויא צוואנציג פראָצענט, זאָ, דאס אונז בלייבט נור פיער פראָצענט רייגער פער־דיענסט. אָבער דערמיט וואס מיר האלטען אין איין פערקויפען און בייטען אונזער אארע אויף פרישע, קען זיך אונזער פראָפיט אויפקלייבען אין מילליאָנען. האט

איהר פערשטאנען, באראָן, וויא דיא גרויסע דעפארטמענט מאגאזינס עקזיסטירען?

— איך פערשטעהע! — האט דער באראָן געענטפערט. — איהר פערקויפט בילּיג אום צו פערקויפען פיעל, אָבער איהר מוזט פערקויפען, און איך בלייב בייא מיין פריהערדיגער פראגע: „וואו ווערט איהר נעהמען אייערע קונדען? וואו ווערט איהר קענען אָפזעצען אזוי פיעל וואארע אום אויפצוהאלטען אזא ריעזען־געשעפט, וועלכען איהר שלאגט מיר פאָר?"

— דאס איז דיא לעצטע זאָרג! — האט מאָרעט געענטפערט. — מיר קענען פערקויפען וואס מיר ווילען, ווען מיר פערשטעהען נור וויא. דאס איז דער סוד פון אונזער הצלחה! איך האב דיא פרויען פאר זיך, און איך קימער זיך ניט פאר דיא איבעריגע!

— שטיל! — האט דער באראָן געזאגט, — דיא פרויען וועלען דאס הערען!

אָבער דיא פרויען האבען יעצט גערעדט אלע צוזאמען און וואָרען אזוי אויפגערעגט, אז איינע האט ניט געהערט דיא צווייטע.

אָבער מאָרעט האט ניט אויפגעהערט צו ריידען, ער האט דעם באראָן ערקלעהרט, אז דער גאנצער געשעפט בעשטעהט אין שטענדיג אומדרעהען דעם קאפיטאל, און אויפקלייבען גרויסע בערג וואארע, אדווערטייזען דיא וואארע אויף זעהר ביליגע פרייזען, און ארויס שטעלען ציפער וואס זאָלען יעדען איבערראשען. און קוים האט מען דיא פרויען פאר זיך, דאן קען מען פערקויפען דיא גאנצע וועלט.

דער באראָן האט יעצט פערשטאנען דעם גאנצען פּלאן, און ער האט אָנגעפאנגען צו בעוואונדערן דיא פעהיגקייטען פון דעם מאן, וואס האט אויסגעארבייט דיא מאשינע איינצושלינגען דיא פרויען, אָבער ער האט דעם ספעקולאנט געגעבען דיעזעלבע ווארנונג, וואס ער האט געהאט פון בארדאנקעל, נעמליך, אז דיא פרויען וועלען האבען זייער ראכע.

אָבער מאָרעט האט געלאכט. אלע פרויען געהערען צו איהם וויא זיין אייגענטהום. ער געהערט צו קיינע פון זייא. ער נעהמט פון דיא פרויען זיין פערמעגען און זיין פערגניגען, און מעהר האט ער מיט זייא ניט וואס צו טהאָן.

נאך א ווייטערן געשפרעך, איז דער באראָן געוואָרען האלב בעזיעגט. ער האט גענומען טראכטען, פיעללייכט איז דער פּלאן ווירקליך א גוטער. ער האט יעטצט בעשלאָסען אבער בעשפרעכען דעם געשעפט, אָבער איינינע פרויען־שטימען האבען

געוואָלט ? ער האָט נאָך ניט איבערגעלעבט.

נענומען רופען: „מאַנסיי מאַרעט! מאַנסיי מאַרעט! און דאדורך איז דער גע־שפרעך אונטערבראָכען געוואָרען.

מאַרעט איז געוועזן שטאַרק אונצופריעדען, וואס ער מוז ענדיגען זיין געשפרעך גראַדע ביי דיעזען פונקט. אָבער איינע פון די דאַמען איז צו איהם צוגעגאַנגען, און האט איהם געזאגט, אז עס איז זעהר אונהעפליך פון איהם צו בעגראָבען זיך אין א ווינקעל און ריידען געשעפט־זאכען, גראדע ווען די פרויען ווינשען צו האבען זיין געזעלשאַפט.

— איז אייער גרויסער אויספערקויף בעשטימט פיר דעם נעכסטען מאָנ־טאג ? — האט מאדאם מארטי געפרעגט, אלס מאַרעט איז צוגעגאנגען צו די דאמען.

— יא, מאדאם! — האט מאַרעט געענטפערט מיט א זיסען ווייכען קול, וויא איין אקטיאָר, דען פאר פרויען האט דיעזער געשעפטס־מאן געהאט א גאנץ בע־זאָנדערע שטימע.

— מיר וועלען אלע קומען! — האט הענריעטא געזאגט. — זייא זאגען, אז איהר נעהמט וויזען וואונדער ביי דיעזען אויספערקויף.

— אה, וואונדער! — האט ער געענטפערט זעהר בעשידען. — איך וויל בלויז איהר זאָלט בלייבען מיינע פריינדע און מיינע קונדען.

אָבער די פרויען האבען געוואָלט, ער זאָל זייא שוין ערצעהלען פון דעם אויספערקויף, זייא זיינען אויסגעגאנגען פון נייגירדע. די צייטונגען האבען זעהר פיעל געשפראָכען פון דעם קומענדען אויספערקויף, אָבער אלעס קומט ניט, וויא הערען פון איהם אליין וועגען די זייד, וועלכע איז אזוי גרויס אדווערטייזט. יעדע פרוי אין פאריז האט גערעדט וועגען דיעזען זייד. טויזענדע וואָרען שוין נייגעריג אָנ־צוריהרען דיעזע וואארע. חונדערטע כלה'ס האבען שוין געבעטען זייערע חתנים און זייערע עלטערן, מען זאָל פאר זייא קויפען דיעזען בעריהמטען זייד.

— אָבער ניט די זייד איז אלעס וואס מיר האבען! — האט מאַרעט געזאגט מיט א מוזיקאלישע שטימע. — מיר האבען פיעלע וואונדערבארע, שעהנע זאכען, וואס ווערען אָפגעגעבען האלב אומזיסט. מיינע איינקויפער האבען מיר איינ־געשאפט סאמעט, וואס האט ניט זיין גלייכען און גוטסקייט און אין שעהנהייט. אויב איהר ווילט נעהמען מיין רעקאָמענדאציע, הייס איך אייך קויפען מיין אטלעס, וועלכען פאריז האט ביז יעצט נאך ניט געזעהן. איך זאג אייך אויך, אז מיין געוואנד וועט זיין א מציאה, וואס מען וועט שפעטער ניט קריעגען.

מאַרעמ׳ס ערקלעהרונג, אז ער וועט פערקויפען דיא וואַארע אזוי בילינ. אז ער וועט מוזען פערלירען דערבייא, איז געווען פאר דיא פרויען א פרעהליכע בשורה. פרויען האבען דאס בעסטען פערגניגען פון קויפען וואַארע, און זייער פערגניגען ווערט צווייא מאל אזוי גרוס, ווען זייא דענקען, אז זייא בעשווינדלען דעם קרעמער. מאַרעמ האט געוואוסט, אז פרויען קענען ניטביישטעהן געגען קיין זאך וואס ווערט פערקויפט בילינ.

מאדאם מארטי האט איינינע מינוטען לאַנג צוגעהערט דעם געשפרעך און זיא האט געברענט פון אונגעדולד, וואס זיא האט נאך אלץ ניט געקענט ארויס נעהמען איהר האנד־טאַשע און בעווייזען דיא מציאות וואס זיא האט געקויפט.

אָבער ענדליך האט זיא דערלעבט דיא מינוט, און זיא האט געוויזען אלעס וואס זיא האט איינגעקויפט, איין זאך נאך דער צווייטער, און איז דערבייא רויטה געוואָרען, גלייך וויא א יונגע פרוי וואס ווערט איבערראשט, ווען זיא טהוט זיך אויס. זיא האט געוויזען פיעלע זאכען, וועלכע זיא האט גאר ניט נויטהיג, נור דער קרעמער האט איהר געשוואָרען, אז דאס איז זיין לעצטער ארטיקעל, און אז אין דער צוקונפט, וועט דער פרייז שטייגען.

אָבער ווען זיא האט זיך אזוי בעריהמט פאר דיא פרויען, האט זיא פלוצלינג דערזעהן, וויא איהר מאן שטעהט הינטער איהר, און איז טויט בלאַס, אָבער ער קען דאָ קיין וואָרט זאגען געגען זיין ווייב, וואס פערשווענדעט זיין קליינע פער־דיענסט, פאר וועלכע ער ארבייט זעהר שווער. יעדע שטיקעל וואַארע וואס זיין ווייב האט בעוויזען, איז פאר איהם געווען א ריס אין הארצען, ווייל קיינער האט ניט געוואוסט אזוי גוט וויא ער, זיין אונגליק און זיין קאַמפף אויפצוהאלטען זיין הויז פון אונטערגאַנג, וועהרענד זיין פרוי האט געוואָרפען מיט געלד אויף אלע מציאות.

וויא זיא האט דערזעהן זיינע ווילדע בליקען, האט זיא צוזאמענגעכאַפט אלע זאכען און האט געזאגט:

— אה, איהר וועט מאַכען, אז מיין מאן זאָל מיך אויסזידלען, אָבער איך זאָג אייך, אז איך האב געקויפט וואָהרע מציאות. דאָרט זיינען געווען זאכען צו פינף הונדערט פראַנק, אָבער איך האב יענע אנטיקען ניט גענומען.

— ווארום האט איהר ניט געקויפט? — האט א געוויסע דאמע געפרעגט.— מאַנסיו מארטי איז א גוטער מאן.

מארטי, וועלכער איז געווען איין ארמער לעהרער, האט זיך געמוזט פערנייגען און זאגען, אז ער איז זעהר צופריעדען מיט זיין ווייב׳ס מסחרים.

אזוי האבען זייא גערעדט, ביז עס איז געוואָרען דונקעל אין דעם זאאל און דיא לעצטע שטראהלען פון דער זוהן האבען געוואָרפען א גאָלדענעם קאָליר אויף דיא מענער און דיא פרויען, וואס זיינען געזעסען אין פערשיעדענע ווינקעלעך און האבען בעשפראָכען אלערלייא מציאות אין אלערלייא געשעפטס־הייזער.

אין א ווינקעל פון גרויסען זאאל איז געשטאנען הענריעטע דעספארגעס און האט גערעדט מיט דעם באראָן אין דער שטיל, און דער באראָן האט געענט־פערט :

— ער איז א שעהנער יונג !

— אך וויא שעהן ! — האט הענריעטע אויסגערופען, וויא א פער־ליעבטע.

דער באראָן האט געשמייכעלט. עס וואר דאס ערשטע מאל, וואס ער האט זיא געזעהן אזוי פעראינטערעסירט אין א מאן. ער האט אָבער געוואוסט, אז דיעזער שעהנער מאָרעט, איז א מאן מיט א קאלטע אייזערנע הארץ, און ער האט גע־דענקט, אז ער דארף זיא ווארנען און דארום האט ער צו איהר געזאגט :

— זייט פאָרזיכטיג, זייט פאָרזיכטיג, דען ער קען אייך אלעמען איינ־שלינגען !

אין הענריעטע'ס אויגען האט מען יעצט געזעהן דעם שטראהל פון א נייען אייפערזוכט. זיא האט פיעלייכט געגומען דענקען, אז מאָרעט האט זיא אויסגעניצט אום צו בעקענען זיך מיט דעם באראָן, אין זיא האט דארום בעשלאָסען זיא זאָל זעהן, אז מאָרעט זאָל משוגע ווערען פון ליידענשאפט צו איהר. זיא האט זיך א קרים געטהאָן און האט דעם באראָן געענטפערט :

— אח, שרעקט זיך ניט דעריבער. איהר ווייסט, אז דיא שעפס עסט שנעלער דעם וואָלף, וויא דער וואָלף דיא שעפס.

דער באראָן האט איהר צוגעגעבען קוראזש מיט א שמייכעל. וועט הענריעטע זיין דיא פרוי וואס וועט נעהמען ראכע פאר דיא איבעריגע פרייען, וועלכע מאָרעט האט פערדאָרבען ?

ענדליך איז געקומען דיא צייט צו שיידען זיך, און מאָרעט האט צוגעפיהרט דעם באראָן צום פענסטער און האט איהם געפרעגט, וואס זיין לעצטער אנטוואָרט, און דער באראָן האט איהם ערקלעהרט, אז ער וועט דעם פלאן אָננעהמען, אויב דער נעכסטער אויספערקויף וועט זיין אזוי וויכטיג וויא מאָרעט ערוואַרטעט.

זייא האבען זיך יעצט צוזעגענד, און מאָרעט האט זיך אומגעקעהרט צו זיין מאגאזין, אום צו זעהן וויא גרויס איז דיא איינגאהמען פון דיעזען טאָג.

## 4טער קאפיטעל.

דער נעכסטער אויספערקויף אין „דאמען־פאראדיז״, איז געוועזן מאָנטאג, דען 10טען אָקטאָבער, עס וואר א ריינער און פרישער טאָג מיט זאָנען־שיין און גוטען ווינד.

ווען דיא זונן איז אויפגעגאנגען, האט דער „ווייבערשער גן־עדן״ געגלאנצט אונטער דעם גאנצען פראכט פון דעם אויספערקויף. ביי׳ם טהיר זיינען געהאנגען פלאגס, און אין דיא פענסטער פוןביידע גאסען, האבען געשיינט דיא אויסגע־שטעלטע ארטיקלען. עס האט געשיינט, אז דער גאנצער רייכטהום פון דער וועלט, איז אויסגעשטעלט אין דיעזע פענסטער, אום יעדער מענש זאָל עס קענען אָנקוקען און בעוואונדערען.

אום ניין אוהר זיינען נאך ווענינ קונדען געקומען צו דעם גרויסען, בריליאנטער־נעם געשעפט, אָבער דיא קליינע קרעמער פון דעם געגענד, זיינען געשטאנען אין ־ערדלעך אין אלע ווינסעלעך און האבען פון וויטען בעטראכט דיא דעקאָראציאָנען, דיא אויסשטעלונגען און דיא רייכקייט פון דעם „ווייבערשען־גן־עדן״, וועלכער זוכט זייא איינצושלינגען. זייא האבען קריטיקירט און האבען געשאָ־טען דיעזען גרויסען מאגאזין, זייא האבען זאָגאר געשאָלטען דעם שעהנעם פערד פון דעם וואָגען, וואס פיהרט פאנאנדער דיא וואארע איבער דער שטאָדט. ווייל דער פערד וואר בעדעקט מיט א סאמטענעם צודעק און דער וואָגען וואר געפארבט מיט אלע ליכטיגע פארבען, און האט אויף זיך געהאט דעם נאמען פון מאָרעט׳ס מאגאזין, און אויף דעם אויספערקויף פון דעם טאָג. דיעזע וועגען האבען צופיהרט איבער גאנץ פאריז, דיא אדווערטייזמענט פון מאָרעט׳ס מאגאזין.

אזוי שנעל וויא א קונד איז געקומען צום מאגאזין, איז צוגעלאָפען איין אנ־געשטעלטער פון מאגאזין, אין א רייכען יוניפאָרם און האט געפיהרט דעם קונד אין דעם אָריענטאלישען סאלאָן.

דיעזער סאלאָן איז געוועזן א וואונדערבארע זאך, וואס האט יעדען איבער־ראשט און בערוישט. דער סאלאָן איז געוועזן מאָרעט׳ס איינענע אידעע. ער איז געוועזן דער ערשטער, וואס האט אויסגעקויפט א זאמלונג פון אלטען און נייען קארפעט, וועלכע פלעגען פריהער פערקויפט ווערען אלס קוריאָזיטעט. ער האט אויפגעקליבען דיעזע קארפעטס און האט זייא געוואלט פערקויפען מיט קליינעם פראָפיט, אום ער זאָל אריינציהען אין זיין מאגאזין דיא בעסערע קלאסע קונדען.

דער אָריענטאַלישער סאַלאָן איז געווען צוזאַמענגעשטעלט נור פון דיזען קארפעט און פון גאַרדינען.

אין דיזען מאָנטאג, האט דעניס בעדארפט אנפאַנגען איהר ארבייט אין „וויבערשען גן־עדן". אזוי שנעל וויא זיא איז אריין אין טהיר, האט זיא דערזעהן דיזען סאַלאָן, וועלכער האט אויסגעזעהן וויא א הארעם און זיא איז צומישט געוואָרען פון איבעררעשונג. איין אויפזעהער האט זיא צוגעשיקט צו מאדאם קאבין, וועלכע האַלט אויף און ריינינט דיא צימערן פאר דיא אנגעשטעלטע אין דעם מאגאזין, וואס עסען און וואָהנען דאָרט, ווייל דיזע דעפּארטמענט־מאגאזינען מאכען זאָגאר א געשעפט, צו האלטען זייערע אנגעשטעלטע אויף קעסט. מאדאם קאבין האט איהר בעשטימט דעם צימער נומער 7, וואו איהר קאסטען האט זיך שוין געפונען. עס וואר א קליינער, איין ענגער און איין אָרימער צימער, וואס האט געהאט בלויז א בעט, א קליידער־שראַנק, א וואש־טישעל און צווייא שטוהלען.

אויבען אין דער הויך האבען זיך געפונען צוואנציג אזעלכע צימערן, צוואנציג אנגעשטעלטע פרויען, אין דיזען מאגאזין, האבען געוואָהנט אין דיזע צימערן. דיא איבעריגע האבען געוואָהנט אין שטאָדט בייא עלטערן, קרובים און בעקאנטע. דעניס האט זאָפאָרט אויסגעטהאָן איהר ארמע קלייד און האט אָנ־געטהאָן דיא יוניפאָרם פון דעם מאגאזין. דיזער יוניפאָרם איז בעשטאַנען אין א שווארצע זיידענע קלייד, וועלכע איז איבערגעמאכט געוואָרען פיר איהר פון איין אַלטע קלייד, און וועלכע איז שוין געווען פאָרבערייט אין דעם צימער. דיזע קלייד וואר נאך אַלץ צו לאנג און צו ברייט פאר איהר, אָבער זיא וואר אזוי אויפגערעגט, דאס זיא האט זיך וועגען דעם ניט אומגעקוקט. זיא האט פריהער אין איהר לעבען קיין זייד געטראגען. ווען זיא איז אַרונטער פון דא טרעפּ, האט זיא ניט געקענט פערליידען דיא זייד.

ווען זיא איז געקומען אונטען אין איהר דעפּארטמענט, האט זיא דאָרט גע־פונען א קריעג צווישען דיא איבעריגע אנגעשטעלטע, וועלכע האבען זיך ניט געקענט צו טהיילען דעם פּראָצענט פאר א קונד, וועלכען זייא האבען אָפּגעפערטיגט. אָבער וויא דעניס איז אריינגעקומען, האט דיא קריעג אויפגעהערט, און זייא האבען זיך אַלע צולאכט. זייא האבען גאר ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי א יונגע מיידעל זאָל זיך אזוי אָנטהון. מאדאם אורילע איז צו איהר צוגעגאַנגען און האט געזאָגט:

— מיין ליעבע דעניס, וויא אזוי זייט איהר גאר אריינגעקראָכען אין דיזער קלייד. זיא איז דאָך גרויס גענוג פאר צווייא וויא איהר זייט. איהר פערשטעהט

דאָך נאר נים וויא מען טהוט אָן א קלייד, קומט צו מיר און איך וועל אייך צורעכט מאכען.

מאדאם אורילע האט זיך געשטעלט צורעכט מאכען דאס קלייד, וועהרענד ארום איהר האבען זיך ארומגעשטעלט א האלבער דוצענד יונגע פרויען, אין דיא שווארצע קליידער פון דעם מאגאזין. אלע האבען זייא געהאלטען אין זייערע בוזימס לאנגע בליישטיפטען, וועלכע זיינען געשטאנען מיט דיא שפיצען ארויס, גלייך וויא זייא וואָלטען פון דארט ארויס געוואקסען. אין זייערע בוזים־טאשען האבען געשטעקט ווייסע ביכלעך, וואו זייא פערשרייבען וואס זייא פערקויפען. אָבער דיא איינציגע זאך מיט וואס איינע האט געקענט קאָנקורירען נעגען דיא צווייטע אין דיעזע גלייכע קליידער און גלייכע יוניפאָרמס, וואַרען זייערע האאר, וועלכע זייא האבען געקאמט וויא זייא האבען געוואָלט, און וועלכע זייא האבען געפעלשט, מיט פרעמדע צעפ און פערבאָרגענע קישעלעך.

דענים האט געהאט זעלטען שעהנע און גרויסע האאר, וועלכע זיא האט גע־האלטען פערדרעהט ארום איהר קאָפּ, אָהן בעזאָנדערע קונצען. אָבער דיא אנדערע מיידלעך אין דעם דעפּארטמענט, וועלכע האבען איהר נים פערגונען דיעזע שעהנע האאר, האבען פון איהר געלאכט, און האבען גערופען דיא מיידלעך פון דיא אנדערע דעפּארטמענטס, זייא זאָלען קומען און זעהן און אויך לאכען.

מאדאם אורילע האט ענדליך דערלאנגט דיא נייע אנגעשטעלטע א בליי־שטיפט און א ביכעל און האט איהר געזאגט, זיא זאָל זיך צו קוקען און זאָל זיך לערנען דיא מנהגים פון דיעזען מאגאזין. דיא ארבייט פון דיעזען טאָג, וועט זיין זעהר שווער, און הייטע וועט מען קענען אויסגעפינען, אויב זיא איז פּאסענד פאר דעם אמט.

אָבער זעהר וועניג קונדען זיינען געקומען פאָרמיטאָג. דיא דאמען זיינען גע־זעסען און האבען געזאמעלט קרעפטען אויף נאכמיטאג. דענים, וועלכע האט זיך געפיהלט אונבעקוועם פון זייערע בליקען, האט געשארפט איהר בליישטיפט אום זיא זאָל האבען וואס צו טהון, דאן האט זיא אריינגעשטעקט דעם בליישטיפט אין בוזים, וויא דיא איבעריגע האבען דאס געטהאָן, און האט זיך גענומען קוראזש און האט בעשלאָסען זיא זאָל זיך אויסצייכענען אויף דיעזער שטעלע. מען האט איהר געזאגט ווען זיא איז אָנגעקומען, אז זיא קומט אָן אויף א פּראָבע, דאס הייסט, אז זיא קריעגט קיין געהאלט, זיא וועט איינפאך קריעגען נור איהר קאָ־מיסיאָן און א פּראָצענט פון דיא זאכען וואס זיא וועט פערקויפען. אָבער זיא האט געהאָפט צו מאכען דערבייא הונדערט פראנק א מאָנאט, וויייל גוטע קלערקס

מאכען צוויא מאל אזוי פיעל. מיט דיעזען פערדיענסט וועט זיא קענען צאָהלען פאר פעפעס ערציהונג, וועט קענען שטיצען איהר ברודער זשען, וועלכער קריעגט קיין פראנק א יאָהר, און וועט קענען בעזאָרגען זיך מיט דיא נויטהיגע קליידער. אָבער אום זיא זאָל קענען אזוי פיעל פערדיענען, וועט זיא מוזען ארבייטען שווער, וועט מוזען ארויסכאפּען קונדען פון דיא איבעריגע קלערק'ס, און וועט זיך ניט דארפען קימערן, וואס זייא וועלען ריידען און זאגען וועגען איהר.

ווערענד זיא האט אזוי געמאכט איהר רעכענונג, איז א יונגער מאַן דורכגעגאנגען דעם דעפּארטמענט און האט צו איהר געשמייכעלט. דיעזער יונגער מאַן איז געוועזען דעלאשע, וועלכען מען האט אויך אָנגענומען אין דעם מאגאזין. זיא האט געענטפערט זיין שמייבעל, און וואר צופריעדען, וואס זיא האט דאָ איין פריינד.

אום האַלב נאך נין, האט א גלעקעל גערופען צום איבערבייסען. עס האט נאך אמאל געקלונגען צום מיטאג עסען, און דיא קונדען זיינען אלץ ניט געקומען. דיא צווייטע פרוי, נאך מאדאם אורילע, מאדאם פרעדריק, וועלכע וואר איין אלמנה און האט ליעב געהאט צו זאגען שלעכטע נביאות, האט אויסגעלייגט, אז דער אויספערקויף וועט זיין א שלעכטער, אז קיין לעבעדיגער מענש וועט קומען, און אז מען וועט צושליסען דעם מאגאזין מיט דיא גאנצע וואַרע אונפערקויפט. מאנכע מיידלעך האבען בעדויערט וואס זייא וועלען דיעזען טאָג גאר נישט פערדיענען, און מאנכע האבען זיך פאָרגעשטעלט, אז דיא פירמע וועט ברעכען, זייא וועלען אומגעהן עטליבע טעג אָהן ארבייט און וועלען דערווייל קענען לעננער פערברענגען מיט זייערע יונגע לייט. ערשט אום עלף אוהר זיינען איינינע פרויען ערשיענען, און דעניס האט געהאט דיא געלעגענהייט צו פערקויפען א פּאאר ארטיקלען אלס איין מערקווירדינער קונד איז ערשיענען.

— דיא דיקע אַלטע מויד פון פּראָווינץ! — האט א מיידעל געמורמעלט.

דיעזע דיקע אַלטע מויד איז געוועזען אונגעפעהר פינף און פערציג יאָהר, וועלכע פלעגט קומען צייטענווייז אין פּאריז. אין דער פּראָווינץ פלעגט זיא מאַנאטען לאנג שפּארען א פראנק צו א פראנק, אָבער אזוי שנעל וויא זיא פלעגט קומען אין פּאריז, פלעגט זיא אוועק גלייך צום „ווייבערשען גן־עדן" און אויסגעבען דאָרט ביז דעם לעצטען פראנק. זיא פלעגט האנדלען אַלעס וואס איהר אויג האט געזעהן. זאָגאר נאָדלען האט זיא ליעב געהאט צו פיהרען פון פּאריז. אַלע קלערקס האבען זיא געקענט, איהר נאָמען איז געוועזען באַטראַל, אָבער קיינעם האט געקימערט צו וויסען ווער זיא איז און וואס זיא טהוט.

— וואס מאכט ריא מאדמאאזעל! — האט מאדאם אורילע נעפרעגט פריינדליך און איז צו איהר צוגעגאנגען. — וואס קענען מיר פאר אייך טהאן? וואס קענען מיר אייך וויזען? הע, מיידלעך!

דעניס איז צוגעגאנגען. אָבער א מיידעל מיט דעם נאמען קלארא איז נעד קומען פריהער. דיזע קלארא איז אימער געוועזן פויל און האט זיך וועניג געקימערט וועגען פערדיענען. אָבער דער געדאנק אָפצוטהאָן דיא נייע מידעל, האט איהר געגעבען חשק צו ארבייטען.

— איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג! — האט דעניס געזאגט. יעצט איז מיין רעהע.

מאדאם אורילע האט אויף איהר געגעבען א קרומען בליק און האט אויס־ גערופען:

— מיר האבען דאָ קיינע רעהען. — איך בין דאָ דיא איינציגע ווירטהין. ווארט ביז איהר וועט זיך אויפקלערען און נאכדעם וועט איהר צוגעהן צו אונזערע שטענדיגע קונדען.

דעניס האט זיך אומגעקעהרט מיט דעם פנים צום פענסטער, אום מען זאָל ניט זעהן וויא דיא טרעהרען רינען פון איהרע אויגען, אויף דעם שאדען וואס זיא האט געהאט. אָבער וויא זיא איז אזוי געשטאנען, איז מאדאם אורילע צו איהר צוגעגאנגען, האט ארויפגעלייגט איהר האנד אויף איהרע פלייצעס און האט צו איהר געזאָגט:

— אה, דוא — טהוסט יעצט גאר נישט, שטעהסט נור אין פענסטער און קוקסט זיך איין וויא מענשען געהן פארבייא. אזוי קען דאס ניט זיין.

— אָבער מען לאָזט מיך ניט פערקויפען, מאדאם?

— אה, עס איז דאָ אנדערע ארבייט פאר אייך. פאנגט אָן פון אנפאנג. שטעלט זיך צוזאמענלייגען דיא וואארע.

אויפצולייגען דיא וואארע וואס דיא קונדען צרוואָרפען, איז געוועזן דיא שווערסטע און דיא ניעדעריגסטע ארבייט. דעניס איז געשטאנען און האט דיא וואארע געפאקט, אלס מארעט איז אריינגעקומען אין דיזען דעפארטמענט. זיא האט א ציטער געטהאָן, איז געוואָרען רויטה און האט ניט געוואוסט דיא אויגען ווערפען. ער האט זיא אָבער אפילו ניט געזעהן. ער האט אין גאנצען פערגעסען דיזע מיידעל, וועלבע ער האט געהייסען אָנשטעלען.

מארעט וואר בלאס, אָבער זיינע אויגען ווארען ריין און בעשלאָסען. ער איז דורכגעגאנגען זיין מאגאזין און האט איהם געפונען פוסט און ער האט גענומען מורא

האבען פאר איין ביטערן סוף. עס איז זאָגאר ערשט עלף אוהר און דיא מאסע קומען נים ביז נאכמיטאג. אָבער געוויסע סמנים האבען איהם געשראָקען. ער האט בעמערקט, אז דיא פרויען פון דער נאכבארשאפט, וועלכע קומען געוועהנליך אין דער פריה, זיינען דיעזען מאל נים געקומען. איהם האט געשיינט, אז ער קען לעזען זיין ביטערן סוף אויף דיא פנים'ער פון זיינע קלערקס.

גראדע ווען ער איז אריינגעקומען, איז מאדמאָאזעל באטאראל, וועלכע פלעגט אימער עטוואס קויפען, ארוים און האט געזאגט :

— ניין, איהר האט קיין זאך וואס מיר זאָל געפעהלען. איך וועל זעהן. איך וועל שפּעטער בעשליסען.

פון דיעזען דעפּארטמענט איז ער אוועק אין איין אנדערן, און דיא פוסטקייט האט באלד צוריסען זיין הארץ. א פּאאר אלטע פרויען האבען זיך געגראָבען בייא בערג וואארע, האבען אלעס איבערגעקעהרט מיט דעם קאָפּ אראָפּ און האבען אין גאנצען נישט געקויפט. דיא קאסירערס און דיא קלערקס, זיינען איבעראל געזעסען מיט פערליינטע הענד און האבען אליין בעדויערט, וואס זייא וועלען דיעזען טאָג נים פערדיענען אויף זייערע אויסגאבען.

ענדליך האט ער זיך געשטעלט בייא דיא טרעפּ, פון וואנען מען קען זעהן דעם גאנצען מאגאזין און האט געווארט אויף דעם סוף. עס האט אָנגעפאנגען צו ווערען פרעהליכער. קונדען האבען זיך בעוויעזען, און עס האט גענומען שיינען, אז דער נאכמיטאג וועט זיין א לעבעדיגער.

וועהרענד ער איז געשטאנען בייא דיא טרעפּ און האט אכטונג געגעבען אויף דעם מאגאזין, איז ער פון מינוט צו מינוט אָנגעפיהלט געווארען מיט אלערלייא קונדען פון אלע זייטען. דאס געשעפט האט גענומען געהן גוט, און ער האט זיך גראטולירט, אז ער וועט האבען איין ערפאָלג מיט דעם היינטיגען אויס־פערקויף.

אלס ער איז געשטאנען און האט בעטראכט דעם רעש און דיא טהעטיגקייט אין גאנצען מאגאזין, האט ער דערזעהן מאדאם דעספאָרגעס און נאך איינינע פון דיא דאמען וואס ער האט געזעהן צוריק מיט א פּאאר טעג, אין איהר הויז. ער איז צוגעגאנגען צו דיא דאמען און האט זיך מיט זייא געגריסט. זייא האבען איהם אלע גראטולירט מיט זיין ערפאָלג, און מאדאם דעספאָרגעס האט איהם ערצעהלט, אז זיא וואָלט וועלען זעהן איינעם פון דיא מאנטלען, וועלכע ער האט אזוי געלויבט. מאָרעט האט בעגלייט דיא דאמען אין דעם קליידער־דעפּארטמענט, וואו מאדאם אורילע האט זייא איבערגענומען מיט א פריינדליכען שמייכעל.

יעדער אין מאגאזין האט געוואוסט, אז דעספּאָרגעס איז די געליעבטע פון דעם איינענטהימער, און דארום האט יעדער געזוכט צו געפעהלען און צופריעדען שטעלען דיעזע דעספּאָרגעס.

די רייכע דאמען האבען זיך געהייסען ווייזען א מאנטעל, און מאדאם אורילע האט זאָפאָרט צוגערופען מארגארעטען, וועלכער זיא האט געהייסען דערלאנגע ווידענע מאנטלען, און פריילין דעניס, וועלכער זיא האט בעפאָהלען זיא זאָל זיך שטעלען און אָנטהון יעדען מאנטעל, וואס די דאמען ווילען זעהן.

דעניס האט זיך פון דיעזער ארביים געפיהלט אזוי נעערגערט, דאס זיא האט זיך פערשאָלטען, ווארום זיא איז אָנגעקומען אין דיעזען הויז. זיא האט פאר פערדרוס ניט געקענט ריהרען מיט קיין גליעד. איהר קאָפּ איז געווען צודולד פון דעם גרויסען פובליקום, און איהרע הענד האבען געבראָכען פון די שווערע ארבייט. זיא האט אָבער געוואָלט פאָלגען, און מארגאריטא האט אויף איהר אָנגעטהאָן דעם מאנטעל, גלייך ווי זיא וואָלט געווען א שטיק האָלץ.

— שטעה גלייך! — האט מאדאם אורילע צו איהר געזאגט.

די פרויען האבען בעטראכט דעם מאנטעל און מאדאם דעספּאָרגעס האט זיך ענדליך אויסגעדריקט, אז די טאליע איז ניט קיין גוטע.

— אה, איהר דארפט דאָך פערשטעהן, — האט מאדאם אוריקע ער־קלעהרט, — אז דיעזע יונגע מיידעל איז ניט פאר דיעזען מאנטעל. איהר דארפט איהם זעהן אויף זיך אליין.

— דאס פערשטעה איך! — האט מאדאם דעספּאָרגעס געענטפערט. — נאָטט זאָל מיך בעהיטען פון אזא פיגור ווי בייא דיעזער מיידעל.

דעניס איז געוואָרען רויטה און דאן בלאס. אלע איהרע בלוטען זיינען פער־קיהלט געוואָרען. אָבער מאדאם דעספּאָרגעס האט דערבייא א וואונק געטהאָן צו מאָנסיו מאָרעט, ווי איינע וואס זאגט „דוא זעהסט, אז ניט אלע פרויען קען מען גלייכען צו מיר." און מאָרעט, וועלכער האט פערשטאנען, אז זיין געליעבטע נויטהיגט זיך אין א קאָמפּלימענט, האט געענטפערט: „די פיגור איז ניט דאס איינציגע. זעהט נור דאס געזיכט פון דיעזער מיידעל. ווי קען אזא מאנטעל אויסזעהן שעהן אויף אזא מענשעלע?"

די פרויען האבען זיך צו לאכט אויף א קול. אָבער דעניס איז געוואָרען נאָך בלאסער און נאָך טרויעריגער. זיא האט זיך געפיהלט ווי איין עלענדע, וועלכע האט ניט ווער עס זאָל זיא פערטהיידיגען אין איהר נויטה. זיא האט אליין ניט

געוואוסט מיט וועלכען רעכט מען וויצעלט זיך דאָ איבער איהר, און זיא האט גע־מוזט פערבייסען דיא ליפּען און שווייגען.

דער מאַנטעל איז אַרונטער געגומען געוואָרען פון דעניס פּלייצעס, און מאַדאם אורילע האט צו איהר געזאגט, דאס זיא דאַרף נאך לאַנג לעהרנען, ביז זיא וועט קענען ווערען א שטיקעל מענש. דעניס איז אַנטלאָפען אונטער דעם פּאַק וואָרע וואס זיא האט בעדאַרפט צוזאַמענקלייבען, אום מען זאָל ניט זעהן וויא זיא וויינט.

דעם גאַנצען טאָג, אין דעם גרויסען טומעל און דעם רעש, פון דיא טויזענדע און טויזענדע קונדען, וועלכע האבען געקויפט און געקויפט אין דיא לעצטע פּאָאר שטונדען פון טאָג, איז דעניס געשטאַנען און האט געפּאַקט דיא צו־וואָרפענע וואָרע און האט געשלונגען איהרע טרעהרען. אין יעדען ווינקעלע זיינען געלעגען צו־וואָרפענע פּעק, אזוי וויא סאָלדאַטען נאך א בלוטיגע שלאַכט, און דעניס האט געמוזט דאס אַלעס אויפלייגען און שלעפּען אויף דיא פּלייצעס.

מאַרעט איז נאך אַלץ געווען אין זיין מאַגאזין. דיא קונדען זיינען געוואָרען גאַנץ ווייניג. עס איז געקומען דיא צייט צום שליסען, און ער איז נאך אַלץ אַרום געגאַנגען און האט געדעכענט זיין זיעג אין דיעזער אונטערנעהמונג, און ער האט געקלעהרט, אז זיין מאַגאזין איז דאך צו קליין פאַר זיינע פעהיגקייטען. ער וואָלט פיעל מעהר פערקויפט, וואָלט פיעל מעהר איינגענומען, ווען ער האט נור גענוג פּלאַץ, ווען איהם איז ניט אזוי ענג.

אַלס דיא קונדען זיינען זיך צוגאַנגען, איז מאַרעט צוגעגאַנגען צום קאַסיר, וועלכער איז געשטאַנען מיט זיינע קלערקס בייא קופּעס מיט גאָלד, און האט גע־פרעגט וויפיעל איז דיא איינגאַהמע פון דעם טאָג:

— אכטצעהן טויזענד האבען מיר שוין איבערגעצעהלט! — האט דער קאַ־סירער געענטפערט.

א געלעכטער האט פערקלונגען דעם מאַגאזין, פון מויל צו מויל איז געגאַנגען דיא בשורה, אז אכטצעהן טויזענד איז שוין זיכער דאָ. דאס וואר דיא גרעסטע סומע וואס דער „פרויען־פּאַראַדיז“ האט איינגענומען אין איין טאָג.

## 5טער קאַפּיטעל.

אויף מאָרגען, אַלס דעניס איז געשטאַנען בייא איהר אַרבייט, האט מען זיא גערופען, זיא זאָל זיך מעלדען אין הויפּט ביוראָ.

דענים האט אין דעם תריפט ביורא געפונען מאַנסיו מאַרעט אליין. ער האט זיך ערקונדיגט, דאס ווען ער איז געוועזען מיט מאדאם דעספאַרגעס אין קליידער דעפּאַרטמענט, האט ער דאָרט געזעהן דיא נייא־אנגעשטעלטע מיידעל, און איהם האט גענומען ערגערן, ווארום זאָלען זיינע אנגעשטעלטע ניט קענען אויסנעהמען בייא זיינע קונדען. ער האט דארום געשיקט רופען דיא נייע מיידעל.

— מיר האבען אייך אנגעשטעלט, פריילין, האט ער צו איהר אָנגעפאנגען צו זאגען, צוליעב אייער אָנקעל, און איהר דארפט זיך היטען מיר זאָלען ניט זיין געצוואונגען . . .

אָבער ער איז געבליבען שטעהן. זיינע אויגען האבען דערזעהן דיא בלאסע מיידעל, וועלכע איז געשטאנען נעגען איהם. איהר קלייד, איז ניט מעהר געווען צו לאנג אויף איהר, און איהר גאנצע טאליע מיט איהר גאנצען אויסזעהן, איז ניט דאס וואס ער האט געזעהן נעכטען. ער האט פערשטאנען, אז דענים האט געארבייט דיעזע נאכט אום צו מאכען זיך געפעהלען.

— אה, איך זעה, אז איהר זייט א גאנץ אנדערע ! — האט מאָרעט צו איהר געזאגט. — דיא קלייד איז שמעלער, און דיא אָקסלען זיינען גלייכער. דאס איז גוט, אָבער אייער האאר קאמט איהר ניט וויא מען דארף. איך וועל אייך ווייזען וויא איהר זאָלט געהן מיט אייער האאר.

און בייא דיעזע רייד, איז מאָרעט אויפגעשטאנען און האט איהר צורעכט געמאכט דיא האאר מיט דיא אייגענע הענד.

דענים האט קיין וואָרט גערעדט, זיא האט איהם ערלויבט דרעהען איהר האאר אין אלע זייטען, אָבער זיא האט דערבייא געציטערט. מאָרעט האט עס בעמערקט, און ער האט זיא אָפּגעלאָזט :

— מיין קינד, איך סימפּאטהעזיר זעהר שטארק מיט אייך און וואָלט וועלען, אז איהר זאָלט בלייבען אין מיין מאגאזין צוליעב אייער אָנקעל, אָבער דאָ איז פּאריז און מען מוז האלטען אנגעשטעלטע, וואס זאָלען געפעהלען דיא קונדען. איך וויל אייך פּראָטעקטען, און וויל אייך נעהמען אונטער מיין שוטץ, אָבער איהר מוזט זיך האלטען ריין און זיין שנעלער, לעבעדיגער און פרייער. געהט צוריק צו אייער ארבייט און זאָרגט מיר זאָלען פון אייך זיין צופריעדען.

דענים איז אוועק מיט נייען קוראַזש, און האט אָנגעפאנגען צו ארבייטען פרעהליך און זוכען צו פּראָגרעסירען אונטער דיא אומשטענדען.

אין א געוויסען נאכמיטאג, אלס דענים איז געווען בעשעפטיגט בייא איהר ארבייט, איז דשען פלוצלינג ערשיענען אין מאגאזין. ער איז צו איהר צוגעגאנגען זעהר

האסטיג און האט איהר געפרעגט אין דער שטיל, אויב זיא קען איהם ניט בארגען צעהן פראנק.

— וואס ? צעהן פראנק ? — האט זיא געמורמעלט. — וואצו דארפסט דוא אזא גרויסע סומע.

זשען איז געווארען רויטה. ער האט איהר גענומען ערצעהלען א גאנצע געשיכטע, וויא אזוי ער האט געטראפען א שוועסטער פון זיינעם א פריינד. אבער דעניס האט איהם ניט געלאזט ענדיגען דיא ערצעהלונג. דיעזער שעהנער יונגער מאן ווערט אימער פערמישט מיט פרויען, און ער קומט צו איהר גאנץ אפט נאך געלד.

— איך האב ניט אזא סומע ! — האט זיא געענטפערט. — איך האב קוים בעהאלטען גענוג געלד צו בעצאהלען פאר פעפעס קעסט. איך געה ארום אהן שיך. דוא ביזט צולאזען, זשען, דוא דארפסט צופיעל געלד.

— דאן בין איך פערלארען ! — האט זשען אויסגערופען מיט פערצווייפלונג. — הער מיך נור אויס, דעניס, זיא איז א שעהנע מיידעל, רייך און קלוג. מיר זיינען אריין אין א קאפפעע־הויז, אבער איך האב ניט געדענקט, אז א מאהלצייט קאסט דארט אזוי פיעל . . .

דעניס האט איהם געבעטען זיין שטיל. זיא האט ניט געוואלט דיא לייטע אין מאגאזין זאלען פון אלעם וויסען. אבער זשען האט ניט נאכגעלאזען, און אום צו פערהיטען זיך פון דיא לייטע ארום, האט זיא ארויסגענומען צעהן פראנק פון דאס בעהאלטענע געלד און האט איהם דערלאנגט. זשען האט זאפארט געכאפט דאס געלד און איז אנטלאפען.

יענע נאכט האט דעניס ניט געשלאפען. ווען זיא האט דערלאנגט איהר ברודער דיא צעהן פראנק, האט זיא זיך ניט בערעכענט וואס זיא טהוט, אבער ווען זיא איז געווען אין איהר בעט, האט זיא דערזעהן וויא ארם און וויא עלענד זיא איז. דיא צעהן פראנק וועלען פעהלען פאר דעם קליינעם קינד, מען וועט איהם נאך ארויס ווארפען אין גאס. זיא אליין איז אהן שיך. זיא האט זאגאר קיין געלד אויף נאדלען.

אלע מיידלעך אין דעם מאגאזין האבען געהאט יונגע לייט, נור דעניס איז געווען איין אנדערע. זיא האט מיט קיינעם פערקעהרט. דער איינציגער וואס האט אויף איהר געמאכט איין איינדרוק, איז געווען הודין, וועלכער איז געווען דער העפליכסטער פון אלע.

הודין האט זיך אָבער נים ארונטער געלאָזען צו מאַגאַזין מיידלעך. ער האט געזוכט זיינע פריינדינין צווישען דיא קונדען. איין באראָנעסע, וועלכער ער האט פערקויפט וואארע, האט זיך אין איהם געליעבט, און דיא פרוי פון א קאפיטאן איז געפאלען אויף זיין האלז, אלס ער איז צו איהר געקומען אין הויז ווענען געשעפטס־אנגעלעגענהייטען. אזוי וויא דיא מייסטע יונגע לייט האט ער געלעבט פון וואָך צו וואָך, אזוי קארג און אזוי ארם, וויא עס איז נור מעגליך, אום אויסצוגעהן אום זאָנטאג און פערלעבען ביז דעם לעצטען פראַנק.

איינינע וואָכען זיינען נאָכדעם אוועק. דיא שיך זיינען באלד ארונטער געפאלען פון איהרע פיס, און איהר איז געווען גאנץ אונמעגליך ארויסצוגעהן פון מאַגאזין, אום נים צו בלייבען בארפוס.

אין א געוויסען אבענד, איז דעניס ארויס שפּאַצירען. עס וואר פינסטער און שטיל און זיא האט קיין מורא געהאט, אז מען וועט לאַכען פון איהרע צוריסענע שיך און איהר ארמע קלייד. אָבער גראדע צו איהר גרויסען בעדויערן, האט זיא זיך בעגעגענט מיט דאלאָשע, דער יונגער מאַן, וואס איז אנגעשטעלט געוואָרען אין מאַרעט׳ס מאַגאַזין אין איין טאָג מיט איהר.

דאלאָשע האט זיך שטארק געפרעהט מיט דיעזער געלעגענהייט און ער האט געבעטען דעם פערגניגען צו געהן מיט איהר שפּאַצירען. ער האט איהר ערצעהלט, אז ער האט געוואָלט איינינע מאל שרייבען צו איהר און בעטען דעם פערגניגען פון איהר געזעלשאפט, אָבער ער האט נים געוואגט, ווייל זיין ליעבע צו איהר איז צו גרויס, און ער בעטראכט זיא פאר א געטין, וועלכע שטעהט העבער, וויים העבער פון איהם.

דעניס האט זיך צו וויינט.

— אום גאָטעס ווילען, פריילין, איהר וויינט, האב איך אייך בעליידיגט !

— ניין, ניין ! — האט זיא געענטפערט. — איהר האט מיך נים בעליידיגט, אָבער איך בעט אייך, איהר זאָלט צו מיר מעהר אזוי נים ריידען. איהר זיים איין עהרליכער יונגער מאַן און איך בין בערייט צו זיין אייער פריינד, אָבער נים מעהר וויא א פריינד.

ער האט געשווידערט, און נאך א קורצען שווייגען, האט ער ארויס גערעדט דיא ווערטער : „איהר ליעבט מיך נים ! איהר ליעבט מיך נים !“ אה, איך האב דאס ערווארטעט. איך בין קיין גליקליכער, איך האב קיין גליק. איך וויים, אז איך האב קיין גליק !

דאלאשע האט זיך אויך צו ווײנט. דעניס האט איהם פראָבירט טרייסטען. אין זייער יעצטיגען געשפרעך האבען זייא אויסגעפונען, אז זייא קומען ביידע פון איין געגענד. זיין פאטער איז געווען איין אָרימער מאן, מיט פיעל אייפערזוכט געגען זיין ווייב, וואס האט פיינד געהאט זיין זוהן, וועלכער וואר ניט געראָטען אין איהם, און וועלכער האט געהאט האאר, וואס האבען ניט בעלאנגט צו דער פאַמיליע. דיעזער געשפרעך וועגען דער פאמיליע און דיא געגענד, פון וועלכער זייא קומען, האט זייא ביידען עטוואס בערוהיגט, און ביידע האבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע צימער מיט נייע געדאנקען און נייע געפיהלען.

דעניס האט פרובירט דענקען פון דער ליעבע, וואס דאלאשע האט איהר ערקלעהרט, אָבער איהרע געדאנקען האבען זיא געפיהרט צום העפליכען הודין, וועלכער האט איהר געוויזען דיא ערשטע העפליכקייט אין פאריז.

ווען זיא איז געקומען צוריק און איז ארויף אויף דיא טרעפ, וואס פיהרען צו דיא צימערן אונטער'ן דאך פאר דיא אנגעשטעלטע פרויען, האט זיא בעגעגענד א מאן, מיט א ליכט אין האנד. ער וואר קיין אנדערער וויא מאַרעט אליין.

— דאס זייט איהר, פרייליין? — האט ער געפרעגט און האט אָנגעקוקט דיא ארמע מיידעל מיט זיינע שארפע אויגען. — וואו זייט איהר געווען?

— איך האב אביסעל שפּאַצירט.

— גאנץ אליין.

— איך האב בעגעגענד א פריינד.

מאַרעט האט מעהר ניט גערעדט. אָבער ער האט א ווײלע בעטראכט דיעזע ארמע מיידעל אין דער איינפאכער שווארצער קלייד, און האט בייא זיך געפרעגט אויב דעניס איז ניט שעהן גענוג פאר א מאן וויא ער, וואס ליעבט צו אמוזירען זיך מיט שעהנע פרויען.

— גוטע נאכט, מאַנסיו! — האט דעניס געזאָגט און איז אוועק ווייטער אויף דיא טרעפ צו איהר צימער.

מאַרעט האט ניט געענטפערט. ער האט זיא א ווײלע אָנגעקוקט פון הינטען, האט בעטראכט איהרע בעוועגונגען און איז נאכדעם אריין אין זיינע פריוואט צימערן.

## 6טער קאפיטעל.

איינינע חדשים זיינען אַוועק. עס איז געקומען דער טויטער זומער סיזאָן. עס איז דער סיזאָן ווען אַלע געשעפטען זיינען שלעכט, און א שרעקליכע צייט איז געקומען פאר דיא אנגעשטעלטע אין „ווייבערשען גן־עדן‟. פיעלע אָנגעשטעלטע זיינען „אָפגעלייגט‟ געוואָרען, און פיעלע האט מען אין גאנצען ענטזאגט, צוליעב דער קלענסטער אורזאכע. דיא אַלטע קונדען זיינען ניט געקומען אין דיא הייסע מאָנאַטען. מען האט געמוזט ענטזאגען א דריטעל פון דיא אנגעשטעלטע, אום צו פערקלענערן דיא אויסגאַבען.

מאָרעט און זיין רעכטע האנד בארדאנקעל, זיינען דורכגעגאנגען דעם גאנצען מאגאזין, און האבען אָנגעזאגט צו דיא עלטעסטע פון דיא דעפּאַרטמענטס, זייא זאָלען ארויסשיקען אלע אנגעשטעלטע מיט וועלכע זייא זיינען עטוואס אונצופריעדען. ווען דיא עלטעסטע פלעגען ניט וויסען וועמען זייא זאָלען מקריב זיין, פלעגט בארדאנקעל נעהמען דיא ארבייט אויף זיך, אום צו פערקלענערן דיא צאָהל אנגעשטעלטע, וועלכע האבען ניט געהאט וואס צו טהאָן. בארדאנקעל פלעגט זיך גאנץ רוהיג זאגען „געהט און נעהמט וואס אייך קומט!‟ און דאס איז געווען דאס לעצטע וואָרט. ער פלעגט געפינען דעם קלענסטען אויסרייד, אבי צו פערקלענערן דיא אויסגאַבען. ווען ער פלעגט געפינען א קלערק זיצענדיג, פלעגט ער איהם גלייך הייסען געהן. ווען איינער האט געוואגט צו זאגען איהם א וואָרט, וואס איהם איז ניט געפעהלען, האט ער איהם געהייסען געהן. איינע האט איהרע שיך ניט אויסגעריינינגט, האט ער איהר געהייסען געהן.

דיא בעסערע אנגעשטעלטע, וועלכע מען האט ניט געקענט פערלירען, פלעגט ער געבען א חודש יום־טוב, אויסצורוהען זיך פון דער ארבייט. פאר דיעזען יום־טוב פלעגען זייא ניט בעצאָהלט ווערען.

אין דיא פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס, האט מען יעצט פון קיין אנדער זאך ניט גערעדט. דיא ענטזאגטע פלעגען אויסגערעכענט ווערען, וויא דיא וואס שטארבען אין א כאָלירע. יעדען טאָג זיינען ענטזאגט געוואָרען א צעהן אנגעשטעלטע, און קיינער האט ניט געוואוסט, ווען דיא האק וועט פאַלען אויף זיין קאָפּ.

דעניס האט אין דיעזע מורא׳דיגע טעג געלעבט אין שרעק. יעדע מינוט האט זיא ערוואַרטעט צו פערלירען איהר שטעלע און בלייבען אָהן ברויט, אָהן א חיים, אָהן געלד פאר דעם קליינעם פעפע, וועלכען זיא האט בעדאַרפט ערציהען, און אָהן א

פראנק פאר דעם שעהנעם זשען. דעניס האט אלץ געטראכט, דאס ווען מען וועט נעהמען פערקלענערן דיא אויסגאבען אין איהר דעפּארטמענט, וועט זיא זיין דער ערשטער קרבן. דיא אנגעשטעלטע האבען זיא פערפאַלגט, און איינע האט ערצעהלט, אז דעניס, דיא מיאוסע דאַרפס־מיידעל, האט א קינד, ווייל זיא האט אליין געזעהן, וויא זיא האט געטראָגען א אינגעלע אויף דיא הענד און האט איהם געקוסט אזוי וויא א מוטער. א צווייטע האט ערצעהלט, אז זיא קען דעם ליעבהאבער פון וועלכען דעניס האט דאס קינד. זיא האט אמאל אליין געזעהן, וויא דעניס איז מיט איהם געשטאנען ביי׳ם מאגאזין. איהר ליעבהאבער איז אפילו א שעהנער יונג, אָבער ער געהט געקליידעט וויא איין איינפאכער ארבייטער. עס איז געבליבען אלס פאקט צווישען דיא אנגעשטעלטע אין „ווייבערשען גן־עדן“, אז דעניס האט א געליעבטען און א קינד. דעניס האט פּרובירט צו ערקלעהרען, אז דאס זיינען איהרע ברידער, אָבער קיין ערקלעהרונג איז פון איהר ניט אָנגענומען געוואָרען. מען האט פון איהר געלאכט, און מען האט זיא בעליידיגט בייא יעדע געלעגענהייט. דעניס איז מיעד געוואָרען צו געבען ערקלעהרונגען, און זיא האט בעשלאָסען צו לאָזען איהרע פיינדע ריידען וואס זייא ווילען. זיא האט גרעסערע זאָרגען. זשען איז געווען שלעכט און האט נור געפאָדערט געלד. ער האט יעדען טאָג געהאט א נייע ליעבע, און יעדע ליעבע האט איהם געקאָסט געלד. דאַ האט ער בעדארפט ארויס נעהמען דיא געציינג, וועלכע ער האט פערמשכנ׳ט אום צו נעהמען א מיידעל אין טהעאטער, און דאַ האט ער בעדארפט עטליכע פראנק, אום צו רעטען א געליעבטע פון טויט. איהר פערדיענסט איז געווען צו קליין אום אויסצוהאלטען איהרע ברידער מיט אלעס וואס זייא דארפען, און זיא האט בעשלאָסען צו זוכען עטוואס ארבייט בייא נאכט. זיא האט געקראָגען ארבייט בייא ביליגע האלזבענדלעך, און יעדע נאכט צווישען ניין און איינס אוהר, פלעגט זיא פערטיג מאכען א פּאאר דוצענד פון דיא ביליגע סחורה. מיט דיעזע פערדיענסט, האט זיא געקענט אויפהאלטען איהר לוסטיגען ברודער.

אָבער דיעזער גליק האט ניט געדויערט לאַנג. אין א געוויסען אבענד, ווען זיא האט אָפּגעבראכט דיא האלזבענדלעך צום פאבריקאנט, האט זיא געפונען דיא טהיר געשלאָסען, און שכנים האבען ערצעהלט, אז דיא פירמע האט „געבראָכען“, און איהר פערדיענסט פאר דיא לעצטע צווייא וואָכען, איז פערלאָרען. דאס וואר פאר איהר א שווערער קלאפּ, ווייל אויף דיעזען געלד, האט זיא געהאט צוואנציג פלעצער.

דיעזעס האט געטראָפען גראדע ווען דער פּאניק אין דעם „ווייבערשען גן־

עדן", האט צוטריבען דיא אנגעשטעלטע, איינע נאך דיא אנדערע. ביז פופציג קלערקס זיינען שוין אוועק און נאך פופציג זיינען געשטאנען פערטיג צום געהן. און ווען זיא איז געקומען צוריק מיט א געבראָכענע הארץ, האט זיא געפונען א בריעף פון איהר ברודער זשען, וועלבער האט איהר ערצעהלט א גאנצען ראָמאן, און האט געענדיגט זיין בריעף מיט דער ערקלעהרונג, אז ער מוז האבען פופצעהן פראנק, אום ארויס צו קריכען פון זיין אונגליק. אויב ער קריעגט ניט דאס געלד צו דער צייט, מוז ער ביז מאָרגען אבענד בעגעהן זעלבסטמאָרד. דענים האט ניט געוואוסט וואו זיא קען געפינען אזא סומע. זיא וואָלט פיעללייכט אָפגעריסען דיעזעס געלד פון פעפעס קעסט, אָבער גראדע האט זיא בעצאָהלט דיא פערציג פראנק מיט א טאָג פריהער און זיא איז אָהן א „סו" (סענט) אין איהר טאשע.

זיא האט דיא גאנצע נאכט ניט געשלאָפען פון הארץ-ווייטאג. אלערלייא פינסטערע געדאנקען זיינען ארומגעלאָפען אין איהר קאָפּ. וואס ועט זיין ווען זשען האלט וואָרט? וואס וועט זיין ווען זיא וועט פערלירען אויך איהר שטעלע אין מאַ־גאזין? אלע האבען זיא דאָ פיינד, און זיא ווייס ניט ווארום. מען רופט זיא דאָ אָן אלערלייא נעמען, און מען גיט איהר דיא שווערסטע ארבייט.

ווען זיא איז אויף מאָרגען ערשיענען בייא איהר ארבייט, איז זיא ארומגע־גאנגען וויא אין א חלום. פלוצלינג האט זיא פאָר זיך דערזעהן איהר ברודער זשען, וועלבער איז געשטאנען און האט געוואָרט, מיט זיין היטעל אין האנד.

דענים איז צו איהם צוגעלאָפען. צוערשט האט זיא זיך דערפרעהט וואס זיא זעהט איהם א לעבעדיגען, דאן אָבער איז זיא געוואָרען בייז, ווארום ער זוכט זיך אוים אלערלייא צרות און שוויריגקייטען.

— וואס טהוסט דוא דאָ? — האט זיא איהם געפרעגט אין דער שטיל, און האט זיך ארומגעקוקט צו זעהן, אויב מען גיט אויף זייא ניט אכטונג.

— איך מוז האבען דיא פופצעהן פראנק! — האט זשען געענטפערט קורץ. — מיין מיידעל האט אויך געוואָלט אהער ארייגגעהן, אָבער איך האב זיא ניט גע־לאָזען. זיא שטעהט ניט ווייט פון דאנען. אויב איך קריעג ניט דאס געלד, ווערען מיר ביידע פערטיג. איך וועל דיר ערצעהלען דיא גאנצע געשיכטע. דאס געלד איז ניט פאָר איהר. זיא איז צו אנשטענדיג דערפאָר. איהר מאן וואָלט ווירקליך ניט גענומען א מיליאָן פאָר זיין ווייב. ער איז א רייכער פאבריקאנט, אָבער איין אוים־וואורף. איינער פון איהרע פריינדע האט אונז געזעהן צוזאמען, און אויב איך גיב איהם ניט היינטע דאס געלד, דאן...

דיא קלערקס אין מאגאזין האבען אנגעשטעלט זייערע אויערן, און דענים האט

איהר ברודער גענומען ארויס פיהרען פון מאגאזין, און האט איהם ניט געלאזט ריידען.

זיא האט איהם אריינגעפיהרט אין איינעם פון דיא דונקלע קארידארס, וואו עס זיינען געשטאנען גרויסע קאסטענס מיט סחורה. זיא האט זיך מיט איהם גע־שטעלט אונטער א קאסטען, און האט געהאפט, אז דארט וועט זייא קיינער ניט זעהן און ניט הערען, ווייל אין דיעזען ארט איז פערוועהרט אריינצוקומען.

— ווען דער מאן וואס האט אונז געזעהן, וועט ערצעהלען! — האט זשען אנגעפאנגען, — בין איך פערלארען. איהר מאן האט א גרויסען מעסער.

— אבער וואו קען איך נעהמען דיא פופצעהן פראנק! — האט דעניס אויס־געריפען. דוא פערקריכסט אימער אין צרות. דוא דארפסט ניט פערגעסען וויא ארם מיר זיינען! איך ארבייט גאנצע נעכט אום צו שאפען פאר דיר געלד, וועלכע דוא פערלומפסט, און דיר איז אלץ וועניג. דוא ווילסט ארויס נעהמען דעם ברויט פון דיין ברודער'ס מויל.

זשען האט זיא אנגעקוקט. ער האט גאר ניט געקענט פערשטעהן וואס זיא זאגט, און האט זיך איבערהויפט געוואונדערט, ווארום זיא איז ניט צופריעדען מיט זיינע ליעבעס. ער האט געמיינט. אז אין דיעזען מאגאזין, קען זיא קלייבען געלד פון פלאר. צום סוף מוז ער הערען, אז זיא ארבייט פאר איהם גאנצע נעכט, און אז ער נעהמט אוועק דעם ברויט פון זיין קליינעם ברודער'ל.

ער האט זיך צו וויינט און האט אויסגערופען:

— דוא האסט רעכט! איך בין איין אויסוואורף. אבער דיעזע פרוי איז בלויז צוואנציג יאהר, און זיא ליעבט מיך, ווייל איך בין זיבעצעהן. איך בין אבער ביין אויף זיך אליין, און איך וואלט וועלען אויספאטשען זיך אליין. גיב מיר דיא פופצעהן פראנק און איך שווער, אז דאס איז דאס לעצטע מאל. אבער ניין, גיב מיר ניט דאס געלד, ווייל אזא קינד וויא איך, דארף בעסער שטארבען. ווען איהר מאן שטעכט מיך, וועט עס זיין בשר פערדיענט. דוא וועסט פטור ווערען פון א צרה וויא איך. און אפשר וועט ער מיך גאר לאזען לעבען. ענטשולדיג מיר, שוועסטער, וואס איך האב דיך אנגעשראקען, דאס איז דאס לעצטע מאל!

און וועהרענד ער האט דאס געזאגט, האט ער גענומען איהרע הענד און האט זייא געקוסט, וויא א גוטעס קינד קוסט דיא הענד פון זיין אלטער מוטער.

דער סקריפען פון שיך ביי'ם ענדע פון קארידאר, האט זייא ביידע ערשראקען. דעניס האט געכאפט איהר ברודער און האט איהם אוועק געשלעפט אונטער א

קאסטען, אין א גאנץ פינסטערן ווינקעל. דיא שריטע זיינען אבער נעקומען נעהנטער און דעניס האט באלד ערקענט דעם אינספעקטאר פון מאגאזין. מאנסיו זשאוו, וועלכער איז אנגעשטעלט צו היטען דיא קלערקס און דיא פרויען, זייא זאלען ניט זינדיגען נעגען דיא גועצע פון דיזען געשעפט.

זשאוו איז געווען א מאן מיט לאנגע, שווארצע וואנצעס און מיט דעם אויסזעהן פון א גענעראל. אלע פרויען פון דעם הויז, האבען פאר איהם געציטערט, און ניט איינמאל האט א מיידעל געמוזט אפפערן פאר איהם איהר קערפער, אום ער זאל ניט רעפארטען איהרע פעהלער און זיא זאל ניט פערלירען איהר ברויט.

דעניס האט ניט נעקענט פערשטעהן וויא ער קומט אהער. איז ער נעקומען דורך א צופאל, אדער איינער האט איהם געשיקט? זיא האט זיך אזוי ער־שראקען, דאס זיא האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. זיא האט דארום געכאפט איהר ברודער פאר דער האנד און האט אנגעפאנגען מיט איהם צו לויפען. אבער זשאוו איז אויך געלאפען.

זייא האבען עררייכט דיא גאס, און דעניס האט געהייסען איהר ברודער, ער זאל לויפען אזוי שנעל וויא ער קען. זשאוו האט זייא אנגעיאגט, אבער ער האט שוין ניט נעקענט זעהן דעם יונגען מאן, וועלכער איז געלאפען וויא א הירש פון א יעגער. ער איז געבליבען שטעהן נעגען דעניס און האט געשאקעלט מיט זיין קאפ.

— יא, דאס איז א שעהנע אויפפיהרונג, פריילין! — האט ער געזאגט, און זיינע ליפען האבען געציטערט. — יא, עס איז שעהן, זעהר שעהן. אויב איהר דענקט, אז איך וועל ערלויבען אזעלכע זאכען אין דיזען הויז, האט איהר איין אירטהום.

דעניס האט ניט געהאט דעם מוטה צו ענטפערן א ווארט, און זיא האט זיך אומגעקעהרט צוריק אין מאגאזין מיט איין אראפגעלאזענעם קאפ. איהר האט יעצט פערדראסען ווארום זיא איז אנטלאפען. ווארום האט זיא בעסער ניט געווארט אין דעם קארידאר, ערקלעהרט וועגען וואס דא האנדעלט זיך. און ווארום האט זיא ניט פארגעשטעלט איהר ברודער. יעצט וועלען זייא אויף איהר זאגען אלעס וואס זייא וועלען קענען אויסטראכטען און מען וועט ניט גלויבען איהר ערקלעהרונג. וועמען וועט זיא נעהמען פאר איין עדות, וואס וועט בעשטעטיגען, אז זיא האט א ברודער, און ווער וועט איהר גלויבען, אז דער יונגער מאן וואס איז דא געווען, איז איהר ברודער.

ושאָוו, דער אינספעקטאָר, האט אָפּגעלאָזען זיין קרבן, און איז אוועק אין הויפט קאנטאר רעפּאָרטען, וואס ער האט ענטדעקט. אָבער מען האט איהם דאָרט געענטפערט, אז מאָנסיו מאָרעט און באַרדאנקעל זיצען צוזאמען, און ריידען זייט א האלבע שטונדע, מיט מאָנסיו ראָבינא, פון דעם זייד דעפּאַרטמענט.

ושאָוו האט דארום געווארט ביז באַרדאנקעל איז ארויס, און ער האט איהם ערצעהלט דיא געשיכטע. באַרדאנקעל האט אויסגעהערט אלעס, האט פערצייכענט דיא נעמען און דיא צייט אין א ביכעל, און איז מיט דעם אינספעקטאָר אוועק צום קליידער דעפּאַרטמענט. זיא זיינען אהין אריינגעקומען גראדע, ווען מאדאם אורילע האט געזידעלט דעניס, ווארום זיא איז אוועק פון איהר פּאָסטען אויף א גאנצע פערטיל שטונדע.

באַרדאנקעל האט בעשלאָסען צו האנדלען אָהן מאָרעט'ס וויסען, ער האט מורא געהאט, אז מאָרעט וועט ניט וועלען ארויס שיקען דיא מיידעל. ער האט דארום צוגערופען צו זיך מאדאם אורילע און האט איהר אין דער שטיל ערצעהלט, וואס דער אינספעקטאָר רעפּאָרטעט וועגען דעניס. אלע דרייא האבען א ווייל גע־שוויעגען, דאן האט מאדאם אורילע אויסגערופען:

מאדמאָאזעל באָדו! געהט אין קאנטאר און נעהמט וואס אייך קומט!

דיא שרעקליכע פראזע האט זיך געהערט איבער דעם גאנצען דעפּאַרטמענט. מאדאם אורילע האט אין דיעזער מינוט אויסגעזעהן וויא א תליון, און דעניס איז געוואָרען בלאס און האט געהאלטען בייא פאלען אין אונמאכט.

ענדליך האט זיא זיך געשטארקט, און האט געפרעגט. וואס איז איהר זינד, ווארום קומט איהר דיעזע שטראפע.

באַרדאנקעל האט איהר געענטפערט, אז זיא וויס גאנץ גוט וואס זיא האט געטהאָן און אז עס איז בעסער זיא זאָל ניט פרעגען קיינע פראגען. זיא וויס אליין אז דער „ווייבערשער גן־עדן", איז ניט געמאכט פאר דיא אנגעשטעלטע מיידלעך, זייא זאָלען אויפגעהמען יונגע לייט אין דיא פינסטערע קאָרידאָרען אונטער דיא קאסטענס.

— אָבער דאס איז געוועזן מיין ברודער! — האט דעניס אויסגעשריען מיט דעם גאנצען כעס פון א בעליידיגטע אונשולד.

— מיר קענען ניט העלפען, איהר מוזט געהן.

דעניס איז אוועק זעהן דעם איינעגטהימער אליין. אָבער ווען זיא איז געקומען צום טהיר פון זיין קאנטאר, איז איהר בעפאלען א שרעקליכע מעלאנכאָלי. איהר

זונג האט זיך צוגעקלעפט צו איהר גומען און דיא גאנצע לאסט פון לעבען איז גע־פאלען אויף איהרע אקסלען. ער וועט איהר ניט גלויבען. מארעט וועט לאכען פון איהר וויא דיא איבעריגע, און דיזער געדאנק האט צוריסען איהר הארץ. אלעס איז אויס. עס איז בעסער פאר איהר זיא זאָל אוועק פון דער וועלט. זיא זאָל שטארבען.

זיא האט זיך אומגעקעהרט, און אָהנע צו ערצעהלען וואס איהר האט גע־טראָפען צו דיא פאאר פריינדע וואס זיא האט געהאט אין מאגאזין, איז זיא אוועק געהמען וואס איהר קומט און געהן.

— פריילין, אייך קומט פיר צוויא און צוואנציג טעג, דאס מאכט אויס אכטצעהן פראנק און פערצעהן סו׳ס, ד׳ערצו מוז מען אייך צו געבען זיעבען פראנק קאָמיסיאָן! איז דאס ריכטיג? — האט דער בוכהאלטער געפרעגט.

— יא, ריכטיג.

דעניס האט צוגענומען דאס געלד און איז אוועק. אויפ׳ן וועג האט זיא בע־געגענד דעם יונגען מאַן מיט דעם נאמען ראָבינא, וועלכער איז געוועזן דער ערשטער וואס האט איהר געהייסען געהן בעטען א שטעלע אין „פרויען־פאראדיז". זיא האט איהם ערצעהלט איהר אונגליק און האט איהם אויך ערצעהלט וואס א פאבריקאנט פון דיא האלדבענדלעך האט איהר באנקראָטירט. ראָבינא איז געוועזן איהר פריינד, און ער האט זיא געהאלטען אונטער זיין שוטץ. ער איז געוואָרען שטארק אויפ־געדעגט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן דעם רעכט, וואס דיזע לייטע האבען ארויסצוואַרפען א מענשען פון זיין שטעלע אָהנע צו געבען א ווארנונג, אָדער צייט צו זעהן וואס צו טהאָן. ער האט איהר פערשפראָכען צו זעהן דעם פאבריקאנט און איינמאָנען איהר געלד, און אז ער וועט אויך זוכען איין אנדער שטעלע פאר איהר.

עס וואר פינף אוהר, ווען דעניס איז ארויס אין גאס. פיעלע מענשען און עקיפאזשען זיינען געוועזן ארום דעם מאגאזין, און דעניס איז צומישט געוואָרען פון דעם טומעל.

אין דעם זעלבען אבענד, ווען ראָבינא איז געקומען אהיים, האט ער ער־האלטען א בריעף פון דעם מאגאזין, אין וועלכען מען האט איהם מיטגעטהיילט, דאס צוליעב געוויסע אורזאכען אין דעם געשעפט, זיינען זייא דארט געצוואונגען צו פערלירען זיין הילפע. ער איז געוועזן אין דיזען מאגאזין זיעבען יאָהר, און דארום איז דיזע נייעס פאר איהם געוועזן א שווערער קלאפ.

אין דעם „דאמען־פּאראדיז“, האט מען אויף מאָרגען געהערט, אז דעניס און ראָ־בינא זיינען ענטלאָפען. דיא מיידלעך, וועלכע האבען ניט פערגונען דעניס איהרע האאר, ווארען שטארק צופריעדען, און זייא האבען איינע מיט דיא אנדערע גערעדט אָהן אויפהער וועגען דער דאָרפס־מיידעל, פון וועלכער זייא זיינען יעצט פּטור געוואָרען. אבער ווען מאָרעט האט דערהערט, אז דעניס איז ענטלאָפען געוואָרען פון דער שטעלע, איז ער געוואָרען אין כעס. ער איז אַרויפגעפאַלען מיט א שטורם אויף דעם תּארטהערצינען בארדאנקעל. מאָרעט האט ניט געוואָלט ערלויבען מען זאָל האנדלען נעגען זיין ווילען אין זיין געשעפט. קיינער האט דאס רעכט צו טהון עטוואס אָהן זיין ערלויבניס. אלעס מוז געהן דורך זיין האנד, און וועה איז יענעם וואס וואגט צו שטעלען זיך נעגען זיין וואונש. ער האט דארום גענומען אונטערזוכען דעניס רעקאָרד און ווארום מען האט זיא אַרויס געשיקט און איז געוואָרען נאך שטארקער אין כעס. דיא ארמע מיידעל האט געזאגט דעם אמת. עס וואר ווירקליך איהר ברודער. ער האט געפונען אנגעשטעלטע, וועלכע האבען איהם געזעהן און האבען געוואוסט, אז ער איז איהר ברודער. ווארום האט מען זיא אַרויס געוואָרפען? ניין, ער דענקט, אז מען מוז זיא נעהמען צוריק.

בארדאנקעל האט זיך פערענטפערט און האט ערקלעהרט, אז ער האט גע־מיינט דיא נוטצען פון דאס געשעפט, און, אז ער דענקט נאך יעצט אויך, אז ער האט געטהאָן א גוטע זאך פאר מאָנסיו מאָרעט, דערמיט וואס ער האט אַרויס געשיקט דיא מיידעל, וועלכע דארף ניט זיין אין „ווייבערשען גן־עדן.“

## 7טער קאפּיטעל.

דעניס איז געשטאנען וויא א צומישטע אויף דעם טראָטואר, וואו דיא זון האט געשיינט מיט איהר גאנצען קראפט. דאס אונגליק האט געטראָפען אזוי פּלוצלינג און זייא האבען זיא אַרויס געוואָרפען אזוי גראָב, דאס זיא איז דאָ גע־שטאנען ביי'ם מאגאזין און האט ניט געוואוסט וואוהין צו געהן און וואס צו טהאָן.

דיא עקיפּאזשען האבען פערצאמט פאר איהר דעם וועג, אָבער ענדליך האט זיא זיך דורכגעשפּארט, איז אַוועק אין איין גאס, האט זיך אומגעקעהט און איז אַוועק אין א צווייטער, און האט זיך ווידער אומגעקעהרט, און איז אַוועק אין א דריטער.

איהרע אויגען האבען בעטראכט יעדעס הויז. דאָרט ווארען פיעלע צימערען און וואהנונגען צום פערדינגען. איהר הארץ האט געקאָכט. אין דאס מעגליך? זיא

איז געבליבען עלענד אזוי אינערוואַרטעט, בלאָנדזשעט ארום אין דיעזער שטאָדט וואו זיא איז א פרעמדע, אַהן שטיצע און אָהן געלד. אָבער זיא מוז דאָך עסען און מוז דאָך שלאָפען דיא גאַסען געהן איינע נאָך דיא אַנדערע. זיא האט ארומגע־וואַנדערט אין דער נאַכבארשאַפט און איז אימער געקומען צוריק צום זעלבען בע־קאַנטען פּלאַטץ. זיא איז ווידער געשטאַנען בייא דעם „ווייבערשען גן־עדן", און אום צו אַנטלויפען פון דיעזען אָרט, איז זיא אריין אין מישאַדיר גאַס. צו איהר גליק איז באַדו ניט געשטאַנען בייא זיין טהיר. דער דלות און דער טויט איז געלעגען אויף דעם אַלטען מאַגאַזין, וואָס האט בעלאַנגט צו איהר אָנקעל. זיא וואָלט קיינמאָל ניט געוואָגט צו ווייזען זיך נאָך אַמאָל פאַר איהר פאַטערס ברודער, ווייל ער האט זיא מעהר ניט געוואָלט קענען, און זיא האט איהם ניט געוואָלט בעלעסטיגען אין דעם אונגליק וואָס ער האט איהר פריהער אויסגעלייגט.

אויפ'ן צווייטען זייט גאַס, האט זיא דערזעהן איין אויפשריפט „א צימער צו פערדינגען". עס וואר דער ערשטער אויפשריפט, וואָס האט זיא ניט ערשראָקען, ווייל דיא הויז וואר זעהר אָרם. זיא האט דאָס הויז באַלד ערקענט. עס איז דאָרט וואו דער אַלטער בורראַס האָלט זיין קראָם, עס איז דיא אַלטע קליינע הויז, וואָס שטעהט צווישען דעם „דאַמען־פּאַראַדיז" און דעם אַלטען האָטעל „דאַווילאַרד". בורראַס אַליין, מיט זיינע גרויע האָאר און אַלטע ברילען, איז געשטאַנען פאַר זיין קראָם פון רעגענשירמס. ער האט געהאַלטען דאָס גאַנצע הויז און האט דארום פערדונגען א פּאָאר צימערן.

— איהר האט א צימער צו פערדינגען? — האט דעניס איהם גע־פרעגט.

בורראַס האט זיא אָנגעקוקט מיט איבערראַשונג, ווייל ער האט געקענט אַלע פרויען פון מאָרעט'ס מאַגאַזין. ער האט זיא בעטראַכט פון קאָפּ ביז דיא פיס און נאַכדעם וויא ער האט געזעהן איהרע ריינע קליידער, האט ער צו איהר געזאָגט:

— עס וועט אייך ניט געפעלען.

— וויפיעל קאָסט עס?

— פופצעהן פראַנק א מאָנאַט.

זיא האט געבעטען מען זאָל איהר ווייזען דעם צימער. זיא האט איהם דער־צעהלט, אז זיא האט פערלאָזען איהר שטעלע און אז זיא וויל ניט בעלעסטיגען איהר אָנקעל. דער אַלטער מאַן איז אַוועק, האט געבראַכט דעם שליסעל און איז אַוועק ווייזען דעם צימער.

— איך וועל געהן פאַראויס אום צו פערהיטען אייך פון פאַלען! — האט בורראס געזאגט. זיין פאַרזיכטיג. דיא טרעפ זיינען דאָ צובראָכען. דאָ הענגט א באלקאָן אין לופטען, דאָרט איז דיא וואנד איינגעבויגען צום פאַלען.

זייא זיינען ארויף דיא צווייא צובראָכענע שטיגען אָהן איין אונגליק, און זיינען ענדליך געשטאַנען אין דעם ענגען, ניעדערינגען און פוסטען צימער.

— דער צימער איז ניט צו רייך! — האט דער אלטער מאַן געזאגט, — אָבער דיא פענסטער איז פרעהליכע, זייא געהען ארויס אין גאס און מען קען זעה, וויא מענשען אין גאס. דעניס איז געשטאַנען און האט בעטראַכט דיא וואנד ביי'ם בעט, וועלכע האט געהאלטען ביי'ם פאַלען, און בורראס, וועלכער האט עס בעמערקט, האט צו איהר געזאגט: „איהר פערשטעהט דאָך אליין, דאס א הויז וויא דיעזע, טראגט ניט געבוג, מען זאָל זיא פעררינכטען. דאס איז דער איינציגער צימער וואס איך האב צו פערדינגען, דיא איבעריגע זיינען בעזעסען.“

— עס געפעהלט מיר דאָ גאַנץ גוט. — האט דיא יונגע מיידעל ערקלעהרט.

זיא האט בעצאָהלט פאַר א מאָנאט רענט, האט נאכדעם געשיקט מען זאָל איהר ברענגען איהר קאסטען, וועלכער איז געשטאַנען אין דעם צימער, וואס זיא האט געהאט אין דעם „וויבערשען גן־עדן“, און איז געווען צופריעדען, וואס זיא האט פאַרלויפיג איין אָרט וואו צו שלאָפען.

דיא ערשטע צווייא מאָנאטען האט זיא געהאט א פירכטערליכע צייט. זיא האט ניט געקענט צאָהלען פאַר פעפעס קעסט און זיא האט איהם געגומען צו זיך און געהאלטען אין איהר צימער. זיא פלעגט עסען טרוקענעם ברויט, אום צו האבען אביסעל מילך פאַר דאס קינד. דיא ערשטע עטליכע וואָכען האט זיא דורכגעלעבט מיט דאס געלד וואס זיא האט אויפגעמאָנט פון'ם האלזבענדלעך פאַבריקאַנט. אָבער נאכדעם איז זיא געבליבען גאַנץ ארם. זיא האט געזוכט ארבייט אין פערשיעדענע מאַגאַזינען, אָבער מען האט איהר איבעראל געהייסען קומען א פּאָאר וואָכען שפּעטער, ווייל איבעראל וואר סלעק און עטליכע טויזענד קלערקס האבען ארומגעוואנדערט אין דיא פאַריזער גאסען אָהן ארבייט. ווען זשען האט אויסגעפונען זיין שוועסטערס לאגע, האט ער געשאָלטען זיך אליין, ווארום ער האט איהר געבראַכט דערצו.

אויסער אלע צרות, איז זיא געווען אונרוהיג פון דיא שכנים. צווייא דאמען וואס האבען געוואָהנט אין דיעזער הויז, האבען אויפגענומען נעסט שפּעט בייא

נאכט. מאנכעס מאל האט א גאסט פערבלאָנדזשעט און געקלאפט אין דעניס טהיר. זיא פלעגט ניט עפענען און דיא וויזיטארס פלעגען זיך זידלען.

אין א געוויסען אבענד, ווען דעניס איז געווען אהן א פיטציל ברויט פאר איהר קליינעם ברודער, איז א מאן מיט מעדאלען אויפ'ן ברוסט איהר נאכגעגאנגען אין קארידאר, און ביי'ם טהיר האט ער זיא ארומגענומען און געוואָלט קוסען. זיא האט זיך אריינגעכאפט אין איהר צימער און האט פערשלאָסען דיא טהיר. פעפע האט געשלאָפען, אָבער זיא איז געזעסען און האט געציטערט. וואס וועט זיא איהם זאגען, ווען ער וועט זיך אויפכאפען. בעטלען האט זיא ניט געקענט, און ארבייטען האט זיא ניט געהאט ביי וואס.

אם ענדע סעפטעמבער, איז איהר לאגע געוואָרען נאך ערגער. פעפע האט זיך פערקיהלט און איז געוואָרען קראנק. מען האט איהם בעדארפט געבען גוטען שפייז און זיא האט ניט געהאט אפילו א שטיקעל ברויט. אין א געוויסען אבענד, איז זיא געזעסען און האט געוויינט. עס וואָרען יענע טרעהרען, וואס טרייבען א פרוי אָדער איז גאס אָדער אין טייך, אלס בורראס האט אָנגעקלאפט אין טהיר. ער האט געבראכט ברויט און מילך.

— דאָ איז עטוואס פאר דאס קינד! — האט ער געזאגט. — וויינט דאך ניט, מיינע שכנים זיינען דערפון אונצופריעדען. קומט מאָרגען צו מיר אין קראָם, איך האב עטוואס ארבייט.

זייט דער „ווייבערשער גן־עדן" האט אָנגעפאנגען צו פערקויפען רעגענשירמס, איז בורראס פעראָרימט געוואָרען. ער האט קיין מענשען געהאלטען. ער האט דארום געמוזט זוכען וואס צו טהון, אום צו געבען דער מיידעל עטוואס ארבייט. ער האט געפיהלט, אז ער קען ניט לאָזען א מענשען שטארבען פון הונגער אין זיין הויז.

— איך וועל אייך געבען צווייא פראנק א טאג. ווען איהר וועט געפינען עטוואס בעסערס, קענט איהר געהן.

דעניס האט געארבייט אזוי פלייסיג, דאס ער האט גאר ניט געוואוסט, וואס ער זאָל איהר געבען צו טהון. דיא ערשטע פאאר טעג, האט זיא ניט געוואגט אויפצוהויבען איהר קאָפּ פון דער ארבייט, ווייל ער איז געזעסען גאנץ הארט ביי איהר. בורראס האט געהאט א ווילדען און א בייזען אויסזעהן. דיא קינדער אין דעם געגענד האבען זיך פאר איהם געשראָקען. דאך ווען זייא פלעגען פארבייא לויפען זיין טהיר, פלעגען זייא איהם רופען אלערלייא נעמען. בורראס האט אָבער קיינעם ניט בעריהרט. זיין גאנצער האס איז געווען געגען דעם מאן, וואס האט רועגירט

דאס געשעפט, און האט פערקויפט וואארע אזוי בילינ, און דערצו שלעכטע וואארע.

ער פלעגט זיך אימער בעקלאגען, אז דיא קונסט אין רענעגשירמס, איז אונ־טערגעגאנגען. קיינער מאכט יעצט א ריכטינע הענטעל צו א שירם. בורראס איז געוועז שטאלץ אויף זיין ארבייט. קיין ארטיסט אין פאריז האט געקענט מאכען א הענטעל וויא ער, עס זאל זיין לייכט און שטארק. ער פלעגט אליין אויסטראכטען אלערלייא הענטלעך און פלעגט זייא אויסשניצען מיט א קליינעם מעסער'ל. ער האט געהאסט דיא בילינע ארבייט.

בורראס האט פערלאנגט, אז פעפע זאל זיך שפיעלען אין קראם, וויל ער האט זעהר שטארק געליעבט קינדער. וועהרענד דער ארבייט, פלעגט ער ניט אויפ־הערען צו ריידען פון דעם מאגאזין, וואס קאנקורירט מיט זיין ארבייט. ער האט געהאט זיין הויז אויף א דרייסיג יעהריגען קאנטראקט, און ער האט געלעבט פון דיא דירה־געלד. ער האט דארום קיין מורא געהאט פאר דעם קאנקורענט און האט געהאפט איבערצולעבען דעם „דאמען־פאראדיז". ער איז געוועז צופריעדען צו אר בייטען אהן פערדיענסט, זאגאר צוליינען אביסעל, אבי זיך ניט אונטערצור־געבען.

ווען דעניס פלעגט איהם פרעגען, אויב ער וואלט זיך לאזען אויסקויפען פאר א גרויסע סומע, פלעגט ער אויסשרייען: „ניעמאלס! ווען מיין קאפ זאל זיין אונטער'ן מעסער, וועל איך מיך ניט אונטערגעבען. איך האב דאס הויז אויף נאך צעהן יאהר, און איך וועל זייא ניט אפטרעטען. זאגאר ווען איך זאל דא אויסגעהן פון הונגער. מען האט איהם שוין געבאטען דרייסיג טויזענד פראנק, אבער ער וועט ניט אפטרעטען זאגאר פאר פופציג! ער האפט, אז ער וועט זייא דא איבער־לעבען."

— אבער פאר דיעזעס געלד קענט איהר דאך עפנען א גרעסערן געשעפט אין איין אנדער ארט. — פלעגט דעניס איהם פרעגען. אבער ער פלעגט אנפאנגען שרייען, אז ער וועט ניט אפטרעטען, זאגאר ווען מען שיסט אויף איהם מיט קא־נאנען.

דעניס איז יעצט געוועזען פערזיכערט מיט ברויט, און זיא איז געוועזען דאנקבאר צום אלטען רענענשירם מאכער, וועלכער האט געהאט אזא גוטעס הארץ אונטער זיין שרעקליכען אויסזעהן. זיא האט אבער געוואלט געפינען ארבייט אין איין אנדער פלאטץ, וויל זיא האט געזעהן וויא ער זוכט פאר איהר וואס צו טהאן. זיא האט געוואוסט, אז ער דארף ניט איהר הילפע אין דיעזער צייט. אבער זעקס מאנאטען

דיינען אזוי אוועק, און בעפאָר מערץ, האט זיא ניט ערווארטעט צו געפינען ארבייט. אָבער עס האט זיך געמאכט, אז זיא האט זיך געטראָפען מיט דאלאשע, און ער האט איהר געראַטהען, צו געהן בעטען ארבייט, בייא איהר בעקאנטען ראָבינא.

ראָבינא, וועלכער האט מורא געהאט איבערצופיהרען זיין ווייב׳ס געלד, האט דאָך געמוזט קויפען ווינקארט׳ס זייד־מאגאזין, ווייל ער איז געבליבען אָהן ארבייט. ער האט בעצאָהלט פערציג טויזענד פראנק, און צוואנציג טויזענד האט ער געהאט פאר דאס געשעפט. גאזשאָן, דער זייד־פאבריקאנט, האט איהם געשטיצט מיט א גרויסען קרעדיט, ווייל דיעזער פאבריקאנט האט געוואָלט בעשאפען קאָנקורענטען געגען דיא דעפארטמענט־מאגאזינען. דער פאבריקאנט האט געהאָפט צו אונטער־דריקען דעם „ווייבערשען גן־עדן", דערמיט וואס ער וועט ערעפענען פיעלע גרויסע זייד־מאגאזינען אין דעם געגענד.

דעניס איז אהין אוועק און זיא האט דאָרט געפונען מאדאם ראָבינא. מאדאם ראָבינא איז געוועזען א פרוי מיט פיעל בילדונג און זעהר שעהן. זיא האט פערגעטערט איהר מאן, וועלכען זיא האט געליעבט, אָבער זיא האט ניט געוואוסט וואס גע־שעפט בעדייטעט. ראָבינא האט געדארפט א מיידעל אין זיין געשעפט און ער האט זאָפארט אָנגענומען דיעזע דעניס.

דעניס האט ניט געוואוסט וויא זיא זאָל זיך פערענטפערן געגען איהר פריינד בורראס, וועלכער וואר זעהר בייז, וואס זיא געהט פון איהם אוועק. ער האט גראדע געהאלטען אין ערפינדען א נייען רעגענשירם, און ער וואָלט פאר איהר גע־האט פיעל ארבייט. אם שלום פון זיין לאנגער רעדע, האט ער געפרעגט, וואס זיא דענקט צו טהאָן מיט איהר קליינעם ברודער.

דעניס האט ווירקליך ניט געוואוסט וואס צו טהון. זיא האט ניט געהאט דאס געלד צו דינגען פאר איהם קעסט, און זיא האט אויך ניט געוואָלט האלטע דאס קינד פערשלאָסען א גאנצען טאָג אין זיין צימער. בורראס האט איהר אָנגע־באָטען צו האלטען דאס קינד אין זיין קראָם און עסען מיט איהם צוזאמען.

אין ראָבינא׳ס מאגאזין איז איהר געגאנגען גאנץ גוט, זיא האט געהאט זעכציג פראנק א מאָנאט און קעסט. מאדאם ראָבינא איז געווען צו איהר זעהר פריינדליך. דעניס איז דאָרט געוואָרען זעהר היימיש, און ראָבינא פלעגט אין איהר געגענווארט, רעדען פון אלע זיינע געשעפטען.

בייא א געוויסען מאהלצייט, איז דער פאבריקאנט גאזשען געווען אנוועזענד און דאָרט האבען זייא בעשלאָסען אָנצופאנגען א קאמפף געגען מאָרעט, וועלכע

קויפט אויף בילינע און שלעכטע וואארע און פערקויפט עס נאר אהן פערדיענסט. דער פלאן איז געווען, אז דער פאבריקאנט זאל צושטעלען צו ראבינא גוטע זייד, שעהנערין, וויא עס ווערט פערקויפט אין „ווייבערשען גן־עדן“, און זאל עס פערקויפען בילינער וויא מארעט פערקויפט.

א פאאר וואכען נאך דעם געשפרעך, האט זיך דיא מלחמה אנגעפאנגען. ראבינא האט אריינגענומען דעם זייד און האט עס זעהר גרויס אדווערטייזט אין דיא צייטונגען. ער האט אויסגעשטעלט דעם זייד זעהר שעהן אין זיין מאגאזין און האט אויסגעקלעפט קארטען, אז ער פערקויפט מיט צווייא סו בילינער וויא מארעט. דיא פרויען האבען זיך אנגעכאפט אן דיעזער מציאה, און קונדען זיינען געקומען פון אלע זייטען. מאדאם מארטי האט געקויפט זייד, וועלכען זיא דארף נים, צוליעב דיא בילינקייט. א וואך שפעטער האט מארעט געמוזט ארונטער לאזען זיין פרייז און פערקויפען דיא וואארע אונטער קאסט־פרייז, אום איבערצושטייגען דעם נייען קאנקורענט. דיא קונדען זיינען אוועק צוריק צום „ווייבערשען גן־עדן“ און ראבינא איז געבליבען אין פערצווייפלונג, ווייל ער האט נים געגלויבט, אז מארעט וועט מאכען אזא ריזיקאלען שריט, צו פערלירען אזוי פיעל. נאזשאן איז געקומען צו פאהרען פון לייאנס, און זייא האבען בעשלאסען ארונטער צו לאזען א סו פון מארעט'ס פרייז, ווייל ניעדריגער קען מען שוין נים געהן. אבער מארעט איז נים געבליבען שטעהן. ער האט ווידער פערקלענערט דעם פרייז אויף צווייא סו. דיא קאנקורענטען האבען אזוי געשניטען דיא פרייזען איינע נאך דיא אנדערע, און דאס פובליקום האט געלאכט און פראפעטירט פון דיעזען דועל.

אבער ראבינא האט געהאט דעם ערגסטען חלק פון דער מלחמה. דער „פרויען־פאראדיז“ האט געהאט דאס געלד, און פיעל אנדערע וואארע פון וואס צו פערדיענען, אבער ראבינא האט געהאט בלויז דיעזען ארטיקעל, און בלויז דעם קרעדיט ביי'ם פאבריקאנט.

ער האט פרובירט צו רעטען זיך פון באנקראט, דערמיט וואס ער האט געעפענט א דעפארטמענט פון פערטיגע מאנטלען. דיעזע מאנטלען פלעגט ער נייען אויף זייד, וואס ער פלעגט שיקען קויפען אין „ווייבערשען גן־עדן“, וואו מען האט עס פערקויפט בילינער וויא ער וואלט צאהלען אין פאבריק. אבער אויך דיעזער דעפארטמענט איז געגאנגען שלעכט. דיא פרויען האבען זיך איינגעגלויבט, אז מארעט פערקויפט שעהנערע מאנטלען.

ענדליך האט מארעט געהאט נאך א זיעג. ער האט אויסגעקויפט דעם אלטען האטעל „דאווילארד“, און בורראס איז געבליבען זיצען צווישען, וויא א פליג

צווישען צוויא העלעפאנטען. מאָרעט האט זאָגאר אָנגעבאָטען דעם אַלטען קרעמער טופציג טויזענד פראנק פאר זיין פלאַטץ, אָבער וויא בורראס האט געזעהן, אז ער מוז אונטערגעהן, און וויא ער האט זיך געפיהלט צוגעדריקט פון אַלע זייטען, האט ער דאָך זיך ניט אונטערגעגעבען. ביי איהם איז זיין קראָם געווען טהייער וויא ביי א מיידעל איהר עהרע. מאָרעט האט דאַן אָנגעפאנגען א קאָנקורענציע מיט דעם אַלטען שירם־מאכער. ער האט פערקויפט דיא בעסטע שירמס פאר קליינע פרייזען. בורראס האט איהם געוואָלט נאכטהון, אָבער דער אַלטער קינסטלער האט זיך ניט געקענט ערלויבען צו פערקויפען שלעכטע וואארע, און ער האט זיך געמוזט האַלטען ביי זיינע פרייזען, אָבוואָהל ער האט מעהר ניט געקענט פערקויפען צו מאָל איין רעגענשירם.

אין א געוויסען זומער אבענד, ווען דעניס האט גענומען איהר קליינעם ברודער און האט איהם געפיהרט אין פארק אום צו געבען איהם פרישע לופט, האט זיא בעגעגענד דעם אייגענטהימער פון דעם „ווייבערשען גן־עדן". זיא האט איהם געוואָלט אויסמיידען, אָבער מאָרעט האט זיא בעמערקט.

— אה, דאס זייט איהר, פרייליין?

זיא האט ניט געענטפערט. זיא איז געוואָרען איבערראשט, אָבער מאָרעט האט געשמייכעלט און האט געזאגט:

— איהר זייט נאך אַלץ אין פאריז?

— יא, מיין העדר.

זיא האט זיך גענומען צוריק ציהען פון איהם, אָבער ער איז איהר נאכ־געגאנגען.

— איז דאס אייער ברודער? — האט ער איהר געפרעגט.

— יא, מיין העדר! — האט זיא ווידער געענטפערט גאנץ קורץ, און איז רויטה געוואָרען, ווייל זיא האט זיך עראינערט וואס מען האט גערעדט וועגען דעם קינד אין מאָרעט'ס מאגאזין.

— הערט מיך אויס, מיין פרייליין! — האט מאָרעט ווייטער צו איהר גע־זאגט. — איך דארף מיך פאר אייך ענטשולדיגען, פאר דעם פעהלער, וואס מיר זיינען געגען אייך בעגאנגען. מען האט אייך בעשולדיגט אומזיסט. און אַלע אין מיין מאגאזין וויסען יעצט, אז איהר האט ברידער, וועלכע איהר ליעבט.

דעניס איז נאך מעהר איבערראשט געוואָרען, אָבער אין איהר הארצען האט זיא זיך געפרעהט.ביידע זיינען געבליבען שטיל און ער איז מיט איהר געגאנגען, און האט געזעהן צו געהן שריט פאר שריט מיט דעם קינד

ענדליך האט ער געזאגט:

— איך האב נור איין מיטעל וויא גוט צו מאכען דעם פעהלער, און דאס איז געבען אייך צוריק דיא שטעלע, וועלכע איהר האט פערלוירען.

— איך דאנק אייך, מיין הערר, איך קען נים. איך בין אויף איין אנדער שטעלע.

מארעט האט געוואוסט, אז זיא איז בייא ראבינא, און ער האט גאנץ לאנגזאם גענומען ריידען פון זיין קאנקורענט און געבען איהם גערעכט. ער האט נור בעדויערט, וואס ער האט זיך געלאזט פערפיהרען פון דעם פאבריקאנט.

דעניס, וועלכע איז בערוהיגט געווארען דורך מארעט׳ס פריינדליכקייט, האט זיך יעצט מיט איהם צורעדט ווענען געשעפטס־זאכען, און האט איהם בעוויזען, אז זיא פערשטעהט זעהר גוט דיא פראגע צווישען דיא קליינע און דיא גרויסע געשעפטס לייטע. ער איז איבערראשט געווארען צו הערען, אז זיא האט אזעלכע אידעען און ווייס אזוי פיעל. ווען זייא זיינען געקומען אונטער א לאמפ, האט ער זיך איינגעקוקט אין איהר געזיכט, צו זעהן אויב זיא איז נאך אזוי שעהן.

— נון, ווען איהר פערשטעהט, אז דיא גרויסע זיינען שטארקער, ווארום ווילט איהר בלייבען אין ראבינא׳ס מאגאזין. — איך האב געהערט, אז איהר וואהנט אין בורדא׳ס הויז.

— יא, ער איז א זעלטען גוטער מענש!

— אה ניין, ער איז איין אלטער אידיאט. ער צווינגט מיך, איך זאל איהם רוענירען. איהר דארפט וויסען, אז זיין הויז האט א שלעכטען נאמען... אבוואהל קיינער צווייפעלט נים אין אייער עהרליכקייט. איך וויל אייך עטוואס פארשלאגען, דעניס, איך וויל געבען דעם אלטען רעגענשירם־מאכער, אכטציג טויזענד פראנק פאר זיין קאנטראקט. רעדט איהר צו איהם און זאגט איהם, אז ער קוועלט זיך אומזאנסט, ער וועט אייך פיעללייכט פאלגען, ווייל ער געטרויט אייך, און איהר וועט איהם ווירקליך טהאן א געפאלען.

— זעהר גוט! — האט דעניס געענטפערט מיט א שמייכעל. — איך וועל איהם איבערגעבען אייער פארשלאג, אבער איך פירכטע, אז איך וועל נים אויספיהרען.

ביידע האבען יעצט געשוויגען. זייא האבען מעהר נים געהאט וואס צו ריידען. ער האט געוואלט ריידען ווענען איהר אנקעל באדו, אבער ער האט עס געמוזט אויפגעבען, ווייל ער האט בעמערקט, אז זיא איז דערפון אונצופריעדען. זייא זיינען אזוי געגאנגען, ביז זייא זיינען ארויס פון פארק.

— גוטע נאכט, מאדמאאזעל!

— גוטע נאכט, מאנסיו.

אבער ער איז נים אוועק. ער האט אויפגעהויבען דיינע אויגען און האט דערזעהן דיא ליכטיגע פענסטער פון מאדאם דעספארגעס. ער האט יעצט דערזעהן דעניס געזיכט פאר דעם ליכט פון פענסטער און זיא איז פאר איהם ערשינען זעהר שעהן און ליעבעסווירדיג. ווארום האט זיא בעריהרט זיין הארץ? דאס וואר איין איינפאכער קאפריז.

— דער קליינער אינגעל ווערט מיעד! — האט ער געזאגט אום עטוואס צו זאגען. געדענקט פריילין, אז מיין הויז איז פאר אייך אימער אפען. איהר דארפט נור אנקלאפען און איך וועל אייך געבען יעדע בעלאהנונג. גוטע נאכט, מאדמאאזעל.

— גוטע נאכט, מאנסיו!

ווען מארעט איז אוועק, האט דעניס געוואנדערט איבער דעם גארטען. איהר געזיכט האט געברענט, און איהר הארץ וואר פול מיט געדאנקען. פעפע האט זיא געהאלטען פעסט ביי׳ם האנד, און איז קוים נאכגעלאפען. דעניס האט איהם פער־געסען. אם ענדע האט ער צו איהר געזאגט:

— דוא לויפסט צו שנעל, שוועסטער.

זיא האט זיך צוגעזעצט אויף א באנק און דאס קינד האט איינגעשלאפען. זיא האט איהם צוגעדריקט צו איהר בוזים, וועהרענד איהרע אויגען האבען געקוקט ווייט דורך דיא פינסטערניס. א שטונדע שפעטער, איז זיא געקומען צו בורראַ׳ס הויז, און דער אלטער האט זיא איבערגענומען מיט דעם גרוס:

— צום טייפעל! — האט ער געשריען. דער לומפ מארעט האט אפגעקויפט מיין הויז.

בורראס איז געווען וויא וואהנזיניג, ער איז ארומגעלאפען איבער זיין קראם, האט געמאכט מיט דיא הענד און האט זיך געריסען דיא האאר.

— אה, דער אויסוואורף! — האט ער געליארמט. — ער האט בעצאהלט פאר דאס הויז פיער מאל מעהר וויא זיא איז ווערט. עס איז א רויבערייא! מען בעשווינדעלט מיך פון אלע זייטען. אזא סקאנדאל! איך זאל יעצט דארפען צאהלען רענט צו מיין שונא, צו מארעט! איך וועל עס נים איבערטראגען. איך וועל עס נים איבערטראגען.

— איך האב יעצט איינעם בעגעגענד, א מאן, וועלבער וויים מארעט׳ס אלע

געשעפטען! — האט דעניס געזאגט, — און וויא איך ווייס פון איהם, ווילען זייא איך פארשלאגען אכטציג טויזענד פראנק פאר אייער קאָנטראקט.

— אכטציג טויזענד פראנק! — האט ער איבערגעשלאָגען, מיט א שרעק־ליכער שטימע. — אכטציג טויזענד פראנק! איך געהם קיין מיליאָן.

זיא האט זיך מיט איהם געוואָלט דורכריידען, אָבער פלוצלינג האט זיך דיא טהיר געעפענט און איהר אָנקעל באָדו איז ערשינען. בורראס האט איהם געבאפט פאר דעם קאָלנער, און איידער יענער האט צייט געהאט אויסצורעדען א וואָרט, האט ער אריינגעשריען אין זיין געזיכט:

— וואס דענקסט דוא ווילען זייא מיר געבען? אכטציג טויזענד פראנק! זייא רויבער האלטען שוין אזוי ווייט! זייא דענקען, אז איך וועל מיך פערקויפען וויא א שטיק וואארע. זייא האבען אויסגעקויפט דאס הויז.

— אכטציג טויזענד פראנק! — האט בורראס געזאגט. — ווארום ניט הונדערט טויזענד מיט איין מאל. — איך ווער אויפגערעגט, ווייל דיא סומע איז זעהר גרויס. זייא דענקען, אז זייא וועלען מיך איבעררעדען צו בעגעהן א ניעדערינגע טהאט, ווייל דיא סומע איז גרויס. זייא וועלען עס אָבער ניט קריגען. ניעמאלס! ניעמאלס!

דעניס האט גאנץ רוהיג בעמערקט, אז זייא וועלען עס דאך האבען, ווען דער קאָנטראקט וועט זיך ענדיגען. זיא האט איהם געגומען בעוויזען, אז דער קאמפף צווישען דיא קליינע קרעמערס מיט דיא גרויסע, איז איין אומזיסטע. דיא מאשין איז שטארקער. ער דארף בעסער אָננעהמען וואס מען גיט, אום צו רעטען וויפיעל ער קען. אָבער בורראס איז אלץ געווען איינגעשפארט און האט ניט געוואָלט נאכ־געבען. ער האט געהאפט צו שטארבען איידער דער קאָנטראקט וועט זיך ענדיגען, און ער וועט ניט זעהן, וויא זיין הויז ווערט איינגעשלונגען.

— איהר הערט, מאָנסיו באָדו! — האט בורראס געשריען. — אייער ניכטע איז אויף זיין זייט. זייא האבען זיא געדונגען זיא זאָל מיך פערדארבען. איך שווער אייך, אז זיא האלט מיט דיא רויבער.

באָדו, וועלכער האט זיך געמאכט, אז ער זעהט ניט זיין ניכטע, האט יעצט זויפגעהויבען זיין קאָפּ און האט זיא אָנגעקוקט בייז.

— איך ווייס דאס! — האט ער געזאגט, וויא א פאטער וואס דארף טודה זיין דעם פערברעכען פון זיין קינד.

דעניס איז געריהרט געוואָרען פון דער סצענע, דאס זיא האט שיער געוויינט.

זיא האט בעטראכט איהר אָנקעל ווי ער איז פערעלטערט און פערפינסטערט, זייט זיא האט איהם דעם ערשטען מאל געזעהן.

באַדו האט בעטראכט וויא דעניס האלט דעם קינד אויף איהר שויס, און דאס קינד שלאָפט אַזוי רוהיג, און דער טומעל אין זיין הערץ איז געוואָרען ווייכער.

— דעניס — האט ער געזאגט. — קום מאָרגען צו אונז אויף מיטאג. ברענג דעם קינד מיט זיך, מיין ווייב און מיין טאָכטער האבען געבעטען איך זאָל דיך איינלאַדען.

דעניס איז געוואָרען זעהר רויטה. זיא האט איהם ארומגענומען און געקוסט. בורראס איז געוואָרען פרעהליך. ער האט זיך געשעצט גליקליך, וואס דער אָנקעל און דיא ניכטע, האבען זיך איבערגעבעטען אין זיין הויז.

ווען באַדו איז ארויס, האט בורראס צו איהם געזאגט:

— זייט זיכער, פריינד, מיין הויז קען איינפאלען, אָבער מיך וועט איהר געפינען אונטער דער רואינע.

— אונזערע הייזער פאלען שוין איין! — האט באַדו געענטפערט. — מיר וועלען אלע צוריבען ווערען אין שטויב.

## 8טער קאפיטעל.

אין דיעזער צייט, האט דיא גאנצע נאכבארשאפט געשפראָכען פון דער נייער עוועניו, וואס וועט ערעפענט ווערען פון דער בערזע ביז דער אָפערא־הויז, און וועט הייסען, דיא עוועניו פון דעסעמבער, און פון דיא ארבייט אין דעם „ווייבערשען גן־עדן". דער „גן־עדן" ווערט פיעל־פאַך פערגרעסערט אין גרויסע פענסטער, פון פיעלע נייע דעפּארטמענטס ווערען געהאקט אין אלע זייטען, און דער מאגאזין וועט פערנעהמען נאך א פאאר בלאָק.

מען האט ערצעהלט, אז מאָרעט האט געשלאָסען איין אָפמאך מיט באראָן הארטמאַן, פון דער קרעדיט־באנק, און ער וועט פערנעהמען דעם גאנצען בלאָק, אויס דעם פראָנט פון דער דעסעמבער עוועניו, וואו דער באראָן וויל אויסבויען א האָטעל, צו קאָנקורירען מיט דעם „גראנד־האָטעל." מאָרעט האט אויסגעקויפט הייזער אין אלע זייטען. דיא קליינע קראָמען האבען זיך געשלאָסען, און דיא גער בײדען זיינען צונומען געוואָרען, און ווערען אומגעבויט, דיא זאָלען פאסען צום „ווייבערשען גן־עדן". בלויז בורראס הויז איז געבליבען שטעהן צווישען דיא צוויי וואָרפענע הייזער.

ען דענים איז געגאַנגען בעזוכען איהר אָנקעל, איז דיא גאַס געווען בלאָקירט און דיא וועגען, וואס האבען אַרויפגעליינט ציגעל און שטיינער. באַדו איז געשטאַנען אין טהיר פון זיין קראָם און האט געשאָלטען דעם מאַן, וואס האט פערניכטעט דיא קליינע קרעמער, און פערצאַמט דיא וועלט מיט זיינע אונטערנעהמונגען.

אין באַדו׳ס מאַגאַזין, האט יעצט געפייפט דער דלות אויף נאָטען. דיא פאָר־ליצעס וואַרען לעער, דיא ווענט פערשטויבט, און דיא ווינקלען וואַרען פוסט. ביי׳ם קאַסיר׳ס טיש, זיינען געשטאַנען מאַדאַם באַדו און איהר טאָכטער זשענעוויוו שטיל און טרויעריג, אַזוי וויא אויף א בית־עולם.

— גוטען אָבענד, טאַנטע! — האט דענים געזאָגט, — עס פרעהט מיך אייך צו זעהן. איך האָף, אַז איהר האט מיר מוחל געווען, וואס איך האב ניט אָנגענומען אייער עצה, ניט צו געהן אַרבייטען אין דעם גענגערס מאַגאַזין.

דאַן האט זיך דענים געווענדעט צו איהר קוזינע זשענעוויוו, און האט זיא געקוסט. דיא קוזינע איז אָבער געווען מעלאַנכאָליש, און האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

באַדו איז צוגעגאַנגען, האט גענומען דעם קליינעם פעפע אויף דיא הענד און האט גערופען צום טיש. ער האט געפרעגט ווארום זשאַן איז ניט געקומען.

— איך האב איהם הייטע פריה געזעהן און געבעטען ער זאָל קומען! — האט דענים ערצעהלט. — וואהרשיינליך האט מען איהם פערהאַלטען בייא דער אַרבייט. מיר וועלען אויף איהם ניט וואַרטען.

— דאַן וועלען מיר געהן עסען! — האט באַדו געזאָגט. — און ווענדענדיג זיך צו זיין טאָכטערס חתן, האט ער אויסגערופען, — קומט מיט אונז קאַלאַמבאַן. קיינער וועט יעצט ניט קומען.

מאַדאַם באַדו האט דערוויל ערצעהלט איהר ניכטע, דאַס דיא געשעפטען געהן יעצט אַזוי שלעכט, דאַס זייא האבען אָפּגעשאַפט דיא צוויי אַנגעשטעלטע, בלויז קאַלאַמבאַן, דער חתן איז פערבליבען.

ווען זייא זיינען אַריין אין דעם שמאָלען, פינסטערן שפּייזצימער, וועלכער איז הינטער דעם מאַגאַזין, האט דענים געשווידערט פון דיא אָרימקייט וואס דאָרט הערשט. עס האט איהר געשיינט, אַז דיא אָרמוטה איז געשטיגען פינף מאָל אַזוי פיעל.

וועהרענד דעם עסען, האט באַדו אָנגעפאַנגען זיין שטענדיגען געשפרעך וועגען דעם מאַגאַזין געגען איהם. דענים האט זיך ערלויבט צו געבען איהר מיינונג, אַז דיא גרויסע מאַגאַזינען האבען א רעכט צו עקזיסטירען.

— אָה, ווען איהר זיים נים בייז אויף זייא, זאָגאַר ווען מען האָט אייך פון דאָרט אַרויסגעשמיסען, טרוץ איהר האבען גאנץ בעזונדרע אורזאכען צו ליעבען זייא. פון אונזערט וועגען קענט איהר זיך נעהמן צוריק אין דעם „ראַטען־פּאַראַדיז." קיינער וועט זיך נים בעליידיגען.

דעניס האָט אין דער שטיל געגעבען צו ערקלעהרען דעם פראַגרעס פון איין געשעפט. דיא נויטהווענדיגקייט פון דער נייער צייט, דיא וויכטיגקייט פון דיעזע ריעזיגע מאַגאַזינען, און דער פּראָפיט וואס דאס פובליקום האט פון אזעלכע אונ־טערנעהמונגען. באַדו האט גאנץ רוהיג אויסגעהערט איהר קאָמישע ערקלעהרונג. ווען זיא האט געענדיגט, האט ער אויסגעשריען:

— דאס איז אַלץ א פאנטאזי. געשעפט איז געשעפט. איך בין מודה, אז זייא וועלען בלייבען שטעהן, און דאס איז אַלעס. פריהער האב איך געגלויבט, אז דיעזע דעפּאַרטמענט־מאַגאזינען וועלען אונטערגעהן. איך האב אויף דעם געוואַרט יעדען טאָג. וויא איך זעה יעצט ארויס, וועלען גנבים רייך, ווערהענד ערליכע מענשען שטאַרבען פון הונגער. מיר מוזען זיך אונטערגעבען צום שיקזאל. איך זעה, אז איך וועל נים אויספיהרען, דאָך מיין מאַגאזין, מיין געשעפט, וועל איך נים אָפּ־טרעטען פאר דיעזע גנבים, און מיך זאָלען זייא נים צווינגען נאכצומהון זייערע חנפישע שטיק.

— עסס דיין מיטאג! — האט מאדאם באַדו צו איהם געזאגט, און האט איהם געוואָלט בערוהיגען.

— וואַרט א ווײלע. איך וויל דעניס זאָל מיך גוט פערשטעהן. איך בין וויא א שטיין, וועלכען מען קען נים ריהרען. זייא קענען זיך אויספיהרען, אָבער איך וועל זיך נים אונטערגעבען. איך פּראָטעסטיר, איך ערקלעהר דאס פאר איין אונרעכט, און דאס איז אַלעס וואס איך קען מהאָן. פאר זייא איז נאר קיין פערטהיידיגונג דאָ. וואס וואָלסט דוא אליין געזאגט, ווען איך זאָל עפענען א דעפּאַרטמענט פון אייזען אין מיין טוך־געשעפט.

און אלס דעניס האט געשמייכעלט, ווייל זיא האט פערשטאַנען, אז אַלץ בעווייזע זיינען דאָ אומזיסט, האט באַדו אויסגערופען: „איך זעה, אז דעניס האַלט מיט זייא. מיר וועלען דארום דעריבער נים ריידען, עס ניטצט נים מיר זאָלען זיך דעריבער ווידער צושיידען. דעניס קען זיך געהן צוריק אין זייער מאַגאזין. אָבער פערגעסט נור מיין טאָכטער, און פרעגט נור מיין איידעם, אויב זייא געפעהלט דער „ווייבערשער גן־עדן".

זשענעוויוו און קאלאמבאן זיינען געזעסען איינע נעבען דיא אנדערע אויף דעם זעלבען פלאטץ, וואו דיא האבען געזעסען דיא לעצטע צוועלף יאהר, און האבען ניט אויסגערעדט א ווארט. קאלאמבאן האט זיך בעמיהט צו דערשטיקען דעם פיבער וואס האט פערברענט זיין הערץ, וועהרענד זשענעוויוו איז געווען פערזונקען אין א מעלאנכאָלי און האט עס ניט בעהאלטען פון קיינעם.

— ווארום שווייגט איהר? — האט באָדו געפרעגט נאך אמאל און האט אנגעפאנגען ציטערן, פיעלייכט געפינט זיך אין זיין פאמיליע איינער וואס איז אויף איין אנהענגער פון דיא דעפּארטמענט מאגאזינען.

— איך קען זייא געוויס ניט ליעבען! — האט זשענעוויוו געענטפערט. — אבער ניט אלע האבען דאָך איין מיינונג, מאנכע דענקען אנדערש.

און דערבייא האט זיא געקוקט אויף איהר חתן, וועלכער האט זיך געמאכט ניט הערענדיג, אָבער ווען באָדו האט איהם נאך אמאל געפרעגט, האט ער אויס־געשריען: „עס איז א פעסט! עס איז א גיהנום! זייא זיינען דאָרט אלע גנבים, גזלנים, וואס מישען וואארע מיט וואארע, און פערשטעהן גאר ניט דיא היילינקייט און דיא אנשטענדינקייט פון געשעפט.“

— איהר הערט! איהר הערט! — האט באָדו אויסגעשריען מיט פרייד. אָט איז א יונגער מאן, וועלכען זייא קענען ניט ארייננקריגען. ער איז איינער פון דער אלטער שוהלע. א סך וויא ער געפינט מען שוין ניט אין פאריז.

אָבער זשענעוויוו האט אלץ געקוקט אויף איהם, און האט געוואָלט אויסגע־פינען דיא געהייםניסע פון זיין הארץ. מאדאם באָדו האט זייא ביידע בעטראכט און האט געפיהלט, אז עטוואס איז ניט גלאט צווישען דיא יונגע פּאאר. זיא וואר אונרוהיג פון איהר טאָכטערס שטענדיגע מעלאנכאָלי. זיא האט געפיהלט, אז איהר קינד שטארבט אָפּ מיט יעדען טאָג.

זייא האבען געענדיגט זייער מאהלצייט און זיינען אויפגעשטאנען פון טיש. באָדו און קאלאמבאן, זיינען אוועק ריידען מיט א דורכרייזענדען, וועלכער איז גע־קומען פאר געשעפט. מאדאם באָדו האט גענומען דעם קליינעם פעפע אום צו ווייזען איהם בילדער. זשענעוויוו איז געבליבען זיצען פערטראכט בייים טיש, וועהרענד דעניס האט ניט ארונטער גענומען איהרע אויגען פון דער טרויעריגער קוזינע.

— איהר ליידעט, קוזינע! — האט דעניס ענדליך בעמערקט.

זשענעוויוו האט זיך אויפגעכאפּט וויא פון א שלאָף. זיא האט דערזעהן, אז דיא גאנצע פאמיליע איז צוגאנגען. זיא האט אָנגעפאנגען חליפען, זיא איז געפאלען מיט דעם קאָפּ אויפ׳ן טיש און האט אָנגעפאנגען גיסען טרעהרען!

— נוטער נאַכט, וואס איז מיט אייך געשעהן! — האט דעניס געפרעגט. — זאָל איך וועמען רופען?

זשענעוויוו האט זיא געכאַפּט ביי'ן האַנד און האט געזאגט. —

— ניין, ניין! זייט דאָ מיט מיר. דיא מוטער דארף ניט וויסען. איך שווער אייך, אז דאס איז ניט מיין שולד. איך וועל מעהר ניט וויינען.

דער אנפאַל האט אָבער ניט נאכגעלאָזען. זשענעוויוו האט ווידער גענומען וויינען, און האט זיך געקלאַפּט אין הארצען. עס האט אויסגעזעהן, אז זיא האט ספּאזמען. דעניס האט זיך געגעבען יעדע מיהע צו בערוהיגען איהר קוזינע, אָבער עס האט ניט געהאָלפען. זיא האט אָנגעפאנגען אָפּצובינדען זשענעוויוו'ס קאָרסעט און איהר הערץ האט פערקוועטשט, ווען זיא האט דערזעהן וויא מאָגער זיא איז. זיא וואר וויא א ברעט.

— איך דאַנק אייך. איהר זייט זעהר פריינדליך. — האט זשענעוויוו געזאגט. — איך בין ניט זעהר דיק. איך בין אמאל געוועזען דיקער. אָבער אלעס איז אוועק. איך וויל ניט מיין מוטער זאָל זעהן וויא אויסגעדארט איך בין. איך וויל ניט זייא זאָלען וויסען וויא קראַנק איך בין. איך האב בייא קיינעם צו פרעגען. אַה, דעניס, קענט איהר מיר פּיעלייכט זאגען: „ליעבט ער זיא?“

דעניס איז געוואָרען בלאַס. זיא האט געוואוסט, אז זשענעוויוו מיינט איהר חתן און דיא דיקע שעהנע מיידעל אין „דאַמען־פּאַראדיז“, וועלכע מען רופט קלאַרא. זיא האט זיך אָבער געמאַכט ניט וויסענדיג, און האט געפרעגט וועמען זיא מיינט.

זשענעוויוו איז אָבער געוואָרען בייז, און האט אויסגעשריען:

— אַה, זאגט מיר קיין ליעגען. מהוט מיר דיא טובה און בערוהיגט מיך. איך פיהל, אז איהר ווייסט אלעס. איך ווייס אז איהר האט געארבייט אין איין דעפּארטמענט מיט דיעזער קלאַרא. איך האב געזעהן, וויא קאַלאמבאַן איז אייך נאכגעגאַנגען און האט גערעדט אין דער שטיל מיט דער מיידעל. אַה, איך בעט אייך, האט רחמנות און זאגט מיר דיא וואַהרהייט!

דעניס איז געווען אין א פערלעגענהייט. זיא האט ניט געוואוסט וויא צו האַנדלען. זיא האט ארומגענומען איהר קוזינע און האט געזאגט:

— זייט רוהיג, טהייערע, זייט רוהיג, קאַלאמבאַן ליעבט קיינע אויסער אייך.

זשענעוויוו איז געוואָרען ברוגז. זיא האט געוואוסט, אז איהר חתן קוקט שטענדיג ארייַן אין מאַרעט'ס מאַגאַזין, אום צו ווינקען צו זיין געליעבטע, און

קלארא שטעהט דארט און לאכט אזוי הויך, דאס מען קען הערען איבער'ן גאס. איך ווייס, אז זייא טרעפען זיך צוזאמען אין בולווארד, האט זשענעוויוו געזאגט.

— דאס איז ניט ריכטיג! — האט דעניס אויסגעשריען, אום צו בערוהיגען דיא אונגליקליכע קוזינע.

זשענעוויוו האט זיך אפגעזיפצט און האט געשמייכעלט. דאן האט זיא געזאגט אין דער שטיל.

— ענטשולדיגט מיר, איך וואלט געטרונקען אביסעל וואסער. זייט אזוי פריינדליך, דערלאנגט מיר דיא גלאז.

ווען זיא האט געקראגען דיא גלאז, האט זיא אויסגעטרונקען דיא גאנצע פלאש וואסער, וואס איז געשטאנען אויפ'ן טיש. זיא איז אימער געווען דורשטיג, זיא האט געברענט. בייא נאכט שטעהט זיא אויף פון בעט און טרינקט. איהר וועהטאג איז אין הארצען און אין קאפ, און פערשפרייט זיך איבער איהר גאנצען קערפער.

דעניס האט זיך צו וויינט און האט איהר געפרעגט:

— ווייסט דיא טאנטע דערפון?

— איך דענק, אז דיא מאמא שטויסט זיך עטוואס אן. אבער דער פאטער איז צו פיעל פערטהאן. ער ווייס ניט וויפיעל שמערצען ער פערשאפט מיר, דערמיט וואס ער לייגט אפ מיין חתונה. דיא מוטער האט מיך עטליכע מאל געפרעגט ווארום איך געה אונטער. זיא זעהט אז איך דאר איין. זעהט נור מיינע ארמען.

דעניס האט ארומגענומען איהר קוזינע, האט זיא געקוסט און האט איהר פערזיכערט, אז אלעס וועט זיך אויסלאזען צו גוטען. אבער איידער זיא האט בערוהיגט איהר קוזינע, האט זיא דערהערט דעם אנקעלס שטימע, וויא ער האט געשריען:

— זשען איז היער. קומט אהער, דעניס!

עס וואר ווירקליך זשען, וועלכער איז געקומען צום עסען. ווען זייא האבען איהם געזאגט, אז עס איז שוין אכט אוהר, האט ער ניט געוואלט גלויבען. ווען זייא האבען איהם געפרעגט, ווארום ער האט זיך פערזאמט, האט ער אין דער שטיל געזאגט צו דעניס: „איך האב געהאט א דראשקע אויף א שטונדע און בין אויסגעפאהרען מיט א וועשערין. גיב מיר פינף פראנק.

זייט דאן זיינען אוועק איינינע מאנאטען. דעניס פלעגט קומען יעדען אבענד אום צוטרייסטען איהר קוזינע. אין הויז איז דער אונמוטה געשטיגען. דיא ארבייט

ארום דיא נייע געביידען, זיינען געגאנגען פּאַרוועריטס, און האט צושטערט דיא רוה פון דעם גאַנצען געגענד. דען דיא ארבייט איז געמאכט געוואָרען זאָגאר ביי נאכט פאר גרויסע עלעקטרישע לאַמפּען, און דיא קרעמער ארום, וועלכע האבען געהאסט דעם „ווייבערשען גן־עדן", האבען זאָגאר פערלאָרען זייער שלאָף.

דיא געשעפטען זיינען געגאנגען ערגער און ערגער. דיא קליינע קרעמער האבען באַנקראָטירט איינע נאך דיא אנדערע, און באָדו האט זיך געראַנגעלט וויא מיט דעם מלאך־המות. ער האט פערקויפט זיין הויז אין לאַנד, אום אויפצוהאַלטען זיין געשעפט אין שטאָט. וועגען פערהייראַטהען זיין טאָכטער, האט ער נאך אַלץ ניט געטראַכט. דער ארמער געשעפטס־מאַן איז טאָג און נאכט געווען פערטראַכט וויא צו רעטען זיין געשעפט, און וויא איבערצוגעבען א גוטען מאַגאזין צו זיין טאָכטער, וועלכע וועט הייראַטהען מיט זיין קלערק.

ראָבינאַ'ס געשעפט איז אויך געגאנגען שלעכט, און דעניס, וועלכע האט געזעהן, אז זיא האט ניט וואס צו טהאָן, האט בעשלאָסען זיא זאָל זיך אומקעהרען צוריק צום „פרויען־פּאַראַדיז".

דיעזע נייעס איז געווען וויא א דאָנערשלאַג פאר דעם אלטען בורראס, וועלבער האט געהאסט מאָרעט'ס מאַגאַזין, און וואָלט ווינשען, אז אַלע זאָלען אויס־ווייכען יענעם אָרט, וויא מען ווייכט אוים דיא פּעסט.

## 9טער קאַפּיטעל.

אם מאָנטאג דען 14טען מערץ, האט דער „ווייבערשער גן־עדן" בענייט זיין נייע געביידע מיט א גרויסען אויספערקויף, וואס האט געדויערט דרייא טעג.

אום זעקס אוהר פריה, איז מאָרעט שוין געווען אויפ'ן פּלאַטץ און האט געגעבען זיין בעפעהל צו יעדען איינעם, דיא צאָהל פון דיא דעפּאַרטמענטס איז יעצט געווען ניין און דרייסיג, און אַכטצעהן הונדערט מענשען וואַרען דאָרט אנגעשטעלט, ראַרונטער וואַרען צוויא הונדערט פרויען.

מאָרעט'ס הויפּט אידעאל איז געווען צו בעזיגען דיא פרויען. ער האט אויס־געבויט דיעזען טעמפּעל אום אריינצוגאַרען דיא פרויען אין זיין נעטץ. זיין איינציגער ציעל איז געווען צו בערוישען דיא פרויען מיט רייכטהום, און אויפצורייצען זייער שמאָלץ און אָנצינדען זייער פיבער. טאָג און נאכט האט ער געבראָכען זיין קאָפּ וויא אזוי אריינצוקריגען דיא פרויען אין זיין מאַגאַזין. ער האט אין זיין מאַגאַזין ער־עפענט איין בופעט, וואו ער האט געטהיילט דיא פרויען זיסע זאַכען, און זיסע

געטרענקט אָהן געלד. ער האט נעהאט פאר פרויען א לעזע־צימער און א גאלעריע, וועלכע זייא האבען געקענט בעזוכען גאנץ פרייא.

אָבער מעהר וויא אַלעס האט ער געבויט זיין געשעפט אויף אדווערטייזמענטס. ער האט אויסגעגעבען הונדערט טויזענדע פראנק א יאָהר אויף אדווערטייזמענטס, אין אלע שפראכען. דורך דיעזע אדווערטייזמענטס, האט מען אין דער גאנצער וועלט געהערט פון מאָרעט׳ס „ווייבערשען גן־עדן.“

אָבער דערצו איז ער געווען א גרויסער העלד מיט חיטען דעם געשעפט. זיין פרינציפ איז געווען, אז קיין ווינקעלע אין זיין מאגאזין דארף זיין שטיל און פוסט. ער האט געזאגט, אז איבעראל דארף זיין לעבעדיג, איבעראל מוז מען זעהן מענשען, וויל לעבען ברענגט לעבען. ער האט געזעהן, אז ביי׳ם אריינגאנג זאָל אימער זיין ענג, אום מענשען אין גאס זאָלען זעהן וויא מען שלאָגט זיך פאר דעם אריינגאנג אין מאגאזין. ער האט דארום ביי׳ם טהיר אויסגעשטעלט דיא ביליגסטע ארטיקלען, וועלכע ער האט פערקויפט האלב־אומזיסט, אום דיא ארמע פון דער נאכבארשאפט זאָלען בעפאלען דיא ארטיקלען, און עס זאָל אויסזעהן, אז דער מאגאזין איז געפאקט און מען קען שוין מעהר ניט אריינקומען. דיא דעפארטמענטס, וועלכע ווארען בעזוכט פון ווענינ קונדען, האט ער געהאלטען אין דער הויף, אום מען זאָל ניט זעהן וויא פוסט זייא זיינען. דיא וואארע האט ער געזעהן זאל זיין אזוי אויסגעשטעלט אין מאגאזין, דאס דיא פרויען זאָלען זיך דארפען ארומטרייבען און ארומיאָגען איבער דעם מאגאזין און זאָלען מוזען בלאָנדזשען, ביז זייא וועלען צוזאמענקויפען זייער וואארע. ער האט ניט געוואָלט, אז א פרוי זאָל אריינקומען איינקויפען אלעס װאס זיא דארף אין איין ווינקעל, און ארויסגעהן, אזוי שנעל וויא זיא איז געקומען. ער האט געוואָלט זיא זאָל זיצען לאנג אין זיין מאגאזין, זיא זאָל ארומגעהן פון איין אָרט צום צווייטען, אום מען זאָל זעהן, אז זיין מאגאזין איז געפאקט. ער האט געוואָלט, אז זיינע קלערקס זאָלען דארפען ארומלויפען איבער דעם גאנצען מאגאזין, אום דער טומעל זאָל זיין גרעסער.

גראדע ווען מאָרעט איז געשטאנען וויא א גענעראל און האט קאָמאנדירט זיינע קלערקס וויא זייא זאָלען זיך אויסשטעלען, איז דעניס אָנגעקומען אין מאגאזין. זיא איז איבערראשט געוואָרען פון דער נייער אָרדנונג און איז געבליבען שטעהן א צומישטע. מאָרעט האט בעמערקט איהר אויפרעגונג און איהם האט עס געפרעהט. ער האט ליעב געהאט צו זעהן וויא מען איז איבערראשט פון זיין מאגאזין. ער האט זיך צו איהר צוגעקוקט און האט איהר געפרעגט, ווארום איז זיא אזוי צומישט.

זיא האט זיך פאר איהם פערשעהמט און האט איהם געזאגט, אז זיא קען שוין ניט ערקענען דעם מאגאזין. איהר זעהט עס אוים וויא א נייער פלאטץ.

מארעט האט געשמייכעלט און האט זיך צו איהר צוגעבויגען און געזאגט אין דער שטיל:

— איהר וועט זיין פריינדליך, מאדמאזעל, און איהר וועט אריינקומען צו מיר אין קאנטאר הייטע אבענד. איך וויל מיט אייך ריידען.

דעניס האט א נייג געטהאן איהר קאפ, וועהרענד איהר הארץ האט גע־ציטערט. זיא האט אליין ניט געוואוסט וואס ער קען מיינען מיט דיעזער איינ־לאדונג.

בארדאנקעל האט גראדע געהערט וויא מארעט האט זיא איינגעלאדען און ער האט צו איהם געזאגט:

— אה, וויעדער דאס מיידעל. זייט פארזיכטיג. עס וועט זיך ענדיגען ערנסטער וויא איהר דענקט.

מארעט האט זיך צולאכט און האט געזאגט: — האט קיין מורא. עס איז בלויז א וויטץ. דיא פרוי וואס וועט מיך כאפען, איז נאך ניט געבארען גע־ווארען.

בארדאנקעל האט פערביסען דיא ליפען. דיעזע שטילע און רוהיגע דעניס האט איהם געשראקען. דאס ערשטע מאל האט ער פרובירט פערהיטען זיין פריינד פון דיעזע מיידעל, דאדורך וואס ער האט זיא אפגעשאפט אויף א גאנץ גראבען אופן. אבער זיא איז וויעדער געקומען, און מארעט איז וויעדער מיט איהר פער־אינטערעסירט.

ענדליך האט מען געעפענט דעם מאגאזין, און דאס פובליקום האט אנגע־פאנגען צו קומען. ארום דער טהיר איז געווארען אזא געדרענג, דאס מען האט גע־מוזט ברענגען דייא פאליצייא אום צו האלטען ארדנונג. ארמע פרויען זיינען בפאלען דיא בילינע וואארי׳ אין גאס. א גאנצען פריה־מארגען האט זיך דאס פובליקום גע־קליבען אין מאגאזין, און אום 1 אוהר, זיינען לייטע געשטאנען אין גאס און האבען געווארט, ביז זייא וועלען אריינקומען. דיא וואס זיינען געווען אינווענינ, האבען אויף קיין פאל ניט געקענט ארויס. דאס פובליקום האט אויסגעזעהן וויא א שטראם וואס ציהט זיך צו איין ארט, און געהט ניט צוריק.

דער אויספערקויף איז געווען גרויס. א גאנצען טאג האבען אלע געארבייט אהן אויפהער. מארעט איז געווען אויף דיא פיס און האט אלעם צוגעזעהן און בע־

טראכט. דעניס האט זיך אין דעם טאָג אויסגעצייכענט. זיא האט בעדיענט דיא בעסטע קונדען און האט געמאכט גוטע געשעפטען פאר איהרווירטה.

ווען דער טאָג האט זיך געענדיגט און דיא טהירען וואָרען געשלאָסען, איז דעניס אוועק זעהן דעם אייגענטהימער, וועלכער האט שוין אויף א הר געוואַרט אין זיין קאנטאָר, לויט וויא ער האט זיא בעשטעלט אין דער פריה.

אלס זיא איז געקומען, האט ער זיך פאר איהר פערנייגט, און האט געזאגט:

— מיר זיינען זעהר צופריעדען מיט אייער ארבייט, מאדמאָאזעל. מיר ווערען אייך וויזען אונזער דאנקבארקייט. פון מאָרגען פריה זאָלט איהר זיין דיא צווייטע האנד אין דעם קליידער־דעפּארטמענט.

דעניס האט עס געהערט מיט איבערראשונג. מיט א ציטערענדע שטימע האט זיא צו איהם געזאגט:

— אָבער, מיין הערר, אין מיין דעפּארטמענט געפינען זיך דאמען, וועלכע זיינען פיעל עלטער פאר מיר?

— דאס מאכט ניט! — האט ער געענטפערט, איהר זייט דיא פעהיגסטע און דיא עהרליכסטע פון זייא. איך האב אייך אויסגעקליבען. זייט איהר דען ניט צופריעדען?

— זיא איז געוואָרען רויטה. פריידע און שרעק האבען זיך געמישט אין איהר הארצען. מאָרגען האט זיא בעטראכט אין איהר יוניפאָרמע, שווארצע קלייד און איהרע שעהנע בלאָנדע האאר. זיא איז אָבער געווען פיעל עדעלער, פיעל שעהנער, וויא זיא איז געווען אין דעם טאָג וואס זיא איז אָנגעקומען אין פאריז.

— איהר זייט זעהר פריינדליך, מיין הערר! — האט זיא געמורמעלט. — איך וויים ניט וויא צו דאנקען אייך...

אָבער זיא האט מעהר ניט געקענט ריידען. לעפּאָמע דער קאסירער איז געקומען מיט זיין זוהן אלבערט און האט געבראכט גאנצע זעק מיט גאָלד און פאפיר געלד.

איבער א האלב מילליאָן פראנק איז אין דיעזען טאָג איינגענומען געוואָרען. עס וואר דיא גרעסטע אייננאהמע, וואס דער „דאמען־פאראדיז“ האט געמאכט אין איין טאָג.

מאָרעט האט זיך געפרעהט וויא א קינד מיט דיעזער גרויסער סומע. ער האט געקוקט אויף דעם בארג גאלד, וועלכער איז יעצט געלעגען אויף זיין טי...

דאן ווען ער האט אויפגעהויבען זיין קאפ, האט ער דערזעהן, אז דער קאסירער און זיין זוהן זיינען אוועק און דעניס שטעהט נאך אין א ווינקעל. ער האט צו איהר געגומען שמייכלען און האט זיא צוגערופען צו זיך, און האט צו איהר געזאגט, אז ער וועט איהר געבען וויפיעל זיא קען נור אננעהמען אין איין הויפען. דערבייא האט ער בעמערקט, אז צו פיעל קען זיא ניט נעהמען, ווייל איהר האנד איז קליין.

זיא האט זיך אבער אפגערוקט. האט ער זיא ווירקליך ליעב? פלוצלינג האט זיא עס גענומען פיהלען און האט זיך עראינערט, אז ער האט זיא פערטהיידינט פון דעם ערשטען טאג, וואס זיא איז אין פאריז. זיא האט געפיהלט, אז איהר הארץ קלאפט יעצט שטארקער וויא פריהער. מארעט איז צו איהר צוגעגאנגען נעהנטער און האט זיא געוואלט צווינגען צו נעהמען א הויפען גאלד. ער האט געוואלט ווען, אז זיא קען ניט אננעהמען טויזענד פראנק מיט איין האנד. אבער גראדע דאן איז בארדאנקעל אריינגעקומען מיט דעם אויסרייד, אנצוזאגען דעם אירטה, דאס פינף און זיעבעציג טויזענד פערזאן, האבען דיעזען טאג בעזוכט דעם מאגאזין. דעניס האט זיך דערמיט בענוצט, האט נאך אמאל בעדאנקט איהר ווירטה און איז אוועק.

## 10טער קאפיטעל.

דעם ערשטען זאנטאג פון מאנאט אויגוסט, זיינען אלע געוועזען שטארק בעד שעפטיגט מיט נעהמען סטאק. גאנץ פריה זיינען אלע אנגעשטעלטע געוועזען אויף זייערע פלעטצער, גלייך וויא עס וואלט געוועזען אין א מיטעג־וואך.

דעניס איז געוועזען דיא איינציגע וואס איז ניט געקומען צו דער ארבייט. זיא איז דיא לעצטע פינף טעג געלעגען אין איהר צימער, מיט איין אויסגעלינקעגע פוס, וועלכע זיא האט געקריגען געהענדיג דורך דעם מאגאזין. אלס דיא צווייטע האנד פון א דעפארטמענט, האט זיא געהאט א גרויסען צימער מיט צווייא פענסטער.

זיא האט זיך שוין געפיהלט עטוואס בעסער און האט פראבירט אנטהאן איהרע שיך און אראפגעהן פון בעט. גראדע דאן איז מאדאם קאבין, דיא אויפזעהערין פון דיא צימערן, געקומען און האט איהר דערלאנגט א בריעף. דעניס האט געעפענט דעם בריעף און איז פון איבערראשונג געפאלען אויף איהר שטוהל. עס וואר א בריעף פון מארעט, אין וועלכען ער האט אויסגעדריקט זיין צופריעדענ־היים, וואס זיא ווערט בעסער, און ער האט איהר געבעטען, זיא זאל עסען דיעזען אבענד מיט איהם, אין זיין פריוואט־צימער. דער בריעף איז געווען געשריבען אנ־

שטענדיג און פריינדליך, דאָך האט זיא ניט געוואוסט וואס צו טראכטען איבער דיעזע פריינדשאפט.

— איך וועל עס ניט אָננעהמען! — האט דעניס צו זיך געזאגט.

וועהרענד זיא איז געזעסען און האט געטראכט און געטראכט וועגען דיעזער איינלאדונג, האט זיך דיא טהיר פון איהר צימער געעפענט, און איהר אַלטע פריינדין פאולינע, איז געקומען פרעגען וויא זיא פיהלט.

— איך בין פיעל בעסער! — האט דעניס געענטפערט. — איך האב שוין געוואָלט ארונטער געהן. אָבער זעה נור מיין פריינדין, דיר קען איך דאָך אַלעס פערטרויען, דוא ביזט דאָך געוועזען מיין פריינדין, ווען אַלע האבען מיך פערפאָלגט. זעה דיעזען בריעף און זאג מיר וואס ער בעדייטעט.

פאולינע האט איבערגעלעזען דעם בריעף. ביז יעצט האבען זייא נאָך קיינמאל ניט גערעדט וועגען מאָרעט, אָבער פאולינע האט אַלעס געוואוסט. זיא האט ארומגענומען איהר פריינדין און האט אויסגערופען:

— מיין טהייערע דעניס, איך מוז דיר זאגען דיא וואהרהייט, אז איך האב אימער געדענקט, אז ער איז אין דיר פערליעבט. אַלע אין מאגאזין דענקען דאס זעלבע. ער האט דיך אזוי שנעל געמאכט פאר דער צווייטער אין דעם דעפּארטמענט. ער איז אימער ארום דיר. איך האָף, אז דוא ועסט איהם ניט ענטזאגען?

אנשטאט צו ענטפערן, האט זיא זיך צו וויינט און האט ארויפגעלייגט איהר קאָפּ אויף איהר פריינדינ'ס שולטער. פאולינע האט עס ניט געקענט פערשטעהן.

— וואס איז דיא אורזאכע פון דיעזען געוויין? — האט זיא געפרעגט.

— אה, דוא ווייסט ניט, דוא ווייסט ניט! — האט דעניס געענטפערט. דיעזער בריעף האט מיך געטראָפען וויא א קויל. לאָז מיך וויינען. מיר ועט ווערען לייכטער.

פאולינע האט ניט פערשטאנען דיעזע געפיהלען און זיא האט געוואָלט בערוהיגען איהר פריינדין. זיא האט איהר געגעבען צו פערשטעהן, אז אזעלכע זאכען טרעפען, און מען דארף זיך איינשטעלען, ווען מען וויל געפינען גליק.

— אָבער ווען א מאַן ליעבט א מיידעל, דארף ער זיא הייראטהען. דיין חתן וועט דאָך דיך הייראטהען.

— נון, וואס גלייכסט דוא מיין חתן צו מאָרעט. באזשע, מיין געליעבטער, איז מיין גלייכען, אָבער מאָרעט? דענקסט דוא, אז ער ליעבט דיך?

— אה, ניין, ניין! וויא קומט ער מיך צו ליעבען! — האט דעניס אויסגע־שריען. — און דארום האט ער צו מיר ניט בעדארפט שרייבען.

און דעניס האט זיך ווידער צו וויינט. זיא האט געוויינט וויא א קליין קינד, וועלכע ווייס אליין ניט דיא אורזאכע פון איהרע טרעהרען.

וועהרענד דיא צווייא פריינדינען האבען גערעדט, איז מאדאם אורילע, דיא ערשטע האנד פון דעם קליידער דעפארטמענט, געקומען זעהן וואס דעניס מאכט.

— וואס? איהר זייט ארויס פון בעט! — האט מאדאם אורילע אויסגע־רופען. — דאס איז זעהר נאריש פון אייך, מיין קינד. איך בין ערשט געקומען זעהן וואס איהר מאכט, און זאג אייך, אז איהר זאלט נאך הייטע ניט ארונטער געהן.

דעניס האט איהר ערצעהלט, אז זיא פיהלט זיך פיעל בעסער, און אז איהר וועט זיין פיעל אנגענעהמער ארונטער צו געהן. זיא קען זיצען אויף א שטוהל און עטוואס שרייבען.

זייא זיינען דאן ביידע ארונטער. מאדאם אורילע, וועלכע וואר צו איהר זעהר פריינדליך, האט דורכאויס פערלאנגט, דעניס זאל זיך אנשפארען אויף איהר אקסעל.

עס וואר איין אונערווארטעטער זיעג. דעניס האט ענדליך בעזיעגט דעם דע־פארטמענט. נאכדעם וויא זיא איז פריהער געווען פערהאסט און אויסגעלאכט, און פערפאלגט פון יעדען, האט זיא יעצט געזעהן וויא אלע זיינען איהר אונטער־טהעניג, און אלע זיינען איהר איבערגעבען.

דיא איינציגע וואס האט געמורמעלט און האט געשאלטען אין דער שטיל, איז געווען קלארא, דיא אלטע פיינדין צו דעניס.

— ווארום זייט איהר ארונטער געקומען? — האט מארגארעטע געפרעגט ביי דעניס. — איהר מאכט זיך ערגער, מיר האבען דא געקענט מאכען דיא ארבייט אהן אייך.

— דאס האב איך איהר אויך געזאגט! — האט מאדאם אורילע געענטפערט. — אבער זיא האט דורכאויס געוואלט ארונטער געהן.

אלע יונגע פרויען האבען זיך ארומגעשטעלט ארום דעניס און האבען איהר געגריסט. דיא ארבייט איז פיר דיעזער וויילע אונטערבראכען געווארען. זייא האבען אלע אויסגעהערט דיא געשיכטע וויא אזוי זיא האט אויסגעגלושקען איהר פוס.

ענדליך האט מאדאם אורילע איהר דערלאנגט א שטוהל, און מען האט איינגע־
שטימט זיא זאָל בלויז פערשרייבען דיא וואארע, וועלכע מען וועט אויסרופען.

דיא ארבייט האט זיך ענדליך אָנגעפאנגען. דיא ארטיקלען זיינען געצעהלט
און פערשריבען געוואָרען.

קלארא און נאך א פרייליין זיינען געשטאנען ניט ווייט פון דעניס און האבען
געפאקט דיא וואארע.

— ועלען זייא אונז העכערן דיא פרייזען? — האט קלארא געפרעגט בייא
דער צווייטער. — וויא איך האב געהערט, וועט דיא צווייטע האנד ערהאלטען צוויא
טויזענד פראנק א יאָהר, אויסער איהר קאָמיסיאָן, וועלכע בעטרעפט ביז נאך פינף
טויזענד פראנק.

דער לאָהן פאר דיא אנגעשטעלטע ווערט אימער געגעבען אויף מאָרגען נאך
דעם וויא מען נעהמט סטאק. נאך דעם סטאק האט מען אויך געוואוסט וויפיעל
מען האט איינגענומען דורך דעם יאָהר, און דיא מענעדזשערס פון דעפּארטמענטס
פלעגען דאן ערהאלטען זייער קאָמיסיאָן פאר דעם יאָהר. דארום האבען יעצט אלע
גערעדט זעהר ערנסט איינע מיט דיא אנדערע. מען האט געזאגט, אז מאדאם
אורילע וועט קריעגען ביז פינף און צוואנציג טויזענד פראנק פאר דעם לעצטען יאָהר.
מארגארעטע, דיא נעבסטע נאך דעניס, האט געמאכט פיער טויזענד פראנק,
וועהרענד קלארא האט געמאכט וועניגער פון דרייא טויזענד פראנק.

— איך קימער מיך ניט, אויב מען וועט מיר ניט העכערן דעם פרייז! —
האט קלארא ווידער געזאגט צו דער צווייטער. מיך ערגערט נור וואס דעניס, דיא
מיאוסע און נאררישע, קריעגט ביז זיבען טויזענד פראנק פאר דעם יאָהר.

א היבשע צייט איז דיא ארבייט געגאנגען פאָרווערטס. שטיקער וואארע
זיינען געפלויגען פון דיא פאָליצעס און זיינען פערשריבען געוואָרען איינע נאך דיא
אנדערע. וועהרענד דיעזע ארבייט, איז מאָרעט און בארדאנקעל דורכגעגאנגען דעם
דעפּארטמענט. מאָרעט וואר לוסטיג און גוט געשטימט. ווען ער האט דערזעהן
דעניס בייא'ם טיש, איז ער געוואָרען איבערראשט. זיא איז אלזא ארונטער געקומען?
ער האט צו איהר געוואָלט צוגעהן און האט זיא געוואָלט גריסען, אָבער ער האט
זיך בעהערשט און איז אוועק אין צווייטען דעפּארטמענט.

דעניס האט איהם געזעהן, אָבער זיא האט ניט ארויסגענומען דעם קאָפּ פון
פּאפּיר און האט זיך געשריבען, גלייך וויא זיא וואָלט ניט וויסען, אז מאָרעט בע־
טראכט זיא פון אלע זייטען.

דערווייל האט פאולינע ערצעהלט יעדען א געהיימניס, אז מ'ארעט האט גע־
שריבען א בריעף און האט איינגעלאדען דעניס צום עסען. יעדער האט דעריבער
גערעדט. און פון איין דעפארטמענט צום צווייטען איז די נייעס געגאנגען. דיא
נייעס איז געקומען ביז דאלאשע. דער יונגער מאן, וועלכער איז אָנגעקומען אין דעם
מאגאזין, אין דעם זעלבען טאג וואס דעניס. דאלאשע איז געוואָרען בלאס און אויפ־
גערעגט. ער האט געוואוסט, אז דיעזע איינלאדונג איז א צייכען פון ליעבע און בייא
דיעזען מאהלצייט וועט דעניס בעזיעגט ווערען פון דעם רייכען מ'ארעט. ער האט זיך
אליין געשאָלטען, ווארום ער ליעבט דיעזע דעניס, וועלכע האט קיין ליעבע פאר
איהם.

יעדער יונגער מאן האט יעצט אָנגעפאנגען ערצעהלען א געשיכטע וועגען
דעניס. איינער האט געלאכט פון דעם איינגענטהימער פון דעם מאגאזין, וואס יאָגט
זיך נאך א מיידעל, וועלכע ער האט שוין לאנג ארויסגעטריבען. א צווייטער האט
ערצעהלט, אז דעניס לויפט איהם נאך אין אלע גאסען. אלבערט, דער זוהן פון
מאדאם אורילע האט געשוואָרען, אז ער האט געזעהן דעניס מיט צווייא
סאָלדאטען.

דער געשפרעך איז אזוי אָנגעגאנגען ביז דעם סיגנאל צום עסען.

דיא קלערקס האבען זיך ארומגעזעצט ארום א לאנגען טיש און מען האט
ווייטער גערעדט אין דער שטיל וועגען דעניס און מ'ארעט, וועלכער האט זיא איינ־
געלאדען צו זיך אויף דעם אבענד. גאנץ פראַסטע ווערטער זיינען דערבייא בע־
ניצט געוואָרען. פאווער, אויף וועלכען דעניס האט אין דער ווירקליכקייט געהאט
איין אויג, האט דעריבער גערעדט מעהר וויא יעדער איינער און ער האט ניט אויפ־
געהערט צו שווערען, אז מ'ארעט וועט הייראטהען מיט דעניס. דאלאשע, וועלכער
האט צוגעהערט דעם גאנצען געשפרעך, איז אלץ געוועזען בלאס און אויפגערעגט
אין זיין אויפרעגונג, האט ער אומגעקעהרט א גלאָז וויין און האט פערגאָסען דיא
איבעריגע קלערקס, וואס זיינען געזעסען ארום איהם. דיא חברה האט זיך דאן גע־
נומען צו איהם און יעדער האט זיך איבער איהם געוויצעלט.

נאך דעם עסען, איז דאלאשע ארויס פון צימער, און האט געזוכט איין
זייטיגען וועג צו זיין דעפארטמענט. ער האט ניט געוואלט געהן צוזאמען מיט דיא
איבעריגע קלערקס, וועלכע האבען פון איהם געלאכט.

איהם איז אויסגעקומען געהן ארום דעם פרויען שפייזצימער, און ער האט
דאָרט אָנגעטראָפען דעניס, וועלכע איז געגאנגען זעהר לאנגזאם צוליעב איהר
קראנקע פוס.

ער האט זיא אפגעשטעלט, האט געפרעגט וועגען איהר פוס, און ענדליך וועגען דעם בריעף, פון וועלכען אלע ריידען אזוי פיעל דעם גאנצען טאג. דענים איז געוואָרען רויטה און דיזעלבע שמערצען וואס זיא האט געפיהלט אין דער פריה ווען זיא האט דעם בריעף געהאלטען, האט זיא געפיהלט יעצט. ווען זיא האט גע־הערט, אז אלע ריידען דערפון.

אָבער פון איהר אויסזעהן האט ער זיך איבערצייגט, אז דענים האט ווירקליך גיהאלטען אזא בריעף, און אז זיא וועט זיכער אָננעהמען דיא איינלאדונג און וועט געהן צו מאַרעט'ס טיש.

ווען דענים האט געטראָפען איהר פריינדין פאולינע ביי'ם עסען, האט זיא איהר אין דער שטיל פאַרגעהאלטען, נוארום זיא האט ארויסגעגעבען איהר סוד פאר דעם גאנצען מאגאזין.

— אהה, וואס האט איהר מורא? ! האט פאולינע אויסגערופען. — זאָלען זייא אייך אלע ניט פערגינען ! וואס שטעהט דאָרט אזוינס אין דעם בריעף.

נאך דעם עסען, איז דענים ווידער געקומען צו איהר ארבייט און האט זיך געזעצט בערעבענען דיא סומען וואס זיא האט פערצייכענט אויף דיא פאפיר.

וועהרענד זיא האט אונטערגעצויגען אייניגע ליסטען, איז מאַרעט ווידער ערשיענען אין דיזען דעפּארטמענט. ער האט געבעטען מען זאָל איהם וויזען דיא ליסטען, וועלכע ער וויל דורכקוקען. מאדאם אוריקע האט איהם צוגעפיהרט צום אָרט וואו דענים איז געזעסען און האט געשריבען.

ער איז צוגעגאנגען, האט גענומען א ליסטע פון דענים האנד, און האט זיך אויף א ווײַלע פערטראכט אויף דער ליסטע, גלייך וויא ער וואָלט גאר ניט זעהן ווער עס זיצט נעבען איהם. אלעם ארום זייא וואר שטיל. מאדאם אוריקע האט געזעהן, אז דיא איבעריגע פרויען אין דעם דעפּארטמענט, זאָלען געפינען ארבייט אין א ווייטען ווינקעל, אום זייא זאָלען ניט שטערען דעם אייגענטהימער פון פלאטץ, מיט זיינע בעמערקונגען. ענדליך האט זיא אליין אויך געפונען איין אויסרייד אוועק צו געהן, און אזוי האט זיא איבערגעלאָזען מאָנסיו מאַרעט און דענים גאנץ אליין ביי'ם טיש, וואו קיינער קען ניט הערען וואס זייא ריידען.

מאַרעט האט ענדליך אוועקגעלייגט דיא ליסטע אויפ'ן טיש און האט א שמייכעל געטהאָן צו דענים, וועלכע איז געזעסען מיט דער פעדער אין האנד, און האט אויף איהם געקוקט.

— נועט איהר קומען? — האט ער פלוצליגג געפרעגט גאנץ קורץ.

— ענטשולדיגט מיר, מיין הערר, איך קען נים. איך האב פערשפראָכען מיין אָנקעל צו זיין הייטע אבענד בייא זייא. מיינע ברידער וועלען מיך דאָרט ער-ווארטען.

— אָבער אייער פוס, איהר קענט דאָך נים געהן ?

— איך פיהל זעהר גוט, זיים הייטע פריה. עס איז קיין שטיק וועג.

יעצט איז מאָרעט געוואָרען בלייך. ער האט א ביס געטהאָן זיין ליפ. ער האט זיך אָבער בעהערשט און האט געוואָלט שפיעלען דיא ראָלע פון דעם גוטען מאן, וואס אינטערעסירט זיך מיט דעם וואָהל און בעסטען פון זיינע אנגעשטעלטע. און גאנץ רוהיג האט ער געזאגט :

— אה, איהר דארפט מיר נים ענטזאגען. איך בעט אייך, קומט, איהר ווייסט, אז איך רעספעקטיר אייך.

דעניס איז געבליעבען זיצען רוהיג וויא פריהער.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר דיעזע פריינדשאפט צו מיר ! — האט זיא זעהר העפליך געזאגט, — דיעזע איינלאדונג איז בייא מיר איין עהרע. אָבער איך קען נים, ווייל מיינע ברידער וועלען אויף מיר ווארטען.

— ווען איהר קומען איין אנדער מאל ? — האט ער געפרעגט. — ווען איהר קומען מאָרגען ?

דיעזע איינפאכע פראגע האט זיא אין גאנצען צומישט, און זיא האט גע-מורמעלט :

— איך ווייס נים . . . איך ווייס נים !

ער האט געשמייכעלט און האט געוואָלט נעהמען איהר האנד, וועלכע זיא האט צוריק געהאלטען.

— האט איהר פאר מיר מורא ?

אָבער דעניס האט גאנץ שנעל אויפגעהויבען איהרע אויגען און האט איהם אָנגעקוקט גלייך אין געזיכט און מיט איהר מוטהיגען, בראוונע אויסזעהן, האט זיא געזאגט מיט א שמייכעל :

— איך האב פאר קיין זאך קיין מורא ! איך קען מהאָן וויא איך וויל און וויא מיר געפעהלט. איך וויל נים און דאס איז אלעס . . .

אָבער איידער זיא האט זיך אומגעקוקט, האט מאָרעט זיך געזעצט האַרט נעבען איהר, הינטער דעם גרויסען פאק זייד און מאנטלען וואס זיינען געלעגען אין אַלע זייטען, און נאכדעם וויא ער האט זיך ארומגעקוקט און האט געזעהן, אז קיינער

איז דאָ נימאָ נאָהענט, האט ער זיא גענומען ביין האנד, און אין א ניעדעריגען און ציטערדיגען קול, האט ער צו איהר געזאָגט:

— הערט מיך אויס, דעניס. איך ליעב אייך! איהר דארפט עס לאנג וויסען. איך בעט אייך, זייט ניט אזוי שלעכט, דערמיט וואס איהר ווילט זיך מאכען, אז איהר פערשטעהט עס ניט. איהר דארפט פאַר קיין זאך ניט פירכטען. איך האב איינינע מאל אייך געוואָלט אריין רופען אין מיין קאנטאר. דאָרט וואָלטען מיר געווען אליין. איך האב אייך דאָרט געקענט ערקלעהרען מיין ליעבע. אָבער איך האב דאס ניט געוואָלט. איהר זעהט, אז איך רייד צו אייך דאָ, וואו מען קען יעדען אויגענבליק צוגעהן און שטערען דעם געשפּרעך. איך ליעב אייך, דעניס. זאגט מיר ווארום ענטזאגט איהר מיר? ווילט איהר מיט מיר הייראטהען? אייערע ברידער בעלעכטיגען אייך. איהר קענט פון מיר אלעס בעטען, איהר קענט פון מיר אלעס פערלאנגען.

דעניס, וועלכע האט איהם ביז יעצט געקוקט גלייך אין געזיכט, האט איהם פּלוצלינג אונטערבראָכען:

— איך דאנק אייך, איך פערדיען יעצט מעהר וויפיעל איך בעדארף.

— אָבער, איך בעט אייך אן מיין לעבען און מיין עקזיסטענץ. איך וועל אייך געבען א לעבען פיל מיט גליק און פערגניגען. איך וועל פאַר אייך אויסבויען א גאנצען פּאלאסט. איך וועל אייך אָפּשרייבען א פערמעגען. איך וועל אייך זאָפאָרט הייראטהען.

— איך דאנק אייך. איך וועל ניט קענען זיצען לעדיג. איך בין געוואָהנט צו ארבייטען פאַר מיין ברויט, זייט איך בין אלט געוואָרען צעהן יאָהר.

— איך שלאג אייך פאָר איין עהרליכע און געזעצליכע הייראטה. ווארום ענטזאגט איהר עס מיר אזוי הארט און אזוי פעסט? — האט ער געפרעגט.

דעניס וואר שטיל. זיא האט ניט געגלויבט, אז ער מיינט עס ערנסט.

— ערלויבט מיר פאָרטצוזעצען מיין ארבייט! — האט זיא ווייטער געזאגט זעהר איינפאך.

ער האט איהר גענומען ערצעהלען זיין רייכטהום און זיין ליעבע.

זיא האט איהם אימער בעדאנקט און אימער ענטזאגט מיט ענטשלאָסענע ווערטער.

ענדליך האט ער צו איהר געזאגט מיט איין בלאסען געזיכט:

— אָבער דעניס, זעהט איהר ניט וויא איך ליידע! יא, איך בין נאַרריש, אבער איך לייד וויא א קינד.

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען. ביידע ווארען א ווייל שטיל.

— אָבער איך וויים, אז דוא ליעבסט מיך! — האט ער נאך אמאל געזאגט, און האט געכאפּט איהר האנד.

זיא האט דיא האנד ניט ארויסגעריסען. איהר געזיכט איז געוואָרען בלאס און אלע איהרע קרעפטען האבען זיא פערלאָזען. דיא ווארימקייט וואס איז ארויס פון זיין האנד, האט זיא עלעקטריזירט. גרויסער גאָטט, וויא שטארק זיא ליעבט איהם, אָה, וויא וואָלט זיא געפאלען אויף זיין האלז און וואָלט דארט געלעגען און געוויינט.

— זאָג מיר, מיין געליעבטע, זאג מיר, אז דוא ליעבסט מיך! — האט ער געבעטען, מיט איין געבראָכענע שטימע פון ליידענשאפט און אויפרעגונג.

אָבער זיא האט אויסגעריסען איהר האנד פון זיין האנד. זיא האט דערזעהן זיין שוואכקייט און האט זיך געפיהלט זעהר שטארק געגען איהם.

— לאָזט מיך צורוה! — האט זיא געזאגט גאנץ פעסט און ענטשלאָסען. — לאָזט מיך צורוה. איך בין ניט פון דיא מיידלעך, וואס לאָזען זיך נארען. איך וויים, אז איהר ליעבט איין אנדערע. יא, איהר ליעבט דיא דאמע, וועלכע קומט אהער ליעבט זיא אליין, איך וויל ניט טהיילען דיא ליעבע מיט א צווייטער.

ער איז געוואָרען איבעררא(ש)ט. וואס זאגט זיא און וואס מיינט זיא? דיא פּיעלע מיידלעך, וואס ער האט בעזיענט אין זיין מאגאזין, האבען ניעמאלס געוואגט צו ריידען א וואָרט געגען איהם. איהם האט זיך גאר ניט געגלויבט, אז איין ארמע מיידעל, וועלכע ער בעשעפטיגט אין זיין גרויסען מאגאזין, זאָל האבען דעם מוטה מיט איהם אזוי צו האנדלען.

ער האט זיך גענומען רייבען דיא שלייפען און האט אליין ניט געוואוסט וויא צו בעהאלטען זיין אויפרעגונג. ער האט צוגערופען מאדאם אורילע און האט גענומען שרייען, ווארום אזוי פיעל מאנטלען ליעגען ניט פערקויפט. ער האט געזאגט, אז דיא פרייזען מוזען געשניטען ווערען, ביז מען וועט זייא אלע אויספערקויפען. דאס איז דאס געזעץ פון הויז, אלעס מוז ענדע יאָהר פערקויפט ווערען. בעסער צו פער־לירען העלפט, איידער האלטען אלטע וואארע וואס איז ארויס פון מאָדע.

באררדאנקעל האט זיך דיא גאנצע צייט ארומגעדרעהט ארום דעם דעפּארט־מענט. ער האט געזעהן וויא מאָרעט רעדט צו דעניס, ער האט עטוואס פער־שטאנען, אָבער ער האט ניט געקענט גלויבען, אז דאס איז געקומען אזוי ווייט, און אזא מאָג, אין אזא אָרט און מיט אזא נאר־נישט וויא דעניס.

ווען מאַרעט איז אַרויס פון דעם קליידער־דעפּאַרטמענט, האט באַרדאַנקעל איהם ערצעהלט, אַז דיא זייד אין דעם מאַגאַזין איז אָהן אַ שיער. דאס וואר אַ גליק פאַר דעם אויפגערעגטען מאַרעט, וועלכער האט יעצט געקענט אויסשרייען און אויס־לאָזען זיין ביטער הארץ. וואס דענקט זיך דער וואס קויפט איין דיא זייד? וויא ערלויבט מען זיך אָנצוקויפען מעהר וויא דער מאַגאַזין בעדאַרף.

דיא דאַמען אין מאַגאַזין האבען זיך יעצט ווידער געסוד'עט איינע מיט דיא אַנדערע, און מען האט ווידער גערעדט פון מאַרעט און דעניס.

אום זעקס אוהר, האט מען געענדיגט נעהמען סטאָק. דיא קלערקס האבען אָנגעפאַנגען צוזאַמענלייגען דיא וואַארע, און האבען ערוואַרטעט צו ענדיגען דיא ארבייט אום צעהן אוהר.

דער רעכענונג האט בעוויזען, אַז דיא געשעפטען פון דיעזען יאָהר, האבען בעטראָפען אכטציג מילליאָן פראַנק. צעהן מילליאָן מעהר וויא לעצטען יאָהר. דער איינציגער ארטיקעל, וואס איז דיעזען יאָהר פערקויפט געוואָרען װעניגער, איז געווען דיא קאָלירטע זייד.

אָבער מאַרעט איז געשטאַנען אויבען אויף דיא טרעפּ פון זיין מאַגאַזין און האט אויסגעזעהן פירבטערליך! מילליאָנען פראַנק זיינען יעצט געלעגען אונטער זיינע פיס. הונדערטע פון זיינע אַנגעשטעלטע וואַרען בעשעפטיגט צו ברענגען אַלעס אין אָרדנונג, אָבער מאַרעט האט געשטורמט און האט געקאָכט וויא איין אונ־צופריעדענער.

— מאַדאַם! — האט דעניס יעצט געזאָגט צו מאַדאַם אורילע. — איך בעט אייך איהר זאָלט מיר יעצט ערלויבען צו געהן, מיין פוס ערלויבט מיר ניט העלפען פּאַקען דיא וואַארע, און איך האב פערשפּראָכען מיין אָנקעל צו קומען צום מאָהלצייט.

אַלע וואס האבען דאס געהערט, וואַרען איבעררַאַשט. זיא נעהט אַלזאָ ניט! מאַדאַם אורילע האט איהר ערלויבט אַוועק צו געהן. פּאולינע האט זאָפאָרט אַוועקגעטראָגען דיא נייעס צו דאַלאַשע, וועלכער איז געוואָרען גליקליך הערענדיג, אַז דעניס געהט ניט צו מאַרעט.

דעניס איז יעצט אַוועק פון דעפּאַרטמענט. איהר הארץ וואַר געבראָכען. זיא האט געטראַכט, וואס פאַר אַ פייגלינג דיעזער מאַרעט מוז זיין. זיא האט זיך אַליין ניט פערשטאַנען. זיא האט דאָך פערעהרט און פערגעטערט דיעזען מאַן. זיא האט דאָך אַזוי פיעל ניט געוואָגט זאָגאַר צו טרוימען. וויא קומט עס, וואס זיא האט יעצט געהאַט דעם מוטה צו ענטזאָגען איהם אַזוי האַרט און אַזוי גראָב?

זיא האט זיך בעגעבען צו דיא טרעפ און האט זיך געלאָזט געהן. ווען זיא איז געקומען צו דיא אויבערסטע טרעפ, האט מאַרעט זיא דערזעהן, וועלכער איז געשטאַנען אויבען ביי׳ם גאַלערעע און האט אַרונטער געקוקט אויף זיין גרויסע מאַ־גאַזין. ער האט פערגעסען זיין סטאָק, ער האט פערגעסען זיין מלוכה אין דעם מאגאזין, ער האט ניט געזעהן דעם רייכטהום אונטער זיינע פיס. אלעס איז פאַר איהם פערשוואונדען. אלעס וואס ער האט אנגעלעבט, אלעס וואס ער האט אויס־געפיהרט און אלעס וואס ער האט געטראַכט צו טהאָן, איז אוועק וויא מיט רויך. מיט שארפע אויגען האט ער געקוקט וויא דעניס געהט אוועק, און אזוי וויא זיא איז פערשוואונדען פון מאגאזין, איז א פינסטערנעס בעפאַלען דעם „ווייבערשען גן־עדן“, און מאַרעט האט ניט געוואוסט וואס ער טהוט אין דיעזער וועלט.

## 11טער קאַפּיטעל.

מאָנסיו באטאמענט איז געווען דער ערשטער צו ערשיינען יענעם טאָג צום טהעע, וואס מאדאם דעספאַרנעס גיט אום פיער אוהר נאכמיטאג. זיא וואר אליין אין איהר גרויסען און פיינעם זאאל. ווען באטאמענט איז ערשיענען, האט זיא זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט: נו?

— נו? — האט געענטפערט דער יונגער מאַן. — ווען איך האב איהם געזאגט, אז איך וועל זיכער אהער קומען, האט ער מיר פערשפּראָכען צו קומען.

— האט איהר איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז איך האב תּיטע ערוואַרטעט דעם באראָן?

— געווים! דאס איז דיא אורזאכע ווארום ער האט פערשפּראָכען צו קומען.

זייא האבען געשפּראָכען וועגען מאַרעט, וועלכער האט צוריק מיט א יאָהר געפונען אזא ליעבע צו באטאמענט, דאס ער האט איהם פּלוצלינג געגעבען א טהייל אין דעם געשעפט, און האט איהם פאַרגעשטעלט צו זיינע פריינדע, און האט איהם מיטגענומען אין דיא געזעלשאפטען, וואו ער האט געוואָלט, אז דיעזער לוסטיגער יונג זאָל אביסעל פרעהליכער מאכען דעם עולם. דאדורך איז באטאמענט געוואָרען דיא רעכטע האנד פון זיין ווירטה, און האט געוואוסט אלע געהיימניסע צווישען מאַרעט און מאדאם דעספּאַרנעס. ער פלעגט ברענגען נייעס פון איינעם צום צווייטען. ער פלעגט בעשטימען דיא צייטען, ווען זייא זאָלען זיך זעהן, און ער

פלענט זייא אָפט צוזאמענפיהרען, ווען זייא זיינען געוואָרען בייז איינע אויף דיא אנדערע. הענריעטע דעספאָרגעס פלעגט זעהר אָפט ווערען אייפערזיכטיג. זיא פלעגט זיך פארבען און פוצען, דאס פלעגט איהם אנעקלען, דען זיא האט מקריב געווען איהר גאנצען שטאָלץ, אבי זיא זאָל ניט פערלירען איהר אויסזעהן.

זיא האט א ווײלע געווארט, דאן האט זיא אויסגעשריען מיט כעס:

— איהר האט איהם בעדארפט מיטברענגען. איך האב בעדארפט זיין זיכער, אז ער וועט קומען.

— וואס קען איך טהאָן? — האט באטאמענט געענטפערט מיט א שמייכעל. — עס איז ניט מיין שולד וואס ער אנטלויפט יעצט אזוי אָפט. אָבער איך זאג אייך, אז ער האט מיך ליעב. ווען ניט ער, וואָלט איך שטארק פערפאָלגט געוואָרען אין דיעזען מאגאזין.

באטאמענט האט געפיהלט, אז זייט מען האט גענומען סטאק אין מאגאזין, איז זיין לאגע דאָרט זעהר א טרויעריגע. ער איז געווען דער מאן, וואס פלעגט איינקויפען דיא זייד פאר דעם מאגאזין, און דיא זייד איז זעהר שלעכט געגאנגען. באטאמענט האט זאָגאר ערקלעהרט, אז ער איז ניט שולדיג, וואס דיא רעגענט הערען ניט אויף צו גיסען, און דיא פרויען האבען קיין אפעטיט צו שעהנעם זייד. אָבער יעדער האט בעמערקט, אז ער האט אנגעקויפט ווירקליך צופיעל זייד. הודין, האט אין דער שטיל געגראָבען געגען איהם איבעראל וואו ער האט געקענט, און דארום האט ער געפיהלט, אז דיא ערד ברענט אונטער איהם. וועהרענד מען האט גענומען דיעם סטאק, האט מאָרעט איהם גאנץ עפענטליך פערדאמט פאר דעם סטאק, אָבוואָהל דיא אורזאכען דערפון זיינען געווען, וואס דענים האט זיך ניט געלאָזט איבעררײדען. און באדאנקעל האט זיך אריינגעמישט איבעראל וואו מען האט ניט בעדארפט.

— גוט, איך וועל ווארטען! — האט מאדאם דעספאָרגעס ווייטער אנגע־פאנגען. — איהר ווייסט, אז יענע מיידעל קומט אהער אום פינף אוהר. איך וויל זייא זעהן געזיכט צו געזיכט. איך מוז ענטדעקען זייער געהיימנים.

מאדאם דעספאָרגעס האט ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען מאָרעט און זיין מיידעל. אין איהר אויפרעגונג האט זיא אייניגע מאל ערצעהלט, אז זיא האט געבעטען מאדאם אורילע, זיא זאָל צו איהר שיקען דענים פאסען א מאנטעל, וועלכער ליעגט זעהר שלעכט. ווען זיא וועט נור האבען דאס מיידעל אין הויז, וועט זיא שוין געפינען א וועג וויא אריינצורופען מאָרעט אין יענעם צימער און וועט אויף

וויסען וואס זיא האט דאן צו טהון. באטאמענט, וועלכער איז געזעסען נעבען איהר, האט זיא אנגעקוקט מיט זיינע פרעהליכע אויגען.

— אה, הערט דאך אויף! — האט ער געזאגט גאנץ לוסטיג. — וואס קימערט עס אייך, איך שווער אייך, אז מארעט איז ניט פערליעבט אין דאס מיידעל.

— ניין, ניין, איך ווייס, אז ער ליעבט זיא און דארום ערגערט עס מיך! — האט זיא געשריען. — איך קימער מיך גאר ניט וועגען דיא איבעריגע. ער קען האבען יעדען טאג איין אנדערע. אבער איך וויל ניט ער זאל זיא ליעבען.

יעצט האט זיא זיך צו רעדט וועגען הודין, און האט געשאסען מיט פייער. זיא האט גוט געוואוסט, אז באלד וויא דעניס האט איהם ענטזאגט, האט מארעט גענומען דעם הויכען, רויטהען יונגען מאן און האט איהם געגעבען א גרויסען פלאטץ אין מאגאזין. מארעט האט עס געטהון מיט איין אויסרעכענונג. אויסער דעם האט מארעט אין דיא לעצטע דרייא חדשים געפיהרט א שרעקליכען און אויסגעלאסענעם לעבען. ער האט זיין געלד געווארפען רעכטס און לינקס. ער האט געקויפט א פאלאסט פאר איין אויסגעלאסענעם ברודער, און ער איז רואינירט געווארען פון צווייא אדער דרייא קארטען־שפּיעלער.

עס איז אלעס דיא שולד פון דער מיאוס׳ער דארפס־מיידעל! — האט דעס־פארגעס געזאגט. — איך בין זיכער, אז ער רואינירט זיך, פאר צרות וואס זיא האט איהם ענטזאגט. אבער וואס קימערט מיך זיין געלד, איך וואלט איהם פיעל בעסער געליעבט, ווען ער וואלט געווען ארם. איהר זייט דאך אונזער פריינד, און איהר ווייסט, וויא הייס איך ליעב איהם.

זיא האט זיך שיער ניט צו־וויינט, און מיט א בעוועגונג פון א פערצווייפעלטער האט זיא אויסגעשטרעקט ביידע הענד צו באטאמענט. דען זיא האט ווירקליך גע־ליעבט דיעזען מארעט פאר זיין יוגענד און פאר זיין פעהיגקייט. נאך קיין מאן האט אזוי געוואונען איהר ליעבע און איהר שטאלץ, וועלכע זיינען בייא איהר געגאנגען צוזאמען. אבער ווען זיא האט געזעהן, אז זיא קען פערלירען דיעזען שעהנעם מאן, האט זיא זיך עראינערט, אז זיא איז שוין פערציג יאהר און האט איינגעזעהן, אז זיא וועט ניט אזוי לייכט געפינען איין אנדערן.

— איך וועל נעהמען מיין ראכע! — האט זיא געמורמעלט. — איך וועל נעהמען מיין ראכע, אויב ער וויל מיך אוועק ווארפען. איך האב איהם אין האנד. ער איז מיין געזעצליכער ברויטיגאם. ער איז צו מיר פערלאבט.

באדטאמענט האט אָנגענומען איהרע הענד און האט זייא געהאַלטען פעסט. דעספארגעס וואר אלץ שעהן, אָבוואָהל זיא וואר אלט. ער האט זיא בעטראכט און האט בעשלאָסען, אז דיעזע פרוי וועט זיין א שלעכטע געליעבטע, דאָך איז ווערטה מען זאָל דאס איבערלייגען. עס איז פיעלייכט ווערטה איינצושטעלען זיך און האבען טוואס אונאַנגענעהמליכקייט, אבי צו האבען איהר ליעבע.

פלוצלינג האט זיא ארויסגענומען איהרע הענד פון זיינע, און האט איהם גע־פרעגט, ווארום ער פּרובירט ניט עפענען א מאגאזין, אויף זיין אייגענעם רע־ענונג.

ער איז געוואָרען איבערראשט, דאן האט ער געענטפערט:

— אָבער מען דארף דערצו א גרויסע סומע געלד. לעצטען יאָהר האב איך געהאט א פּלאַן. איך בין איבערצייגט, אז פּאריז איז גרויס גענוג פאר נאך א פּאאר מאגאזינען וויא מאָרעט׳ס. אָבער מען דארף אויסקלייבען דעם געגענד. דער „באָן־מארשע" איז פון לינקען זיים טייך. דער „לאוור" פערנעהמט דעם מיטעל־פּונקט. מיר פערנעהמען דעם רייכען געגענד. דער איינציגער פּלאַטץ, וועלכער איז נאך ווערטה א סך געלד פאר אזא געשעפט, איז, בייא דער אָפּערא־הויז.

— נון —

ער האט זיך צולאכט.

— שטעלט אייך נור פאָר! — האט ער געזאגט. — איך בין געוועזען נארר גענוג צו געהן און ערצעהלען דאס מיין פאטער, אָבער דער פאטער, וועלכער האלט א קליינע קראָם אויף דעם לאנד, איז שטענדיג בייז אויף דיא גרויסע פּאריזער מאגאזינען. מיין אלטער פאטער בעטראכט דיא שטעלע וואס זיין זוהן האט, פאר דיא גרעסטע אין דער וועלט, און ער האט געזאגט, אז ער וועט בעסער אָפּגעבען זיין געלד צו א האָספּיטאל, איידער צו העלפען בויען א מאגאזין, וואס איז דיא פּעסט און דער אונגליק פון לאנד. אָבער אויסער דעם, וואס מיין פאטער איז געגען דעם פּלאַן, מוז מען דערצו האבען איינינע מיליאָנען.

— און וויא איז, ווען מען וועט דיעזע מיליאָנען קריעגען? — האט מאדאַם דעספארגעס געפרעגט.

ער האט זיא אָנגעקוקט מיט ערנסטע אויגען. איז דאס ניט בלויז דער וואָרט פון איין אייפערזיכטיגע פרוי? אָבער זיא האט איהם ניט געגעבען גענוג צייט, ער זאָל זיא אויספרעגען. זיא האט איהם גענומען ביי׳ן האנד און האט צו איהם געזאגט: — איהר ווייסט דאָך, וואס פאר א גרויסע אינטערעסע איך נעהם אין אייך. מיר וועלען עס נאך איבעררייידען.

דער גלאָק האט געקלונגען. זיא איז אויפגעשטאַנען און ער האט אויך אָפּ־גערוקט זיין שטוהל, גלייך וויא מען וואָלט זייא דאָ איבערראַשט בייא עטוואס אונאַנשטענדיגעס. ביידע זיינען געבליבען שטיל און דיא מאַדאַם איז געבליבען שטעהן און האט זיך צוגעהערט.

— דאָרט קומט ער! — האט זיא געמורמעלט.

דער דיענער האט געמעלדען מאַנסיו מאַרעט און מאַנסיו וואַלאַנאַץ, פון מאַרעט׳ס מאַגאַזין. הענריעטע דעספּאַרגעס איז דאַדורך געוואָרען אויפגעבראַכט, ווארום ער איז ניט געקומען אליין? ער האט וואהרשיינליך געבראַכט זיין פריינד, אום זיא זאָל צו איהם ניט קענען ריידען פון איהר ליעבע. אָבער וויא אין הארצען האט געקאָכט, האט זיא דאָך געמאַכט א פרעהליכע מיענע און האט גערייכט איהר האַנד צו ביידע מענער.

— איהר זייט שוין ביידע גאַנץ פרעמד אין מיין הויז? — האט זיא געזאַגט מיט א שמייכעל.

פון אלע איהרע זאָרגען, האט מאַדאַם דעספּאַרגעס געהאט איינע, וואס איז געווען דיא גרעסטע. דיעזע איז געווען, וואס זיא ווערט זעהר דיק, און צוליעב דעם פלעגט זיא אַזוי צוזאַמענדריקען איהר קאָרסעט און אלע שווארצע זיידענע קליידער, דאס דיא נשמה פלעגט שפּאַרען פון איהר נאָז. אָבער איהר געזיכט, און איהרע דונקעלע האאר, זיינען געבליבען שעהן.

— עס איז איבעריג צו פרעגען וויא איהר פיהלט? — האט מאַרעט געזאַגט העפליך. — איהר זייט פריש וויא א ראָזע.

— אה, איך בין באלד צופיעל געזונד! — האט זיא געענטפערט. — איך האב אונטער דער צייט געקענט שטאַרבען און איהר וואָלט דערפון גאר ניט גע־וואוסט.

זיא האט איהם בעטראַכט פון קאָפּ ביז דיא פיס, און זיא האט בעשלאָסען, אז ער זעהט אויס מיעד און נערוועז, זיינע אויגען זיינען שוועער און דיא פארב פון זיין געזיכט, איז געביטען.

— עס טהוט מיר אָבער לייד! — האט זיא ווייטער געזאַגט מיט א זיסען קול. — איך קען אייך ניט אומקעהרען דעם קאָמפּלימענט. איהר זעהט ניט אויס זעהר גוט.

— צופיעל ארבייט! — האט וואַלאַנאַץ געענטפערט.

מאַרעט האט געצווינגען זיינע אַקסלען און האט ניט געענטפערט. ער האט ערשט בעמערקט באַטאַמענט און האט זיך צו איהם געגריסט. נגען מאַרעט איז

אין איהם געווען איינגעגקוויבט, פלעגט ער איהם אין מיטען טאָג אוועק געהמען פון מאגאזין און פלעגט איהם פיהרען צו הענריעטע דעספאַרגעס. אָבער דיא צייטען האבען זיך געביטען, און גאנץ שטיל האט ער הייטע צו איהם געזאָגט:

— איהר זייט אוועק צו פריה פון מאגאזין. זייא האבען דאָרט בעמערקט, אז איהר זייט אוועק און זייא זיינען שרעקליך אויפגעבראַכט.

דיא „זייא" האט ער געמיינט בארדאנקעל און דיא איבעריגע וואס האבען א קליינעם טהייל אין דעם מאגאזין; און ער האט עס געזאגט, גלייך וויא ער וואָלט ניט געווען זייער מייסטער, און גלייך וויא ער האט ניט דיא הויפט דעה אין דעם געשעפט.

— אח! — האט באטאמענט געמורמעלט און האט זיך געשראָקען.

— איך וויל מיט אייך עטוואס ריידען! — האט מאָרעט צו איהם ווידער געזאגט. —ווארט אויף מיר, מיר וועלען געהן צוזאמען.

דערווייל האט זיך הענריעטע ווידער געזעצט, און וועהרענד זיא האט געהערט וואס וואלאנאץ האט ערצעהלט, אז מאדאם באוועס, ווען זיא הייטע בעזוכען, האט זיא ניט ארונטער גענומען דיא אויגען פון מאָרעט'ס געזיכט. מאָרעט איז געזעסען שטיל, האט בעטראכט דיא מעבעל און דיא אנדערע זאכען אין זאאל. ענדליך, ווען זיא האט בעמערקט מיט א שמייכעל, אז זיא האט הייטע נור מענער צו איהר טהעע, האט ער אין גאנצען פערגעסען יעדע עטיקעטע, און האט געזאגט:

— איך האב ערווארטעט צו טרעפען דאָ באראָן הארטמאַן!

הענריעטע איז געוואָרען וויים. זיא האט געוואוסט, אז מאָרעט קומט אין איהר הויז, נור אום צו טרעפען זיך מיט דעם באראָן, אָבער ער האט דאָך געמעגט זיין קלוג און העפליך און ניט ארוים ווייזען אזוי אָפען, אז ער קימערט זיך ניט וועגען איהר. אין דיעזען אויגענבליק איז דער דיענער ערשיענען אין זאאל. הענריעטע האט איהם געגעבען א צייכען, ער זאָל צו איהר צוגעהן און זאגען אין דער שטיל, ווער איז געקומען. דער דיענער האט זיך צוגעבויגען און האט געזאגט:

— עס איז דאס פריילין, וואס דאַרף אייך אָנפּאסען דעם מאַנטעל. איהר האט מיר געזאגט איך זאָל אייך אָנזאגען, ווען זיא וועט קומען.

אין דיעזען מאָמענט, האט דיא גאנצע אייפערזוכט בעהערשט דיעזע עלטערע דאַמע, און מיט איהר גאנצען כעס, האט זיא אויסגערופען:

— זיא קען ווארטען!

— זאָל איך זיא אריינפיהרען אין אייער גארדעראָבע?

— ניין, זאָל זיא שטעהן אין פאָרציטער.

ווען דער דיענער איז ארויס, האט זיא ווייטער גענומען פיהרען איהר געשפרעך מיט וואלאנאץ. מאָרעט האט זיך צו אלעס איינגעהערט און האט זיך גאר ניט געקימערט, וואס ארום איהם געהט פאָר. באטאמענט, וועלכער האט געוואוסט וואס דאָ וועט פאסירען, וואר זעהר פערטראכט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און צווייא דאמען זיינען אריינגעפיהרט געוואָרען אין זאאל.

— שמעלט אייך נור פאָר! — האט מאדאם מארטי געזאגט, אריינקומענדיג. — איך בין ארויס פון מיין וואָגען און האב גראדע אָנגעטראָפען מאדאם באוועס. זיא איז געקומען צו פוס.

— עס איז א שעהנער טאָג! — האט מאדאם באוועס געענטפערט. — און מיין דאָקטאָר האט מיר געהייסען געהן וואס מעהר.

נאך דעם וויא אלע האבען זיך געגריסט, האט מאדאם באוועס א פרעג געטהון דער ווירטהין:

— איהר דינגט יעצט א נייע דיענסט?

— ניין! — האט העגריעטע געענטפערט מיט איבערראשונג. — וויא קומט איהר עס צו דענקען?

— וויל איך האב ערשט בעמערקט א יונגע מיידעל אין דעם פאָרציטער.

העגריעטע האט זיך צולאכט: — אלע מאגאזין־פרויען זעהן אוים וויא דיענסטען. — אה, דיא וואסווארט אין פאָרציטער, איז א יונגע מיידעל, וועלכע איז געקומען אָנפאסען א מאנטעל.

מאָרעט האט זיא אָנגעקוקט, און זיין קאָפּ איז אריינגעפאלען א געדאנק. אָבער העגריעטע האט גאנץ לוסטיג ווייטער ערצעהלט, אז זיא האט צוריק מיט א וואָך געקויפט א מאנטעל אין דעם „ווייבערשען גן־עדן". איך האב געוואָלט מאכען א פראָבע, אָבער עס האט ניט געלונגען. איהר קענט אייך זאגען וואס איהר ווילט, אין דיא גרויסע מאגאזינען רוקט מען אויף אריין אלע שמאטעס. איך זאג דאס אָפען, זאָגאר אין געגענווארט פון מאָנסיו מאָרעט. איהר וועט קיינמאל ניט קענען דיא קונסט אָנצופאסען א קלייד אויף א פרוי.

מאָרעט האט ניט געענטפערט און האט אויך ניט פרובירט פערטהיידיגען זיין

פירמע. ער האט געהאלטען זיינע אויגען שארף אויף מאדאם דעספארנעס און האט ביי זיך געטראכט, אז זיא האט אזא זאך קיינמאל ניט בעדארפט טהאן.

באטאמענט האט דארום גענומען פערטהיידינגען דיא פירמע.

— דיא רייכסטע און שעהנסטע אריסטאקראטישע פרויען, בעזוכען אונזער מאגאזין! — האט ער געזאגט. — איהר קענט איבערראשט ווערען, ווען איהר זאלט וויסען ווער אונזערע קונדען זיינען. ווען מען בעשטעלט ביי אונז א מאנטעל, איבער־שטייגט ער יעדען מאנטעל אין פאריז. דער חסרון איז נור, וואס ביי אונז קאסט ער פיעל בילינגער און דארום איז ער ערגער אין אייערע אויגען.

— זא, דער מאנטעל, וואס איהר האט געקויפט, פאסט אייך ניט! — האט מאדאם באוועס אנגעפאנגען דעם געשפרעך אויף דאס נייע. — אה, יעצט ערינער איך מיך, איך האב טאקע געזעהן דיא מיידעל אין מאגאזין. אין אייער פארצימער איז צו דונקעל.

— יא, יא, איך האב מיך ניט געקענט ערינערן, וואו איך האב געזעהן יענע פיגור. נון, מאדאם דעספארנעס, איהר דארפט זיך פאר אונז ניט שעהמען, און איהר דארפט מיט אונז אויך ניט שפיעלען צופיעל צערעמאניע. געהט און לאזט זיך אנפאסען דעם מאנטעל.

הענריעטע האט זיך אבער ניט געריהרט פון ארט. זיא האט געזאגט, אז זיא האט צייט.

— איהר זעהט אויס קראנק, מאנסיו מארעט! — האט מאדאם באוועס בעמערקט.

— צופיעל ארבייט! — האט וואלאנאץ געענטפערט.

מארעט האט זיך פלוצלינג אויפגעכאפט, גלייך וויא ער האט זיך פערשעמט וואס ער איז ביז יעצט געוועזען אזוי פערשלאפען און פערטראכט. ער איז אויפגע־שטאנען, האט זיך געזעצט צווישען דיא פרויען און האט אנגעפאנגען צו שפיעלען דעם חעפליכען, פרעהליכען און מונטערן קאוואליער, וויא ער איז אימער געוועזען.

— באראן הארטמאן! — האט דער דיענער יעצט אנגעזאגט.

הענריעטע האט בעמערקט מיט וואס פאר א פערגניגען מארעט האט גע־דריקט דעם באראנ׳ס האנד. דער באראן האט זיך פערנייגט פאר דיא דאמען און האט זעהר פריינדליך בעטראכט דעם יונגען מאן.

— איהר זייט אימער פערטהון אין איין געשפרעך. — האט ער געזאגט מיט

א שמייכעל. — איהר רעדט אזוי פיעל פון אייערע קליידער, און איהר ווייסט נאך ניט, אז א רייצענד שעהנע מיידעל שטעהט אין קאָרידאָר. — ווער איז זיא?

— אה, א גאר ניט! — האט דעספּאַרגעס גענטפערט מיט איהר בייזען קול. — זיא איז ניט מעהר וויא איין ארבייטערין, וועלכע װאַרט אויף מיר.

דיא טהיר איז געשטאַנען האלב אָפען. דיא דיענסט האט אריינגעבראַכט דעם טהעע. מען האט געטראַגען געשיר, געבעק און טהעע. יעדעס מאל וואס דיא טהיר האט זיך געעפענט, האט מען געקענט זעהן דעם קאָרידאָר. דאָרט אין א דונקעלען ווינקעל, איז געשטאַנען א שעהנע געשטאַלט, וואס האט זיך ניט געריהרט און איז געשטאַנען מיט געדולד. עס וואר דעניס, וועלכע איז געבליבען שטעהן. דאָרט האט זיך זאָגאר געפונען א ווייכער שטוהל, אָבער איהר שטאָלץ האט זיא ניט דערלאָזען, זיא זאָל זיך אויף איהם זעצען. זיא האט זעהר טיעף געפיהלט דיא בעליידיגונג. זיא איז דאָרט געשטאַנען דיא לעצטע האלבע שטונדע אָהן א בעוועגונג, אָהן א ריהר. דיא דאַמען און דער באַראָן האבען זיא בעמערקט, ווען זייא זיינען דורכגעגאַנגען. זיי האט יעצט געקענט הערען וואס מען רעדט אין זאַאל. דער געשפּרעך האט געשטאָכען איהר הארץ, אָבער זיא האט זיך נאך אלץ ניט געריהרט. פּלוצלינג האט איהר דורך דער האלב־אָפענער טהיר דערזעהן דעם איינענטהימער פון „ווייבערשען גן־עדן", און ער האט זיך אָנגעשטאָסען, אז דיא שעהנע מיידעל, מוז זיין דעניס.

— איז דאָרט איינע פון אייערע אנגעשטעלטע? — האט באַראָן הארטמאַן געפרעגט.

מאָרעט האט בעהאלטען זיין גרויסע אויפרעגונג, אָבער זיין שטימע האט געציטערט, ווען ער האט גענטפערט: „איך דענק אזוי, אָבער איך ווייס ניט ווער זיא איז.

— עס איז דיא קליינע שעהנע מיידעל פון דעם קליידער־דעפּאַרטמענט! — האט מאַדאַם מאַרטי געזאַגט. — איך דענק, אז עס איז דיא צווייטע האנד.

העַנריעטע האט יעצט דורכגעקוקט מאָרעט'ס געזיכט, אָבער מאָרעט האט מיט קיין זאך ניט בעוויזען זיין אויפרעגונג.

ער האט פּרובירט בייטען דעם געשפּרעך. ער האט גענומען ערצעהלען וועגען דיא אויפנאַהמע, וואס ווערט געגעבען דעם פּרייסישען קעניג, וועלכער איז דאַן דורכגעפאָהרען פּאַריז. אָבער דער באַראָן האט ניט אָפּגעלאָזען דעם געשפּרעך וועגען דיא שעהנע פרויען אין דעם „ווייבערשען גן־עדן". עס האט געשיינט, אז ער איז נייגעריג צו וויסען אלע אייגצעלהייטען וועגען זייא, און ער האט געשטעלט

איינינע פראגען. פון וואנען שטאמען די מייסטען פון זייא? פיהרען זייא זיך ווירקליך אויף אזוי שלעכט וויא מען זאגט?

דיעזע פראגען האבען ארויסגערופען א גאנצע דעבאטע.

— ווירקליך! — האט ער אויסגערופען איבערראשט. — איהר דענקט, אז זייא פיהרען זיך גוט אויף?

מאָרעט האט פערטהיידינגט דיא עהרליכקייט פון דיא פרויען אין זיין מאגאזין, דאס וואלאנאץ האט געמוזט שטייכלען. באטאמענט האט זיך אריינגעמישט צו העלפען זיין הערר. ער האט ערקלעהרט, אז דאָרט געפינען זיך אי גוטע, אי שלעכטע.

דיא פרויען האבען זיך אויך אריינגעמישט אין דעם געשפרעך און זייא האבען שטארק בערעדט דיא פרויען אין דעם מאגאזין. עס וואַ א פראגע פון פרויען געגען פרויען, וואו געלד און שעהנהייט קאָנקורירען אויף טויט און לעבען. דען דיא פרויען וואס שטעהן אין דיא מאגאזינען, זיינען מקנא דיא שעהן פערפוצטע רייכע דאמען, וועלכע זייא ווילען נאכטהון, און דיא ארמע פרויען, וועלכע האבען זיך ניט מיט וואס צו פוצען, און אויס קנאה צו דיא פרויען-קלערקס, וואס שטעהן אין שווארצע און זיידענע קליידער און ווייסע קאָלנערס, נעהמען זייא ראכע פון דיא ארמע מיידלעך, דערמיט וואס זייא שאפען זיך מיט זייא, וויא מיט דיענסטען, ווען זייא דארפען קויפען פאר עטליכע סו.

— רעדט ניט פון זייא! — האט הענריעטע געזאגט, וויא איינע וואס וויל ענדיגען דעם געשפרעך. — זייא זיינען א געזינדעל, וואס זיינען פערטיג צו פערקויפען זיך אליין, וויא זייא פערקויפען וואארע.

מאָרעט האט זיך צוקאכט. דער באראָן האט איהם בעטראכט און האט בעוואונדערט זיין קראפט צו בעהעררשען זיך, און ער האט זאָפאָרט געביטען דעם געשפרעך, און האט אָנגעפאנגען צו ריידען פון דעם קעניג׳ס בעזוך. הענריעטע איז געבליעבען שטיל און פערטראכט. זיא האט ניט געוואָלט לאָזען דיא מיידעל נאך ווארטען אין קאָרידאָר, און האט אויך מורא געהאט, דאס יעצט וויא מאָרעט זייט וועט ער זיך אויפהויבען און וועט אוועק געהן. ענדליך האט זיא זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל.

— איהר וועט מיר ערלויבען?

— געוויס! — האט מאדאם מארטי אויסגערופען. — איך וועל דאָ בעדיענען זייא נעכסט פאר אייך.

דא איז אויפגעשטאנען, האט גענומען דיא טהעע און האט אנגעגאסען דיא גלעזער. העגריעטטע האט זיך יעצט געווענדעט צום באראן מיט דער בעמערקונג :

— איהר וועט דאך דא נאך פערבלייבען א פאאר מינוטען, ניט וואהר ?

— יא, איך וועל ריידען מיט מאנסיו מארעט. מיר וועלען זיך בעגעבען אין אייער זאאל.

זיא איז ארויס, און איהר שווארצע זיידענע קלייד האט זיך געריבען ארום טהיר און האט ארויסגעגעבען אזא קלאנג, וויא א שלאנג וואס לויפט דורך דעם וואלד. באראן הארטמאן האט זאפארט ארויסגערופען מאנסיו מארעט און האט איבערגעלאזען דיא דאמען מיט באטאמענט און וואלאנאץ. זייא האבען זיך געשטעלט ביי'ם פענסטער פון צווייטען צימער און האבען גערעדט אין דער שטיל. עס וואר א נייער געשעפט. זייט א לאנגע צייט איז מארעט ארומגעגאנגען מיט א פלאן, צו פערגרעסערן זיין מאגאזין אויף אלע פיער עקען, אום ער זאל אריינגעהן אין אלע פיער גאסען. אין דער דעסעמבער גאס, איז נאך פערבליבען א גרויסער שטיק פלאטץ, וועלכען מען האט נאך בעדארפט אויסקויפען, און דאס האט געשטערט אלע זיינע פלענער. ער האט ניט געקענט איבערטראגען, וואס דער אריינגאנג אין זיין מאגאזין, איז דורך א פינסטערע און קליינע גאס. דאס איז געגען אלע פרינציפען פון זיין געשעפט און דאס איז געגען זיין שטאלץ. ער האט געוואלט, אז זיין מאגאזין זאל אריינגעהן אין איינע פון דיא גרעסטע עוועניוס, וואו דיא גרעסטע אריסטאקראטיע געהט דורך. אבער ער האט זיין גרויסען פלאן נאך אלץ ניט געקענט אויספיהרען, דאדורך וואס דיא „קרעדיט־באנק" איז געבליבען פעסט ביי דעם בעשלוס צו בויען א האטעל, דארט וואו מארעט האט געוואלט פערגרעסערן זיין מאגאזין. זייא האבען שוין געהאט פערטיג דעם פלאן פאר דעם האטעל. זייא האבען נור געווארט, אויף געוויסע איינצעלהייטען און קלייניגקייטען.

אין א לאנגען געשפרעך, האט מארעט אנגעפאנגען צו איבערצייגען דעם באנקיר, דיא ריכטיגקייט פון זיין פלאן.

— מיר האבען נעכטען געהאט א פערזאמלונג פון דיא באנק־דירעקטארען ! — האט דער באראן געזאגט, און איך בין יעצט געקומען מיט דעם געדאנק, צו ערצעהלען אייך אלעס וואס איז געשעהן. זייא זיינען נאך אלץ פעסט בייא זייער וואונש, צו בויען א קאנקורענציע צום גרענד־האטעל.

מארעט איז געווארען אויפגערעגט.

— דאס איז דאָך לעבערליך! — האט ער געזאגט. — וואס דינען זייערע ארגומענטען פאר דיזער אונטערנעהמונג?

— זייא זאגען וואס איך האב אייך שוין פריהער געזאגט, און וואס איך האלט נאך יעצט אין מיינע געדאַנקען. אייער נייע געביידע, וואס איהר ווילט מאכען, איז בלויז א ציערונג. דער מאגאזין אליין, ווען דערמיט ניט גרעסער ווערען. עס וועט בלויז הייסען, אז מען ווארפט אוועק א פערמעגען, צוליעב א פוסטע אדווער־טייזמענט.

מאָרעט האט מעהר ניט אויסגעהאַלטען. מיט גרויס אויפרעגונג האט ער אויסגעשריען:

— איין אדווערטייזמענט! איין אדווערטייזמענט. יא, דאס וועט זיין א מאָ־נומענט, וואס וועט אונז אַלעמען איבערלעבען. דאס וועט פערגרעסערן מיין געשעפט אויף צעהן מאל אזוי פיעל. אין צווייא יאָהר, נעהמען מיר צוריק אריין דאס גאנצע געלד.

— דאס איז מעגליך! — האט דער באראָן געענטפערט. — אָבער איהר זייט ניט מעהר וויא א פּאָעט. איך וועל אייך נאך אמאל זאגען, אז מיר דענקען אַלע, אז עס איז א געפאהר צו פערגרעסערן אייער מאגאזין א צווייטען מאל. זייא וו(?)לע(?) איך אליין בעשיצען פון איין אונגליק.

— וואס מיינען זייא דערמיט? — האט מאָרעט אויסגעשריען. — די ציפער בעווייזען, אז אונזער געשעפט שטייגט פון טאָג צו טאָג. מיט א קאפּיטאל פון פינף הונדערט טויזענד פראנק האב איך געמאכט געשעפטען אויף צווייא מיליאָן פראנק א יאָהר. איך האב אַלזאָ פיער מאל אומגעדרעהט מיין קאפּיטאל. פון א האלב מיליאָן איז דער קאפּיטאל געשטיגען אויף פיער מיליאָן, מיט וועלכע איך האב גע־מאכט געשעפטען אויף פערציג מיליאָן פראנק א יאָהר. בייא דעם לעצטען רעכנונג, האב איך אויסגעפונען, אז די געשעפטען פון אונזער מאגאזין אין דעם לעצטען יאָהר, האבען בעטראָפען אכטציג מיליאָן פראנק. אונזער קאפּיטאל, וועלכער איז בלויז פערגרעסערט געוואָרען אויף צווייא מיליאָן, ווייל ער בעטרעפט ניט מעהר וויא זעקס מיליאָן, איז אומגעדרעהט געוואָרען אין אונזער געשעפט מעהר וויא צוועלף מאל.

וועהרענד ער האט אזוי גערעדט, האט ער געקלאַפּט מיט זיין פינגער אויף זיין האנד, גלייך וויא ער וואָלט געצעהלט די מיליאָנען.

— דאס אַלעס ווייס איך! — האט דער באראָן געזאגט. — אָבער איהר תּאָפּט דאָך ניט, דאס אייער געשעפט וועט אימער אזוי שטייגען.

— ווארום דען ניט? — האט מאַרעט געפרעגט איבערראשט. — איך ווייס ניט ווארום זאָל עס ניט שטיינען וויא ביז יעצט. דער קאַפּיטאַל קען אומגעדרעהט ווערען פופצעהען מאָל א יאָהר. אין געוויסע דעפּאַרטמענטס, קען מען עס אומדרעהען פינף און צוואַנציג מאָל. מיר וועלען אין דער צוקונפט געפינען מיטלען וויא אויפצוהויבען דעם געשעפט נאָך העכער און העכער.

— און איהר דענקט איינצושלינגען דאס גאנצע געלד פון פּאַריז?

— גאַנץ געוויס. פּאַריז געהערט צו די פרויען, און די פרויען געהערען צו אונז.

דער באַראָן האט ארויפגעלייגט זיינע הענד אויף מאַרעט׳ס אַקסלען, און אזוי וויא א פאטער צו א קינד, האט ער צו איהם געזאגט:

— הערט מיך אויס, מאַרעט. איך האב אייך זעהר ליעב, קיינער קען אייך ניט ענטזאגען. מיר וועלען די זאך נעהמען ערנסט, און איך האָף, אז איך וועל איבעררייִדען די דירעקטאָרען. ביז יעצט זיינען מיר מיט אייך גאַנץ צופריעדען. אייער פּראָפיט איבערראשט די בערזע. איהר האט רעכט, עס איז בעסער אריינצולייגען נאָך געלד אין אייער מאגאזין, אלס ריזיקירען א פערמעגען אויף א קאָנקורענציע מיט דעם האָטעל.

מאַרעט׳ס אויפרעגונג איז זאָפאָרט פערשוואונדען. ער האט בעדאנקט דעם באַראָן און זייא האבען געענדיגט זייער געשפּרעך. וואלאנאַץ, וועלכער האט בעמערקט, אז דער געשפּרעך איז צו ענדע, איז צו זייא צוגעגאנגען, און מאַרעט האט דערווייל ווידער געוואָרפען איין בליק צום טהיר, אונטער וועלכע דעניס האט זיך בעדארפט געפינען.

דער באַראָן האט עס בעמערקט און האט עס פערשטאַנען.

— מיר שיינט, אז זייא נעהמען זייער ראַכע! — האט ער בעמערקט.

— ווער? — האט מאַרעט געפרעגט צומישט.

— די פרויען. מיר שיינט, אז די פרויען האבען אויפגעהערט צו בעלאַנגען צו אייך. יעצט בעלאנגט איהר צו זייא. עס איז אויך ניט מעהר וויא רעכט.

דיעזע בעמערקונג איז געווען קיין וויטץ. באַראָן הארטמאַן האט גוט געוואוסט פון מאַרעט׳ס געשעפטען מיט פרויען. ער האט געוואוסט פון די פּאַלאַסטען, וואס ער האט געקויפט איינינע אַקטריסעס. די ריעזיגע סומען, וואס ער האט פערשווענדעט מיט פערשיעדענע מיידלעך, וועלכע ער האט געפונען אין די פערשיעדענע קאפעע־הייזער.

— דאס איז נים מעגליך. איך ווייס נים דערפון ! — האט מארעט גע־ענטפערט.

— אה, איהר ווייסט זעהר גוט ! דיא פרויען האבען אימער דעם לעצטען ווארט. איך האב אימער געזאגט צו זיך אליין, אז מארעט מוז זיך בעריהמען, ער קען נים זיין שטארקער וויא יעדער מענש אין דער וועלט. אבער אם ענדע איז אלעס ארויס אויפ'ן וואהר. ציה דיא בלוט פון דיא פרויען, שלעפ פון זייא וויא מען שלעפט פון א גאלד־גרוב, אבער צוליעב וואס ? נים מעהר אום זייא זאלען פון אייך קענען אם ענדע אלעס אויפמאנען. זיים פארזיכטיג, וויל זייא וועלען פון אייך ארויס שלעפען מעהר געלד און מעהר בלוט, וויא איהר האט פון זייא גע־שלעפט.

ער האט זיך זעהר הויך צו לאכט. וואלאנאץ האט אויך געלאכט, אבער ער האט קיין ווארט גערעדט.

מארעט האט זיך צו לאכט און האט אויסגערופען :

— אה, א מענש מוז אלעס ליעבען. געלד האט קיין ווערטה, ווען מען גיט עס נים אויס.

— דאס בין איך מודה ! — האט דער באראן געענטפערט. אמוזירט זיך, מיין ליעבער הערר. איך וויל אייך נים מוסר'ן, איך האב אויך קיין מורא פאר דעם גרויסען קאפיטאל, וואס מיר האבען אנפערטרויערט אין אייערע הענד. אויסער דעם איז קיין אונגליק, ווען א מענש רועגירט זיך, זאלאנג ער איז פעהיג אויפצובויען א נייען פערמעגען. אבער אויב געלד פערלארען איז גאר נישט פערלארען, זיינען דא אין דער וועלט געוויסע שמערצען, פון וועלכע מען דארף זיך היטען. —

ער האט זיך פערטראכט און איז געווארען טרויעריג. ער האט זיך ערא־ינערט אויף געוויסע שמערצען וואס ער האט אמאל געהאט. ער האט זיך אינטערעסירט אין דער ליעבע צווישען הענריעטע דעספארגעס און מארעט, וויא איינער וואס האט זיך ליעב צו מישען אין פרעמדע געשעפטען. ער האט געפיהלט, אז דער קריזיס פון זייער מלחמה איז יעצט געקומען. ער האט זיך פארגעשטעלט, וואס דא ווערט אפגעשפיעלט, וויל ער האט שוין פריהער געהערט פון מארעט'ס ליעבע צו דעניס, וועלכע שטעהט אין פארצימער.

— אה, שמערצען, דאס איז נים פאר מיר ! — האט מארעט געענטפערט וויא א העלד. — עס איז גאנץ גענוג ווען מען קען בעצאהלען.

דער באראן האט איהם א ווילע בעטראכט און האט נים געענטפערט. דאן האט ער לאנגזאם געזאגט :

— אח, מאַרעט, מאַכט זיך ניט ערגער וויא איהר זייט אין דער ווירקליכ־קייט. איהר ווערט אין דיעזער שפּיעל פערלירען עטוואס מעהר וויא געלד. יא, איהר ווערט זיך אליין פערלירען. דאס טרעפט זעהר אָפט, ניט וואהר, מאָנסיו וואַ־לאנאַץ?

— אזוי זאגט מען! — האט דער יונגער מאַן געענטפערט.

אין דיעזער מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט. מאַרעט האט א שפּרונג געטהאָן צוריק, דיא דרייא מענער זיינען געוואָרען רויטה. מאַדאם דעס־פּאַרגעס, האט דאס געעפענט דיא טהיר, און האט גאַנץ האסטיג אויס־גערופען:

— מאָנסיו מאַרעט! מאָנסיו מאַרעט! דאן ווען זיא האט בעמערקט דיא דרייא מענער, האט זיא געזאָגט: — איהר ווערט מיר ענטשולדיגען, ניט וואר. איך וועל פון אייך א ווײלע צונעהמען מאָנסיו מאַרעט. איך פערלאַנג זיינע מבינות אויף דעם מאַנטעל וואס איך האב בייא איהם געקויפט. זיין מיידעל איז א בהמה. זיא האט קיין פערשטאַנד און קיין געשמאַק. קומט, קומט, איך וואַרט פיר אייך.

ער האט זיך פערטראַכט און האט ניט געוואָלט געהן. ער האט זיך פאַרגע־שטעלט דיא סצענע, וועלכע דאָרט וועט זיך אָפּשפּיעלען. אָבער דער באַראָן האט איהם צוגערעדט ער זאָל געהן, וויל מען קען דאָך ניט ענטזאגען אזא דאַמע וויא העגריעטע דעספּאַרגעס.

מאַרעט איז געגאַנגען. דיא טהיר האט זיך צוגעמאַכט און איהם האט גע־שיינט, אז ער קען הערען וויא וואלאנאַץ לאַכט פון איהם. זיין גאַנצער מוטה איז פערשוואונדען. ער האט געוואוסט, אז דעניס מוז יעצט זיין דער קרבן פון איין אייפערזיכטיגע פרוי, וועלכע איז יעצט אימשטאַנדע צו נעהמען ראַכע פון דער שוואַכער מיידעל.

צו ערשט האט איהם מאַדאם דעספּאַרגעס דורכגעפיהרט דעם שלאָף־צימער, דאַן האט זיא איהם אריינגעפיהרט אין גאַרדעראָב. דיא גאַרדעראָב וואר א גרויסער צימער, בעהאַנגען מיט רויטהען זייד, און מעבלירט מיט מאַרמאָר און שפּיעגלען. דיא פענסטער איז אריין אין הויף, און עס וואר דאַרום דונקעל אין צימער. דיא גאַז איז אָנגעצונדען געוואָרען.

— יעצט וועלען מיר עס אָנפּאַסען! — האט העגריעטע געזאָגט. — פּיעלייכט וועלען מיר יעצט פערשטעהן וואס דאָ פעהלט.

ווען מאַרעט איז אריין אין צימער, האט ער געפונען דעניס אין מיטען צימער, וואו זיא איז געשטאַנען גלייך און שטאָלץ אונטער דעם ברענענדען גאַז. זיא וואר

זעהר בלאס, און װאר גאנץ איינפאך געקליידעט. אויף איהר ארם האט זיא גע־האלטען דעם מאנטעל, װאס זיא האט געבראכט פאר מאדאם דעספארגעס. װען זיא האט דערזעהן דעם יונגען מאן, האבען איהרע הענד גענומען ציטערן.

— איך װיל מאנסיו מארעט זאל אורטהיילען! — האט הענריעטע געזאגט.— העלפט מיר אנטהון דעם מאנטעל, מאדמאאזעל.

דעניס האט איהר דערלאנגט דעם מאנטעל. זיא האט שוין געהאט א פאאר שפילקעס אין דיא אקסלען, אום צו פערצייכענען דיא זייטען װאס פאסען נים. הענריעטע האט זיך אומגעדרעהט אין אלע זייטען אום צו בעטראכטען זיך אין שפיעגעל.

— איז דאס גוט? זאגט אפען!

— עס טויג ניט אין דער װירקליכקייט! — האט מארעט געזאגט אום צו מאכען קורץ דעם גאנצען געשעפט. — דיא יונגע דאמע װעט אייך געהמען א מאס און מיר װעלען אייך מאכען איין אנדער מאנטעל.

— ניין, איך װיל דיעזען, איך װיל איהם האבען געפאסט. — האט הענריעטע אויסגערופען. — אבער ער איז צו שמאל אין בוזים און ער קנייטשט זיך ארום דיא אקסלען. איך פערשטעה ניט, װאס ניטצט דיעזער פריילין צו שטעהן און קוקען אויף מיר. מיט דיא אויגען קענט איהר עס ניט מאכען בעסער. פרובירט געפינען א מיטעל, דאס זיינען דאך אייערע געשעפטען, פריילין, איהר דארפט עס װיסען.

דעניס האט װיעדער אנגעפאנגען אריינצושטעלען דיא נאדלען, אהנע צו זאגען א װארט. זיא האט געהאט א היבשע ביסעל ארבייט. זיא האט בעדארפט דורכ־מעסטען ביידע אקסלען, און זיא האט זיך זאגאר געמוזט שטעלען אויף דיא קניע אום ארונטער צו ציהען דעם מאנטעל פון אונטען. הענריעטע האט זיך איבער איהר איינגעבויגט און האט געמאכט אלערלייא זויערע מיענעס, װיא א בעל־הבית'טע, װעלכער מען קען ניט צופריעדען שטעלען. עס האט איהר פערשאפט גרויס פערגניגען צו ערניעדריגען דיעזע מיידעל, און מאכען זיא פאר איהר דיענסט, און האט זיך צוגעקוקט צו יעדע מיענע װאס מארעט מאכט, אום צו זעהן אויב דאס טהוט איהם װעה.

— שטעקט אריין א שפילקע אין דעם ארבעל! ניין, ניין, איהר פערשטעהט דאך ניט װאס מען רעדט צו אייך, שטעקט אריין א שפילקע אין דיעזען ארט. אם דארט דרעהט זיך נאך אלעס. זייט פארזיכטיגער, אייערע הענד קלעפען זיך גאר ניט צו דער ארבייט. איהר שטעכט מיך מיט דיא שפילקעס.

מאָרעט האט צווייא מאל פּראָבירט מאַכען איין ענדע צו דיעזער סצענע. זיין הארץ האט איהם געריסען, וואס זיין געליעבטע ווערט אזוי ערניעדריגט. ערשט יעצט האט ער גענומען ליעבען דיעזע דעניס נאָך מעהר וויא פריהער, ער האט זיך פערליעבט מיט זיין גאַנצע הארץ אין איהר גרויסארטיגען געדולד און שטילקייט. אָבוואָהל דעניס הענד האבען עטוואס געציטערט פון דיעזער סצענע אין זיין גע־נענווארט, דאָך האט זיא אָנגענומען איהר לאַגע מיט דעם קוראזש פון א העלדין. מאדאם דעספּאָרגעס האט יעצט אויסגעפונען, אז זיא וועט איהר ניט ארויסברענגען פון געדולד, און זיא האט פּרובירט איין אנדער מיטעל. זיא האט אָנגעפאנגען צו שמייכלען צו מאָרעט, און האט איהם גענומען אָפען בעהאנדלען אלס איהר געליעבטען. דיא שפּילקעס זיינען אויסגעגאנגען און זיא האט זעהר ליעבליך צו איהם געזאגט:

— מיין טהייערער, גיט א קוק אין דעם קעסטעלע איבער דעם וואַש־טישעל. איז עס לעדיג? אהה, אין מיין שלאָף־צימער בייא דעם שפּיעגעל, וועט איהר געפינען גענוג שפּילקעס.

זיא האט צו איהם גערעדט, גלייך וויא איהר הויז איז זיין היים, און גלייך וויא ער שלאָפט אין איהר צימער און וויים וואס דאָרט געפינט זיך. מאָרעט האט געפאָלגט און האט געבראַכט דיא שפּילקעס. זיא האט זייא בייא איהם גענומען איינציגווייז און האט איהם דערמיט געצוואונגען ער זאָל שטעהן נעבען איהר. דערווייל האט זיא צו איהם געזאגט אין דער שטיל:

— איך גלויב ניט, אז איך האב א הייקער. גיט מיר אייער האנד. ריהרט אָן מיינע אקסלען, טהוט מיר א טובה. בין איך ווירקליך א הייקער?

דעניס האט לאַנגזאַם אויפגעהויבען איהרע אויגען. זיא איז געוואָרען נאָך בלאַסער און האט געארבייט אין דער שטיל. מאָרעט האט נור געקענט זעהן איהרע בלאָנדע צעפּ, וועלכע זיינען געלעגען אויף איהר ווייסען האלז. מאָרעט האט געמיינט, אז ער קען בעמערקען וויא זיא פיהלט און וויא זיא שעהמט זיך. ניין, זיא וועט יעצט מיט איהם ניט האבען צו טהון. זיא וועט איהם ענטזאגען, און אז ער וועט צו איהר ווידער ריידען, וועט זיא איהם שיקען צו דיעזער פרוי, וועלכע שעהמט זיך ניט צו ווייזען איהר ליעבע, זאָגאר אין דער געגענווארט פון פרעמדע מענשען. ער איז געוואָרען אויפגעקאָכט און ווילדע געדאַנקען זיינען אריין אין זיין קאָפּ. ער וואָלט יעצט געוועהן אימשטאַנדע אראָפּצולאָזען עטליכע קלעפּ אין הענריעטע׳ס פּרעכטיגע טהייערע... פרעבעס געזיכט. ער האט גענומען זוכען א מיטעל וויא צו פערשטאָפּען איהר מויל, און וויא צו זאגען צו דעניס, אז ער פערגעטערט זיא, אז נור זיא אליין עקזיסטירט

פאר איהם אין דיעזער מינוט, און אז ער איז בעריים צו אפפערן פאר איהר אלע זיינע פריהערינע ליעבעס. דיא ערנסטע פרוי וואלט זיך ניט ערלויבט צו טרייבען אזא קאמעדיע און מאכען זיך מיט איהם אזוי בעקאנט, וויא דיעזע הענריעטע האט זיך ערלויבט. ער האט ארויסגעריסען זיין האנד פון איהרע און האט געזאגט:

— איהר זייט אונגערעכט, מאדאם, וואס דארפט איהר דיא אלע זאכען, ווען איך אליין גיב צו, אז דער מאנטעל טויג ניט.

אין צימער איז געווארען שטיל און מעהר וויא דער זשושען פון דעם גאז האט מען ניט געהערט. אין דיא שפיעגלען האבען זיך געזעהן דיא שטילע בעוועגונגען פון דיא צוויא פרויען, און דער קאלאן, וועלכען הענריעטע האט אויסגעגאסען אויף דעם קארפעט, האט פערזיסט דיא לופט פון דעם צימער.

— מאדאם, איך בין פערטיג! מעהר האב איך ניט וואס צו טהון! — האט דעניס געזאגט און האט זיך אויפגעהויבען.

דעניס האט זיך געפיהלט זעהר מיעד. צוויא מאל האט זיא אריינגעשטאכען דיא שפילקעס אין איהרע פינגער, גלייך וויא איהרע אויגען וואלטען ניט געזעהן וואס דיא הענד טהוען. איז מארעט אליין אין דיעזער אינטריגע? האט ער נאך איהר געשיקט אום צו נעהמען פון איהר ראכע ווארום זיא האט איהם ענטזאגט? האט ער געוואלט זיא זאל זעהן וויא אנדערע פרויען ליעבען איהם? דיעזער געדאנק האט זיא געמאכט שווינדלען. זיא האט זיך אליין ניט געקענט ערקענען, ווען זיא האט בעדארפט האבען אזוי פיעל קוראזש אין איהר לעבען. דיא ערנידערונגען וואס זיא האט דא געליטען, זיינען גאר נישט געגען דעם וויטאג צו זעהן וויא איין אנדערע פרוי נעהמט איהם ארום. הענריעטע האט זיך אנגעקוקט אין שפיגעל און האט ווידער אויסגעשריען מיט כעס:

— אבער עס איז דאך שרעקליך! עס איז דאך נאך ערגער וויא פריהער. זעהט נור וויא עס דריקט ארום דעם בוזים.

דעניס האט פערלארען איהר גאנצען געדולד און האט געענטפערט:

— איהר זייט עטוואס צו גראב, מאדאם, מיר קענען אייך ניט מאכען דינער וויא איהר זייט.

— גראב! גראב! — האט הענריעטע אויסגעשריען, און איז געווארען בלאס. — איהר ווערט פרעך, פריילין. איך בעט אייך, איהר זאלט קריטיקירען זיך אליין.

דיא זיינען ביידע געשטאנען געזיכט צו געזיכט און ביידע האבען געציטערט. עס האט אויפגעהערט דיא ראלע פון דער מאדאם און דיא ראלע פון דער ארבייטע

מיידעל.ביידע זיינען געוואָרען גלייך אין זייער קאמפף פאר דעם זעלבען מאַן. העגריעטע האט פון זיך אראָפּגעריסען איהר מאַנטעל און האט איהם א שליידער געטהאָן אויף א שטוהל. דעניס האט אוועק געלייגט דיא שפּילקעס.

— וואס מיך וואונדערט ! — האט העגריעטע יעצט געזאגט, — איז דיא גלייכגילטיגקייט פון מאָנסיו מאַרעט. ער דאַרף ניט ערלויבען אזא בעליידיגונג. איך האב געגלויבט, אז מאָנסיו מאַרעט, גיט בעסער אכטונג אויף זיינע דיענסטען.

דעניס האט ווידער אָנגענומען איהר בראַווען און רוהיגען אויסזעהן. גאַנץ שטיל און רוהיג האט זיא געענטפערט :

— מאָנסיו מאַרט האלט מיך, ווייל ער געפינט אויף מיר קיין פעהלער. איך בין בערייט צו בעטען אייער פערציייאונג, ווען איהר וועט דאס פערלאַנגען.

מאַרעט האט צוגעהערט דעם געשפּרעך מיט אויפרעגונג און האט געזוכט א וואָרט, וויא אזוי צו מאַכען דערפון איין ענדע. העגריעטע האט דורכאויס געוואָלט ער זאָל עטוואס זאגען געגען דעניס, אָבער אזוי וויא ער איז געבליבען שטיל, האט איהר געדולד געפּלאצט און זיא האט אויסגערופען מיט גרויס כעס :

— זעהר גוט, מיין הערר, עס שיינט, אז איך מוז בעליידיגט ווערען פון אייער מאטרעסע אין מיין אייגענער הויז. ווער איז דיעזע מאטרעסע ? א מיידעל וואס איהר האט ארויסגעשלעפּט פון רינשטאָק !

צוויא גרויסע טרעהרען זיינען ארויסגעפאַלען פון דעניס אויגען. זיא האט זיך דיא גאַנצע צייט בעהעררשט, אָבער אלע איהרע קרעפטען האבען זיך אויסגעשעפּט פון דיעזער בעליידיגונג. ווען מאַרעט האט דערזעהן איהרע טרעהרען, און האט געזעהן, אז זיא מאַכט קיין פערזוך צו ענטפערן, וויא זיא פערטראַגט איהר ווייטאג מיט ווירדע און שטאָלץ, איז זיין הארץ געריהרט געוואָרען פון ליעבע און מיטלייד צו דיעזער עדעלער פערזאָן. ער וואָלט יעצט פאר איהר אלעס געטהאָן. ער האט אָנגענומען איהר האנד און האט געמורמעלט פון אויפרעגונג :

— געהט זאָפאָרט פון דיעזען אָרט, מיין קינד, געהט און פערגעסט אויף אייביג דיעזע הויז.

העגריעטע איז איבערראשט געוואָרען פון דיעזער האנדלונג. זיא איז אויפגעשפּרונגען פון איהר פּלאַץ. ביידע פרויען האבען זיך אָנגעקוקט.

— וואַרט איין ווײלע ! — האט ער געזאגט און האט זיך גענומען צחאַמענ־לייגען דעם מאַנטעל. — נעהמט עס אוועק. מאַדאַם דעספּאָרגעס קען געהן אין איין

אנדער מאגאזין זוכען פאר זיך א מאנטעל. איך בעט אייך, דעניס, ווײנט ניט מעהר. איהר ווייסט דאָך וויא תויך איך שעטץ אייך.

ער האט זיא צוגעפיהרט צום טהיר און האט זיא ארויסגעשיקט וויא א פאטער זיין קינד. דעניס האט קיין וואָרט גערעדט, א רויטער קאָליר האט געפארבט איהר געזיכט. פרישע טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין איהרע אויגען, עס וואָרען זיסע טרעהרען.

העגריעטע האט ארויסגענומען איהר טיכעל און האט זיא געביסען. אלע איהרע פלענער זיינען צופאלען, איהר גאנצער רעכענונג האט ניט אויסגעהאלטען. זיא איז אליין אריינגעפאלען אין דעם נעטץ וואס זיא האט אויסגעלייגט. זיא האט זיך אליין אויפגעגעסען, ווארום זיא האט עס געטריבען צו וויט פון איהר גרויסען אייפערזוכט. זיא זאָל בעליידיגט ווערען פאר אזא ניעדעריגער בעשעפענעש וויא דעניס! זיא זאָל בעליידיגט ווערען אין דעניס געגענוואַרט. איהר שטאָלץ האט יעצט געליטען מעהר וויא איהר ליעבע!

— זיא, אָט דיעזעס מיידעל ליעבט איהר! — האט זיא געזאגט מיט ניפּט, ווען זייא זיינען געבליבען אליין.

מאָרעט האט אזוי שנעל ניט געענטפערט. ער איז ארומגעגאנגען איבער דעם צימער אזוי וויא איינער וואס איז פערטיעפט אין שווערע געדאנקען. ענדליך איז ער געבליבען שטעהן, און זעהר עדעל און מיט א גאנץ ווייכער שטימע, האט ער געענטפערט:

— יא, מאדאם!

דער געז האט אלץ געזשוזשעט אין דעם ברענער. אָבער דיא ליכטינקייט און דיא פרעהליכקייט פון דעם צימער, איז פערשוואונדען. העגריעטע איז פלוצלינג געפאלען אויף א שטוהל און האט געריסען דיא טוך.

— גרויסער גאָטט, גרויסער גאָטט. וויא אונגליקליך איך בין!

ער איז געשטאנען געגען איהר און האט זיא איינינע מינוט אָנגעקוקט. דאן האט ער זיך אומגעדרעהט און איז גאנץ שטיל אוועק. זיא איז געבליעבען אליין און האט גאנץ שטיל געוויינט.

ווען מאָרעט האט זיך אומגעקעהרט אין זאאל, האט ער געפונען, אז וואלאנאץ איז אליין און דער באראָן זיצט און פערברענגט מיט דיא דאמען. ער איז געוועזען שטארק אויפגערעגט, און ער האט זיך געזעצט אין א ווינקעל. וואלאנאץ, וועלכער האט געזעהן וויא ער איז בלאס און אויפגערעגט. איז ער צו איהם צוגעגאנגען און

האט זיך געשטעלט נעבען איהם אום צו פערשטעלען איהם פון דיא איבריגע, וועלכע האבען איהם אָנגעקוקט מיט נייגירדע. וואלאנאץ האט זיך אין הארצען געפרעהט, וואס מאָרעט ליידעט אזוי שטארק, און אום צו האבען אביסעל פערגניגען און שפאס, האט ער א פרעג געטהאָן:

— מאָנסיו, אמוזירט איהר זיך נאך אלץ?

מאָרעט האט איהם צו ערשט ניט פערשטאנען. אָבער ווען ער האט זיך ער־אינערט אן זייער ערשטען געשפרעך, האט ער זיך אָפּגערופען: — אה, איך האב קיינמאל אזוי פיעל ניט געלעבט. אה, מיין פריינד, לאכט ניט פון מיר. דיא שטונדען, אין וועלכע מען שטארבט פון זאָרג, זיינען גאנץ קורץ. יא, איהר ווייסט אלעס, ניט וואהר? זייא האבען עראָבערט מיין הארץ, אָבער דיא וואונדען וואס זייא מאכען, זיינען אזוי זיס וויא זייערע קיסע. איך בין אָפּגעלעבט און מיעד, אָבער איהר קענט קיינער ניט וויסען וויא איך ליעב דאס לעבען. אה, איך וועל זיא דאָך געווינען. איך וועל געווינען דיעזע קליינע מיידעל, וועלכע שרייט נאך אלץ, אז זיא וויל מיך ניט האבען.

— און וואס וועט נאכדעם זיין? — האט וואלאנאץ געפרעגט.

נאכדעם?! נאכדעם וועל איך זיא האבען! איז דאס ניט גענוג? אויך איהר דענקט, אז איהר זייט שטארק, דערמיט וואס איהר ווילט ניט ליעבען און ליידען, זייט איהר אין טעות. פּראָבירט ליעבען א פרוי און געווינען זיא נאך פיעל מיהע. איהר וועט דאן אין איין מינוט בעלאָהנט ווערען פאר אלע אייערע ליידען.

וואלאנאץ האט יעצט אָנגעפאנגען צו פהילאָזאָפירען.

— וואס ניצט צו ארבייטען אזוי פיעל, ווען געלד קען ניט קויפען אלעס אין דער וועלט? — האט ער געפרעגט. — איך וואָלט צוגעשלאָסען אלע מיינע גע־שעפטען אח וואָלט אויפגעגעבען אלע אונטערנעהמונגען אויף אייביג, אזוי שנעל וויא איך וואָלט אויסגעפונען, אז מיינע מיליאָנען קענען ניט קויפען דאס מיידעל, וועלכע איך ליעב.

אָבער מאָרעט, וועלכער האט געהאט א שטארקערע הארץ און א שטארקער־אמביציאָן, האט אויסגערופען:

— איך וויל זיא און איך וועל זיא הייראטהען. אויב זיא וועט פון מיר ענט־לויפען, וועט איהר זעהן וואס פאר א פּאלאטץ איך וועל אויסבויען צו קורירען זיך פון איהר. עס וועט זיין גרויסארטיק. אה, איהר אלטע לייט, איהר קענט עס גאר ניט פערשטעהן, זאגסט וואלט איהר געוואוסט, אז יעדע ארבייט האט אין זיך

אליין דיא בעלאָהנונג פאר דער מיהע. צו אַרבייטען, צו האַנדלען, צו בעשאַפען א זאַך, צו קעמפפען געגען אומשטענדען, צו בעזיעגען אָדער בעזיעגט צו ווערען — אין דעם ליעגט דער סוד פון דעם מענשענס פרייד און גליק. איך זאָג אָפען, דאס איך וויל בעססער שטארבען פון ליידענשאַפט וויא פון נעדולד.

זייא האבען זיך ביידע צולאַכט. עס האט זייא ביידען עראינערט אן איין אַלטען געשפּרעך, וואס זייא האבען געפיהרט, ווען זייא ווארען צוזאַמען אין אוניווערזיטעט.

מאָרעט איז יעצט געקומען צו זיך. ער האט גענומען טראכטען וועגען אוועק געהן פון דיעזען הויז. ער האט אָבער ניט געוואָלט עס זאָל אויסזעהן, אז ער אנט־לויפט, און דארום האט ער בעשלאָססען ער זאָל עטוואס טרינקען. ער איז גאַנץ לוסטיג אריין מיט זיין פריינד אין צווייטען זאאַל. דער באראָן האט איהם געפרעגט אויב מען האט געמאכט, אז דער מאַנטעל זאָל פּאסען, און מאָרעט האט געענט־פערט, אז ער האט איהם אויפגעגעבען. מאַדאַם מארטי האט איהם דערלאַנגט טהעע און מאַדאַם דע באַוועס האט ערקלערט, אז אַלע מאַגאַזינען האַלטען שמאָלע קליידער. מאָרעט האט זיך געזעצט הארט נעבען באַטאַמענט, און ער האט איהם אין דער שטיל געזאגט, אז ער האט מעהר פאר איהם קיין ארבייט. דיא הערען וואס פיהרען דעם מאַגאַזין, האבען אַזוי בעשלאָססען. ער האט איהם ערצעהלט, אז ער האט זיך דערפאר געקריעגט מיט דיא דירעקטאָרען, אָבער ער האט זייא ניט געקענט בייקומען, און ער האט פערלאָזען דעם מאַגאַזין מיט כעס. אָבער וואס קען ער טהאָן? ער קען זיך ניט שלאָגען מיט זיינע שותפים צוליעב איין אנגע־שטעלטען?

באַטאַמענט איז געוואָרען טרויעריג, און מאָרעט האט זיך אויך פערטראכט. אַלע האבען געשוויגען און עס איז געוואָרען לאַנגווייליג. ענדליך איז מאַדאַם דעמ־פּאַרנעס ערשיענען אין זאאַל.

— אַזוי, איהר האט עס אויך אויפגעגעבען? — האט מאַדאַם דע באַוועס געפרעגט.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— מאָנסיו מאָרעט האט אונז געזאגט, אז איהר קענט דערמיט גאר נישט מאַכען.

הענריעטע האט זיך געמאַכט, אז זיא איז איבעררעשט. מאָנסיו מאָרעט מוז שפּאַסען. דער מאַנטעל פּאַסט מיר זעהר גוט.

הענריעטע האט אויסגעזעהן רוהיג און פרעהליך. זיא האט געמהט אויסוואשען איהרע אויגען, ווייל זייא זיינען געווען פריש און האבען ניט געהאט קיין שפור פון רויטקייט.

— יעדער האט זיין געשמאק ! — האט מאדאם דע באוועס אויסגערופען און האט זיך גענומען צו א שטיקעל געבעק. איך קען פרויען וואס וועלען ניט קויפען א שנירעל, ווען ער קומט ניט פון „לאוער". איין אנדערע איז פערגליבט אין „באן־מארשע". עס שיינט, אז יעדע זאך איז וויא מען גלויבט זיך איין.

— דער „באן־מארשע" איז צו פיעל קליין־שטעדטעלדיג, און אין „לאוער", ווערט מען צוקוועטשט. — האט מאדאם מארטי בעמערקט.

זייא האבען ווידער אנגעפאנגען צו ריידען וועגען דיא גרויסע מאגאזינען. מארעט האט געגעבען זיין מיינונג, און ער האט געלויבטביידע גרויסע קאנקורענטען צו זיין מאגאזין.

אבער דער „וויבערשער גן־עדן", איז בעסער פון זייא ביידען ! — האט בארא־ן הארטמאן געזאגט מיט א שמייכעל.

— יא, — האט מארעט געזאגט אין דער שטיל. — אין אונזער מאגאזין האבען מיר ליעב אונזערע קונדען.

דיא פרויען וואס זיינען געווען אין דעם זאאל, האבען עס מודה געווען, אז אין מארעט׳ס מאגאזין, נעהמט מען זייא אויף מיט העפליכקייט, מיט ליעבע, מיט קאמפלימענטען. דער הויפט ערפאלג פון מארעט׳ס מאגאזין, ליעגט אין דיעזער מעטהאדע צו ווייזען ליעבע צו יעדע פרוי.

הענריעטע דעספארנעס האט זיך געוואלט מאכען, אז זיא איז מונטער און אהן זארג, האט א פרעג געטהאן:

— מאנסיו מארעט, סענט איהר מיר זאגען, וואס איז געשעהן מיט מיין פריינדין וואס איך האב רעקאמאנדירט אין אייער מאגאזין, — איך מיין מאדמאאזעל דע פאנטענעלס ? איהר דארפט וויסען, אז זיא שטאמט פון א הויכען ארט. זיא האט דיא רייכסטע בלוט אין איהרע אדערן, נור זיא איז ליידער זעהר ארם.

— אה, האט מארעט געענטפערט. — זיא פערדיענט דרייא פראנק א טאג, און מיר שיינט, אז איך וועל זיא קענען פערהייראטהען צו מיינעם א קלערק.

— א, פוי ! — האט מאדאם דע באוועס אויסגעשריען. — דאס איז דאך שרעקליך !

ער האט זיא אנגעקוקט און האט געפרעגט :

— ווארום ? איז נים בעסער פאר איהר צו חייראטהען איין עהרליכען און א פלייסיגען ארבייטער, וויא ארייצוּפאלען צו א טוּיגעניכטס פון נאס ?

וואלאנאץ האט דאָ געמאכט א געלונגענעם וויטץ.

— מאדאם, — האט ער געזאגט. לאָזט זיך ניט אריין אין לאנגע דעבאטען, מאָנסיו מאָרעט, ווערט איך באלד זאגען, אז אלע אלטע פאמיליען פון פאריז, דארפען פערקויפען זאָקען־בענדלאך.

— גאנץ געוויס ! — האט מאָרעט אויסגערופען. — דיא מייסטען פון זייא וואלטען דאן געהאט איין אנשטענדיגע פרנסה.

זייא האבען זיך אלע צולאכט. מאָרעט האט זיך צו רעדט און האט שטארק געלויבט דיא „אריסטאָקראַטי פון ארבייט.“

וועהרענד דעם גאנצען געשפרעך, האט זיך באטאמענט ניט געריהרט פון זיין שטוהל. מאָרעט׳ס ווערטער האבען נאך אלץ געקלונגען אין זיינע אויערן. ענדליך זאט ער זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאנגען צו הענריעטע און האט צו איהר געזאגט: איהר ווייסט, אז ער האט מיר ענטזאגט דיא שטעלע, ער האט עס געמאכט זעהר עדעל און פריינדליך, אָבער איך וועל הענגען, אויב איך וועל איהם דערפאר ניט בעצאָהלען.

הענריעטע האט איהם א ווינק געטהאָן און האט צו איהם געזאגט:

— פערלאָזט זיך אויף מיר. איך בין מיט אייך. ווארט דאָרט א ווײַלע ביי׳ם פענסטער.

אין א מינוט שפעטער האט זיא צו איהם צוגעפיהרט באראָן הארטמאָן און האט פאר איהם פאָרגעשטעלט באטאמענט, אלס א זעלטענעם יונגען מאָן, וואס ווערט אויפקאָכען גאנץ פאריז, מיט דאס געשעפט וואס ער ווערט עפענען. ווען זיא האט געפרענט אויב דער באראָן קען איהם שטיצען מיט געלד, איז דער באראָן געוואָרען איבערראשט. דאס איז שוין דער פערטער פעהיגער יונגער מאָן, וואס זיא האט פאר איהם פאָרגעשטעלט. ער האט אָבער ניט ענטזאגט. דער געדאנק אויפצובויען א קאָנקורענציע געגען מאָרעט׳ס מאגאזין, איז איהם געווען שטארק גע־פעהלען, ווייל ער האט אויסגעפונען א נייען מיטעל וויא צו פערזיכערן זיינע אינטע־רעסען אלס באנקיר אין געוויסע געשעפטען. אנשטאט וואס אנדערע זאָלען אויפ־שטעלען קאָנקורענטען צו דיא געשעפטען אין וועלכע ער איז פעראינטערעסירט האט ער געוואָלט ווערען זיין אייגענער קאָנקורענט. אויסער דעם האט ער געגלויבט אז ביידע קענען מאכען גוטע געשעפטען, און ער האט פערשפראָכען נאכצוּדענקען דעריבער.

— מיר מוזען דאס הייטע בעשפּרעכען! — האט הענריעטע געזאָגט צו באַ־טאַמענט. — קום אַהער אום ניין אוהר. דער באַראָן וועט דאָ זיין מיט אונז.

אין דיעזען מאָמענט איז דער זאַאל פערהילכט געוואָרען פון אַלערלייא שטימען. מאַרעט איז געשטאַנען צווישען דיא דאַמען און האט צוריק געוואונען זיין געוועהנליכע העפליכקייט, שעהנקייט, און ער האט זייא ערקלעהרט, אז דורך זיין מאגאזין, שפּארען זייא אַלע שטיקער געלד אויף זייערע קליידער. באַראָן האַרטמאַן האט איהם יעצט בעטראַכט און האט איהם בעוואונדערט. דער באַראָן האט יעצט בייא זיך געטראַכט, אַז הענריעטע איז שוין אויסגעשפּיעלט. דיא פרוי וואס וועט באַלד שפּיעלען אַ ראָלע אין פּאַריז, און וועט בעהערשען דיעזען עלעגאַנטען מאַרעט, איז דיא בלאַסע און שעהנע מיידעל, וועלכע איז געשטאַנען אין פּאָר־צימער, און האט ניט געוואַגט צו הוסטען.

## 12טער קאַפּיטעל.

דעם 25טער סעפּטעמבער, האט מען אָנגעפאַנגען בויען דעם נייען טהייל פון דעם „דאַמען־פּאַראַדיז“. באַראָן האַרטמאַן האט איבערגערעדט מיט דיא איבעריגע דירעקטאָרען פון דער באַנק, און מאַרעט האט אָנגעפאַנגען צו זעהן וויא זיין גרויסער טרוים ווערט פערווירקליכט. דער נייער אריינגאַנג אין זיין מאַגאַזין דורך דער גרויסער אריסטאָקראַטישער גאַס, וועט זיין דיא טהיר פון זיין הצלחה. ער האט דארום געוואָלט מאַכען אַ גאַנצען יום־טוב בייַ'ם לייגען דעם ווינקעלשטיין פון דער נייער געביידע, און טהיילען מתנות און גוטע שפּייזען צו זיינע ארבייטער. יעדער איינער האט בעמערקט וויא פרעהליך ער איז בייא דיעזער צערעמאָניע. ער האט געלייגט דעם ווינקעל־שטיין מיט דיא בעוועגונגען פון אַ זיינער. דיעזער זיעג איז פאַר איהם געוועזען אַ באַלזאַם אויף זיינע וואונדען, וועלכע ער האט דיא לעטצטע עטליכע וואָכען געקריגען אין הארצען. מען האט געזעהן, אַז מאַרעט ווערט צוריק פרעהליך וויא אַמאָל.

אויף דעם נעכסטען טאָג, האט דעניס געהאט אונבעקוועמליכקייט אין איהר דעפּאַרטמענט. קלאַרא, דיא דיקע מיידעל, וועלכע איז אימער געווען איהר געגנערין, האט זיך מיט איהר גערייצט. דיעזע קלאַרא, וועלכע איז געווען דיא מיידעל, וואס האט פערשאַפט אזוי פיעל אונגליק צו באָדו'ס טאָכטער, דערמיט וואס איהר חתן קאַלאָמבאַן, האט זיך אין איהר פערליעבט. האט דיעזען טאָג גענומען שפּאַסען פון דיא באָדו'ס. וועהרענד דעניס איז געשטאַנען ניט ווייט פון איהר, האט קלאַרא געזאָגט צו מאַרגאַרעטע:

איהר קענט דאָך מיין גע׳ יעבמען, וועלכער געפינט זיך אין מוד־מאגאזין גע־נענאיבער. איך זאג אייך, אז עס טהוט מיר ווירקליך לייד צו זעהן איהם אין אזא פינסטערן מאגאזין וואו קיין מענש קומט אריין.

— ער איז אָבער ניט אזוי אונגליקליך! — האט מארגארעטע געענטפערט. — ער וועט הייראטהען באָדו׳ס טאָכטער.

— אה, עס וועט זיין א וויטץ, איך זאָל איהם פערפיהרען! — האט קלארא געזאגט. — איך זעה וויא ער נעהמט ניט ארונטער זיינע אויגען פון מיר. טאָג און נאכט קוקט ער אין דיעזען פענסטער. איך וויל עס פרובירען.

זיא האט געוואוסט, אז דאס ערגערט דער גוטער דעניס, און זיא האט דער־פון ניט אויפגעהערט צו ריידען. דעניס האט געקענט אלעס פערצייהען, אָבער זיא האט ניט געקענט איבערטראגען דעם געדאנק, דאס איהר קוזינע שטארבט אוועק פון אייפערזוכט נעגען דיעזער דיקער קלארא. מאדאם אורילע איז גראדע ניט געווען אין דעם דעפּארטמענט, און דעניס, וועלכע האט פערטרעטען איהר שטעלע, האט אויסגערופען:

— פרייליין קלארא, געהט בעסער בעדיענען דיא קונדען, איידער שטעהן און פלוידערן.

— איך האב ניט געפלוידערט!

— זייט אזוי גוט און שווייגט. געהט זאָפארט צו יענער דאַמע און פרעגט וואס זיא פערלאנגט.

קלארא האט געמוזט פאָלגען. דעניס האט דעם ערשטען מאל ארויס געוויזען איהר דעה אין דעם דעפּארטמענט. זיא האט עס אָבער געטהאָן שטיל און רוהיג.

— איך זעה, אז איהר זייט בעז? — האט איינע געפרעגט און האט גענומען דעניס האנד.

עס וואר איהר אלטע פריינדין פאולינע, וועלכע האט בעמערקט אלעס וואס דאָ איז פאָרגעקומען.

— איך בין דערצו געצוואונגען. אנדערש קען איך זייא ניט האלטען אין אָרדנונג.

— אה, דעניס, איהר ווייסט אליין ניט אייער קראפט. — איהר קענט זיין אונזער קעניגין, ווען איהר זאָל נור וועלען.

פאולינע האט נאך אלץ ניט געקענט פערשטעהן, ווארום דעניס ענטזאגט מאָרעט׳ס תאנד. אין אונוסט, האט פאולינע געהייראטה איהר געליעבטע באושע,

און זיִיט דאַן פלעגט זיא ערצעהלען, אז ליעבע איז א נאַרישקייט. באַרדאַנקעל איז צו איהר געוואָרען שלעכט, זייט זיא האט געהייראטה, ווייל ער האט ניט געגלויבט, אז פערהייראַטהע פרויען זיינען גוט פאַר דעם מאַגאַזין. זיא האט אימער מורא געהאט ער זאָל איהר ניט הייסען נעהמען איהר מאַן און געהן איהם ליעבען אין דער היים. זיא האט זיך אזוי געשראָקען, דאס זיא פלעגט מיט איהר מאַן ניט ריידען אין דעם מאַגאַזין און האט זיך געמאַכט, אז זיא קען איהם ניט. גראַדע מיט א ווײלע פריהער האט זיא געהאט דעם אונגליק צו טרעפען איהר מאַן אין א ווינקעל און ריידען מיט איהם א פּאַאר ווערטער. און גראַדע דאַן איז זשאַוו דער אינספּעקטאָר אַנגעקומען און האט זייא דאָרט געטראָפען.

זיא האט עס ערצעהלט צו דעניס און האט געשוואָרען, אז זשאַוו איז איהר נאכגעגאַנגען. זיא האט אָבער ערקלעהרט, אז דעניס איז דיא איינציגע וואס קען זיא רעטען. ווען דעניס וועט פאַר איהר זאגען א גוט וואָרט, וועלען אלען איהרע חטאים געשאָנקען ווערען, ווייל דעניס האט דיא קראַפט אומצוקעהרען דעם גאַנצען מאַגאַזין מיט דעם קאָפּ אַראָפּ.

פּאולינע איז אוועק צו איהר פּלאַטץ. דעניס האט זיך פערטראַכט וועגן איהר ערקלעהרונג. זיא האט ניט געקענט גלויבען, אז זיא בעזיצט ווירקליך אזא קראַפט. ווען מאַדאַם אורילע האט זיך אומגעקעהרט און האט געפונען וויא דער גאַנצער דעפּאַרטמענט ארבייט פלייסיג אונטער דער שטילער אויפזיכט פון איהר פערטרעטערין, האט זיא געשמייכעלט צו זיך אליין. וואס וועט זיין, ווען דעניס וועט אין א געוויסען טאָג וועלען פערנעהמען איהר פּלאַטץ! קיין גרעסערע פאַר איהר איז דאָך ניטאָ? דעניס הערשט יעצט און איהר מאַכט האבען אלע אָנגעפאַנגען צו פיהלען.

דער איינציגער וואס האט געקעמפּפט געגען דעניס, איז געוועזען באַרדאַנקעל. ער האט געפיהרט א שטילען אָבער איין ענטשלאָסענעם קאַמפּף. ער האט פיינד געהאט דיעזע דעניס פאַר איהר ערדעלקייט און פאַר איהר חן. דאַן האט ער מורא געהאט, אז זיא וועט ווערען דיא גאַנצע הערשערין איבער דעם מאַגאַזין. ער האט אויך געזעהן, אז דיא ליעבע צו דיעזער מיידעל שוואַכט אָפּ מאָרעט'ס פעהיגקייטען און טהעטיגקייט אין זיין מאַגאַזין. אלעס וואס מאָרעט האט אויפגעלעבט פון אלע פרויען, וועט פערשלינגען ווערען פון דיעזער איינציגער פרוי. קיינע פרויען האבען געקענט ריהרען זיין הארץ. ער האט זייא אלעמען בעהאנדעלט וויא א צאַן, וואס האט קיין ליידענשאַפט און קיין ליעבע, וויא א מענש, וואס זיין בעשעפטיגונג איז נור צו לעבען פון פרויען, און וועלכער האט פערלאָרען יעדען חשק צו זייא, דאדורך

וואס ער בעטראכט זייא פאר זיין וואארע. דיא זעכציג טויזענד פרויען וואס זיינען געקומען אין איין טאג אין דיעזען מאגאזין, האבען איהם געמאכט א קאפ וועהטאג און ווען ער פלעגט קומען אהיים, פלעגט ער אויסלאזען זיין כעס אין שלאגען זיינע טאטרעסען. עס איז דארום קיין וואונדער, וואס ער האט אזוי געהאסט דיעזע דענים, און זיין האס איז געשטיעגען נאך גרעסער, דערמיט וואס ער האט נים געוואלט גלויבען, אז זיא מיינט ערנסט, וואס זיא ענטזאגט איהר בעל־הבית און אז זיא שפיעלט קיין קאמעדיע מיט דעם מאן, וואס פאלט צו איהרע פיס. ער האט געגלויבט, אז זיא שפיעלט א קינסטליכע ראלע, דען ווען זיא וואלט זיך אונ־טערגעגעבען, אזוי שנעל וויא מארעט האט איהר ערקלעהרט זיין ליעבע, וואלט מארעט זיא אויף דעם צווייטען טאג פערגעסען. אבער דערמיט וואס זיא ענטזאגט איהם, האט זיא אויפגערייצט זיין הארץ, און זיא טרייבט איהם צום וואהנזינן, דאס ער איז יעצט אימשטאנדע צו בעגעהן יעדע פעררוקטע טהאט. א שטודירטע אינ־טריגאנטקע, א פרוי וואס איז געבארען אין פערבעסערן־אנשטאלט, וועט נים קענען האנדלען בעסער וויא דיעזע אונשולד.

ווען בארדאנקעל פלעגט זיא אנטרעפען און פלעגט זעהן איהרע ריינע אויגע, זיסע געזיכט, און איינפאכע בעוועגונגען, פלעגט איהם בעפאלען א מורא און א שרעק, גלייך וויא ער וואלט בעגעגנען א מענשען־פרעסער, גלייך וויא ער וואלט פאר זיך געזעהן דעם טויט פערשטעלט פאר א שעהנע מיידעל. ער האט אויף קיין פאל נים געוואוסט וויא צו פערשטעהן דיא טאקטיקע פון דיעזער פאלשער פרוי. ער האט געזוכט דעם סוד פון איהר אינטריגע אום ער זאל קענען ארונטער רייסען איהר מאסקע. ער האט געהאפט צו כאפען זיא בייא א פערברעכען, צו טרעפען זיא מיט א געליעבטען און דאן וועט ער זיא ווידער ארויסטרייבען פון מאגאזין. דאס נעשעפט וועט דאן ווידער אנפאנגען צו געהן רעגעלמעסיג וויא א זייגער.

— פאס גוט אויף, זשאוו! — האט ער געזאגט צום אינספעקטאר. ווען דוא וועסט עטוואס טרעפען, וועל איך שוין זעהן, מען זאל דיר גוט בעצאהלען.

אבער זשאוו איז געווען גלייכגילטיג. ער איז געווען א שטיקעל מבין אויף פרויען, און ער האט זיך אליין געפרעגט אויב עס איז נים בעסער, ער זאל האלטען מיט דיעזער פרוי, וועלבע וועט זיין דיא צוקונפטיגע הערשערין פון דעם מאגאזין. ער האט נים געוואגט צו לייגען אויף איהר א פינגער, אבער ער האט זיא געהאלטען פאר א זעלטענע שעהנהיים. ווען ער איז געווען אין דער ארמעע, האט זיין גענעראל גענומען זיך דאס לעבען פאר אזא מיידעל וויא דענים, וועלכע וואר, נים גרויס, און נים דיק, אבער וועלבע האט מיט איהר בליק אנגעצונדען אלע הערצער.

— איך וועל זיא היטען! — האט ער געענטפערט. — אָבער איך שווער ביים מיין עהרע, אז איך קען אויף איהר גאר נישט בעמערקען.

בארדאנקעל האט געהאָפט צו טרעפען אמאל דיעזע דעניס אין א בער־האלטענעם געשפרעך מיט דאַלאשע. אין א געוויסען טאָג, האט ער אליין אָנגע־טראָפען וויא דעניס איז געשטאַנען און האט מיט איהם גערעדט. אָבער דאס וואר אָפען אין גאס, און ער האט ניט געקענט מאַבען זיין פּרעטענזיע.

בארדאנקעל האט אזוי גענומען פיהלען דיא קראפט פון דיעזער דעניס, דאס ער האט מורא געהאט, זיא זאל איהם אליין ניט בעזיעגען. ער איז געוועזען דער שטארקסטער מענש אין מאגאזין, ער האט געוואוסט מארעט׳ס געהיימניסע, און ער איז געוועזען זיין רעכטע האנד, דאָך האט ער געפיהלט, אז דעניס קען איהם בע־זיעגען.

מארעט האט געליטען פיעל שמערצען. איז דאס מעגליך, אז דיעזעס קינד זאל איהם אזוי מאטערן? ער האט זיך אימער עראינערט, וויא זיא איז דעם ערשטען מאל געקומען אין „ווייבערשען גן־עדן" מיט איהרע גרויסע שיך, אלטע קליידער און קליינ־שטעדטעלדיגען אויסזעהן. זיא האט זיך געשעהמט, אלע האבען פון איהר געלאכט און ער אליין האט זיא אנפאנגס געהאלטען פאר מיאוס. און וואס איז יעצט מיט איהר? מיט איין קוק קען זיא איהם ברענגען אויף דיא קניע, ער האלט זיא פאר איין גאנצען מלאך. ער האט זיך אויך עראינערט וויא דעניס איז אנפאנגס געווען דיא לעצטע, דיא פערשטאָסענע אין זיין מאגאזין, יעדער האט פון איהר געטריבען שפּאס און ער אליין האט זיא בעהאנדעלט וויא א מערקווירדיגע בעשעפעניש אין דער מענשהייט. זיין גאנצע אינטערעסע אין איהר איז געווען ניט מעהר וויא נייגירדע צו זעהן, וויא זיא וועט זיך ארויפארבייטען אין זיין מאגאזין, ער האט זיך אמוזירט מיט דיעזען עקספערימענט און האט ניט פערשטאַנען, אז ער ריזיקירט דערמיט זיין הארץ. מעגליך אז ער האט זיא געליעבט פון דעם ערשטען בליק וואס ער האט אויף איהר געטהאָן. מעגליך, אז ווען ער האט געמיינט, אז ער האט אויף איהר בלויז רחמנות, איז דאס אין דער ווירקליכקייט געווען ליעבע. אָבער ער האט דאס ניט געוואוסט. זיין ליעבע האט ער ערשט גענומען פיהלען יענעם אבענד, ווען ער האט זיא אָנגעטראָפען אין גארטען און האט מיט איהר שפּאצירט. זיין גאנצעס לעבען האט זיך יעצט אָנגעפאנגען פון יענעם אָרט. זייט דאַן געדענקט ער שוין גאר ניט וואס מיט איהם און מיט איהר איז געשעהן. זיי פיבער איז גע־שטיעגען פון שטונדע צו שטונדע. זיין בלוט, זיין גאנצעס לעבען איז פערלאָרען, און פאר וועמען? פאר אזא קינד? איז דאס מעגליך?

לאנגע צייט האט ער מיט זיך געקעמפפט. ער פלעגט זעהר אָפט ווערען אין כעס אויף זיך אליין, און ער האט זיך געהאלטען פאר איין אידיאָט. וואס פאר א געהיימען קראפט בעזיצט דיעזע מיידעל, זיא זאָל איהם קענען אזוי בינדען? איז זיא ניט געקומען ארם און פערוואָרפען? האט ער זיא ניט אריינגענומען אין מאגאזין בלויז פון מיטלייד? ער וואָלט דיעזען סוד געקענט פערשטעהן, ווען דאס וואָלט געווען איינע פון יענע בעשעפענעשען, וואס קענען בעצויבערן דיא וועלט. אָבער דיעזע קליינע מיידעל? דיעזע נאר־נישט! זיא האט דאָך א געזיכט, וואס ווערט נאר קיינעם ניט אויפפאלענד. איהרע פעהינקייטען זיינען אויך ניט אזוי גרויס ווייל ער געדענקט גאנץ גוט וויא זיא האט אָנגעפאנגען דיא ארבייט און איז צו קיין זאך ניט געווען בעזאָנדערס פעהיג.

אזוי פלעגט ער צו זיך אליין זאגען, אָבער נאכדעם וויא זיין כעס פלעגט אויסשיסען און אָפלאָזען, פלעגט ער נעהמען ציטערן, אזוי וויא איינער וואס האט געלעסטערט זיין גאָטט. ער האט זיך גאר ניט געקענט פערצייען, ווארום ער האט געדענקט שלעכטעס פון זיין אידעאל. זיא בעזיצט דאָך אלע מעלות וואס מאכען א פרוי ערהאבען און גוט. זיא האט קוראזש, פרעהליכקייט, איינפאכקייט, און פון איהר נעהט ארויס איין עדעלקייט און א חן, וואס מוז יעדערן בעצויבערן. איינער קען זיא אנפאנגס אוועק מאכען פון אונטער'ן האנד, אָבער איהר חן פאנגט אָן צו ארבייטען מיט א זעלטענעם קראפט צו וועמען זיא האט נור געשמייכעלט, דאס זיא האט איהם געקויפט אויף אייביג. אלעס האט דאן געשמייכעלט אין איהר ווייסע געזיכט, אין איהרע שעהנע אויגען, אין איהרע חן־גריבעלעך, וועהרענד איהרע בלאָנדע שעהנע האאר האבען אויך אויסגעזעהן, וויא דיא קרוין פון שעהנקייט. איהר עדעלקייט און איהר בילדונג, איז געווען איהר שטארקסטער פונקט. וועהרענד דיא איבעריגע מיידלעך אין מאגאזין, האבען נור איין אויסגעלערענטע און א גע־מאכטע עדעלקייט. דעניס איז אזוי פון דער נאטור, און האלט אויף איהר נאטיר־ליכען חן, וואס ניט איהר צו נאָך מעהר קראפט.

אָבער ווארום ענטזאגט זיא איהם מיט אזא פעסטען בעשלוס. צוואנציג מאל האט ער זיא שוין געבעטען און האט איהר פערשפראָכען צו הייראטהען, האט איהר פערשפראָכען א היים און געלד. ער האט געדענקט, אז זיא האט איין אמביציאָן און ער האט איהר פערשפראָכען צו געבען איהר דעם אמט פון דער ערשטער דאמע אין מאגאזין, אזוי שנעל וויא עס וועט זיך איהם מאכען א ליידיגער אָרט. און זיא האט אליץ ענטזאגט. פאר איהם איז דאס געווען א קאמפף. אין וועלכען ער איז

אריין מיט זיין גאנצע הארץ. אזא עקשנות איז נאר שווער צו פערשטעהן, און דיעזע מיידעל וועט איהם וואהרשיינליך נאך אנפאנגען צו האסען.

אזוי האבען זיך געדרעהט זיינע געדאנקען וויא טאג אזוי נאכט. אלע נעך שעפטען זיינען פון איהם פערשוואונדען. ער האט געהאט איין נויטהווענדיגקייט אין דער וועלט, און דאס איז געווען, צו נעהמען זיא פאר זיין געליעבטע, צו נעהמען זיא פאר זיין ווייב, צו קוסען אויף איהרע ליפען, צו דריקען זיא צו זיך און צו געניסען דיא וועלט נור מיט איהר, ווייל אָהן איהר איז אלעס אָהן חן, אָהן ליעבע, און אָהן גליק.

א גאנצע נאכט האט ער געחלום'ט פון דיעזער דענים, און ווען ער האט זיך אויפגעכאפט אין דער פריה, איז איהר בילד געשטאנען פאר זיינע אויגען, און איז געשטאנען איבער זיין שרייב־טיש, וואו ער האט אונטערשריבען זיינע בילס, און זיא האט איהם בעגלייט, ווען ער האט זיך גענומען לויפען איבער'ן הויז, און ווען ער האט בעטראכט זיין געשעפט, האט געזעהן זיין גרויסע קראפט אלס קויפמאן, זיין גרויסען איינפלוס איבער זיינע ארבייטער, וואו הונדערטע פון זייא ציטערן פאר זיין בליק און טהוען אלעס וואס ער ווינשט, דאן האט ער זיך ערשט געפונען בעליידיגט ווארום ער איז שוואך געגען דיעזער מיידעל. גאנץ אייראָפּא האט בעשטעלט וואארע פון זיין מאגאזין, מען האט געמוזט בויען איין עקסטרען פּאָסט וואָגען צו פיהרען דיא אָרדערס צו זיין מאגאזין, און זיא זאָגט נאך אלץ ניין, אלץ ניין!

מאָרעט איז אָרונטער צו בעזוכען זיין קאסיר, וואו פיער קלערקס האבען געך היט דיא ריזיגע סייף, וועלכע האט אין זיך אריינגענומען אזוי פיעל געלד. ער האט בעטראכט דיא רעכענונג דעפּארטמענט, וואו ער האט בעשעפטיגט פינף און צוואנציג פון דיא בעסטע בוכהאלטער. ער איז אריין אין נעכסטען דעפּארטמענט וואו נאך פינף און צוואנציג קלערקס זיצען און רעכענען דיא קאָמיסיאָן וואס ער צאָהלט אויס. ער איז צוריק געקומען צום קאסיר, האט געעפענט דיא קאסע און האט אָנגעקוקט דיא מילליאָנען, אָבער וואס ניצט דאס אלעס, וואס טויג דאס אלעס. דענים זאגט אלץ ניין! אלץ ניין!

און אין יעדען דעפּארטמענט, אין יעדען ווינקעל און יעדע גאלעריע, אין זיין גאנצען מאגאזין, איז אלץ געווען נ י י ן און נ י י ן. זיין מאגאזין איז אריבער אלע גרענעצען. ער האט יעדען טאָג געלאָזט עפענען נייע דעפּארטמענטס, ער האט רעגירט וויא א קייזער און האט פערגרעסערט זיין הערדשאפט איבער אלע צווייגען פון געשעפט, אָבער דענים זאגט אלץ ניין, און בלייבט בייא ניין. זיינע קלערקס וואלטען יעצט געווען געגוג, מען זאל מאכען פון זייא א קליינע שטעדטעל; ער

האט געהאט פופצעהן הונדערט קלערקס און א טויזענד אנדערע ארבייטער. ער האט פערציג אינספעקטארס און זיעבעציג קאסירער. דיא קיך אליין בעשעפטיגט צוויא און דרייסיג מענער. צעהן שרייבער זיינען געזעצט ספעציעל פאר דיא אדוועררטיזמענטס. ער האט בעשעפטיגט דרייא הונדערט און פופציג לאקייען אין מאגאזין, וועלכע זיינען געגאנגען אין איין יוניפארם. פיער און צוואנציג פייער־לייטע זיינען וויא מאג אזוי נאכט געזעסען אין מאגאזין. זיינע פערד און זיינע וועגען זיינען געוועזן בעקאנט פאר דיא שענסטע אין פאריז. דיא פוהרמאנעס זיינען געפאהרען אין שווארצע מאנטלען, מיט גאלדענע פאסען און מיט דעם נאמען „דער וייבערשער גן־עדן" אויף דיא ברוסט. מען האט זיינע פוהרען געקענט טרעפען זאגאר אין דיא פארשטעדט ארום פאריז, און אין אלע שטילע און פערווארפענע גאסען. אבער וואס נוצען דיעזע אלע זאכען, און וואס טויג איהם דער גרויסער זיעג איבער דער גאנצער וועלט, ווען דעניס זאגט אלץ ניין, אלץ ניין!

ענדליך זיינען מארעט׳ס ליידען געווארען נאך גרעסער. ער האט אנגעפאנגען צו הערען איפערזיכטיג. בארדאנקעל האט איהם אמאל געגעבען אנצוהערענעש, אז דיא קליינע מיידעל אין דעם קליידער־דעפארטמענט, שפיעלט זיך מיט איהם.

— וויא אזוי? — האט ער געפרעגט איבערראשט.

— ווייל זיא האט איין אנדער געליעבטען, מיט וועלכען זיא פערברענגט! — האט בארדאנקעל געענטפערט.

מארעט האט געפיהלט קראמפ צו שמייכלען.

— איך דענק ניט מעהר פון איהר, מיין פריינד, — האט ער צו איהם געזאגט. — איהר קענט ריידען אפען.

— זיא פערברענגט אימער אין דעם לייס־דעפארטמענט. דאלאשע, דער היבשער יונגער מאן געפינט זיך דארט. איך קען עס ניט זאגען אויף זיכער, ווייל איך אליין האב זיא קיין מאל ניט געכאפט צוזאמען, אבער עס ווייזט זיך ארויס, אז מען האט געזעהן וויא זיא האט זיך מיט איהם געקוסט.

עס איז געווארען שטיל. מארעט האט זיך געמאכט, אז ער לייגט צוזאמען זיינע פאפירען, אום מען זאל ניט זעהן וויא זיינע הענד ציטערן. ענדליך האט ער בעמערקט: מיר מוזען האבען בעווייזע. ברובירט און ברענגט מיר עטוואס בעווייזע. איך פערזיכער אייך, אז איך קימער מיך גאר ניט פאר איהר, זיא עקעלט מיך. אבער מיר קענען ניט ערלויבען אזעלכע זאכען אין אונזער מאגאזין.

— איך וועל איך צושטעלען דיא בעווייזע אין דיעזע טעג ! — איך גיב אויף איהר אכטונג.

דיעזע נאכריכט האט בערויבט מארעט׳ס גאנצע רוהע. ער האט מעהר ניט געהאט דעם מוטה אריינצוגעהן אין א געשפרעך. ער האט ערווארטעט א קאַטאסטראָפע, אין וועלבער ער וועט פאַלען אלס קרבן. דיעזער געדאנק האט איהם געמאכט ווילד. דאס גאנצע הויז האט גענומען ציטערן פאר איהם. ער האט יעצט אויפגעגעבען זיין פריהעריגע געוואָהנהייט אָפּצוזאגען זיינע לייטע דורך בארדאנקעל. ער פלעגט עס אליין טהאָן, ווייל ער איז געוועזען דורשטיג נאך ראכע. ער האט געזוכט זיין טרייסט דערמיט וואס ער האט יעדען בעוויזען זיין גרויסע מאכט, דיא מאכט וועלכע האט פאר איהם ניט געקענט ברענגען דיא ליעבע, וועלכע ער האט געזוכט עס איז גראדע געוועזען דיא צייט, ווען דער שלעכטער ווינטער סיזאָן איז געקומען און ער האט אויסגערייניגט אלע דעפּאַרטמענטס און האט ארויסגעוואָרפען הונדערטע מענשען אין גאס. זיין ערשטער געדאנק איז געוועזען, צו ענטזאגען הודין און דאַלאשע, נאכדעם האט ער זיך איבערגעלייגט, דאס אויב ער וועט זייא ניט האלטען, וועט ער קיין זאך ניט אויסגעפינען. אנדערע האבען געליטען פאר זייא. אין אבענד ווען ער איז געוועזען אליין אין זיין צימער, זיינען זיינע אויגען געוועזען פול מיט טרעהרען.

איין טאָג האט געהערשט א בעזאָנדערער שטורם. איין אינספּעקטאָר האט געגלויבט, אז מיגנאט, גנב׳עט פון מאגאזין, ווייל ארום זיין טיש, האבען זיך אימער געפונען פיעלע אונגעוועהנליכע מיידלעך און איינע פון זייא איז ניט לאנג פערהאפטעט געוואָרען, ווארום זיא האט אָנגעשטאָפּט איהר בוזים און איהרע זאָקען מיט זעבציג פאאר האנדשוה. זייט דאן האט מען איהם שטארק געהיט און איין אינספּעקטאָר האט איהם געכאפּט, וויא ער האט געהאָלפען א הויכע מיידעל געהמען עטליכע דוצענד האנדשוה. דיא ארבייט איז געוועזען גאנץ איינפאך. ער האט איהר געוויזען האנדשוה איינע נאך דיא אנדערע, וועלכע זיא האט געשטאָפּט אין בוזים. נאכדעם האט ער זיא צוגעפיהרט צום קאסירער, וואו זיא האט בעצאָהלט בלויז פאר איין פאאר. גראדע איז מאָרעט דאָרט דאן געוועזען. עס וואר זיין שטיינער ניט אריינצוּמישען זיך אין אזעלכע זאכען, וואס פלעגען פאָרקומען זעהר אָפּט. אָבער יענעם טאָג, האט מאָרעט געפיהלט, אז ער דארף אויף איינעם אויסלאָזען זיין כעס, און דארום איז ער בעפאָלען דעם ארמען מיגנאט מיט א שרעקליכע רציחה.

— איך האב בעדארפט אריינרופען א פּאָליציסט ! — האט מאָרעט געשריען. — אָבער איך פערלאנג דוא זאָלסט מיר ענטפערן. ווער איז יענע פרוי ?

איך וועל שיקען נאך דער פאליציי, אויב דו אנטפערסט מיר ניט די וואהרהייט.

מען האט אוועק געפיהרט די מיידעל און צוויי פרויען האבען זי אונ־טערזוכט. מינגאט האט ארויסגעשטאמעלט: — איך קען זי ניט, מיין הערר, זי איז געקומען — — —

— ערצעהלט מיר קיין ליגען. — האט מארעט איהם אונטערבראכען. — איהר זייט אלע אין איין פערשווערונג. מיר זיינען אימער אין א וואלד, וואו מען בע־רויבט אונז. עס איז צייט, מיר זאלען יעדען פון אייך דורכזוכען בעפאר ער געהט פון דאנען אוועק.

מען האט אנגעפאנגען מורמלען. די אייניגע קונדען וואס זיינען דערביי געווען, האבען זיך ערשראקען.

— שטיל! — האט מארעט בעפאהלען, — ווען ניט, וועל איך אייך אלעמען צוטרייבען.

באַרדאנקעל האט ערפאהרען וואס עס געהט פאר, און ער איז געקומען צו לויפען אום צו פערהיטען פון א סקאנדאל. ער האט אריינגערעדט עטליכע ווערטער אין מארעט'ס אויער. די זאכע איז געווארען צו ערנסט. ער האט איהם צוגערעדט מען זאל אריינפיהרען מינגאט אין דעם אינספעקטארס צימער, דארט האט זיך אויך געפונען די פרוי. זי האט דארט גראדע עראינערט דעם נאמען אלבערט לעהאמע. ווען מען האט נאך אמאל גענומען פערהערען דעם יונגען מאן מינגאט, האט ער זיך צרוויינט און האט געזאגט, אז ער איז ניט שולדיג. אלבערט שיקט צו איהם זיינע געליעבטע. אנפאנגס האט ער זיי בלויז געגעבען בעסערע וואארע, און האט זיי פערקויפט עטוואס ביליגער. ווען זיי האבען ענדליך אנגעפאנגען גנב'ענען, איז ער שוין מיט זיי געווען צו ווייט פערמישט, אום ער זאל דאס קענען רעפארטען.

די נייעס האט זיך פערשפרייט איבער דעם גאנצען מאגאזין, און האט גע־מאכט, אז די שולדיגע זאלען ציטערן און די גאנץ עהרליכע זאלען ערווארטען גרויסע פערפאלגונגען. אלבערט איז געבראכט געווארען אין דעם אינספעקטארס צימער. נאך איהם איז געקומען זיין פאטער, זיין געזיכט וואר פערקאפען מיט בלוט און ער וואר נאהענט צו איין אפאפלעקסיע. נאכדעם איז געבראכט געווארען זיין מוטער, מאדאם אורילע, די ערשטע האנד אין דעם קליידער־דעפארטמענט. די מוטער האט ארויסגעפאטשט איהר זוהן, און דער אלטער פאטער האט זיך צרוויינט

וויא א קינד, וועהרענד מאַרעט האט געשאָלטען וויא א שיכור׳ער סאָלדאט, און האט דורכאויס געוואָלט איבערגעבען דיא גנבים צו דער פּאָליציי. אָבער דער סקאַנדאַל איז ענדליך פערשטיקט געוואָרען. מיגנאָט איז געוועזען דער איינציגער, וועלכען מען האט ענטזאגט. אלבערט איז נאך געבליעבען צוויא טעג אין מאגאזין, ווייל זיין מוטער האט געבעטען מען זאָל ניט בעליידיגען איהר פאמיליע אזוי אָפען פאר יעדען.

נאך דיעזער סצענע, איז מאָרעט דורך געגאנגען פון איין מאגאזין צום צווייטען און האט אויסגעלאָזען זיין כעס צו יעדען וואס האט געוואגט א קוק צו טהאָן אין זיין געזיכט.

— וואס שטעהט איהר אזוי ליידיג, איהר באפט פליענען? געהט און נעהמט אָפּ אייער רעכענונג!

ענדליך האט דער שטורם אויסגעבראָכען איבער הודין׳ס קאָפּ. פאווייער, וועלכער איז ערנאנט געוואָרען אלס צווייטע האנד, האט געגראָבען אונטער דיעזען הודין, אום ער זאָל קענען פערנעהמען זיין פּלאַטץ.

אין איין טאָג, אלס מאָרעט איז דורכגעגאנגען דעם מאגאזין, האט ער גע־טראָפען וויא פאווייער שטעהט און מאכט איבער דיא פרייזען פון א שלעכטען פעקעל וואארע.

— ווארום פערקלענערט איהר דיא פרייזען? — האט מאָרעט געפרעגט — ווער האט עס געהייסען טהאָן?

— הודין האט עס געהייסען! — האט פאווייער געענטפערט.

— וואו איז מאָנסיו הודין? וואו איז הודין?

הודין איז באלד געקומען און עס האט זיך אָנגעפאנגען א געשרייא. וואס! ער האט זיך אליין אונטערנומען צו פערקלענערן דיא פרייזען. אָבער הודין אליין איז אויך איבערראשט געוואָרען, ווייל ער האט נור גערעדט מיט פאווייער וויא נעטהיג עס איז דיא פרייזען צו פערקלענערן, אָבער ער האט נאך ניט געהייסען ער זאָל עס טהאָן.

— איהר דארפט פערשטעהן, מאָנסיו הודין, איך האב פיינד ווען מען ווערט מיר בעל־הבית אין מיין געשעפט. מיר זיינען דיא איינציגע וואס קענען בעשטימען איבער דיא פרייזען! — האט מאָרעט געשריען.

מאָרעט האט וויעדער געשריען און געשריען, און דאס האט איבערראשט ... אין מאגאזין, ווייל אזעלכע זאכען זיינען אימער בעשפּראָכען געוואָרען אין דער

שטיל און אזעלכע זאכען קענען זיך טרעפען. מען האט געפיהלט, אז מארעט האט עפעס א האס אין הארצען. ער האט ענדליך געכאפט דיעזען הודין ביים א פערברעכען, דיעזען הודין, וועלכען ער האלט פאר דעניס געליעבטען. ער האט זיך יעצט געקענט קוויקען דערמיט וואס ער קען איהם ווייזען, אז ער איז בעל־חבית. ער האט דארום פערגרעסערט דיעזען פערברעכען און האט געגעבען אנצוהערענעש, אז דא שטעקט א גנבה.

— מיין הערר, איך האב אייך דעריבער געוואלט פרעגען. דאס איז זעהר נעטהיג צו טהאן, דיעזע וואארע קען גאר ניט פערקויפט ווערען.

— מיר וועלען עס נאך בעטראכטען און אורטהיילען! — האט מארעט גע־ענטפערט. — פארלויפיג זאג איך אייך, איהר זאלט עס מעהר ניט טהאן, אויב דיעזער פלאטץ איז אייך טהייער.

און ער איז אוועק געגאנגען. הודין איז געוועזען שטארק אויפגערעגט און ער האט פאר כעס געשוואוירען, אז ער וועט געהן און וועט אפגעבען זיין רעזיגניישען. פאוויער האט זיך געמאכט אונשולדיג און האט זיך פערטהיידיגט מיט אלערלייא תרוצים.

— מיר ווייסען אלע וואס מיט איהם איז געשעהן! — האט הודין אויסגע־שריען. — דיא מיידעל אין דעם קליידער־דעפארטמענט, האט פערדרעהט זיין קאפ. דער גאנצער שטורם קומט פון איהר. ער וויים, אז זיא איז פערליעבט אין מיר און ער וויל עס ניט האבען. אבער איך שווער אייך, אז זיא וועט פון מיר הערען, ווען איך וועל נאך אמאל דורך איהר ליידען.

צוויא טעג נאך דיעזער פאסירונג, איז הודין געגאנגען אויף דיא טרעפ צו איין אויבערסטען עטאזש און ער האט געטראפען, וויא דעניס און דאלאשע שטעהן ביים א פענסטער און זיינען אזוי פערטיעפט אין א געשפרעך, דאס זייא הערען גאר ניט, אז ער געהט. ער האט בעמערקט וויא דאלאשע וויינט. ער איז דארום זאפארט אוועק אזוי שטיל וויא מעגליך, און האט אויסגעזוכט דעם אינספעקטאר זשאוו און באורדאנקעל. ער האט זייא געזאגט, אז זייא קענען געפינען א ליעבעס־סצענע אויף דיא טרעפ. באורדאנקעל האט זאפארט געהייסען ברענגען דעם איינגעטהיטער פון מאגאזין, מארעט, וועהרענד ער אליין איז זאפארט אוועק זעהן דיא סצענע.

דער פלאטץ וואו דעניס און דאלאשע האבען זיך געפונען, ווער א שטיקער און איין אפגעלייגטער. עס איז געוועזען אויף דיא טרעפ, וואס האבען געפיהרט צום ארבייטס־צימער. קיינע קונדען זיינען איבער דיעזע טרעפ ניט געגאנגען. עס ווער זעהר הויך, און ארויס קוקענדיג פון פענסטער, האט געכאפט שווינדלען דער קאפ.

דעניס האט דאָרט זעהר אָפט געטראָפען דיעזען יונגען מאַן. זיא, אַלס צווייטע האנד אין קליידער־דעפּאַרטמענט, פלעגט גאַנץ אָפט מוזען געהן זעהן דיא אַרבייטער אין דעם אַרבייטס־צימער, וואו דיא מאָדעלען ווערען געמאַכט. דאַלאַשע פלעגט זיא דאָרט אָפּוואַרטען מיט אַלערלייא תרוצים, און פלעגט זיך מאַכען, אַז ער איז איבעראַש וואס ער האט זיא געטראָפען. ער פלעגט זיא צופיהרען צום פענסטער, וואו זייא וואַרען גאַנץ אַליין און וואו מען האט זייא ניט געקענט בעמערקען פון מאַ־גאַזין. דאָרט פלעגט ער זיא פעראינטערעסירען מיט אַ געשפּרעך פון דער פּראָווינץ פון וועלכער זייא זיינען געקומען.

ריידענדיג פון דעם געגענד, האט ער אויסגערופען: — אַח, מאַדמאָאַזעל דעניס, ווארום זיים איהר ניט פריינדליכער צו מיר. איך ליעב אייך אַזוי פיעל! — טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען, און ווען זיא האט איהם געוואָלט אונטערברעכען, האט ער נאָך אַלץ גערעדט: — לאָזט מיך, איך זאָל עס אייך נאָך אַמאָל זאָגען. מיר וועלען לעבען גליקליכער צוזאַמען, מענשען קענען אימער לעבען גליקליך, ווען זייא האבען פון וואס צו ריידען, און ווען זייא קומען צוזאַמען, האבען זייא פיעל צו ריידען.

ער האט געבליבען, און זיא האט געקראָנגען אַ געלעגענהייט צו זאָגען איהם גאַנץ פריינדליך:

— איהר זיים אונגערעכט צו מיר; איהר האט מיר פערשפּראָכען איהר זאָלט דערפון מעהר ניט ריידען, עס איז גאַנץ אונמעגליך. איך האב פאַר אייך אַ גרויסע פריינדשאַפט, אָבער איך קען עס ניט, ווייל איך וויל זיין פרייא.

— יאַ, יאַ, איך ווייס דאס! — האט ער געענטפערט מיט אַ צובראָכענעם קול. — איהר ווילט מיך ניט ליעבען. אַה, איהר קענט עס מיר זאָגען. איך פער־שטעה דאס. איהר געפינט אין מיר קיין זאַך, ווארום איהר זאָלט מיך ליעבען. הערט מיך אויס, איך האב געהאַט איין גליקליכען מאָמענט אין מיין לעבען, און דאס איז געוועזען, ווען מיר האבען שפּאַצירט צוזאַמען. איך בין דאַן געוועזען נאַרריש גענוג צו גלויבען, אַז — —

זיא האט איהם ווידער אונטערבראָכען. זיא האט דערהערט וויא בערדאַנקעל און זשאָוו, קומען פון צווייטען זייט קאָרידאָר.

— הערט, מען קומט!

— ניין! — האט ער אויסגערופען, און האט זיא ניט געוואָלט אָפּלאָזען פון פענסטער. — עס שיינט אייך נור.

און ער האט פאָרטגעזעצט צו מאכען זיינע ערקלערונגען. זיא האט איהם מעהר ניט אויסגעהערט. זיא האט געקוקט אין אלע זייטען און האט געזוכט וויא צו בעשעפטיגען איהרע געדאנקען און ער האט ערקלעהרט זיין ליעבע. דאלאשע האט אָנגעכאפט איהר האנד, און זיין געזיכט האט אויסגעזעהן אזוי ליידענד, דאס זיא האט ניט געהאט קיין הארץ ארויסצורייסען איהר האנד פון זיינע.

— ענטשולדיגט מיר, האט ער געזאגט. — עס איז יעצט אלעס פאָראיבער. איך וועל זיין פיעל אונגליקליכער, ווען איהר וועט מיר אינגאנצען ענטזאגען אייער פריינדשאפט. איך פערזיכער אייך, אז איך וועל געפינען אין אנדער געשפרעך, איך וועל פון יעצט אָן זיין גוט צו אייך. איהר ווייסט דאך מיין שיקזאל אין לעבען. עס איז שוין צו שפעט איך זאל ווערען גליקליך. איך בין געשלאָגען געוואָרען צו הויז, בין געשלאָגען געוואָרען אין פאריז און בין געשלאָגען געוואָרען איבעראל. איך בין דאָ אזוי לאנג און בין נאך אלץ דער לעצטער אין דעם דעפארטמענט. איך וועל אייך דארום מעהר ניט בעלעסטיגען. פרובירט זיין גליקליך, ליעבט אייך איין אנדער'ן, דאס וועט אייך פיעלייכט ברענגען פערגניגען. מיין גליק וועט זיין וואס איך וועל אייך זעהן גליקליך.

און אזוי וויא ער וואָלט אָפזיגלען זיין פערשפרעכען, האט ער אויפגעהויבען איהר האנד צו זיינע ליפען און האט זיא געקוסט, וויא א שקלאף. זיא איז זעהר טיעף געריהרט געוואָרען, און אין א טאָן פון א גוטהערציגער שוועסטער, האט זיא גאנץ איינפאך געזאגט:

— מיין ארמער, ארמער יונגע!

יעצט זיינען זייא אויפגעשפרונגען און האבען זיך ארומגעקוקט. מאָרעט איז געשטאנען הארט נעבען זייא.

זעלבסטפערשטענדליך, אז זשאוו און בארדאנקעל האבען איהם אהין געבראכט, אָבער ווען זייא זיינען געקומען אויבען, זיינען זייא פערשוואונדען. דאלאשע איז אויך זאָפאָרט אנטלאָפען. דעניס איז געבליבען אליין, בלאסער וויא אימער און האט געקוקט גלייך אין מאָרעט'ס געזיכט.

— זייט אזוי גוט און קומט מיט מיר! — האט ער געזאָגט אין א גראָבע שטימע.

זייא זיינען ארונטער דיא טרעפ. זיינען דורכגעגאנגען איינינע דעפארטמענטס, אָהנע צו ריידען א וואָרט. זייא זיינען געקומען צו זיין קאנטאר. מאָרעט האט געעפענט זיין טהיר און האט געזאגט: — געהט אריין מאדמאָזעל.

ער האט צוגעשלאָסען דיא טהיר און איז צוגעגאנגען צו זיין שרייב־טיש. זיין נייער קאנטאר איז געווען פיעל רייכער אויפגעפוצט, מיט נייען זייד און נייען סאמעט, און נייע גארדינען און נייע ביכער. אָבער אויך דיעזער קאנטאר איז געווען אָהן בילדער, אויסער דאס בילד פון דער טויטער מאדאם מאָרעט, וועלכע האט געשמייכעלט פון איהר גאָלדענע פריים.

מאָרעט האט זיך געשטארקט צו בלייבען גאנץ קאָלט און האט געזאגט:

— פריילין, מיר האבען דאָ איין שטרענגען געזעץ געגען איין זאך. מיר פער־לאנגען דורכאויס, אז אונזערע לייטע זאָלען זיך דאָ אויפפיהרען גוט.

ער האט גערעדט לאנגזאם און האט געקליבען זיינע ווערטער, אום ער זאָל ניט ארייננפאלען אין צופיעל כעס, וועלכער האט געברענט אין זיין הארצען. וואס? זיא ליעבט דיעזען מיאוסען, פערוואָרפענעם קלערק, פון וועלכען אלע לאכען! זיא האט אויסגעקליבען דעם קלענסטען און דעם ערגסטען אנשטאט צו נעהמען דעם העכסטען פון אלעמען, דעם בעל־הבית אליין? ער האט ניט געצווייפעלט אין זייער ליעבע. ער האט דאך אליין געזעהן וויא זיא האט איהם געלאָזט נעהמען איהר האנד און ער האט זיא געקוסט.

— איך בין צו אייך געווען זעהר גוט, פריילין! — האט ער פאָרטגעזעצט מיט א גאנץ נייע אנשטרענגונג. — איך האב ניט ערוואָרטעט, איהר זאָלט מיך אזוי בעלאָהנען.

באלד וויא דעניס איז אריין אין דיעזען צימער, איז איהר אויפגעפאלען דער פאטרעט פון מאָרעט'ס ערשטע פרוי. און ניט אכטענדיג אויף איהרע גרויסע שמערצען, האט זיא זיך וועגען דאס בילד שטארק פערטראכט. זיא האט עפּעס געפיהלט א מורא פאר דיעזער פרוי, אָבוואָהל זיא האט געהערט, אז זיא איז געווען א גוטע.

— איהר האט רעכט, מיין העהר, — האט זיא געזאגט זעהר ווייך. — איך האב ניט בעדארפט שטעלען זיך רעדען. איך בעט אייער ענטשולדיגונג. דיעזער יונגער מאן קומט פון מיין פראָווינץ.

— איך וועל איהם אוועק שיקען! — האט מאָרעט אויסגערופען מיט זיין גאנצען כעס.

ער האט זיך אין גאנצען פערגעסען דיא ראָלע וואס ער שפּיעלט. דיא ראָלע פון א בעל־הבית, וואס מוסר'ט זיינע א דיענסט, וועלכע האט איבערגעטראָטען דיא געזעצע פון הויז, און ער האט אויסגעשאָסען אין א גאנצען ים ווערטער. האט איהר קיין שאנדע אין זיך? אזא יונגע מיידעל וויא איהר, זאָל זיך איבערגעבען צו אזא

ניעדעריגער בעשעפענעש. ער האט נעגעבן איהר געמאכט אלערלייא ווילדע בעשולדיגונגען, און האט פערמישט אין דעם הודינ׳ס נאמען און דעם נאמען פון פיעלע אנדערע, און ער האט גערעדט אזוי האסטיג, דאס זיא האט זיך ניט געקענט פערטהיידיגען. אָבער ער וועט זייא אלעמען ארויסוואַרפען.

— יא, איך וועל ארויסוואַרפען אלע אייערע געליעבטע! — האט ער געשריען. מען האט עס מיר ערצעהלט צעהנדליגע און הונדערטער מאָל. אָבער איך בין געוועזן דער איינציגער, וואס האט אין דעם ניט געגלויבט. איך בין געוועזן דער איינציגער.

דעניס איז באלד דערשטיקט געוואָרען. זיא איז געשטאַנען און האט צוגעהערט דיעזע בעשולדיגונגען, וועלכע זיא האט ניט פערשטאַנען. האלט ער זיא ווירקליך אזוי שלעכט? ווען ער האט געמאכט נאך א שווערע בעשולדיגונג, האט זיא זיך געווענדעט צום טהיר. און אלס ער האט איהר געגעבען א צייכען, מיט דער האנד זיא זאָל בלייבען שטעהן, האט זיא צו איהם געזאגט:

— לאָזט מיך צו רוה, מיין הערר, אויב איהר דענקט, אז איך בין ווירקליך אזוי שלעכט, וועל איך ניט בלייבען בייא אייך קיין איינציגע סעקונדע.

אָבער ער איז צוגעלאָפען צום טהיר, האט פערשטעלט פאר איהר דעם וועג, און האט אויסגעשריען: — אָבער וואָרום פערטהיידיגט איהר זיך ניט? זאגט דאָך עטוואס?

זיא איז געבליבען שטעהן קאלט וויא איין אייזען. ער האט זיא געמאַטערט מיט פראגען און פראגען. דיא שטומע ראָלע פון דיעזער מיידעל האט וויעדער געשיינט אלס א קינסטלערישע ראָלע פון א פרוי, וואס האט אלעס בערעכענט און האנדעלט נאך א בעשטימטען פלאַן. זיא האט ווירקליך ניט געקענט שפיעלען א בעסערע ראָלע, צו ברענגען איהם אויף דיא קניע.

— איהר זאגט, ער איז פון אייער געגענד? פיעלייכט האט איהר זיך דאָרט שוין פריהער געטראָפען. שווערט, אז צווישען אייך און דיעזען מאַן, איז קיין זאַך געוועזן.

און אלס זיא איז נאך אלץ געבליבען שטיל, גלייך וויא זיא וואָלט וועלען עפענען דיא טהיר און געהן, האט ער פערלאָרען זיין גאנצען מוטה, און ער האט אויסגעבראָכען אין א ים טרעהרען.

— גרויסער גאָט, איך ליעב אייך, איך ליעב אייך! וואָרום מאַטערט איהר מיך אזוי פיעל? איהר קענט זעהן, אז פאר מיר עקזיסטירט יעצט קיין אנדער

זאך, אז דיא מענשען ארום מיר, קענען מיר קיין זאך ניט טהאָן אויסער דורך אייך. איך האב געדאכט, אז איהר זייט אייפערזיכטיג און דארום האב איך אויפ־געגעבען אלע מיינע פערגניגענס. מען האט אייך געזאגט, אז איך האב מאטרעסען, איך האב זייא אויך אויפגעגעבען. איך געה ניט ארויס פון הויז. אין מאדאם דעספאָרגעס הויז האב איך אָפען בעוויזען, אז איך האלט מיט אייך. איך האב זיך מיט איהר צוריסען, אום צו געהערען אין גאנצען צו אייך. איך ווארט נאך אלץ איהר זאָלט מיר ווייזען אייער פריינדשאפט, אייער דאנקבארקייט. אויב איהר דענקט, אז איך וועל צו איהר נאך געהן, האט איהר א טעות. זיא נעהמט פון מיר ראכע, דערמיט וואס זיא העלפט מיינעם א געוועזענעם קלערק, עפענען א מאגאזין, וואס זאָל מיט מיר קאָנקורירען. זאָגט מיר, מוז איך מיר שטעלען אויף מיינע קניע, אום איך זאָל קענען ריהרען אייער הארץ?

ער איז געקומען צו דיעזער שטופע. ער, וועלכער האט ניט געליטען דיא קלענסטע עקשנות פון זיינע פרויען, ער, וועלכער, פלעגט זייא ארויסווארפען בייא יעדען קאפריז, האט זיך געפונען גענויטהיגט צו בעטען זיך בייא איינער פון זייא, זיא זאָל פון איהם ניט אוועק געהן, און זאָל איהם ניט איבערלאָזען אין זיינע ליידען. ער האט צוגעהאלטען דיא טהיר פון איהר. ער וואר פערטיג צו פערצייהען איהר יעדע זאך, זאָגאר צו גלויבען אין אָפענעם ליגען, ווען זיא זאָל עס נור וועלען זאָגען. און עס וואר אמת, ער איז געוואָרען מיעד און קראנק, פון מיידלעך, וואס ער האט אויפגעזוכט אין דיא טהעאטערע און נאכט־קאָנצערטען. ער האט שוין לאנג אויפ־געגעבען דיא דיקע קלארא, און יעצט האט ער אויפגעהערט צו בעזוכען מאדאם דעספאָרגעס, וואו באטאמענט האט דאָרט געשפיעלט דיא הויפט־ראָלע, און האט געווארט, ביז ער וועט עפענען זיין מאגאזין דיא „פיער סיזאָנען“, וועלכע וואר שוין אדווערטייזט אין אלע צייטונגען.

— מוז איך מיך שטעלען אויף מיינע קניע? — האט ער ווידער געזאגט און איז באלד ערשטיקט געוואָרען פון טרעהרען.

זיא האט איהם אָפגעהאלטען. זיא האט אליין מעהר ניט געקענט בעה־האלטען איהר אויפרעגונג, זיא איז זעהר טיעף געריהרט געוואָרען פון זיין ליידענ־שאפט.

— איהר זייט אונגערעכט, מיין הערר! — האט זיא געענטפערט. — איהר דארפט זיך אזוי ניט אויפרעגען. איך פערזיכער אייך, אז אלעס וואס מען ערצעהלט איז פאלש. דער ארמער יונג, וועלכען איהר האט געזעהן, איז אזוי אונשולדיג וויא איך.

דיא האט דיעזעס געזאגט, מיט איהר בראווע מיענע און אָפענע אויגען, וועלכע האבען געקוקט גלייך אין זיין געזיכט.

— איך גלויב אייך! — האט ער געמורמעלט. — איך וועל ניט ענטזאגען דיא לייטע, וואס איהר נעהמט אונטער אייער שוטץ. אָבער ווארום ענטזאגט איהר מיר, ווען איהר ליעבט קיין אנדערן? איהר ליעבט איין אנדערן! — האט ער יעצט אויסגעשריען. — אהה, איהר מעגט עס זאָגען. איך האב קיין רעכט אויף אייער ליעבע. ליעבט איהר איין אנדערן? זאָגט?

זיא איז געוואָרען זעהר רויטה, איהר הארץ איז יעצט געלעגען אין איהר מויל און זיא האט געפיהלט, אז קיין פאלשקייט איז מעגליך צו זאָגען פאר דיעזען גע־ריהרטען מאַן.

— יא! — האט זיא ענדליך געזאגט זעהר שוואך. — אָבער איך בעט אייך, לאָזט מיך געהן, איהר מאַטערט מיך.

יעצט האט זיא געליטען. איז דאס ניט גענוג וואס זיא דארף זיך געגען איהם פערטהיידיגען? איז זיא געצוואונגען צו קעמפפען געגען זיך אליין, געגען איהר ווילען? ווען ער האט צו איהר אזוי גערעדט, און זיא האט געזעהן וויא ער איז גע־ריהרט, האט זיא אליין ניט געוואוסט ווארום זיא ענטזאגט איהם. זיא האט אָבער מורא געהאט צו ריזיקירען, זיא האט געליעבט צו לעבען רוהיג, און זיא האט געוואָלט געווינען צייט צו בעדענקען זיך. ער האט זיא אָבער ניט פערשטאַנען. ער האט זיך אומגעקעהרט צו זיין שרייב־טיש, און האט געזאָגט: — איך וויל אייך מעהר ניט האלטען, מאַדמאָאזעל, איך קען אייך ניט האלטען געגען אייער ווילען.

— אָבער איך וויל ניט אוועק געהן! — האט זיא געענטפערט מיט א שמייכעל. — אויב איהר גלייבט, אז איך בין אונשולדיג, וועל איך בלייבען. איינער מוז אימער גלויבען א פרוי, אז זיא איז עהרליך. עס זיינען דאָ פיעלע עהרליכע פרויען, דאס פערזיכער איך אייך.

דעניס האט ניט ווילענדיג א קוק געטהאָן אויף דעם פּארטרעט אויפ'ן וואנד. דיעזע דאַמע, אזוי קלוג און אזוי שעהן, און מען זאָגט, אז איהר בלוט האט גע־בראכט גליק צו דיעזען הויז. מאָרעט האט געזעהן וואוהין איהרע בליקען פאלען, און ער איז פּערציטערט געוואָרען. איהם האט געשיינט, אז ער האט געהערט וויא זיין ווייב רעדט ארויס דיעזע פראזע. זיין ווייב פלעגט עס ווירקליך זעהר אָפט זאָגען. עס איז פאר איהם געווען גלייך וויא א תחית המתים. ער האט אין דעניס ערקענט דעם שכל און דיא איבערלעגונג פון דער קלוגער פרוי, וועלכע ער האט

פערלאָרען. איהם איז געוואָרען אויפפאלענד, וואס דעניס איז אין פיעלע זאכען עהנליך צו זיין ווייב, און ער איז געוואָרען נאך טרויעריגער.

— איהר ווייסט, אז איך בין אייערער! — האט ער געמורמעלט. — איהר קענט מיט מיר טהאָן וואס איהר ווילט.

דאן האט זיא אָנגעפאנגען צו זאָגען גאנץ פרעהליך.

— דאס איז ריכטיג, מיין העדר. דיא עצה פון א פרוי, זאָגאר ווען זיא איז דיא אָרימסטע, איז אימער ווערטה צו הערען. אויב איהר וועט זיך איבערגעבען אין מיינע חענד, קענט איהר זיין זיכער, אז איך וועל פון אייך מאכען א גוטען מאַן.

זיא האט געשמייכעלט. און האט יעצט אויסגעזעהן נאך פיעל שעהנער וויא פריהער. ער האט אויך געשמייכעלט, און ער האט זיא צוגעפיהרט ביז דער טהיר.

אויף מאָרגען, איז דעניס ערנאנט געוואָרען אלס דיא ערשטע האנד. דער קליידער־דעפארטמענט איז צוטהיילט געוואָרען אין צוויא דעפארטמענטס, אום דעניס זאָל האבען איין דעפארטמענט פאר זיך. זיים אלבערט איז ארויסגעשיקט געוואָרען פאר זיינע גנבות, האט מאדאם אורילע געציטערט, וויל זיא האט בעמערקט, אז אלע זיינען צו איהר קאלט און גלייכגילטיג. זיא האט געזעהן וויא דיא מאכט פון דער יונגער מיידעל, שטייגט מיט יעדען טאָג. זיא האט ערוואַרטעט, אז מען וועט זיא ארויס שיקען, און דעניס וועט פערנעהמען איהר פלאַטץ. דארום ווען זיא האט געזעהן, אז דאס מיידעל האט נעקראָגען א בעזונדערן אמט, האט זיא ניט געוואוסט וויא איהר צו דאנקען, ווארום זיא האט ניט צוגענומען איהר שטעלע. זיא האט איהר דארום געגעבען יעדע עהרע, האט זיא בעהאנדעלט וויא איהר גלייכען, און זיא פלעגט איהר אָפט בעזוכען אזוי וויא איין אלטע קעניגין וואס בעזוכט א יונגע קעניגין.

דעניס איז יעצט געווען אויף דער העכסטער שטופע. איהר שטעלע אלס ערשטע האנד פון א דעפארטמענט, האט פערניכטעט אלע איהרע געגנער. דיא פרויען האבען זיך איהר אונטערגעגעבען און דיא מענער האבען זיא פערעהרט. זאָגאר בארדאנקעל האט זיך געפיהלט שוואכער פון דיזער מיידעל. ער האט זיך איבערצייגט, אז דיא פרוי איז שטארקער פאר אַלעס און זיא קען איהם פערניכטען, ווען ער וועט זיא אויפפאָדערן צום קאמפף.

אָבער דעניס האט אָנגענומען איהר זיעג רוהיג און פריינדליך צו יעדען. זיא האט זיך גראטולירט מיט איהר ערפאָלג. זיא האט זיך פאַרגעשטעלט דיא

יעדערינג זיא איז געווען. ווען זיא איז אריין אין דעם מאגאזין, און וויא הויך זיא שטעהט יעצט. דיא איינציגע פערזאָן, צו וועלכער זיא האט געהאט א האס, איז געווען קלארא, ווייל זיא האט ערפאהרען, אז קלארא האט געהאלטען וואָרט און האט גענומען צו זיך אהיים אויף א נאכט, דעם אונגליקליכען קאלאמבאן. קלארא האט עס געטהאָן, אום צו מאכען פון איהם שפאס, אָבער דער נאר איז אויף דעם געוואָרען אזוי שטאָלץ, דאס ער איז געוואָרען נאך קעלטער און נאך ערגער צו דער קראנקער זשענעוויוו, וועלכע איז געשטאָרבען ביסלעכווייז.

זיא האט יעצט געהאט זעהר אָפטע געשפרעכען מיט מאָרעט. ווען זיא פלעגט קומען אין זיין קאנטאר, אום צו בעשפרעכען איהר דעפארטמענט, פלעגט ער זיא האלטען א לאנגע צייט אום צו קוויקען זיך מיט איהר זיסע שטימע. זיא פלעגט פאר איהם האבען גאנץ נייע פלענער אין געשעפט, און זיא פלעגט איהם ערקלעהרען, אז ער שהוט זעהר שלעכט, דערמיט וואס ער האלט זיינע אנגעשטעלטע אזוי ביליג און שיקט זייא ארויס אָהן א פארוואס. זיא האט עס געהאלטען פאר איין אונרעכט און שעדליך פאר דעם געשעפט און פאר דיא אנגעשטעלטע. זיא האט נאך נים פערגעסען איהרע אייגענע ליידען, און יעדעס מאל, ווען זיא האט געזעהן א נייע מיידעל אין מאגאזין, וויא זיא שלעפט זיך אין דיא שווארצע קלייד, איז צומישט און ערשראָקען, פלעגט איהר הארץ אין איהר וויינען. זיא האט געוואוסט, אז דיעזער פינסטערער לעבען, האט פערדאָרבען דיא בעסטע פון זייא. דיא ערניעדערונג וואס א נייע מיידעל שטעהט אויס אין דעם מאגאזין, פערפלאנצט אין איהר דעם וואָרם פון איהר אונטערגאנג. זייא ווערען אלע אלט פאר פערציג יאָהר, און זייא ווערען אלע פערלאָרען פון דער וועלט. פיעלע פון זייא שטאָרבען בייא דער ארבייט, וויא איין אָקס אין דער סאָכע, זייא קריעגען שווינדזוכט פון דיא שלעכטע לופט, און אנדערע ווערען אויסגעארבייט. מאנכע געהן אוועק אין דיא גאסען, און בלויז איינינע הייראטהען און ווערען בעגראָבען אין א קליינע קרעמעל. איז עס דען רעכט, דארף עס אזוי זיין? דארף דיעזער גרויסער מאגאזין אזוי שלינגען מענשען יעדען יאָהר? זיא האט פאר מאָרעט בעוויעזען מיט שכל, אז דיעזער צושטאנד איז געפעהרליך פאר איהם, וויא פאר זיינע קרבנות. אום צו מאכען א גוטע מאשינע, מוז מען האבען שטארקען אייזען. ווען דער אייזען ברעכט, בלייבט דיא גאנצע מאשינע שטעהן.

זיא האט פאר מאָרעט פאָרגעלייגט א פלאן פון א גרויסען באזאר, אין וועלכען יעדער זאָל האבען זיין ריכטיגען טהייל פון דיא פערדיענסטען, לויט זיינע פעהיג־קייטען און זאָל וויסען, אז זיין צוקונפט איז פאר איהם געזיכערט. מאָרעט האט זיך

אמחירט מיט איהרע גרויסע פאנטאזיען און הויכע פלענער. ער האט זיא גערופען סאציאליסטקע, און ער האט איהר בעוויזען, אז אזעלכע זאכען זיינען ניט דורכפיהר־באר. אָבער איהר זיסע שטימע און איהרע שילדערונגען ווענען דיא לאגע פון זיינע אנגעשטעלטע, האבען אויף איהם שטארק געווירקט, און ער האט ווירקליך פער־בעסערט דיא לאגע פון אלע זיינע ארבייטער. מען האט אויפגעהערט צו ווארפען מענשען וויא אויסגעניצטען מאטעריאל. מען האט איינגעפיהרט א פענסיאָן אין מאגאזין פאר דיא אלטע, וואס ווענען ארבייטען א געוויסע צייט.

דעניס האט זיך ניט בענוגענד דערמיט וואס זיא האט געהיילט דיא וואונדען פון וועלכע זיא האט אליין געליטען. זיא האט דורכגעפיהרט פיעלע עדעלע אידעען. זיא האט פאָרגעשלאָגען א גרויסען באָלל און קאָנצערט פאר דיא ארבייטער און קונדען פון דעם מאגאזין. דיא צייטונגען האבען דיעזען פלאַן אויפגענומען, און בארדאנקעל אליין איז געווען געצוואונגען מודה צו זיין, אז דאס איז א געוואלטיגער אדווערטייזמענט. זיא האט אויך געווירקט אויף מאָרעט, ער זאָל עפענען א זאאל פאר דיא מענער, וואו זייא זאָלען קענען פערברענגען אין עהרליכע פערגניגענס. זיא האט געזעהן מען זאָל איינפיהרען א נאכט־שוהלע אין דעם מאגאזין צו לערנען דיא אנגעשטעלטע שפראכען און וויסענשאפט. איין ביבליאָטהעק איז פאר דיא אנגע־שטעלטע געעפענט געוואָרען. אויך האט זיא געזעהן, אז א דאָקטאָר זאָל אימער זיצען אין מאגאזין צו קורירען דיא אנגעשטעלטע, ווען זייא ווערען קראנק. אלע בעדירפניסע פון לעבען, זיינען פערזאָרגט געוואָרען פאר דיא אנגעשטעלטע אין דעם מאגאזין. מאָרעט׳ס מאגאזין איז ווירקליך געוואָרען א „גן־עדן" פאר אלע זיינע ארבייטער.

אין מאגאזין האט מען זיך דערוואוסט, אז דעניס האט דיא אלע זאכען אויס־געפיהרט בייא דעם ווירטה, אָבער זיא האט זיך נאך צו איהם ניט אונטערגעגעבען. איהר גאנצע מאכט בעשטעהט אין דעם, וואס זיא האלט איהם פון וויטען. דיעזעס האט זיא געמאכט זעהר בעריהמט און בעליעבט אין מאגאזין. אלע האבען זיא פער־עהרט פאר איהר שטארקען כאראקטער. ענדליך האבען זייא געפונען איינע וואס קען בעהערשען דעם הערשער, וואס רעכענט זיך מיט איהם פאר אלע אנדערע, און וואס קען פון איהם ארויס קריעגען עטוואס מעהר וויא א טרוקענעם פער־שפרעכען. ווען זיא איז דורכגעגאנגען דעם מאגאזין מיט איהר עדעלע מיענע, האבען זיך אלע צו איהר געבייגט, און אלע ווארען אויף איהר שטאָלץ.

דעניס האט זיך אליין ניט געגלויבט, אז זיא איז אזוי מעכטיג. איז דאס מעגליך? זיא האט זיך געזעהן וויא זיא איז געקומען אין מאגאזין אין גרויסע שיך,

מיט איין אלטע קלייד, און איז געווען א נאר־ניט, א קערענדעל אונטער דעם גרויסען מיהל־שטיין, וואס האט אלעס צוריבען אויף אש, און יעצט איז זיא דער קאפ און דיא נשמה פון דיעזע פלאטץ, און זיא האט אליין ניט געוואוסט ווארום זיא איז דאס געווארען. זיא האט זיך ניט געשטופט צו דער שפיצע, און זיא איז אהין אנגעקומען. ווארום קומט עס איהר? זיא איז ניט שעהן? זיא טהוט ניט וואס מען דארף ניט? מיט וואס האט זיא בעהערשט דעם גרויסען פלאטץ?

## 13טער קאפיטעל.

אין א פריה־מארגען, אין נאוועמבער, אלס דעניס האט געגעבען איהרע בעד־פעהלע אין איהר דעפארטמענט, איז א דיענסט פון באדו׳ס הויז אריינגעקומען און האט איהר ערצעהלט, דאס מאדמאאזעל זשענעוויוו האט פערבראכט א שלעכטע נאכט און זיא וויל זעהן איהר קוזינע. זייט א לאנגע צייט איז דאס מיידעל געווארען שוואכער און זיא ליעגט אין בעט זייט דיא לעצטע עטליכע טעג.

— איך וועל זאפארט קומען! — האט דעניס געענטפערט.

קאלאמבאן׳ס אונערווארטעטער פערשווינדען איז געווען א שווערער קלאפ פאר דער קראנקער זשענעוויוו. צו ערשט האט איהם קלארא אפגערעדט און האט איהם געהאלטען בייא זיך איינינע נעכט. ענדליך איז ער געווארען צו איהר איבער־געבען מיט לייב און לעבען און ער איז צוריק ניט געקומען צו זיין כלה, נור ער האט געשריבען א בריעף, אין וועלכען ער האט פון איהר גענומען אבשיעד, וויא איינער וואס וויל בעגעהן זעלבסטמארד, דען אויסער זיין ליעבע צו קלארא׳ן, האט ער זיך געוואלט רעטען פון איין אונגליקליכע הייראטה. באדו׳ס ביזנעס איז געגאנגען זעהר שלעכט און זיין כלה איז געווען קראנק. יעדער האט בעטראכט קאלאמבאן׳ס שידוך אלס איין אונגליקליכע ליעבע, און דארום האט קאלאמבאן געזוכט יעדע געלעגענהייט ארויס צו כאפען זיך פון דיעזען אונגליק.

ווען דעניס איז אריינגעקומען צו באדו אין מאגאזין, האט זיא דארט געפונען מאדאם באדו איינע אליין, שטיל און אונמוטהיג אין דעם לעדיגען מאגאזין. קיינע קלערקס זיינען דארט געווען. דיא דיענסט האט ארומגעווישט דעם שטויב פון דיא פאליצעס. גאנצע שטונדען פלעגען דארט אוועקגעהן אהנע א קאסטימער זאל אריינקומען צו שטערען דיעזע שטילקייט. דיא וואארע האט קיינער ניט אנגעריהרט און דארום איז דאס געווארען פייכטער און פייכטער.

— וואס איז געשעהן? — האט דעניס געפרעגט, ווען זיא איז אריין. איז ושענעוויוו אין געפאהר?

מאדאם באָדו האט צו ערשט ניט געענטפערט. איהרע אויגען האבען זיך אָנגעפיהלט מיט טרעהרען, אלס זיא האט געמורמעלט: איך ווייס ניט. זייא ער־צעהלען מיר ניט. אה, אלעס איז פערלאָרען. אלעס!

און זיא האט געוואָרפען א טרויעריגען בליק אויף דעם מאגאזין, גלייך וויא דיא וואָלט וויסען, אז איהר מאגאזין און איהר טאָכטער נעהן צוזאמען אויס. דאס געלד וואס זייא האבען אָפּגענומען פון דיא זומער־הויז וואס זייא האבען פערקויפט, איז צוגאנגען וויא שנעע, אין דיעזע צווייא יאָהר פון ביטערער קאָנקורענציע. אום צו קעמפּפען געגען דעם „וויבערשען גן־עדן", וואו מען האט יעצט פערקויפט יעדע שטיקעל וואארע וואס מען קען נור דארפען אין פּאריז, באָדו האט געמוזט פער־קויפען זיין וואארע צו דיא ביליגסטע פּרייזען. ביסלעכוויז זיינען זיינע שולדען גע־שטיגען, און אום צו שאפען זיך געלד, האט ער ענדליך בעשלאָסען צו פער'משכ'נען זיין מאגאזין מיט דיא לעצטע ביסעל וואארע. יעצט איז עס בלויז געוועזען א פראגע פון איינינע טעג, ווען דער לעצטער קראך וועט קומען. עס האט געשיינט, אז דער דאך פאלט איין און צודריקט אונטער זיך דיא ביסעל וואארע, וואס דיא קאָנקורענציע האט איבערגעלאָזען.

— אייער אָנקעל איז אויבען! — האט מאדאם באָדו ווייטער געזאגט. — מיר זיצען מיט איהר יעדער צו צווייא שטונדען איינער מוז דאָך דאָ בלייבען. אה, דאס איז נור פון לייטענס וועגען, ווייל צו זאגען דעם אמת — —

זיא האט דיא פראזע ניט געענדיגט. זייא וואָלטען אראָפּגעלאָזען דיא פאָר־האנגעס, און וואָלטען צוגעשלאָסען דיא טהיר, ווען זייער אַלטער שטאָלץ וואָלט זייא ערלויבט, און זייא וואָלטען זיך ניט געשעהמט פאר זייערע שכנים.

— איך וועל ארויפגעהן אויבען! — האט דעניס געזאגט און איהר הארץ האט געבלוטעט, פון דעם אונגליק אין דיעזען הויז, וועלכער האט זיך ארויסגעזעהן זאָגאר פון דיא שטיקלעך וואארע.

יא, געהט ארויף, מיין פריינדין, זיא ווארט דאָרט אויף אייך. זיא האט דיא גאנצע נאכט פון אייך גערעדט. זיא וויל אייך עטוואס זאגען.

אָבער גראדע אין דיעזער מינוט איז באָדו אראָפּ געקומען ער וואר געל און זיינע אויגען זיינען געוועזען פערלאָפען מיט בלוט. ער איז נאך אלץ געגאנגען אויף דיא שפּיטץ־פינגער, אזוי וויא ער האט פערלאָזען דיא קראנקע און האט געמור־מעלט: „זיא שלאָפט."

ער האט זיך געזעצט אויף א שטוהל. האט ארומגעווישט זיין שוויס און האט זיך אפגעאטהעמט, וויא איינער וואס האט ערשט געענדיגט שווערע ארבייט. א ווײלע זיינען אלע געווען שטיל, דאן האט ער געזאגט צו דעניס. איהר וועט זיא באלד זעהן. ווען זיא שלאפט, זעהט זיא אויס געזונד.

מען איז ווידער געוואָרען שטיל. דער פאטער און דיא מוטער האבען זיך אנגעקוקט. ענדליך האט באדו אויסגערופען:

— איך וואלט געגעבען מיין קאפ, איך וואלט עס ניעמאלס געגלויבט. איך האב איהם אויפגעהאדעוועט וויא א זוהן. ווען איינער וואלט געקומען און וואלט מיר געזאגט, אז זייא וועלען איהם אוועק נעהמען פון מיר, אז ער וועט זיך אויף אונטערגעבען, וואלט איך געענטפערט, אז דאס איז אונמעגליך, דאס קען ניט זיין. אבער ער איז דאך פערבאפט געוואָרען. אה, וואס פאר א שארלאטאן, ער איז געווען דער ריכטיגער געשעפטס־מאן, ער האט געהאט מיינע אידעען. און פאר וועמען האט ער עס געטהאן! אלץ פאר איין אפע, פאר איינע וואס ווערט אויסגעשטעלט אין דיא פענסטער פון דיא שלעכטע הייזער. ווירקליך, עס איז גענוג צו טרייבען א מענשען צום וואהנזין.

ער האט אראפגעלאָזען דיא אויגען צו דער ערד. דאן האט ער אין א ניעדריגע שטימע ווייטער געזאגט: עס זיינען דא מאמענטען ווען איך דענק, אז איך בין שולדיג אין אלע אונזערע אונגליקען. עס איז מיין שולד, וואס אונזער טאכטער ליעגט אין א פיבער. איך האב זיא בעדארפט באלד פערהייראטהען, און האב זיך ניט בעדארפט אפגעבען מיט נארישען שטאָלץ. עס וואר מיין גאוה וואס איך האב זיא ניט געוואלט ארויס לאזען פון הויז אזוי ארים. ווען איך וואלט ניט געווען דער נאר, וואלט זיא יעצט געהאט דעם מאן, וועלכען זיא ליעבט, און זייער פעראייניגטע קראפט, וואלט פיעללייכט בעקעמפפט דיא שוועריגקייטען. אבער איך בין איין אלטער נאר און האב קיין זאך ניט פארגעזעהן. איך האב גאר ניט געוואוסט, אז מענשען ווערען קראנק פון אזעלכע זאכען. ווירקליך, ער איז געווען א געראטענער יונג, מיט א טאלאנט פאר געשעפט, און ער האט זיך אויפגעפיהרט אזוי אנ־שטענדיג, אזוי עהרליך, — קורץ, ער איז געווען מיין תלמיד.

דעניס האט ניט געקענט אויסהערען וויא דער אלטער מאן בעשולדיגט זיך אזוי אין אלעם. איהר הארץ איז געריהרט געוואָרען ווען זיא האט געזעהן וויא אזוי ער ערניעדעריגט זיך אליין און וויא ער וויינט, ער, דער מאן וואס איז געוואָהנט געוואָרען צו זיין דער הערשער און דער הארטער מענש.

— איך בעט אייך, אָנקעל, פערענטפערט איהם ניט! — האט זיא געזאגט. —
ער האט ניעמאלס געקיעבט אונזער זשענעוויו. ער וואָלט נאך פריהער אוועק, ווען איהר וואָלט זיך געאיילט מיט דער חתונה. איך האב אליין צו איהם דעריבער גע־רעדט. ער האט גוט געוואוסט, אז מיין קוזינע ליידעט דורך איהם און דאָך האט עס איהם ניט צוריק געהאלטען פון אנטלויפען. איהר קענט פרעגען דיא מאַנטע.

מאדאם באָדו האט צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ. טרעהרען זיינען אריין אין באָדו'ס אויגען און ער איז געוואָרען נאך בלאסער: דאס מוז זיין אין דער פאַ־מיליע. זיין פאטער איז לעצטען יאָהר געשטאָרבען, ווייל ער האט געפיהרט איין אויסגעלאַסענעם לעבען.

ער האט זיך נאך אמאל ארומגעקוקט אין דעם לעדיגען מאגאזין. זיינע אויגען זיינען געגאנגען פון איין לעדיגע פּאָליצע צו דער צווייטער. דאן זיינען זיינע אויגען געבליבען רוהען אויף זיין ווייב, וועלכע איז אלץ געשטאנען בייא דער לעדיגער קאַסע און האט געוואָרט אויף דיא קונדען, וועלכע זיינען ניט געקומען.

— גענוג! — האט ער אויסגערופען. — עס איז אלעס צו ענדע. זייא האבען רואינירט מיין געשעפט, און יעצט האט איינע פון זייערע מיידלעך דערמאָרדעט מיין טאָכטער.

קיינער האט איהם געענטפערט. דיא רעדער פון דיא עקיפּאַזשען וואס זיינען דורכגעפאָהרען, האבען געמאכט ציטערען דיא שוואכע הויז, און זייער קלאפּ האט געקלונגען וויא א לייבענ־מארש ארום א בית־עולם. פּלוצלינג האט זיך אין דיעזער טויטער הויז דערהערט איינינע קלעפּ. דאס האט געקלאַפּט דיא קראַנקע זשענעוויוו מיט א שטעקען, וועלכען מען האט געשטעלט בייא איהר בעט.

— לאָמיר צוזאמען געהן צו איהר! — האט באָדו געזאגט און האט זיך אויפגעהויבען. — מאכט זיך פרעהליך. זיא דארף ניט וויסען וואו זיא האלט.

ער האט זיך אויסגעריבען דיא אויגען אום אָפּצו־ווישען דיא טרעהרען. אזוי שנעל וויא זייא האבען עררייכט דיא טרעפּ, האבען זייא דערהערט א שוואכע שטימע, וויא זיא רעדט: אה, איך האב פיינד צו בלייבען אליין. לאָזט מיך ניט איבער. איך האב מורא צו זיין אליין.

ווען זשענעוויוו האט בעמערקט, אז דענים איז אין צימער, איז זיא געוואָרען רוהיגער און האט גענומען שמייכלען: איהר זייט דאך געקומען. איך האב אייך זעהר געוואָלט זעהן. איך האב געדאכט, אז איהר האט מיך אויך אוועק גע־וואָרפען.

עס וואר א ריהרענדע סצענע. זשענעוויוו'ס צימער איז אריין אין הויף, און א שוואכע ליכט איז אין איהם אריינגעקומען. צו ערשט האבען איהרע עלטערן זיא געליינט אין זייער צימער, צום גאס, אבער דער „וויבערשער גן־עדן“ געגען דיא פענסטער, האט איהר געשאדעט און זייא האבען זיא געמוזט אריבערפיהרען אין איהר צימער, און דארט איז זיא געלעגען אזוי דאר, דאס קיינער האט גאר ניט גע־גלויבט, אז א מענשליכער קערפער ליעגט אונטער דער קאלדרע. איהרע אויסגע־דארטע הענד, וועלכע זיינען פערצעהרט געווארען פון פיבער, האבען זיך געטרייסעלט און געריהרט, גלייך ווי זייא וואלטען עטוואס געזוכט. איהרע האאר האבען גע־שיינט צו זיין נאך גרעסער, און עס האט געשיינט, אז דיא האאר עסט אויף איהר געזיכט, דאס געזיכט, וועלכע האט אויף זיך געהאט דעם זיעגעל פון דיא אונטער־געהענדע אלטמאדישע געשעפטען אין דיא פאריזער קליינע מאגאזינען. דענים איז געשטאנען און איהר הארץ האט באלד געפלאצט. זיא האט ניט געוואלט ריידען, ווייל זיא האט מורא געהאט דאס זיא וועט זיך צו וויינען. ענדליך האט זיא געמורמעלט:

— איך בין געקומען, זשענעוויוו, אזוי שנעל וויא מען האט מיך גערופען. קען איך פאר אייך עטוואס טהאן? ווילט איהר איך זאל דא בלייבען?

— ניין, איך דאנק אייך. איך וויל קיין זאך. איך וויל אייך בלויז ארומ־נעהמען.

טרעהרען האבען אנגעפיעלט איהרע אויגען. דענים האט זיך צו איהר צוגע־בויגט און האט זיא געקוסט אויף ביידע באקען. אבער זשענעוויוו האט אויסגע־שפרייט איהרע ארמען, האט זיא אנגעכאפט און האט זיא געהאלטען זעהר פעסט צו זיך. דאן האט זיא געקוקט צו איהר פאטער.

— ווילט איהר איך זאל דא בלייבען? — האט דענים נאך אמאל געפרעגט. פיעלייכט קען איך פאר אייך עטוואס טהאן.

זשענעוויוו'ס אויגען זיינען אלץ געבליבען שטעהן אויף איהר פאטער, וועלכער איז געשטאנען וויא א געליימטער פון שמערץ. ער האט ענדליך פערשטאנען, וואס דיעזער בליק בעדייטעט, און ער איז אוועק אהנע צו זאגען א ווארט. זייא האבען געהערט זיינע טריט איבער דיא טרעפ.

— זאגט מיר, איז ער מיט יענער מיידעל? — האט זשענעוויוו זאפארט גע־פרעגט און האט געגומען דענים האנד און האט זיא געלעגט אויף דער בעט. איך וויל דאס וויסען, און איהר זייט דיא איינציגע וואס קען דאס מיר זאגען. זייא וואהנען צוזאמען, ניט וואהר?

דעניס איז איבערראשט געוואָרען פון דיעזע פראגען. זיא האט אָנגעפאנגען טוםלען און איז געווען געצוואונגען צו ערצעהלען דיא וואהרהייט, וואס מען מור־מעלט אין מאגאזין. קלארא איז געוואָרען מיעד מיט דיעזען יונגען מאן, וועלכער איז איהר געוואָרען א לאסט, האט איהם שוין פון זיך פערטריבען, און קאלאמבאן איז איהר נאכגעלאָפען איבעראל, און האט זיך ערניעדעריגט און האט זיך געבעטען זיא זאָל איהם שענקען א פאאר ווערטער. מען האט געזאָגט, אז ער געהט זוכען א שטעלע אין דעם גרויסען מאגאזין דו לאָווער.

— אויב איהר ליעבט איהם נאך אלץ, וועט ער זיך פיעלייכט אומקעהרען,— האט דעניס געזאגט אום צו געבען איהר דיא לעצטע האָפנונג. ווערט צוריק געזונד, ער וועט דאן מודה זיין, זיין פעהלער און וועט אייך הייראטהען.

זשענעוויוו האט זיא אונטערבראָכען. זיא האט אלעס אויסגעהערט מיט א פייערדיגע ליידענשאפט און אונגעדולד. זיא האט זיך פרובירט אויפהויבען און איז צוריק געפאלען.

— ניין, איך וויים, אז אלעס איז אוים! איך זאג קיין זאך. איך זעה וויא דער פאפא וויינט און איך וויל ניט, אז מיין מאמע זאָל ליידען נאך מעהר. דעניס, איך שטארב, איך האב אייך גערופען לעצטע נאכט, ווייל איך האב מורא געהאט איך וועל אוועקגעהן איידער איך וועל אייך זעהן. אה, עס טהוט מיר נאך מעהר לייד צו הערען, אז ער איז ניט גליקליך.

און ווען דעניס האט זיא געוואָלט בערוהיגען און האט איהר פערזיכערט, אז זיא איז נאך ניט אזוי געפעהרליך, האט זשענעוויוו אראָפּ געוואָרפען איהר קאָלדרע. וויא א יונגפרוי וואס דארף קיין זאך פאר איהר טויט, און ווען זיא איז געבליבען נאקעט, האט זיא אויסגערופען:

— קוקט מיך נור אָן? איז מעגליך איך זאָל לעבען?

דעניס האט זיך אָפּגערוקט פון בעט, גלייך וויא זיא וואָלט מורא געהאט, אז איהר הויך פון מויל וועט אוועק בלאָזען דיעזען קראנקען קערפער, וועלכער האט געהאלטען ביי׳ם צופאלען. עס וואר דיא לעצטע שטופע פון דעם פיבער. דיא שעהנע מיידעל איז געשטאָרבען זעהר לאנגזאם, און האט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דיא קינדעשע יאָהרען.

א ווײלע האבען ביידע געשוויגען. ביידע האבען זיך אָנגעקוקט איינע דיא אנדערע און האבען ניט געהאט דיא קראפט צו ריידען איינע צו דיא אנדערע. ענדליך האט זשענעוויוו געזאגט:

— איהר קענט געהן. איהר האט דאָך אייערע איינענע געשעפטען. איך דאנק אייך פאר אייער בעזוך. אויב איהר זעהט איהם, זאגט איהם, אז איך בין איהם אלעס מוחל. אז יע מיין טהייערע דענים. קוסט מיך נאך אמאל, ווייל עס איז דאס לעצטע מאל.

דעניס האט זיא געקוסט און האט איהר נאך אמאל פערזיכערט, אז זיא איז נים אזוי געפעהרליך. אלעס וואס זיא דארף איז נור אביסעל אויפזיכט.

אָבער דיא קראנקע מיידעל האט געשאָקעלט איהר קאָפּ און האט גע־שמייבעלט. ווען דעניס האט געוואָלט פערלאָזען דעם צימער, האט זיא איהר גע־בעטען, זיא זאָל אָנקלאָפּען מיט דעם שטעקען, אום דער פאטער זאָל ארויפקומען, ווייל זיא האט מורא צו בלייבען אליין.

אויף מאָרגען אום זעקס אוהר, איז זשענעוויוו אויסגעגאנגען, נאך לאנגע שטונדען פון שווערע ליידען. דיא לויה איז בעשטימט געוואָרען פיר דעם נעכסטען טאָג. איהר ארון איז געווען בעדעקט מיט א קראַנץ ווייסע בלומען. עס איז געווען א קליינער ארון וויא פון א קינד. דיא ליכט אין באָדו'ס פינסטערן וואָהנונג, און אין דיעזער פינסטערער גאס, זיינען געווען וויא שטערן אין דער נאכט.

אום ניין אוהר, איז דעניס געקומען אום צו זיצען בייא איהר טאנטע. אָבער ווען דיא לויה האט אַנגעפאנגען צו געהן, האט דיא טאנטע איהר געבעטען זיא זאָל פאָהרען צום הייליגען אָרט, אום אכטונג צו געבען אויף דעם אָנקעל, וועלכער איז געווען שטארק גערירט פון דעם אונגליק.

דיא גאנצע גאס איז געווען פול מיט מענשען. דיא קליינע געשעפטס־לייטע זיינען צוזאמענגעקומען אום צו בעווייזען דעם אונגליקליכען באָדו זייער פריינדשאפט און אויך האבען זייא דאס געמאכט אלס א פּראָטעסט געגען דעם „ווייבערשען גן־עדן“, וועלכען זייא האבען בעשולדיגט אין זשענעוויוו'ס טויט. אלע וואס האבען פערלאָרען זייער פערמעגען דורך דעם ריעזיגען מאגאזין, זיינען געקומען צו דער לויה. וועהרענד מען האט געוואַרט אויף דעם ארון, האבען דיעזע לייטע געקוקט מיט האס צום מאגאזין, וועלכער איז געווען מיט זיינע גרויסע פענסטער און שעהנע אויס־שטעלונגען, אזוי וויא א בעליידיגונג פאר דעם מת, וועלכער איז געלעגען אין דעם פינסטערן מאגאזין. איינינע נייגיעריגע קלערקס זיינען צוגעגאנגען צו דיא פענסטער זעהן דיא לויה, אָבער דער גאנצער מאגאזין איז געבליבען גאנץ גלייכגילטיג וויא א לאָקאָמאָטיוו, וואס לויפט זיין וועג און קימערט זיך נים אויב איינער ווערט צוריבען אונטער זיינע רעדער.

דענים איז ארויס און האט אויפגעזוכט איהר ברודער זשען, וועלכען זיא האט געפונען אין א ווינקעל פון גאס. זיא איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם גע־בעטען ער זאָל געהן מיט דעם אָנקעל און זאָל איהם העלפען אויפ׳ן וועג. דיא לעצטע עטליכע וואָכען איז זשען געוועזען זעהר טרויעריג. הייטע איז ער געוועזען אָנגע־טהאָן אין זיין שווארצען ראָק, און האט אויסגעזעהן א גאנץ ערוואקסענער מענש, וואס פערדיענט זיינע צוואנציג פראנק א טאָג, און ער איז געוועזען אזוי ערנסט און אזוי טרויעריג, דאס דענים איז געוואָרען גאנץ איבערראשט איבער איהר ברודער.

ענדליך איז געקומען דער ארון, און דער וואָגען וואס האט איהם געפיהרט האט זיך פערטשעפעט מיט א שנעלען וואָגען, וואס איז ארויס פון „ווייבערשען גן עדן״. דיא קליינע קרעמער האבען אויסגעשריען פון אויפרעגונג. עס האט פאר זייא געשיינט, אז מאָרעט׳ס מאגאזין וויל זאָגאר שטערן דיא לויה.

ענדליך איז דיא לויה ארויס. דער ארון איז אוועק דורך דיא בלאָטיגע און טרויעריגע גאסען. באָדו איז נאכגעגאנגען דעם טויטען־וואָגען און האט זיך ענט־זאגט צו נעהמען זשען׳ס ארם. נאך איהם זיינען געגאנגען פיעלע פריינדע און קליינע קרעמער, זאָגאר ראָבינא האט ניט געפעהלט צווישען דיעזע אלגעמיינע פיינד פון דעם דעפּארטמענט־מאגאזין, וועלכען זייא האבען בעשולדיגט אין אלע אונ־גליקען.

בייא סאנט ראש זיינען געשטאנען פיעלע ווייבער, וועלכע האבען געוואַרט אויף דער לויה. עס ווארען דיא ווייבער פון דיא קליינע געשעפטס־לייטע, וועלכע האבען זיך פערזאמעלט אין דעם אלגעמיינעם פּראָטעסט געגען מאָרעט׳ס מאגאזין. דער קערפּער פון דער ארעמער זשענעוויוו איז געפיהרט געוואָרען אין דיא גאסען גלייך וויא דער ערשטער קרבן, וואס איז געפאלען אין דער צייט פון א רע־וואָלוציאָן.

דענים איז אריין אין א צונעמאכטען וואָגען, וויל זיא וואר צו שוואך צו געהן. ווען דיא לויה איז אריין אין דו דעסעמבער, האבען אלע געמוזט בלייבען שטעהן, וויל דיא גאס איז פערשטעלט געוואָרען פון דיא מאטעריאל, וואס מען האט גע־בראכט פאר מאָרעט׳ס נייע געביידע. שטעהענדיג, האט דענים בעמערקט דעם אלטען בורראס, וועלכער איז געוועזען מיעד און צובראָכען. אזוי שנעל וויא בורראס האט זיא דערקענט, איז ער אריין אין איהר וואָגען.

— מיינע פיס טראָגען מיך ניט! — האט ער אויסגערופען — עס האט מיך ניט אויס. אונזער האס איז ניט געגען אייך.

דעניס האט אויסגעפונען, אז ער איז דערזועלבער בורראס וואס אמאל. ער האט ערקלעהרט, אז באדו מוז זיין זעהר שטארק, ווען ער קען אויסהאלטען די קלעפ, וועלכע ער האט ערהאלטען.

— די פאליציייא האט בעדארפט זעהן, די וועגען זאלען זיין ריין! — האט בורראס געשריען. — זייא פערשטעלען אלע וועגען מיט זייער נייע געביידע, וואו איינער איז שוין געהרג'עט געווארען. זייא זאגען, אז דארט געפינען זיך יעצט צווישען א טויזענד זיעבען הונדערט ארבייטער, און אז זייער געשעפט וועט בעטרעפען א הונדערט מיליאן פראנק פיר דיעזען יאהר. שטעלט אייך נור פאר, א הונדערט מיליאן פראנק!

דעניס האט איהם ניט געענטפערט, אבער בורראס האט ניט אויפגעהערט צו רעדען און צו ערצעהלען דעם אונטערגאנג פון די קליינע געשעפטס־לייטע. ער האט אויסגערעכענט אלע קליינע געשעפטס־לייטע וואס האבען באנקראטירט און געשילדערט ראבינא'ס לאנגע זעהר טרויעריג. — אה, מיר זיינען א מחנה טויטע, וואס בעגלייטען א בר־מן! — האט ער אויסגערופען. — עס מוז זיין קאמיש פאר די וואס קוקען אויף אונז צו זעהן א מארש פון באנקראטירטע. עס שיינט, אז אונזער ענדע איז נאך ניט פערטיג. די לומפען עפענען דעפארטמענטס פון בלומען, פון פארפומע און זאגאר פון שיך. די כאליערע האט זיך פערשפרייט איבער אלע געשעפטען. די שארלאטאנעס פערקויפען זייף און שוה־וואקס און זייא וועלען נאך פערקויפען געבאקטע בולקעס. איך שווער, אז די וועלט געהט מיט דעם קאפ אראפ. אבער איך וועל מיך ניט אונטערגעבען, אבוואהל איך בין שוין רואנירט. מארעט האט פערלארען זיין פראצעס, אבער דאס קאסט מיך א פערמעגען. די אדוואקאטען רייסען די הויט.

ענדליך האט דעניס איהם אונטערבראכען מיט דער בעמערקונג:

— מאנסיו בורראס, איך בעט אייך איהר זאלט מעהר ניט קעמפפען. ער לויבט מיר איך זאל אייך צוזאמענפיהרען מיט מארעט און ענדיגט צווישען זיך.

אבער בורראס האט אויסגעשריען:

— איהר זייט שטיל. דאס איז קיינעם'ס געשעפט. איהר זייט א גוטע פערזאן, און איך וויים, אז איהר לערענט דרך־ארץ מיט דעם מאן, וואס האט גע־מיינט, אז מען קען אייך קויפען וויא מיין הויז. וואס וואלט איהר צו מיר געזאגט, ווען איך וואלט אייך הייסען טהאן וואס ער פערלאנגט פון אייך? דארום דארפט איהר זיך ניט אריינמישען אין מיינע געשעפטען.

דיא לויה האט ערררייכט דעם בית־עולם און בורראס און דעניס זיינען ארויס פון וואָגען. אין אייניגע מינוטען איז דיא צערעמאָניע פערטיג געוואָרען. זשען האט אָפּגעפיהרט זיין אָנקעל, וועלכער האט ארייננעקוקט אין קבר.

— מיר דארפען אלע אריין אין דיעזען קבר! — האט בורראס געזאגט צו דעניס, וועלכע איז געשטאנען בייא דער גרוב. — ווען זייא בעגראָבען דיעזע ארמע מיידעל, בעגראָבט מען אונז אלעמען. אה, איך וויים וואס איך זאָג. דיא אלטע מעטהאָדען אין געשעפט, קענען בעגראָבען ווערען צוזאַמען מיט דיעזער מיידעל.

דעניס האט ארייננגעזעצט איהר אָנקעל און איהר ברודער אין א וואָגען און זייא האבען זיך אומגעקעהרט נאך פּאריז. דער טאָג איז פאר איהר געווען זעהר מעלאנכאָליש. זיא איז געווען אונרוהיג וועגען איהר ברודער, וועלכער איז זעהר בכאס, און ווען זיא האט פערשטאנען, אז דאס איז וועגען א פרוי, האט זיא איהם נעזוכט צו בערוהיגען דערמיט וואס זיא האט איהם געגעבען געלד. אָבער ער האט זיך ענטזאגט צו נעהמען, ווייל ער האט נעקלעהרט, אז דיעזען מאל איז אלעס ערנסט, ווייל זיין מיידעל וויל פון איהם ניט נעהמען אפילו א בוקעט בלומען. שפּעטער, ווען דעניס איז געגאנגען בעזוכען איהר קלענערן ברודער אין מאדאם גראז הויז, האט דיא פרוי ערקלעהרט, אז דאס קינד ווערט צו גרויס פאר איהר אינסטיטוט און זיא קען איהם מעהר ניט האלטען. דאס וואר פאר איהר א נייע אונאנגענעהמליכקייט.

אין דעם זעלבען אבענד האט מאָרעט זיא געשיקט רופען אום צו בעשפּרעכען מיט איהר וועגען א נייען קינדערשען מאנטעלע, וועלכען ער האט געוואָלט פּאָב־ריצירען. דעניס, וועלכע איז געווען אויפגערעגט פון דיא פּאסירונגען אין דיעזען טאָג, האט זיך מעהר ניט געקענט בעהערשען. זיא האט צו ערשט גערעדט וועגען דעם אלטען בורראס, וועלכען מאָרעט רואינירט. מאָרעט איז אויפגעשפּרונגען. דער אלטער בורראס איז משוגע! האט ער אויסגעשריען, און ער איז דאס אונגליק אין זיין לעבען, ער פערדארבט אלע זיינע פּלענער, דערמיט וואס ער וויל איהם ניט אָפּגעבען זיין הויז. מאָרעט איז געווען שרעקליך פערקאָכט געגען דעם אלטען מאַן, וועלכער איז געווען דער איינציגער, וואס האט זיך פאר איהם ניט אונטערגעגעבען. און וואס האט געהאלטען זיין קליינע קראָם אונטער „דעם ווייבערשען גן־עדן." דער קאמפּף מיט בורראס איז געוואָרען פאר מאָרעט דער קאמפּף פון זיין לעבען, און ווען איין אנדערע, ניט דעניס וואָלט געוואגט צו זאגען א גוט וואָרט פאר דעם אלטען רעגענשירם מאכער, וואָלט איהר מאָרעט געווים ענטזאגט דיא שטעלע. מאָרעט האט איהר ערצעהלט, אז ער איז בערייט צו בעצאָהלען דעם אלטען נאר

גאר דאס געלד, אָבער בורראס וויל פון קיין זאך ניט וויסען. וואס קען מאָרעט מעהר טהאָן וויא געבען געלד, ער וויל קיין זאך ניט רויבען, אָבער דיא מענשען דארפען דאך האבען יושר און שכל, און קיינער דארף ניט וועלען אָפּהאלטען א לאָקאָמאָטיוו, ווען ער האלט אין מיטען לויפען.

דעניס האט אויסגעהערט אלעס וואס מאָרעט האט געזאגט און זיא האט איהם ניט געהאט וואס צו ענטפערן, אויסער בעטען פאר איהם מיטלייד. זיא האט ערקלעהרט, אז מען דארף ווארטען ביז בורראס וועט שטארבען, ווייל דיעזע קאָנ־קורענציע קען איהם טויטען.

נאך דעם געשפרעך וועגען בורראס, האט מאָרעט אָנגעפאנגען צו ריידען וועגען בודאָ'ס, און האט אויסגעדריקט זיין סימפּאטהיע, וואס זייער טאָכטער איז געשטאָרבען. ער האט זייא ערקלעהרט פאר זייער גוטע מענשען און זעהר עהרליכע מענשען, וועלכע האבען געבעך קיין גליק. דאַן האט ער אָנגעפאנגען זיין ארגומענט. ער האט ערקלעהרט, אז זייא זיינען אליין שולדיג אין זייער אונגליק, דערמיט וואס זייא האלטען זיך צו דיא אלטע מעטהאָדען אין זייער אלטע חורבה. עס וועט איהם ניט וואונדערן, ווען דיא געביידע וועט איינפאלען אויף זייער קאָפּ. ער האט דאס שוין פאָראויס געזאָגט איינינע מאל. ער האט זיא עראינערט, דאס ער האט זיא איינינע מאל געבעטען, זיא זאָל ריידען מיט איהר אָנקעל און זאָל איהם ווארנען פון אונגליק, וועלכען ער וועט אויף זיך ברענגען מיט זיין עקשנות. אָבער יעצט איז דיא קאטעסטראפע געקומען. קיינער אין דער וועלט קען איהם יעצט העלפען. מען קען דאך ניט פערלאנגען, ער זאָל זיך רואינירען אום צו רעטען זיינע שכנים. ווען ער זאָל זיין נארריש גענוג און זאָל צושליסען זיין מאגאזין, וועט קומען איין אנדערער און וועט איהם עפענען, ווייל דיא אידעע פון דיא דעפּארטמענט־סטאָרס, איז יעצט אָנגענומען אין דער גאנצער וועלט. ניין, ניין, מאָרעט האט אין זיך ניט געקענט געפינען קיין שולד, און ער וויס ניט ווארום דיא קליינע געשעפטס־לייטע האסען איהם אזוי שטארק. ער טהוט ניט מעהר וויא דאס, וואס דיא צייט פאָדערט.

יענע נאכט האט דעניס זעהר ווייניג געקענט שלאָפען. זיא האט געהאט אלערלייא חלומות און האט זיך געוואָרפען אויף אלע זייטען. עס האט איהר גע־שיינט, אז זיא איז נאך א קליינע מיידעל און זיא איז בייא זיך צו הויז, אין זייער גארטען און זיא וויינט, קוקענדיג וויא זיא זעהט דיא פייגעלעך עסען אויף דיא שפּינען, וועלכע האבען איינגעשלונגען דיא פליגען. איז דאס ווירקליך וואהר, אז אין דיעזער וועלט מוז מען פעט ווערען פון דעם טויט. האט דיעזער קאמפּף פאר דעם דאזיין ווירקליך געמאכט דיא וועלט פאר א שלאַכט־הויז, וואו אלעס מוז פערניכטעט

ווערען? זיא האט זיך געזעהן אין דעם קבר, אין וועלכען זייא האבען בעגראבען איהר קוזינע זשענעוויוו. דאן האט זיא געזעהן איהר אָנקעל און איהר טאנטע אין זייער שפייזע־צימער. עס האט זיך איהר געחלום׳ט, אז בורראס הויז איז אויפגע־ריסען געוואָרען מיט דינאמיט, דאן האט זיא געהערט א קראך נאך א קראך, הייזער זיינען געפאלען איינע נאך דיא אנדערע, גלייך וויא א דונער וואָלט זייא אלע איינגעשלאָגען. אה, גרויסער גאט, וואס פאר גרויסע שמערצען זיא פיהלט יעצט. גאנצע פאמיליען וויינען. אלטע מענער ווערען ארויסגעוואָרפען אין דיא גאסען, און זיא זעהט פאר זיך שרעקליכע בילדער פון ארמוטה און עלענד, און זיא קען קיינעם ניט העלפען. און זיא האט געפיהלט, אז אזוי דארף זיין, דאס דיעזער ארמוטה איז נעטהיג פאר דער צוקונפט פון דער גרויסער פאריז.

ווען עס איז געקומען דער טאָג, איז זיא געוואָרען רוהיגער, א מעלאנכאָלישער געפיהל האט זיא ניט געלאָזט שלאָפען און זיא האט געקוקט צום פענסטער, פון וואַנען דיא שיין פון דער זונן איז אריין אין איהר צימער. זיא האט בייא זיך גע־קלעהרט, דאס דיעזע אונגליקען זיינען א נויטהווענדיגע זאך, וויא דאס בלוט וואס מען דארף האבען צו יעדע רעוואָלוציאָן יעדער שריט פאָרווערטס ווערט געמאכט איבער דיא קערפער פון טויטע מענשען. דיא מורא פאר דעם פערברעכען צו העלפען רוענירען מענשען, איז פערשוואונדען, ווייל זיא האט עס בעטראכט פאר א נויטהווענדיגע זאך, פאר עטוואס, וואס מוז געשעהן איידער א נייער דור וועט געבאָרען, דערפאר אָבער האט זיא גענומען פיהלען מיטלייד מיט דיא קרבנות, פאר וועלבע זיא האט געהאט קיין הילפע. איהר לעצטער געדאנק איז געווען וועגען איהרע קרובים, וועלבע זיא האט געוואָלט רעטען פון דעם אונטערגאנג, וואס איז בעשטימט פאר אלע קליינע געשעפטס־לייטע.

יעצט זיינען איהרע געדאנקען איבערגעגאנגען צו מאָרעט און זיין ליידענ־שאפטליכע געזיכט. זיא איז געווען זיכער, אז ער וועט איהר קיין זאך ענטזאגען. זיא איז געווען זיכער, אז ער וועט איהר אלעס בעווילינען. זיא האט יעצט פרובירט מאכען א מיינונג איבער דיעזען מאן. זיא איז געווען בעקאנט מיט זיין כאראקטער, זיא האט געוואוסט, אז ער האט אימער אויסגעארבייט און אויסגערעכענט זיין ער־פאָלג, אז ער האט א קוועלע פון נייע אידעען, אז ער האט אָנגענומען אדווער־טייזמענטס אלס א מיטעל פאר זיין געשעפט. ער זוכט אויף בעקאנטע נור מיט דער אבזיכט צו ציהען פון זייא נוטצען, אזוי וויא ער האט געמאכט מיט באַראָן הארטמאן. מיט אלע אנדערע בענעהמט ער זיך אנדערש, ער קויפט אויס זייערע גע־שעפטען, ניטצט אויס זייערע פעהיגקייטען און ווארפט זייא ארויס אין גאס. ער

האט אָנגעפּאַנגען זעהר קליין און אַלע האבען פון איהם געלאכט, אַם ענדע איז ער געוואָרען דער הערשער איבער אַלעמען. ער איז דער גליקליכסטער מענש, ער איז דער ערפאָלג אַליין. וואס זיא האט איהם ניט געקענט מוחל זיין, איז געווען נור איין זאך, און דאס איז, וואס ער האט זיך אנפאנגס פערשטעלט פאר איהר און האט בעהאַלטען זיין ליעבע צו איהר אונטער א מאסקע פון פּהילאַנטראָפּי. אָבער זיא האט געפיהלט, אַז זיא מוז עטוואס טהאָן פאר איהם, ווייל ער ליידעט אַזוי שטארק דורך איהר. דיעזע ליידען האבען איהם געמאכט טהייער אין איהרע אויגען. זיא האט גערעכענט, אז ער האט שוין גענוג בעצאָהלט פאר זיין פריהעריגע קאַלטקייט און זיין אַמאַליגען האס צו ארמוטה.

אין א געוויסען טאָג, אַלס דעניס איז גענאַנגען פון א בעזוך צו איהר אָנקעל, האט זיא דערהערט א געשרייא אין גאַס. א מאַסע מענשען האט זיך געלאָזט לויפען. עס איז געוואָרען א מהומה. א וואָגען האט איבערגעפאָהרען א מענשען, און זיא האט יעצט דערזעהן וויא דער פוהרמאַן האלטביידע לייטשעס אין דיא הענד, און ציהט דיא פערד צו זיך, וועהרענד ער שרייט:

— פערדאַמט! ווארום היט איהר זיך ניט, באַנדיטען!

דער וואָגען איז געבליבען שטעהן און דאס פּובליקום האט יעצט ארומגע־רינגעלט דעם פערוואונדעטען. א פּאָליציסט איז באַלד ערשיענען אויפ'ן פּלאַטץ און האט גענומען נעמען פון דיא עדות, וועהרענד דער פוהרמאַן האט געשריען:

— איך בין ניט שולדיג. דיעזער מאַן האט זיך שפּאַצירט אין מיטען וועג. איך האב צו איהם געשריען, און ער האט זיך אַליין געוואָרפען אונטער דיא רעדער.

איין ארבייטער, מיט דיא געצייג אין האַנד, וועלכער האט געאַרבייט בייא דער נעכסטער הויז, איז צוגעלאָפען און האט געשריען: „איך האב אַליין געזעהן. ער האט זיך אַליין געוואָרפען אונטער דיא רעדער. עס איז נאך איין אונגליקליכער וואס איז מיעד פון זיין לעבען.

נאך אייניגע האבען גערעדט, און אַלע האבען איינגעשטימט, אַז דאס איז געווען א זעלבסטמאָרד פּערזוך. דער פּאָליציסט האט דאס אַלעס פערשריבען. דעניס, וועלכע האט געזעהן דעם געוועהנליכען מיטלייד'ס געפיהל, וואס אַלע פרויען בעזיצען צו איבערגעפאָהרענע הינד, געפאַלענע פערד און געהרג'עטע קעטץ, האט זיך נאַטירליך פעראינטערעסירט אין דיעזען אונגליק און איז צוגעגאַנגען צום

פערוואונדעטען. זיא האט זאָפאָרט ערקענט דיעזען אונגליקליכען, וועלכער איז גע־לעגען אָהנמעכטיג אין צוריסענע קליידער.

— עס איז מאָנסיו ראָבינא! — האט זיא אויסגעשריען מיט איבערראשונג און שמערצען.

דער פּאָליציסט האט עס געהערט און ער האט בייא איהר אויסגעפרעגט דעם נאמען און דיא אדרעסע פון דעם זעלבסט־מערדער. עס איז געוועזען צו פער־דאנקען דעם פעהיגען פוהרמאן, וועלכער האט צוריק געהאלטען דיא פערד, וואס ראָבינא איז ניט געהרג'עט געוואָרען אויף טויט. דיא רעדער זיינען בלויז פּאָראיבער זיינע פיס, וועלכע וואַרען געבראָכען. פיער מענשען האבען אריינגעטראָגען דעם פערוואונדעטען אין איין אפּאָטהעקע, ווערענד דער וואָגען האט פאָרטגעזעצט זיין רייזע.

דענים איז נאכגעגאנגען דעם פערוואונדעטען צום אפּאָטהעק. דער דאָקטאָר, וועלכער איז אהין געקומען האט ערקלעהרט, אז מען קען אוועקטראָגען דעם קראנקען אהיים, און ווערענד דיא לייטע זיינען אוועק ברענגען א טראָג־בעט, איז דענים אוועק פּאָרבערייטען מאַדאם ראָבינא, זיא זאָל ניט דערהערען דעם אונגליק צו פּלוצלינג. דענים האט זיך קוים דורכגעשפּאַרט דאס פּובליקום, וועלכע איז גע־קומען פון אלע זייטען, און האט זיך געשפּארט און געשטופּט צום אפּאָטהעק, אום צו ווארפען א בליק אויף דעם פערוואונדעטען. הונדערטע איבער הונדערטע מענשען האבען זיך פערזאמעלט. יעדער איינער האט דערצעהלט דיא געשיכטע פון דעם אונגליק אויף זיין נוסח, און דיא לעצטע נוסח איז געווען, דאס דיעזער מאַן איז ארויס געשליידערט געוואָרען פון א פענסטער, וואו מען האט איהם גע־טראָפען בייא א פרעמדע פרוי.

ווען דענים איז געקומען צו ראָבינא'ס מאַגאַזין, האט זיא געפונען זיין וויב בייא'ם טהיר. זיא האט זיך צוגעשטעלט און האט מיט איהר א ווייל געזעדט פון אנדערע זאכען, אום צו געפינען א מיטעל וויא צו מעלדען דעם אונגליק. דער מאַגאַזין איז געווען אָהן אָרדנונג און אָהן לעבען. עס האט פאָרגעשטעלט דעם לעצטען קאַמפּף פון א באַנקראָטירטען געשעפט. עס וואר דער אונפערמיידליכער סוף פון דער גרויסער מלחמה מיט זייד. דער „וויַיבערשער גן־עדן" האט פערניכטעט דעם געגנער מיט א גרויסען שניט אין דיא פּרייזען, וועלכען ראָבינא האט ניט גע־קענט ביישטעהן.

— איך האב ערשט געזעהן אייער מאַן, אין גאילאָן שטראַסע! — האט דענים אָנגעפאַנגען צו ערצעהלען.

מאדאם ראָבינא, וועלכע האט געזעהן וויא מענשען לויפען צו יענער גאס, איז אויף קיין זאך ניט געפאלען. זיא האט זיך בעדאנקט פאר דעם גרוס און האט געזאָגט:

— ער וועט וואהרשיינליך באלד קומען. איך ווארט דאָ אויף איהם. יא ליעבע דעניס, וואס זאָלען מיר זיך פון אייך לייקענען, דיא געשעפטען געהן זעהר שלעכט, און מיין ארמער ראָבינא געהט שוין ארום אָהן א קאָפּ. הייטע איז געקומען דער פאבריקאנט, וועלכער האט איהם געבאָרגט דיא זייד און האט געמאָנט געלד. איך בין אזוי אונגעדולדיג וואס ער זאמט זיך.

מאדאם ראָבינא האט געוואָלט צוגעהן צום טהיר, אָבער דעניס האט זיא צוריק געהאלטען, ווייל זיא האט דערהערט א גערויש אין גאס און זיא האט פערשטאנען, אז דאס ברענגט מען דעם פערוואונדעטען, וועלכער ווערט בעגלייט פון דיא פאריזער ליידיג־געהער, וועלכע זיינען נייגעריג צו זעהן דעם סוף פון דיעזער טראגעדיע. דעניס האט מעהר ניט געקענט ווארטען, און מיט א פערשטיקטען קול, האט זיא געזאָגט:

— זייט ניט צושראָקען, עס איז קיין גרויסע געפאהר. איך האב געזעהן אייער מאן, איהם האט געטראָפען א קליינע סבה. מען ברענגט איהם יעצט אהיים, איך בעט אייך, זייט ניט אזוי צושראָקען.

דיא ארמע פרוי איז געוואָרען בלאס וויא א טויטע. זיא האט געהערט וואס דעניס האט ערצעהלט און האט איהר ניט פערשטאנען. דיא גאס וואר פול מיט מענשען, דיא פוהרען זיינען געבליבען שטעהן, דיא טראג־בעט איז אוועק געשטעלט געוואָרען פאר דער טהיר, וועלכע מען האט בעדארפט עפענען אין ביידע זייטען.

— עס וואר א סבה! — האט דעניס ווייטער ערצעהלט און האט געוואָלט לייקענען פון דער פרוי, אז איהר מאן האט געוואָלט בעגעהן זעלבסטמאָרד. ער האט זיך אויסגעגליטשט און איז געפאלען אונטער א וואָגען. נור זיינע פיס זיינען פערוואונדעט. מען האט געשיקט נאך א דאָקטאָר. עס איז קיין גרויסע גע־פאהר.

א שוידער איז דורכגעלאָפען דורך מאדאם ראָבינא. זיא האט ארויסגעלאָזען א ווילדען געשרייא, און איז צוגעלאָפען צום טראָג־בעט און האט האסטיג אראָפּ־געריסען דעם איבערדעק.

ראָבינא איז שוין דאן געוועזן ביים זינען, אָבער זיינע ווייטאגען וואָרען שרעק־ליך. דער קלענסטער ריהר האט איהם דורכגענומען. וויא ער האט דערזעהן זיין ווייב

האבען זיך זיינע אויגען אָנגעגאָסען מיט טרעהרען, וועהרענד זיא איז געבליבען שטעהן וויא געליימט, און האט ניט געוואוסט וואס צו טהון. דער טומעל איז גאס איז געשטיגען. דיא מאסע האט זיך געשטופט פאָרווערטס וויא אין א טהעאטער, מאנכע זיינען געקראָכען אויף דיא קעפּ, אום צו זעהן וואס עס איז געשעהן.

ענדליך האט מען ארייגעטראָגען דעם פערוואונדעטען אין זיין מאגאזין און מען האט פערשלאָסען דיא טהיר און אראָפּגעצויגען דיא פאָרהאנגען איבער דיא פענסטער. מאדאם ראָבינא האט זיך יעצט אויפגעכאַפּט וויא פון טויט, האט זיך געוואָרפען אויף איהר מאן, האט איהם ארומגענומען און האט אָנגעפאנגען שרייען.

ראָבינא האט יעצט געגומען ריידען און האט זיך מודה געווען פאר זיין ווייב.

— דוא מוזט מיר מוחל זיין דיעזע שמערצען. — האט ער געזאגט. — איך האב געמוזט זיין משוגע. ווען דער אדוואָקאט האט מיר געזאגט, אז מאָרגען שליסט ער מיין געשעפט, האבען זיך גענומען דרעהען זיילען פייער ארום מיינע אויגען. נאכדעם האב איך אליין ניט געוואוסט וואס עס איז געשעהן, און איך געדענק אליין קיין זאך. מיר האט געשיינט, אז דיא לייטע אין „ווייבערשען גן־עדן" קוקען ארויס פון דיא פענסטער און לאכען פון מיר, און ווען דער וואָגען איז אָנגעקומען, האב איך מיך א שליידער געטהאָן צו דיא רעדער.

דיעזע ערצעהלונג האט דורכגעשטאָכען זיין ווייב'ס הארץ וויא א שפּיז. זיא האט זיך אראָפּגעלאָזען צו דער ערד. גרויסער גאָטט, ער האט געוואָלט בענעהן זעלבסטמאָרד! ראָבינא איז ווידער געפאלען אין אָהנמאכט. דער דאָקטאָר איז נאָך אלץ ניט געקומען.

דעניס האט ארומגענומען ראָבינא'ס פרוי און האט זיא געדריקט צו זיך, און האט זיא געטרייסט.

דאן האט מאדאם ראָבינא צוגעשפּארט איהר קאָפּ צום טראָג־בעט, אויף וועלכער איהר פערוואונדעטער מאן איז געלעגען, און האט זיך צו־וויינט. — אה, מיין טהייערער, מיין טהייערער! — האט זיא געיאמערט. — ער האט עס אלעס געטהאָן צוליעב מיר. ער האט צוליעב מיר געוואָלט שטארבען. ער פלעגט אימער זאָגען, אז ער האט מיך בערויבט, אז ער האט איבערגעפיהרט מיין געלד. ביי נאכט פלעגט ער טרוימען פון דיעזען געלד. ער האט געוואָלט איך זאָל פאר איהם לעבען גליקליך, ער האט געוואָלט זיין א גוטער, איין עהרליכער, געשעפטס־מאן. אה, מיין טהייערער מאן, ווארום האסטו דאס געטהאָן! דוא מוזט דענקען, אז איך

בין זעהר שלעכט! איך שווער דיר, אז איך האב געגען דיר גאר נישט געהאט, זאַ־לאַנג מיר זיינען צוזאַמען בין איך גליקליך. זאָלען זייא נעהמען אַלעס וואס זייא ווילען. מיר וועלען אוועק געהן אין איין אָרט, וואו מיר וועלען פון זייא גאר נישט הערען. דוא קענסט נאך אַלץ ארבייטען, און דוא וועסט זעהן וויא גליקליך מיר וועלען ביידע זיין.

זיא האט צוגעלייגט איהר שטערן צו איהר מאַן'ס געזיכט, און ביידע ווארען שטיל פון אויפרעגונג. עס איז געווען א פויזע עס האט געשיינט, אז דער מאגאזין שלאָפט, וועהרענד הינטער דיא טהירען האט מען געקענט הערען דעם טומעל אין גאַס, דאס לעבען פון דער גרויסער פאריז, דעם גערויש פון דיא רעדער און דיא טרים פון דיא מענשען.

דעניס, וועלבע פלעגט יעדע מינוט צוגעהן צום טהיר, איז ענדליך געקומען און האט אָנגעזאָגט, אז דער דאָקטאָר איז דאָ.

דער דאָקטאָר איז געווען א יונגער מאַן מיט א שעהנע געזיכט. ער האט אונטערזוכט דעם קראַנקען איידער מען האט איהם געלייגט אין בעט. בלויז איין פוס, דיא לינקע איז געווען געבראָכען, און דאס וואר אויך קיין זעהר ערנסטער בראָך, מען וועט עס קענען לייכט היילען, אָהן פיעל צייט. ווען מען האט גענומען דיא טראָג־בעט, אום צו ברענגען דעם קראַנקען אין הינטערשטען צימער, איז באַזשען, דער פאַבריקאַנט אריינגעקומען. ער איז געקומען אום צו בעריכטען פון זיין לעצטע אנשטרענגונג צו מאַכען איין אָרדנונג אין ראָבינאַ'ס געשעפט. זיין אנ־שטרענגונג האט איהם אָבער ניט געהאָלפען, מען האט געמוזט ערקלעהרען א באַנקראָט.

— וועה איז מיר! — האט ער אויסגערופען. — וואס איז געשעהן?

דעניס האט איהם אין קורצען אַלעס ערצעהלט. ווען זיא איז געבליבען שטיל האט ראָבינאַ מיט א שוואַכער שטימע געזאָגט:

— איך האב אויף אייך קיין האס, אָבער איהר זייט אין דעם זעהר פיעל שולדיג.

— וואס קען מען העלפען! — האט דער פאַבריקאַנט געענטפערט, מען האט בעדאַרפט האבען שטאַרקערע מענשען וויא מיר זיינען. איהר ווייסט, אז איך בין ניט אין א בעסערן צושטאַנד וויא איהר זייט.

זייא האבען אויפגעהויבען דיא טראָג־בעט. ראָבינאַ האט נאך אַלץ געפונען קרעפטען צו זאָגען: ניין, ניין, שטאַרקערע מענשען וויא מיר זיינען, וואָלטען זיך

אונטערגעגעבען פונקט וויא מיר. איך קען בעגרייפען וויא אזוי אלטע הארטע מענשען, וויא באַדו און בורראס האלטען אויס, אָבער יונגע מענשען וויא מיר, וועלכע פערשטעהן בעסער דיא וועלט, קענען ניט עקסיסטירען אין קאַמפּף.

זייא האבען איהם אוועק געטראָגען. מאדאם ראַבינא האט ארומגענומען איהר פריינדין דעניס און האט אויסגעדריקט איהר פריידע, וואס זיא איז ענדליך בעפרייעט געוואָרען פון דיעזען מאגאזין. ווען דער פאַבריקאַנט און דעניס זיינען ארויס פון הויז, האט דער פאַבריקאַנט איהר מודה געווען, אז ראַבינא האט רעכט. עס וואר אידיאָטיש צו פיהרען א קאַמפּף מיט דעם „ווייבערשען גן־עדן“. ער פיהלט זיך פערלאָרען ווען ער זאָל ניט נאכגעבען. ער האט פרובירט בעטען דעניס זיא זאָל זעהן, אויב ער קען מאכען א געשעפט מיט מאַרעט, ווייל ער האט גע־וואוסט, אז זיא קען זעהר פיעל טהאָן.

דעניס האט געשמייכעלט און האט געענטפערט: נעהט און ערצעהלט עס מאָנסיו מאָרעט אליין. אייער בעזוך וועט איהם פערשאפען פערגניגען. ער איז קיין מענש וואס טראָגט א האס, ווען איהר וועט איהם נור פאָרשלאָגען עטוואס פראָפיט.

אין מאָנאט יאנואר איז מאדאם באָדו געשטאָרבען. דיט איהר טאָכטער איז געשטאָרבען וואר זיא קראנק. דיא לעצטע עטליכע וואָכען, האט זיא שוין ניט גע־קענט ארונטער געהן פון צימער, און א גאַס־פּרוי האט געמוזט קעהרען און רייניגען דעם מאגאזין. זיא איז געלעגען איינגעוויקעלט אין איהרע קישענס, און מעהר וויא איהרע אויגען האבען זיך ניט ארויסגעזעהן אין איהר ווייסע געזיכט. איהר געזיכט איז געלעגען צום פענסטער און זיא האט ניט אויפגעהערט צו קוקען צום „ווייבערשען גן־עדן“. באָדו האט ניט געקענט איבערטראָגען וויא זיא ליעגט און קוקט מיט שטאַרע אויגען אויף איהר מלאך־המות און ער פלעגט וועלען אראָפּציהען דיא פאָר־האנגעס איבער דיא פענסטער, אָבער זיא האט איהם ערקלעהרט, אז זיא וויל קוקען אויף דעם מאגאזין ביז איהר לעצטען אויגענבליק. דער מאגאזין האט זיא בערויבט, ער האט בייא איהר צוגענומען איהר פערמעגען, איהר טאָכטער און איהר געזונד. איהר געזונד איז פון איהר אוועק צוזאמען מיט דיא קונדען און זיא איז אָפּגע־שטאָרבען צוזאמען מיט איהר מאגאזין. אזוי איז זיא געלעגען ביז זיא איז אויסגע־גאנגען וויא א ליכט, אָבער איהרע טויטע אויגען זיינען געבליעבען אָפען, און וואָרען אלץ געריכטעט צום גרויסען מאגאזין, וואו מיליאָנען זיינען געווען פערזאמעלט אונטער איין דאך.

דיא רוענירטע געשעפטס־לייטע פון דיעזען געגענד, האבען נאך א מאל געהאט א לויה. דארט ווארען דיא קרעמער, וואס האבען שוין באנקראָטירט און וואס שטעהן ביי׳ם באנקראָט. באדו איז נאכגעגאנגען זיין ווייב׳ס קערפער מיט דיעזעלבע שווערע טריט, מיט וועלכע ער האט בעגלייט זיין טאָכטער. ער איז גע־גאנגען, וויא איינער וואס איז פעראורטהיילט פון שיקזאל צו דיעזע גרויסע שמערצען.

דענים איז געווען אין א גרויסער פערלעגענהייט. דיא לעצטע פאאר וואָכען איז זיא געווען אויסגעמאטערט און האט דורכגעמאכט פיעלע שוועריגקייטען. זיא האט בעדארפט אריינגעבען איהר קליינעם ברודער אין א שוהלע, און זיא איז אזוי פיעל נאכגעלאָפען איהר ברודער זשען, וועלכער איז געווען פערקאָכט אין זיין נייער ליעבע, דאס ער האט געבעטען זיין שוועסטער זיא זאָל פאר איהם געהן ריידען מיט דער מיידעל. דיא צווייטע קאטאסטראָפע אין איהר אָנקעל׳ס הויז, האט זיא אין גאנצען צובראָכען. מאָרעט האט איהר געגעבען דיא ערלויבניס צו טהאָן וואס זיא וויל פאר איהרע קרבים און דיא איבעריגע.

אין א געוויסען פריה־מאָרגען האט זיא געהערט, אז בורראס איז ארויסגע־וואָרפען געוואָרען אין גאס, און אז באדו וועט שליסען זיין געשעפט. זיא האט דאן געהאט א געשפרעך מיט מאָרעט און איז ארויס געגאנגען זעהן וואס זיא קען טהאָן פאר דיעזע אונגליקליכע.

אין מעשאדאר שטראסע, דאָרט וואו זיין הויז האט זיך געפונען, איז בורראס געשטאנען דעם גאנצען פריה־מאָרגען און האט געקוקט אויף דעם וואָהנונג פון וואנען מען האט איהם ארויס געטריבען, דורך א שפיצעל, וואס דיא אדוואָקאטען האבען אויסגעארבייט. מאָרעט האט געהאט איינינע וועקסלען, וועלכע בורראס האט ניט בעצאָהלט, איז איהם געווען לייכט צו קריגען איין באנקראָט ערקלעהרונג פאר דעם אלטען מאָן. דאס געריכט־הויז האט בעפאָהלען, מען זאָל פערקויפען דעם קאָנטראקט, וועלכען בורראס האט געהאלטען אויף דאס הויז, און מאָרעט האט דיעזען קאָנטראקט געקויפט פאר פינף הונדערט פראנק. זאָ, דאס דער אלטער איינגעשפארטער מאָן, האט געמוזט נעהמען פינף הונדערט פראנק, פאר דעם וואס ער האט ניט געוואָלט אוועק געבען פאר הונדערט טויזענד פראנק. באלד איז גע־קומען איין ארכיטעקט מיט ארבייטער איבערבויען בורראס מאגאזין, און ווייל דער אלטער האט ניט געוואָלט געהן, האבען זייא געבראכט דיא פאָליציא. דיא וואארע איז ארויסגענומען געוואָרען און איז פערקויפט געוואָרען, אָבער דער אלטער האט זיך אליין געהאלטען אין דעם געגענד. און נאכדעם וויא ער האט איבערגעשלאָפען דיא

נאכם אין א פרעמדע הויז, איז ער געקומען גאנץ פריה און האט זיך געשטעלט ביים זיין הויז, וועלכע איז שוין געוועזן האלב צוגעמען.

דעניס האט איהם דארט געפונען און האט איהם זעהר פריינדליך בע־גריסט.

ער האט ניט געהערט איהר שטימע; זיינע אויגען האבען געקוקט אויף די ארבייטער, וועלכע האבען גריסען די וואנד פון זיין מאגאזין, וועלכע האבען אפ־געשלאסען די זונן פון די אינוועניגסטע צימער'ן זייט די לעצטע צוויי הונדערט יאהר.

ענדליך האט ער זיא דערקענט.

— אה, דאס זייט איהר? — האט ער צו איהר געזאגט. — זייא מהוען דא א גאנץ שעהנע זאך, דיעזע רויבער־באנדע!

דעניס האט ניט געוואגט צו רעדען. זיא וואר שטארק געריהרט פון דעם טרויער וואס איז געלעגען אויף דעם אלטענס געזיכט. זיא האט אליין אויך ניט געקענט צונעהמען איהרע אויגען פון דעם אלטען פלאטץ, וועלכער ווערט צר־ריסען.

— מאנסיו בורראס! — האט דעניס ענדליך אנגעפאנגען צו זאגען און האט איהם געוואלט אפפיהרען צו איין אנדער ווינקעל. — איהר דארפט וויסען, אז מען וועט אייך ניט פערלאזען. אלע אייערע בעדירפניסע, וועלען ערפיעלט ווערען.

ער האט אויפגעהויבען זיין קאפ און האט אויסגעשריען:

— איך האב קיינע בעדירפניסע. זייא האבען ארייגעשיקט די רויבער. זאגט זייא, אז דער אלטער בורראס קען נאך ארבייטען, און ער וויס נאך וויא צו געפינען ארבייט. ווירקליך, עס איז א שעהנע זאך צו געבען צדקה צו די וואס זייא ערמארדען.

אבער דעניס האט איהם געבעטען ער זאל ניט בלייבען הארט־הערציג, און זאל בעסער איינזעהן וואס פאר איהם איז בעסער. ער האט אבער געשאקעלט זיין קאפ און האט איהר געהייסען געהן און לעבען גליקליך, ווייל זיא איז נאך יונג, זיא זאל אבער מעהר ניט קומען אפרעדען אלטע לייטע פון זייערע אידעען.

ער האט געהארפען א לעצטען בליק אויף דער חורבה און איז אוועק. זיא האט זיך צוגעקוקט וויא ער געהט און צומישט זיך מיט דעם פובליקום. א ווײלע

איז דעניס נעשטאנען א צומישטע און האט אליין ניט געוואוסט וואס צו טראכטען. ענדליך איז זיא אוועק צו איהר אָנקעל. דער אלטער מאַן וואר אליין אין זיין מאגאזין. דיא גאס־פרוי פלעגט נור קומען אין דער פריה און אבענדס אויפצוקאָכען דעם עסען און אויסקעהרען דעם מאגאזין. ער פלעגט פערברענגען גאנצע שטונדען איינער אליין, און ער פלעגט זעהר זעלטען געשטערט ווערען א גאנצען טאָג. ווען א קונד פלעגט אמאל פערבלאָנדזשען אין מאגאזין און בעטען א שטיקעל וואארע, האט ער ניט געוואוסט וואו עס ליעגט. און ביז שפעט אין דער נאכט, פלעגט ער ארומגעהן אין זיין צימער מיט דיעזעלבע שווערע טריט, וויא ער איז נעגאנגען צו דיא צוויא בעערדיגונגען.

— וויא פיהלט איהר, אָנקעל ? — האט דעניס איהם געפרעגט.

דער אלטער מאן האט געעפענט זיינע אויגען און האט גאנץ פאלט גע־ענטפערט :

— זעהר גוט, זעהר גוט. איך דאנק אייך.

דעניס האט געוואָלט געפינען עפעס צו זאָגען אום צו טרייסטען דעם אלטען מאן, אָבער זיא האט ניט געקענט געפינען קיין וואָרט, קיין פרעהליכען גע־דאנק.

באָדו איז ארומגעגאנגען איבער זיין מאגאזין אזוי וויא א מאשינע וואָלט איהם געפיהרט. יעדעס מאל ווען ער איז צוגעקומען צו דער קאסע, האט ער א קוק גע־טהאָן צום ליידיגען שטוהל, אויף וועלכען זיין ווייב און זיין טאָכטער האבען אָפ־געלעבט זייערע יאָהרען. מאנכעס מאל האט ער א קוק געטהאָן צו דיא פאָליצעס, וואו עס זיינען געלעגען איינינע שטיקלעך פערשטויבטע וואארע. דער טרויער איז געלעגען אויף דאס גאנצע הויז. דיא געליעבטע זיינען פון דאָרט פערשוואונדען. זיין געשעפט האט געהאט א מיאוס'ן סוף, און ער איז געבליבען אליין צו זעהן וויא זיין כבוד און זיין לעבען איז אונטערגעגאנגען. ער איז פארבייא נעגאנגען דיא טהיר פון שפייז־צימער, וואו ער האט פערבראכט אזוי פיעל פרעהליכע שטונדען מיט זיין פאמיליע, און ער האט זיך אליין דערשראָקען פאר דיא שטילקייט און דיא טויט־קייט וואס האט דאָרט יעצט געהערשט. אלעס וואר טויט, אלעס וואר טרויעריג, זיינע טריט האבען געקלונגען וויא טריט צווישען קברים.

ענדליך האט דעניס געזאָגט :

— אָנקעל, איהר קענט ניט בלייבען אזוי וויא איהר זייט יעצט. איהר מוזט קומען צו א בעשלוס !

— און וואס ווילט איהר איך זאָל טהאָן ? — האט ער געפרעגט און האט ניט אויפגעהערט צו געהן. איך וויל אויספערקויפען, אָבער קיינער איז ניט געקומען. אין א געוויסען טאָג, וועל איך צושליסען דיא טהיר, און וועל אוועק געהן.

— אָבער וואס וועט איהר דאַן טהאָן ? — האט זיא געפרעגט און האט געזוכט צו ברענגען איהם אויף א געשפרעך וועגען איין האנדעל מיט מאָרעט.

— איך ווייס ניט ! — האט ער געענטפערט.

— הערט מיך אויס, אָנקעל ! — האט זיא יעצט געזאגט. — מען האט מיר געהייסען איך זאָל אייך פאָרשלאָגען א שטעלע אלס אינספעקטאָר.

— וואו ? — האט באָדו געפרעגט.

— געגענאיבער ! — האט דעניס געענטפערט. — אין אונזער מאגאזין. איהר וועט קריעגען זעקס טויזענד פראנק א יאָהר. זעהר א לייכטע שטעלע.

פלוצלינג איז ער געבליבען שטעהן געגען איהר. אָבער אנשטאט צו ווערען בייז וויא זיא האט ערווארטעט, איז ער געוואָרען בלאס און פערצווייפעלט.

— געגענאיבער ! געגענאיבער ! — האט ער געמורמעלט. — איהר ווילט איך זאָל געהן געגענאיבער.

דעניס אליין איז געריהרט געוואָרען פון דיעזער אויפרעגונג. זיא האט זיך ערָאינערט אָן דעם לאנגען קאמפף, וואס דיא צוויא מאגאזינען האבען געפיהרט און וויא דאס האט זיך געענדיגט מיט דעם טויט פון זשענעוויוו און באָדו'ס וויב. דער געדאנק, אז איהר אָנקעל זאָל נעהמען א שטעלע בייא זיין קאָנקורענט, און זאָל דארפען ארומגעהן אין דעם ווייסען האלדבאנד, האט צוריסען איהר הארץ.

— ניין, ניין אָנקעל ! — האט זיא אויסגערופען, ווייל איהר עדעלע הארץ און ערהאבענע געפיהלען האבען זיך ערוועקט. — איך האב חרטה, וואס איך האב דאס אייך געזאגט, עס איז פון מיר איין אונרעכט. איך בעט אייך, זייט מיר מוחל.

באָדו האט ניט געענטפערט. ער האט ווידער אָנגעפאנגען צו געהן איבער זיין מאגאזין, און בייסען זיינע ליפען אין זיין גרויסען אונגליק.

---

## 14טער קאפיטעל.

דיא דעסעמבער שטראסע האט יעצט אויסגעזעהן גאנץ נייא, מיט דיא ווייסע הייזער און דיא האלב־געענדיגטע געביידען. א שטראָם פון עקיפּאזשען איז גע־לאָפען דורך דיעזע גאס, און צווישען דיא מעשאדיר שטראסע און דיא שאָסעל שטראסע, איז דער טומעל געווען זעהר גרויס, פון א פּובליקום, וועלכער איז געווען אויפגעקאָכט דורך א מאָנאָט אדווערטייזמענטס. יעדער איינער האט זיך געשפּארט צום נייען דעפּארטמענט, וועלכען מארעט האט אויסגעבויט און וועלכער איז גע־עפענט געוואָרען מיט א גרויסען אויספערקויף פון וויים־צייג.

דיא נייע געביידע איז געווען איינע פון דיא שעהנסטע און דיא רייכסטע וואס פּאריז האט געזעהן. פון דרויסען זיינען דיא וואנד געווען בעפּוצט מיט גאָלד און מיט אלערלייא שטיקער מארמאָר, וועהרענד אינוועניג איז אלעס געווען בעשלאָגען מיט געשלייפטען גלאָז, זעלטען גרויסע שפּיגלען און פערשיעדענע פיגורען, וועלכע האבען אויפגעריסען דיא אויגען און בערוישט דיא געדאנקען. אלעס וואר געמאכט מיט א זעלטענעם געשמאק און מיט אויסרעכענונג צו פעראינטערעסירען דאס פּובליקום, וויא צו א מוזעאום.

אום צווייא אוהר, איז דיא פּאָליציי געווען געצוואונגען צו נעהמען דאס פּובליקום אין אָרדנונג, און צו זעהן, אז דיא קארעטען זאָלען זיך ניט פערפּלאָנטערן. עס דער פּאלאסט, פון וועלכען מארעט האט געטרוימט, איז געבויעט געוואָרען. עס וואר דער טעמפּעל, וואס איז געווידמעט געוואָרען צום לוקסוס און צו דער מאָדע. דער טעמפּעל האט אלעס בעהערשט, און האט פערשטעלט דעם גאנצען דיסטריקט מיט איהר שאטען. עס וואר שווער צו געפינען א צייכען פון דעם אָרט וואו בורראס אלטע חורבה איז געשטאנען. דיא פיער גרויסע טהירען פון דעם מאגאזין, זיינען יעצט געווען און פיער גאסען, און קיין זאך האט זיך ארייננעמישט אין מארעט'ס גרענעץ. זייט באָדו האט אויפגעגעבען זיין געשעפט, וועלכער האט זיך געפונען אויף'ן צווייטען זייט גאס, איז דער אלטער „עלבוף" געשטאנען וויא א צוגעמאכטער קבר. דיא לאָדען פון יענעם מאגאזין זיינען קיינמאל ניט געעפענט געוואָרען. ביסלעכווייז זיינען זייא פערדעקט געוואָרען מיט פּאסטערס, און זיינען צוזאמענגע־קלעפּט געוואָרען וויא דיא ערד איבער א קבר. און אויף דיעזען טויטען אָרט, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט שטויב און מיט בלאָטע, איז געווען אויסגעשטעלט אזוי וויא א פאָהן איבער א בעזיגטע מלוכה, א גרויסער געלער פּאָסטער, וועלכער

האט אדווערטייזט מיט גרויסע בוכשטאבען, דיא וואארע וואס ווערען פערקויפט אין „ווייבערשען גן־עדן.“

אויף דיעזען פאסטער איז געווען א בילד, וואס האט פארגעשטעלט דעם „ווייבערשען גן־עדן“ אלס א ריעז, וואס עררייכט דעם וואלקען. דיא גאנצע גרויסע געביידע, וועלכע האט יעצט פערנומען פיער זייטען, איז געווען אויסגעמאהלט אין דיא אדווערטייזמענטס. דיא געביידע איז געמאכט געווארען אויסצוזעהן ריעזיג גרויס, וועהרענד הינטער איהר איז אויף דאס בילד געלעגען פאריז, און עס האט געשיינט, אז דער „ווייבערשער גן־עדן“ איבערשטייגט און פערדונקעלט דיא אלטע שטאדט, וועלכע איז בלויז פארגעשטעלט געווארען אין קויטענס און קליינע דעכער. דיא מאנומענטען פון גאנץ פאריז, האבען זיך אויף דאס בילד ניט אנגעזעהן. נאטער־דאם, און דיא איבעריגע היסטארישע געביידען פון פאריז, זיינען אויף דאס בילד פעררוקט געווארען אין א ווינקעל. קורץ, דער צייכנער וואס האט געמאכט דאס בילד, האט געהאט אין זינען צו בעווייזען מיט זיין פענסיל, אז דער „ווייבערשער גן־עדן“ האט פערדונקעלט פאריז, און איז גרעסער און דייטליכער פאר אלעס וואס דיא וועלט־שטאדט בעזיצט. ער האט זאגאר געמאכט מען זאל זעהן, אז מארעט׳ס מאגאזין עררייכט ביז דעם ים און פערשפרייט זיך איבער שטעדט אין דערפער, אויף מיילען ווייט פון פאריז.

זייט דעם פריה־מארגען, איז דאס פובליקום געשטיעגען און געשטיעגען. קיין מאגאזין האט נאך ווען אזוי אויפגעבראכט דיא שטאדט מיט זיינע אדווערטייזמענטס. דער „ווייבערשער גן־עדן“ האט יעצט אויסגעגעבען איבער א האלב מיליאן פראנק א יאהר אויף פערשיעדענע אדווערטייזמענטס. הונדערטע טויזענדע קאטאלאגען זיינען אויסגעשיקט געווארען; טויזענדע שטיקער וואארע זיינען צושניטען געווארען אויף סאמפעלס. אלע צייטונגען זיינען געדונגען געווארען צו פויקען אין דיא אויערן פון דאס פובליקום און צו פערטומלען דיא וועלט מיט דעם „ווייבערשען גן־עדן“, און דיא גרויסע מציאות וואס זיינען דארט צו קריגען. דיא נייע געביידע, וועלכע מארעט האט אויסגעבויט, איז געווארען ווי א ער האט געהאפט, א לעבעדיגע אדווערטייזמענט, דורך איהר רייכטהום, איהר שעהנהייט און איהרע פענסטער, וואס ווארען גרויס געגנוג אויסצושטעלען א גאנצע ליעד פון ווייבערשע קליידער.

אום צו פייערען דיא ערעפענונג פון דיעזער נייער געביידע, זיינען אויסגעשטעלט געווארען פלאגען און פיגורען. יעדער עטאזש איז געווען בעדעקט מיט פראנקרייך׳ס נאציאנאלע קולירען, און דיא זינגלען פון דיא פערשיעדענע שטעדט פון לאנד. גאנץ אויבען, ווארען אויפגעצויגען פלאגען פון פערשיעדענע נאציאנען.

אין דעם אונטערסטען עטאזש איז געווען אזא מאסע ווייס־צייג, דאס דיא פענסטער זיינען פערבלענדעט געוואָרען. אלעס וואר ווייס. געשטיקטע פאָרהאנגען האבען פאָר־געשטעלט א גאנצען זאאל, אין וועלכען עס איז געלעגען א פיראמיד פון אלערלייא גאָרטיכלעך. צווישען גרויסע שטיקער וואארע, וועלכע זיינען געלעגען וויא קופעס שנעע אין א וואלד, זיינען געווען אויסגעשטעלט פיגורען פון דאמען און פרויען, וועלכע זיינען געווען אָנגעטהאָן אין זייד און אין אטלעס און האבען אויסגעזעהן דורך דיא פענסטער וויא לעבעדיגע פערזאָנען. ארום אלע פענסטער זיינען דארום גע־שטאנען קאָמפאניעס מענשען, וועלכע האבען זיך ניט געקענט אָפּקוקען פון דיעזע שעהנע זאכען.

דיא קאריאזיטעט אין דעם „ווייבערשען גן־עדן'', איז פערגרעסערט געוואָרען דורך א קאטאסטראָפע, פון וועלכער גאנץ פאריז האט געשפראָכען. דאס וואר נעמליך דאס פייער וואס האט פערניכטעט דעם גרויסען מאגאזין וואס באטאמענט האט ערעפענט צו קאָנקורירען מיט מאָרעט. דיא צייטונגען ווארען פול מיט בע־שרייבונגען פון דעם פייער, וואס איז געקומען דורך א גאז, וואס איז געבליבען ברענען בייא נאכט, וויא אזוי דיא דאמען זיינען געפלויגען האלב־נאקעט פון זייערע בעטען, און וויא באטאמענט האט פינף פון זייא ארונטער געטראָגען אויף זיינע אקסלען. דער גאנצער שאדען וואר פערזיכערט, און דאס פובליקום האט גערעדט פון דעם גרויסען אדווערטייזמענט וואס באטאמענט האט געהאט. דורך דיעזען פייער האבען מענשען גענומעןריידען וועגען דיא דעפּארטמענטס־מאגאזינען, וועלכע זיינען יעצט געוואָרען א טהייל פון דעם עפענטליכען לעבען אין פאריז, און יעדער איינער איז ניט ווילענדיג געקומען אויף א געשפּרעך וועגען „ווייבערשען גן־עדן.“ וויא גליקליך איז דיעזער מאָרעט! פאריז האט בעוואונדערט זיין גליק, און יעדער האט זיך געבוינט פאר זיין הצלחה, וועלכער האט פערניכטעט זיינע קאָנקורענטען מיט אלע מיטלען, זאָגאר מיט פייער און רויך. יעדער האט גענומען רעכענען וויפיעל מאָרעט וועט דיעזען סיזאָן פערדיענען. יעדער האט געשאצט דיא צאָהל פון דיא נייע קונדען וואס וועלען קומען צו זיין מאגאזין, דאדורך וואס זיין געגנער האט אויסגעברענט.

מאָרעט אליין איז געווען דער אונרוהיגער אין דיעזער איבערראשונג. ער האט מורא געהאט פאר דיא אייפערזוכט פון א פרוי, וועלכע איז יעצט געוואָרען זיין פערשוואָרענע פיינדין. דיעזע פרוי וואר מאדאם דעספאָרגעס, וועלכע ער האט אויסגענוצט אום צו קומען צו זיין גליק. ער האט אויך מורא געהאט פאר באראָן הארטמאן, וועלכער האט איהם געבאָרגט דאס געלד, צו דיעזער גרויסער

אונטערנעהמונג. דאן האט ער זיך גענעסען דאס הארץ, ווארום ער האט פערזעהן איין אדווערטייזמענט, וועלכען באטאמענט האט ערפונדען, נעמליך צו לאדען דעם בישאפ פון פאריז, ער זאל קומען מיט אלע גייסטליכע פון שטאדט צו בענשען זיין אונטערנעהמונג. עס וואר א זעלטענע צערעמאניע, עס וואר א גרויסע רעליגיעזע ספעקטאקעל, וועלכער איז נעפיהרט געווארען פון איין דעפארטמענט צום צווייטען. עס איז וואהר, אז דיעזע צערעמאניע האט ניט פערהיט דעם מאגאזין פון דעם גרויסען פייער, אבער עס וואר דאך ווערטה א מיליאן פראנקס אלס איין אדווער־טייזמענט, וויל עס האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף דעם רעליגיעזען פובליקום. מארעט האט מקנא געווען זיין געגנער אויף זיין איינפאל, און ער האט זיך ארומגעטראגען מיט דעם געדאנק, צו איבערשטייגען זיין קאנקורענט און קריעגען דעם ערץ־בישאפ צו זיך אין מאגאזין.

עס איז געווארען דרייא אוהר, און דער נאכמיטאג געדרענג האט זיך אנגע־פאנגען. איבער הונדערט טויזענד קונדען האבען זיך געשפארט אין דיא פערשיעדענע ווינקעלעך פון דעם מאגאזין. דיא עקיפאזשען האבען פערנומען דיא גאנצע לענג פון גאס. איינפאכע קעבס האבען זיך דארט צומישט מיט פריוואט־עקיפאזשען, דיא אנגעשטעלטע פלעגען יעדע מינוט קומען און ארויסרופען א עקיפאזש, ער זאל פאהרען צום מאגאזין און צו נעהמען זיין אייגענטהימער, וועהרענד אנדערע עקיפאזשען זיינען געקומען און האבען פערנומען דעם לעערען פלאטץ. עס וואר א מהומה און א געדרענג פון רעדער און פון פערד. דיא פיס־געהער האבען זיך גע־מוזט דריקען און קוועטשען אין דיא זייטען און ציטערן מען זאל זייא ניט צושניידען און צוטרעטען אונטער דיעזע וועגען. עס האט אויסגעזעהן, אז גאנץ פאריז איז אויפ־געלאפען אויף דעם וואונדער, אז אלע האבען זיך פערזאמעלט אין איין גאס אום צו קרוינען דעם „וועיבערשען גן־עדן" פאר דעם גרעסטען מאגאזין אין דער וועלט, פאר דעם זיעגער און הערשער אין דיא פאריזער קראמען.

מאדאם דע באוועס און איהר טאכטער בלאנשע און מאדאם גיבעל, זיינען געשטאנען בייא א פענסטער און האבען בעטראכט איין אויסשטעללונג פון פער־שיעדענע קאסטיומען. דיעזע קאסטיומען זיינען געלעגען געפאקט אין פאפיר־קעסטלעך. דיא שפיצען און דיא שעהנע זייטען פון דיא קאסטיומען, זיינען געלעגען פון אויבען, וועהרענד אויף דער קעסטעל איז געווען געדרוקט א פיגור, וואס האט פארגעשטעלט א פרינצעסין אין דעם קאסטיום.

מאדאם דע באוועס האט בעוואונדערט דיא ביליגע פרייזען פון דיעזע קאסטיומען, אבער מאדאם גיבעל האט געשווארען, אז דיא קאסטיומען זיינען ניט

ווערטה א צובראָכענעם פראַנק, ווייל זייא צופאַלען אין שטיקער, אַזוי שנעל ווי מען טהוט זייא אָן.

— לאָמיר אריינגעהן — האט מאַדאם גיבעל ענדליך געזאָגט. — מיר מוזען אָנקוקען וואס דאַרט טהוט זיך. איך גלויב, אַז אייער איידעם וועט אייך ערוואַרטען אין דעם מאַגאַזין.

מאַדאם דע באָוועס האט ניט געענטפערט. זיא איז געוועזן צוטומעלט פון דיא עקיפּאַזשען, וועלכע האבען געבראַכט מאַסען נייע קונדען צו מאַרעט'ס מאַגאַזין.

— יא, — האט בלאַנשע ענדליך געענטפערט. — פּאָוועל האט פערשפּראָכען צו וואַרטען אויף אונז אין לעזע־צימער, נאָכדעם וויא ער וועט פערלאָזען דעם מיניסטעריום.

בלאַנשע האט צוריק מיט א מאָנאַט געהייראַטה מיט דע וואַלאַנאַץ, וועלכער האט זיך ערשט ניט לאַנג צוריק אומגעקעהרט צו זיין אַמט. דיא יונגע וויבעל האט געהאַט איהר מוטער'ס אויסזעהען, און איהר מוטער'ס גע־פיהלען.

— אַה, דאָרט זעה איך מאַדאם דעספּאָרגעס! — האט דיא גרעפין אויס־גערופען און האט אָנגעוויזען אויף איין עקיפּאַזש.

— דענקט איהר עס ווירקליך? — האט מאַדאם גיבעל געפרעגט. — איז דען דאס מעגליך, נאָך דיא אַלע געשיכטען וואס ווערען ערצעהלט? זיא דאַרף נאָך אַלץ ווייַנען אויף דעם פייער אין באָטאַמענט'ס מאַגאַזין.

אָבער עס וואַר ווירקליך הענריעטע. זיא האט דערזעהן איהרע פריינדינען און איז צו זייא אַרונטער געשפרונגען מיט א פריינדליכען שמייכעל און לוסטיגע מיענע.

— איך האָב געוואָלט קומען און אַליין אָנקוקען וואס דאָ געהט פאָר. עס איז בעסער ווען מען זעהט אַלץ אַליין. אַה, מיר זיינען נאָך אַלץ גוטע פריינדע מיט מאָנסיו מאָרעט, אָבוואָהל מען זאָגט, אַז ער איז שטאַרק אויפגערעגט זייט איך האָב גענומען אינטערעסע אין דעם נייען מאַגאַזין. איך האָב צו איהם קיין זאַך, אויסער וואס ער האט צוזאַמענגעפיהרט דיא חתונה צווישען מיין פריינדין, מאַדמאַ־אַזעל פאַנטעניילס און זיין אינספּעקטאָר דזשאָזעף.

— וואס, איז דאס שוין געשעהן? — האט מאַדאם דע באָוועס געפרעגט מיט איבעררעאַשונג. — דאס איז שרעקליך, איין אַריסטאָקראַטישע מיידעל זאָל הייראַטהען איין איינפאַכען מענשען! שרעקליך!

— יא, מיין טהייערע, דאס איז געשעהן, און נור אום אונז צו ערגערען. איך קען איהם. מאָרעט וויל בעווייזען, אז דיא טעכטער פון אונזערע גרויסע פאמיליען זיינען נור פאסענד צו הייראטהען זיינע קלערקס.

דיא פיער פרויען זיינען געבליבען שטעהן אויף דעם טראָטואר צווישען דעם פובליקום וואס האט זיך געשפּארט צום אריינגאנג. דער שטראָם פון פובליקום האט זייא לאנגזאם אריינגעטראָגען אינווענינ. זייא האבען גאר ניט געוואוסט און ניט געפיהלט, אז זייא זיינען שוין אין מאגאזין. זייא האבען יעצט גערעדט וועגען מאדאם מארטי, וויל מען האט ערצעהלט, אז דער ארמער מאָנסיו מארטי איז אראָפּ פון זינען, פון דיא סצענען וואס ער האט געהאט אין זיין הויז. ער האט זיך איינגעבילדעט, אז ער בעזיצט דיא אוצרות פון דער וועלט, אז ער גראָבט אוים אלע גאָלד־מיינען און זאמעלט גאר דיא דימענטען פון אפריקא.

— ארמער מענש! — האט מאדאם גיבעל בעמערקט. — ער איז אימער געוועזן שטיל און שפּארזאם וויא א לעהרער, וועהרענד זיין ווייב האט ניט געוואוסט קיין ענדע פון איהרע אויסגאבען. וואס איז אָבער פון איהר געוואָרען?

— מאדאם מארטי האט געמוזט אנטלויפען צו איהר אָנקעל, — האט העגריעטע געענטפערט. — ער איז איין גוטהערציגער אלטער מאן, וועלכער איז געבליעבען איין אלמן. אָבער איך דענק, אז זיא איז דאָ אין מאגאזין. איך וועל זיא דאָ געפינען.

איין איבערראשונג האט אָפּגעשטעלט דיעזע דאמען. פאר זייא איז יעצט געלעגען דער מאגאזין, דער גרעסטער אין דער וועלט, וויא דיא אדווערטייזמענטס האבען ערצעהלט. דיא גרויסע גאלערעע האט זיך געצויגען פון איין עק ביז דער צווייטער און האט פערנומען צווייא גאסען. פון אלע זייטען האבען זיך געצויגען קאָרידאָרען און טרעפּ און בריקען. דיא צוזאממענשטעלונג אין מאגאזין איז יעצט אין גאנצען געענדערט געוואָרען. דיא מציאות זיינען געלייגט געוואָרען אין דער סעמבער שטראסע, דער זייד־דעפּארטמענט איז געלעגען אין מיטען, דער האנדשוה־דעפּארטמענט האט פערנומען דעם סאנט אגוסטין זאאל. דיא צאָהל פון דיא דעפּארטמענטס איז יעצט געווען פופציג. איינינע ווארען גאנץ פרישע, וואס זיינען ערשט היינטע ערעפענט געוואָרען. איינינע, וועלכע זיינען געוואָרען זעהר וויכטיג, זיינען צוטהיילט געוואָרען אין צווייען, אום צו גערלייכטערן דיא ארבייט. דיא צאָהל פון דיא קלערקס און אנגעשטעלטע אין דיעזע מאגאזין, איז יעצט געווע, דרייא טויזענד זעך הונדערט און פערציג.

דיא איבערראַשונג וואס האט אָפּגעשטעלט דיא פרויען, איז געווען דיא גרויסאַרטיגע אויסשטעלונג פון ווייס־גודס. דאָרט איז געווען דער זאאַל מיט דיא ליכטיגע שפּיגלען, אויסגעשלאָגען מיט מאַרמאָר, וואו דיא ביליגע וואארע האט צו זיך געצויגען דאס פּובליקום. דאן זיינען דאָרט געווען דיא גאַלערעען, וועלכע וואַרען דעקאָרירט מיט ליכטיגע קאָלירען און וואַרען געמאַכט ווא א פערשנעעטע לאַנד, מיט לאַנגע אייז־בערג וואס גלימצערען אונטער דיא שטראַהלען פון דער זונן. דאָרט האט זיך געפונען נור ווייס־צייג, אַלע ווייסע אַרטיקלען פון דעם מאַגאַזין. אַלעס האט דארום געפינקעלט פון ווייסקייט און האט פערבלענדעט אַלע אויגען, זאָ, דאס מען האט געמוזט צומישט ווערען פון דיא ליכטיגע קאָלירען, און עס וואר שווער צו אונטערשיידען פון איין זאַך צו דער צווייטער, דורך דער וועלט פון ווייסקייט. ווייסע טוך, ווייסע שפּיצען, ווייסע זייד, ווייסער אַטלעס, אַלעס וואס וואר ווייס, איז געלעגען אין בערג אין דיעזען גרויסען זאאַל.

דיא אייזערנע סלופּעס אין מיטען זאאַל, וואַרען אַרומגעוויקעלט מיט ווייסען טוך און פערהאַנגען מיט ווייסע זיידענע טיכלעך. דיא טרעפּ וואַרען דעקאָרירט מיט ווייסען טוך, און האבען דערמיט פאַרגעשטעלט א מחנה ווייסע געגז, וואס שווימען אין א טייך, אָדער פליהען דורך דיא לופט.

— אח, וויא וואונדערבאַר! וויא וואונדערבאַר! — האבען דיא דאַמען אויסגערופען.

זייא זיינען קיינמאַל ניט מיעד געוואָרען לויבענדיג דיעזען ווייסען זאאַל. מאָרעט האט נאָך קיינמאַל ניט אויסגעטראַכט איין שעהנערע זאַך וויא דיעזע אויסשטעלונג. עס וואר דער טריאומפף פון זיין טאַלאַנט. עס האט פערבלענדעט און ענטציקט יעדען בעזובער.

דער פּלאַטץ וואר פול מיט לעבען. יעדער ווינקעל וואר בעזעסען מיט מענשען. בייא דיא געטרענקע און שפּייזען האט מען זיך געשפּאַרט און געדריקט. אין לעזע־צימער איז געווען פערזאַמעלט א גאַנצע נאַציאָן. דיא מענשען האבען אויסגעזעהן שוואַרץ אין דיעזען ווייסען ים. אויפ'ן ערשטען עטאַזש וואַרען פערזאַמעלט פיעלע שעהנע פרויען. אויף דיא טרעפּ און אויף דיא זייטיגע גאַלערעען, האט מען געזעהן א שטראָם פון מענשען, וועלכע האבען אויסגעזעהן וויא קאַרליקעס, וואס קריכען אויף הויכע שנעע־בערג. דיא צוזאַמענמישונג פון שטימען האט געמאַכט א גערויש, אַזוי וויא דיא אינדען פון ים. גאַנץ אויבען וואר איין אויסשטעלונג פון גאָלד און ראָזען און האט פאַרגעשטעלט וויא דיא שיינענדע זונן איבער דיא הויכע שנעע־בערג.

— קומט! — האט מאדאם באוועס געזאגט. — עס איז אונמעגליך מיר זאלען דא בלייבען שטעהן.

זייט מאדאם דע באוועס איז אריינגעקומען, האט דזשאזעף דער אינספעקטאר פון איהר ניט ארונטערגענומען דיא אויגען, און ווען זיא האט זיך אומגעדרעהט, האבען זיך בעגעגענד זייערע בליקען. ווען זיא איז אוועק, האט ער זיא געלאזט געהן אין פאראוים, און האט זיא ניט אפגעלאזען פון אויג, אבער ער האט זיך געמאכט גלייך וויא זיא אינטערעסירט איהם ניט.

ווען זייא זיינען געקומען צו א קאסירערס טיש, האט מאדאם גיבעל אויס־געריפען:

— זעהט נור דיעזע בלומען! עס איז א פראכטפאלע אידעע.

איהר בעמערקונג איז געווען וועגען דעם נייען אנדענקען, וואס דער „וויבערשער גן־עדן" האט פערטהיילט צו דיא קונדען. וועגען דיעזען אנדענקען האט מארעט פערקלונגען דיא צייטונגען. קליינע בוקעטען פון בלומען, וועלכע ער האט געקויפט אין דיא טויזענדער, זיינען געגעבען געווארען יעדען וואס האט נור עטוואס געקויפט. בייא יעדען קאסירער זיינען געשטאנען לאקייען אין שעהנע יוניפארמס און האבען פערטהיילט דיא בוקעטען. ביסלעכווייז זיינען אלע קונדען געווען בעפוצט מיט דיעזע בלומען, און זייא האבען דערמיט פארגעשטעלט א בלומענגארטען, וואס געהט ארום איבער דעם מאגאזין.

— יא, האט מאדאם דעספארגעס געענטפערט מיט פערדרוס. — עס איז קיין שלעכטע אידעע.

אבער ווען זייא זיינען אוועק פון דיעזען ארט, האבען זייא געהערט וויא צווייא קרעמער לאבען פון דיעזע פרעזענטען. איינער האט בעמערקט, אז דיעזע בלומען בעווייזען, אז מארעט געהט הייראטהען מיט דער מיידעל, וועלכע ארבייט אין זיין מאגאזין. א צווייטער האט געענטפערט, אז ער וויים ניט אויב דאס איז דער צייכען פון א חתונה, אבער דיא בלומען קאסטען געלד, און זיינען וויא ארוים געווארפען.

— וואס! — האט מאדאם דע באוועס אויסגעשריען. — וועט מאנסיו מארעט ווירקליך הייראטהען?

— דאס איז דיא לעצטע נייעס! — האט מאדאם דעספארגעס געענטפערט און האט זיך געמאכט גלייך וויא עס געהט איהר גאר ניט אן. — איך גלויב, אז ער וועט האבען אנא סוף.

דיא פרויען האבען זיך אָנגעקוקט. זייא האבען יעצט אלע פערשטאנען ווארום דעספּאָרגעס איז געקומען אין דעם מאגאזין, אָבוואָהל זיא האט געהאט א שטרייט מיט דיעזען מאן. זיא איז געקומען ווארפען אויף איהם א לעצטען בליק, אָבוואָהל דאס מוז איהר שאפען שמערצען.

— איך וועל בלייבען מיט אייך! — האט מאדאם גיבעל געזאגט צו מאדאם דעספּאָרגעס, ווייל זיא איז געוואָרען נייגעריג צו זעהן וואס מיט איהר וועט דא פּאסירען. מיר וועלען טרעפען מאדאם דע באוועס אין לעזע־צימער.

— זעהר גוט! — האט דע באוועס געזאגט. — איך וועל זיין אויף דעם הויפט־עטאזש. קום מיט מיר, בלאנשע.

מאדאם דע באוועס און איהר טאָכטער זיינען אוועק, וועהרענד דזשאָזעף דער אינספּעקטאָר איז זייא נאכגעגאנגען, און האט ניט ארונטער גענומען די אויגען. דיא אנדערע צווייא דאמען, האבען זיך באלד פערלוירען אין דעם גרויסען פּובליקום, וואס האט געשטראָמט אין אלע זייטען.

אין דיעזען גרויסען מומענט פון געשעפט, האבען דיא אנגעשטעלטע ניט גע־וואוסט פון קיין אנדער געשעפטע, וויא פון מאָרעט'ס ליעבע צו דעניס. דיא שמחה וואס אלע אנגעשטעלטע האבען געהאט דערפון, וואס דעניס האט זיך פון איהם ענטזאגט, איז ענדליך געקומען צו א קריזיס. מען האט ערפאהרען, אז דעניס וויל פערלאָזען דעם „ווייבערשען גן־עדן", ניט אכטענדיג אויף דעם וואס מאָרעט האט זיך בייא איהר געבעטען, זיא זאָל בלייבען, ווייל דעניס האט בעהויפּטעט, אז זיא מוז זיך אויסרוהען. דיא מיינונגען וועגען דעם זיינען געוועזען פערשיעדען. אין אלע דעפּארטמענטס האט מען זיך געוואָטען, אז דעניס וועט דעם נעכסטען זונטאג אוועק. אנדערע האבען געוואָטען, אז מאָרעט וועט ענדליך הייראטהען דיעזע מיידעל. אָבער דיא וואס האבען געוואָטען, אז דעניס וועט אוועק, האבען געהאט זעהר גוטע גרינדע דערצו. זייא האבען געוואוסט, אז דיעזע קליינע מיידעל פיהרט איהר גע־שעפט מיט דעם רייכען און מעכטיגען מאָרעט, מיט גרויס טאלאנט און פערשטאנד. זייא האבען בערעכענט, אז זיא וועט יעצט שפּיעלען איהר בעסטע קאָרט. זיא וועט איהם זאָגען: „אָדער הייראטה מיך, אָדער איך געה פון דיר אוועק"

דעניס האט אָבער זעהר וועניג געדאכט פון דיעזע זאכען. זיא האט קיינמאָל ניט געשטעלט אירגענד וועלכע בעדינגונגען און האט געמאכט קיינע רעכענונגען. זיא האט געוואָלט אוועק פאָהרען, ווייל זיא האט שוין מעהר ניט געקענט איבער־טראָגען דיעזע מיינונגען וועגען איהר. זיא האט ניט פערשטאנען, ווארום מען זאָל זיא אזוי אנרטהייכען. האט זיא זיך דען בעוויזען אלס א קאָקעטישע, אויסגערעכענטע

און חיטרע פערזאָן ? נייז, זיא איז גאַנץ איינפאַך אַריינגעקומען אין דעם מאַגאַזין און זיא איז געווען דיא ערשטע, וואס האט זיך געוואונדערט איבער מאָרעט'ס ליידענשאַפט. ווארום זאָלען זייא דענקען, אַז זיא וויל פערלאָזען דעם מאַגאַזין צוליעב קונצען און פאָליטיק ? עס איז דאָך גאַנץ נאַטירליך זיא זאָל אוועק. זיא האט אָנגעפאַנגען צו פיהלען זעהר שווער, וואס זיא ווערט אַזוי פיעל בערעדט אין דיעזען מאַגאַזין זיא האט ניט געקענט איבערטראָגען וואס מאָרעט איז איהר נאכגעגאַנגען און האט זיא פערפאָלגט אויף שריט און טריט, זאָ, דאס זיא האט געמוזט אָנווענדען אַלע איהרע קרעפטען צו קעמפּפען נעגען איהם. זיא האט גענומען מורא האבען, טאָמער וועט זיא זיך איינמאל לאָזען איבעררייַדען און וועט זיך איינמאל אונטערגעבען, און זיא וועט נאכדעם חרטה האבען איהר גאַנצען לעבען, און דארום האט זיא ליעבערסט געוואָלט אוועק. אויב אין דעם איז געלעגען א קונץ אָדער איין ווייפענשאַפט, וויא אַזוי צו דריקען א געליעבטען, האט זיא דערפון ניט געוואוסט און זיא האט זיך אַליין געפרעגט, וואס זיא זאָל דערצו טהון, עס זאָל ניט אויסזעהן אַז זיָא לויפט זוכען א מאַן. זיא האט אין גאַנצען בעשלאָסען ניט צו הייראַטהען, און זיא האט בעשלאָסען צו האלטען זיך בייא נייז, זאָגאר ווען מאָרעט וועט עס ברענגען אַזוי וויים און וועט זיא וועלען פיהרען צו דער חופה. דיא נויטהווענדיג־קייט אוועק צו פאָהרען און שיידען זיך פון דיעזע אָרט, האבען אַרויסגעריסען איהרע טרעהרען, און האבען זיא געמאַכט וויינען, אָבער זיא האט געהאַט מוטה און קראַפט און זיא האט צו זיך געזאָגט, דאס ווען זיא וועט יעצט ניט מאַכע דיעזען פער־צווייפעלטען שריט, וועט זיא איהר גאַנצען לעבען ניט וויסען פון רוה אָדער גליק.

ווען מאָרעט האט ערהאַלטען איהר רעזיגניישען, איז ער געבליבען שטיל און קאַלט און האט זיך אָנגעשטרענגט צו בעהערשען זיך. דאַן האט ער איהר געזאָגט, אַז ער ניט איהר א וואָך צייט צו בעדענקען זיך, איידער זיא וועט בענעהן אַזא נאַרישען שריט. אם ענדע וואָך, ווען זיא האט מיט איהם וויעדער גערעדט וועגען דעם, און האט ערקלעהרט איהר בעשלוס אוועקצוגעהן נאָך דעם גרויסען אויספער־קויף, האט ער צו איהר גאַר נישט געזאָגט, ער האט נור פּרובירט אויפקלעהרען איהר דיא לאַגע, אין וועלכער זיא געפינט זיך. זיא האט פאר זיך קיין צוקונפט, עס איז פאר איהר שווער צו געפינען נאָך אַזא שטעלע וויא דיעזע, וועלכע זיא וויל אוועק ווארפען. האט זיא דען איין אנדער שטעלע אין אויג ? אויב דאס איז דיא אורזאַכע, ווארום זיא וויל אוועק געהן, וועט ער איהר געבען אַלע בעדינגונגען וואס זיא קען קריעגען אין איין אנדער אָרט. דעניס האט געענטפערט, אַז זיא ערווארטעט

קיין אנדער שטעלע, דאס זיא האט אפגעשפארט עטוואס געלד און זיא וויל פאהרען נאך וואלאגעס, אום זיא זאָל זיך דאָרט אויסרוהען. ער האט איהר געפרעגט, ווארום זאָל זיא זיך ניט אומקעהרען צום „ווייבערשער גן־עדן", נאכדעם וויא זיא וועט זיך אויסרוהען. זיא איז געבליעבען שטיל, זיא איז געווען מיעד פון דיעזע פראגען און אנטוואָרטען. מאָרגען האט זיך פאָרגעשטעלט, אז זיא פאָהרט צו א געליעבטען, צו איינעם וואס זיא וועט הייראטהען. האט זיא איהם דען ניט מודה געווען אמאל, אז זיא ליעבט איינעם? ער האט דיעזע ווערטער, מיט וועלכע זיא האט איהם מודה געווען, אז זיא ליעבט, ארומגעטראָגען אין הארצען אזוי וויא א וואונד פון א שפיעז, וואס מען קריגט אין א דועל. יעצט זעהט ער, אז זיא ניט אָפּ אלעס אום צו הייראטהען יענעם מאַן. דאס האט איהם אויפגעקלעהרט, ווארום זיא איז אזוי איינגעשפארט און וויל איהם פערלאָזען. ער האט זיך איבערצייגט, אז עס איז שוין אלעס פערפאלען, און מיט זיין קאלטע שטימע האט ער איהר געענטפערט, אז ער וועט זיא לענגער ניט צוריק האלטען, זאָלאנג זיא וויל איהם ניט זאָגען דיא ריכטיגע אורזאכע דערפון. דיעזע קאלטע ווערטער האבען אויף איהר געווירקט פיעל שטארקער וויא היציגע רייד, וועלכע זיא האט ערוואַרטעט.

דיא גאנצע וואָך וואס דעניס איז פערבליבען אין מאגאזין, איז מאָרעט ארום געגאנגען בלאס און טרויעריג. ווען ער איז דורכגעגאנגען איהר דעפּארטמענט, האט ער זיך געמאכט וויא ער זעהט זיא ניט. ער האט זיך ארויסגעוויזען גאנץ גלייכ־גילטיג צו איהר. ער וואר פערטהאָן אין זיין ארבייט. און דארום האבען נור איינינע אנגעשטעלטע געוואגט צו וועטען, אז מאָרעט און דעניס וועלען הייראטהען. אָבער אונטער דיעזע קאלטקייט און גלייכגילטיגקייט, האט מאָרעט אין זיך ארומגעטראָגען טיעפע וואונדען. ער פלעגט אָפט ווערען בייז און דאס גאנצע בלוט פלעגט אריין אין זיין קאָפּ. ער פלעגט טרוימען, אז ער האלט דעניס אין זיינע ארמען, ער דריקט זיא צו זיך און פערשטיקט איהר מויל זיא זאָל ניט שרייען. ער האט פּרובירט זוכען פּלענער און וועגען, וויא אזוי ער זאָל זיא אָפּהאלטען פון אוועק פאָהרען. אָבער ער פלעגט אימער קומען צום געדאנק, אז געלד און מאכט, זיינען נאך אלץ גאר נישט, זאָלאנג ער קען ניט האבען דיא קראפט צוריקהאלטען א פרוי, זיא זאָל איהם ניט פערלאָזען. ער האט געמאכט אלערלייא פּראָיעקטען, און איין פּלאַן איז בייא איהם געוואָרען שטארקער וויא אלע, אָבוואָהל דאס איז געווען געגען יעדען בעשלוס, וועלכען ער האט פריהער געפאסט. ווען זיין ווייב איז געשטאָרבען, האט ער געשוואָרען ער זאָל מעהר ניט הייראטהען. ער האט זיין ערשטען פערמעגען גע־קומען פון א פרוי, און דארום האט ער בעשלאָסען ער זאָל שעפּען זיין רייכטהום

פון אלע פרויען. ער האט געהאט איין אידעע, אז דער איינענטהימער פון „ווייבערשען גן־עדן", דארף זיין אונפערהייראטה, אום ער זאל צו זיך קענען ציהען אלע פרויען פון שטאדט. ווען ער וועט נעהמען א פרוי, וועלען אלע אנדערע פון איהם צו לויפען. ער האט דארום בעשלאסען, דאס ער זאל בעסער שטארבען פון ליידענשאפט, איידער ער זאל זיך אונטערגעבען צו דיעזער מיידעל. ער האט אנגעפאנגען צו קאכען פון כעס אויף דיעזער דענים. ער האט גענומען פיהלען, אז זיא וועט פון איהם נעהמען נקמה פאר אלע זיינע האנדלונגען מיט פרויען, אז דיעזע דענים וועט איהם צוברעכען וויא א שארבען, צוזאמען מיט אלע זיינע מילליאנען. אבער דיעזער כעס פלעגט לאנג ניט האלטען. ער פלעגט נעהמען טראכטען, אז ער האט קיין אורזאכע צו פירכטען פאר איהר. דענים האט דאך אזא זיעסען נאטור, זיא איז דאך אזוי עהרליך, דאס ער קען זיך אויף איהר פערטרויען גאר אהן מורא. צוואנציג מאל א טאג פלעגט ער בייטען זיינע געדאנקען. זיין שטאלץ האט פערגרעסערט זיין וואונד, און זיין ווייטאג איז נאך גרעסער געווארען, ווען ער האט גענומען טראכטען, דאס ווען ער זאל זיך זאגאר ערניעדערינגען און זאל איהר פארשלאגען א הייראטה, וועט זיא אלץ איהם ענטזאגען, ווייל זיא ליעבט דאך איין אנדערן. דעם טאג, וואס דער גרויסער אויספערקויף האט זיך אנגעפאנגען, האט ער נאך אלץ קיין זאך ניט בעשלאסען, און דענים האט בעדארפט מארגען אוועק געהן.

ווען בארדאנסעל איז אריינגעקומען אין זיין ביורא, האט ער איהם געפונען בייא זיין שרייב־טיש מיטביידע הענד איבער זיינע אויגען און אזוי פערטראכט, דאס ער האט איהם געמוזט א קלאפ טהאן אויפ'ן אקסעל, אום איהם אויפצרוועקען פון זיינע געדאנקען. מארעט האט איהם אנגעקוקט מיט א פערוויינטע געזיכט. זייא האבען זיך ביידע אנגעקוקט א היבשע ווייל̇ע און האבען זיך געדריקט פעסט דיא הענד. זייט דעם לעצטען מאנאט, האט בארדאנקעל אין גאנצען געביטען זיין מיינונג וועגען דיעזער דענים. ער האט געהאט זיין גאנצען רעספעקט פאר דיעזער מיידעל, און ער האט צוגערעדט זיין פריינד, ער זאל זיא הייראטהען. דיא אורזאכע דערפון איז געוועז, וואס בארדאנקעל, וועלכער האט ביז יעצט געדיענט וויא א געטרייער הונד דיעזען מארעט, האט אנגעפאנגען צו טראכטען, וויא אזוי ער זאל איינשלינגען דיעזען מאן און דיא גרויסע געביידע, וועלכע ער האט אויפגעשטעלט. ער איז ארומגעגאנגען מיט אלערלייא געדאנקען, אבער ער האט מורא געהאט צו מאכען א שריט, ווייל זיין אבערגלויבען האט איהם געזאגט, אז מארעט איז מזל'דיג. ער האט געגלויבט, אז ווען מארעט וועט הייראטהען מיט דיעזער

דענים, או וועט ברעכען זיין שבועה, וועט זיין מזל נעבראָכען ווערען, דיא וועלט וועט איהם אויסלאַכען און דיא קונדען וועלען פון איהם צולויפען. ער האט איהם דארום צוגערעדט, ער זאָל הייראטהען דיעזע פרוי און זאָל ווערען אויסגעשפיעלט, אום ער זאָל קענען פערנעהמען זיין פלאַטץ.

אָט צוליעב דיא אלע זאכען, האט ער גענומען מאַרעט׳ס האנד, האט זיא געדריקט און האט צו איהם געזאָגט:

— אה, שאַפט זיך דאָך מוטה! ווערט דאָך מוטהיג! הייראטה דאס מיידעל, און מאכט איין ענדע צו דיא אלע זאכען.

מאַרעט האט זיך פערשעהמט, ווארום ער איז אזוי שוואַך, ער האט זיך גע־פאסט און האט געזאָגט:

— ניין, ניין, עס איז צו נאַריש! קום, מיר וועלען ליעבערסט דורכגעהן דעם מאגאזין. עס זעהט אויס זעהר גוט, ניט וואהר? מיר וועלען הייטע האבען א גוטען טאָג!

זייא זיינען ארומגעגאנגען און האבען אָנגעפאנגען דורכגעהן דיא דעפּארט־מענטס, וועלכע זיינען געווען שטארק געקרוידעט. באַרדאַנקעל האט פון איהם ניט ארונטערגענומען דיא אויגען. ער וואר שטארק נייגעריג צו זעהן וואס פאר מיענעס מאַרעט מאכט, און אויב ער ליידעט נאך אזוי שטארק. דאס געשעפט האט יעצט ווירקליך געהאלטען אין מיטען ברענען, און האט געמאכט אזא גערויש, וויא א גרויסער דאַמפּפער, ווען ער האלט אין מיטען גאַנג.

ארום דענים טיש זיינען געווען פיעלע מוטער׳ס, וועלכע האבען ארומגע־שלעפּט זייערע קליינע זיהן און טעכטער אין דיא נייע קליידער, וואס זייא האבען פאר זייא געפאסט. דער דעפּארטמענט האט ארויסגענומען אלע ווייסע ארטיקלען, און דאָרט וואר אזוי פיעל ווייסע זאכען, דאס מען האט אין זייא געקענט בע־קליידען אלע מלאכים. מאדאם באַרדיילס איז דאָרט געווען מיט איהרע דרייא קינדער, וועלכע זיא האט אויסגעזעצט איינע נאך דיא אנדערע און האט זיך גע־קריעגט מיט דעם אינגסטען, ווארום ער האט זיך ניט געלאָזט אָנפאסען א יאקעל, וועלכען דענים האט צו איהם צוגעטראָגען.

— זייט רוהיג, לוסיען! — האט זיא געשריען צום קינד, און צו דענים האט זיא געזאָגט: דענקט איהר ניט, אז עס איז ענג? דיא וואָרע געפעהלט מיר, און עס פאסט דעם קינד זעהר גוט. האט איהר א מאַנטעל פאר מיין עלטערע טאָכטער.

אין דער צייט ווען אלע זיינען געווען פערנומען, פלעגט דעניס העלפען אין יעדע ארבייט. זיא איז נעגאנגען זעהן א מאנטעל, אלס זיא איז אויפגעשפרונגען מיט איבערראשונג, און האט אויסגערופען:

— וואס, דוא ביזט דא? וואס איז געשעהן?

איהר ברודער זשען איז געשטאנען פאר איהר מיט א פעקעל אין האנד. ער האט צוריק מיט א וואך געהייראטה, און זיין שעהנע פרוי האט בעזוכט דעם „ווייבערשען גן־עדן", אום עטוואס איינצוקויפען. דיא יונגע פאאר פאלק האט בעדארפט בעגלייטען דעניס נאך וואלאנעס, אלס זייער האכציימס־רייזע. זייא האבען געוואלט פערברענגען א גאנצען מאנאט אין לאנד, אום זייא זאלען האבען וואס צו געדענקען אין זייער לעבען.

— שטעל זיך נור פאר! — האט זשען געענטפערט. — טערעזע האט פערגעסען פיעלע זאכען, איינינע זאכען וויל זיא אומבייטען, און נאך זאכען וויל זיא קויפען, און דארום האט זיא מיך געשיקט מיט דיעזען פעקעל. איך וועל עס דיר ערקלעהרען —

זיא האט איהם אבער אונטערבראכען, ווייל זיא האט דארט דערזעהן דעם קליינעם פעפע.

— וואס? פעפע איז אויך דא? און וואס איז מיט זיין סקוהל?

— איך האב ניט געהאט דאס הארץ איהם אוועקצולאזען פון זיך! — האט זשען געענטפערט. דער ארמער פעפע וויינט זעהר שטארק, וואס ער בלייבט אין פאריז, וועהרענד מיר פאהרען אוועק.

דעניס האט גענומען שמייכלען. זיא האט איבערגעגעבען דעם קינד צו איינע פון דיא אנגעשטעלטע און זיא האט גענומען איהר ברודער אין א ווינקעל פון דעם דעפארטמענט, וועלכער איז גראדע געווען לעדיג. דיא קליינע קינדער, וויא זיא האט זייא נאך אלץ גערופען, זיינען יעצט געווארען גרויסע מענשען. פעפע, וועלכער וואר שוין צוועלף יאהר, איז געווען גרעסער און גרעבער פאר איהר. זשען, מיט זיינע ברייטע אקסלען, איז געווען א קאפ העבער פון איהר; ער האט נאך אלץ געהאט דעם שעהנעם פנים און דיא לאנגע בלאנדע האאר. דעניס אליין איז אלץ געבליעבען דאר און קליין, אבער דאך איז זיא געבליבען אלס זייער מוטער און זייער פערזארגעריין. זיא האט זייא בעהאנדעלט וויא קינדער וואס דארפען איהר ליעבע. דיא פלעגט צושפילען זשען'ס ראק, און האט אויסגעווישט דיא טרעהרען פון פעפעס אויגען.

— זייא דאך פערנינפטיג, מיין קינד! דוא מוזט געהן אין שוהל. מען קען

דיך פון דאָרט ניט אָוועק געהמעי. איך וועל דיך ברענגען אין וואקיישען. ווילסט דוא עטוואס האבען? ווילסט דוא געלד?

יעצט האט זיא זיך געווענדעט צו זשען, און האט צו איהם געזאָגט ביין!

— דוא האסט אויך קיין אנדער געשעפט. דוא רעדסט איהם איין, אז מיר פאָהרען האבען גרויסע פערגניגען. דוא דארפסט האבען אביסעל מעהר שכל.

זיא האט אָפּגעגעבען איהר עלטערן ברודער א העלפט פון איהר פערמעגען, ער זאָל האבען מיט וואס איינצוקויפען זיין ווירטהשאפט. דער קליינער ברודער האט איהר געקאָסט זעהר פיעל. איהר גאנצעס געלד האט זיא אויסגעגעבען פאר זייא. זיא האט געלעבט און געאַרבייט נור פאר זייא, וויל זיא האט ווידער בעשלאָסען, אז זיא וועט קיינמאל ניט הייראַטהען.

— היער זיינען דיא זאכען! — האט זשען יעצט געזאָגט. — אין דיעזען פעקעל ליעגט א מאנטעל, וועלבען טערעזא — —

אָבער ער איז געבליבען שטיל, און ווען דעניס האט זיך ארומגעקוקט אום צו זעהן וואס איהם האט ערשראָקען, האט זיא דערזעהן אז מאָרעט שטעהט הינטער זיי. ער איז א ווילע געשטאנען פון וויטען און האט זיך צוגעקוקט, וויא זיא שטעהט וויא א מוטער צווישען איהרע צווייא גרויסע קינדער, און זיא בייזערט זיך אויף זייא און זיא גלעט זייא, וויא א מוטער וואס טהוט אָהן נייע קליידער איהרע קינדער. באררדאנקעל איז געבליבען שטעהן אויפ'ן צווייטען זייט און האט זיך געמאכט, אז ער איז פערטהאָן אין געשעפט, אָבער ער האט דאָך פון זייא ניט אראָפּגענומען זיין אויג.

— וויא זיינען אייערע ברידער? — האט מאָרעט געפרעגט נאך א קורצען שווייגען.

ער האט צו איהר יעצט גערעדט גלאט און טרוקען, גלייך וויא ער וואָלט געוועזען א פרעמדער. דעניס האט זיך אויך פרובירט מאכען גלאט און גאנץ גלייכגילטיג. זיא האט גאנץ רוהיג געענטפערט:

— יא, מיין העררר, איך האב פערהייראַטה דעם עלטערן, און זיין ווייב האט איהם אהער געשיקט עטוואס קויפען.

מאָרעט האט ניט ארונטער גענומען דיא אויגען פון דיא דרייא. ענדליך האט ער געזאגט:

— דער קלענערער איז שטארק אונטערגעוואקסען. איך ערקען איהם. איך געדענק נאך ווען איך האב איהם געזעהן מיט אייך אין גארטען.

זיין שטימע האט יעצט עטוואס געציטערט. דעניס האט געפיהלט, אז זיא ווערט דערשטיקט און זיא האט זיך איינגעבויגט צו פעררייבען פעפעס פאס. דיא צווייא ברידער, וועלכע זיינען געווארען רויטה, האבען יעצט געשטייבעלט צו זייער שוועסטער׳ס בעל־הבית.

— דיא זעהן אויס וויא איהר! — האט מארטע יעצט געזאגט.

— אה! האט דעניס אויסגערופען. — זייא זיינען פיעל שעהנער פאר מיר!

מארט איז א ווילע געשטאנען און האט שטודירט זייערע געזיכטער. אך, וויא שטארק זיא ליעבט זייא! ער איז ארומגעגאנגען איינינע שריט, דאן איז ער צוגעגאנגען הארט צו דעניס אויער, און האט צו איהר געזאגט אין דער שטיל:

— קומט שפעטער אין מיין ביורא. איך וויל מיט אייך ריידען איידער איהר פאהרט אוועק.

מארטע איז יעצט אוועק און האט פארגעזעצט זיין גאנג איבער דעם מאגאזין. אין זיין הארץ האט יעצט ווידער געשטורמט, וויל דיא איינלאדונג, וואס ער האט געגעבען צו דיעזער מיידעל, האט איהם אין גאנצען צורייצט. וואס פאר א געדאנק איז איהם איינגעפאלען, ווען ער האט געזעהן וויא זיא ליעבט איהרע ברידער! ער האט זיך אליין ניט געקענט פערצייהען, ווארום ער קען ניט האבען דיא קראפט איבער זיך אליין, און ווארום ער קען ניט אויפיהרען וואס ער וויל. ער קען זאגאר מאכען צו אלעם איין ענדע, ווען ער וועט איהר הייסען פאהרען.

דעניס האט יעצט גענומען איהר עלטערן ברודער און האט איהם געפיהרט צו דיא פערשיעדענע ערטער אין מאגאזין, וואו ער האט בעדארפט האבען. דאן האט זיא גענומען זיין פעקעל, וואו עס איז געלעגען דער מאנטעל, וועלכען מערעזא האט געוואלט אומבייטען און איז ארויף מיט איהרע צווייא ברידער אין דעם דעפארטמענט פון דיא פערטינע קליידער.

דיעזער דעפארטמענט האט אויסגעליינט דיא ליכטינע קליידער פיר זומער, אבער דארט זיינען געווען ווייניג קונדען. קלארא איז צוריק מיט א מאנאט פער־שוואונדען פון יענעם דעפארטמענט. איינינע האבען געזאגט, אז זיא איז אוועק מיט א פערהייראטהען מאן, און אנדערע האבען בעהויפטעט, אז זיא איז אוועק אויף דער גאס. מארגארעטע האט אנגענומען א שטעלע בייא איהר קאוין.

מאדאם אורילע איז געבליבען דיעזעלבע אָנגעבלאָזענע דאמע, וויא זיא איז געווען צוריק מיט יאָהרען, ווען דעניס איז צו איהר אָנגעקומען. באררדאנקעל האט שוין אויף איהר געהאט איין אויג, און איהם האט ניט אויפגעהערט צו וואונדערן, ווארום זיא געהט ניט אליין אוועק פון געשעפט.

— אה, דאס זייט איהר! — האט זיא געזאָגט צו דעניס. — איהר ווילט בייטען דיעזען מאנטעל. געוויס, איך וועל עס פאר אייך טהאָן. אה, דאס זיינען אייערע ברידער. זייא זיינען גאנץ היבש אויסגעוואקסען.

אָבוואָהל זיא וואר זעהר שטאָלץ, דאָך וואָלט זיא זיך געשטעלט אויף דיא קניע פאר דיעזער מיידעל. אין איהר דעפּארטמענט האט מען דעם גאנצען טאָג גערעדט נור פון דעניס אָפּפאָהרען. דאס האט מאדאם אורילע פערדראָסען, ווייל זיא האט געהאָפט, אז אין צייט פון נויטה, וועט דעניס האלטען מיט איהר, און וועט פאר איהר זאָגען א גוט וואָרט בייא מאָרעט. זיא האט דארום אויפגענומען איהר אמאליגע מיידעל מיט דעם גרעסטען רעספּעקט, און האט צו איהר ענדליך געזאָגט:

— מען זאָגט, אז איהר ווילט אונז פערלאָזען. ווירקליך, דאס איז גאנץ אונמעגליך.

— אָבער אזוי איז דאס! — האט דעניס געענטפערט.

מארגארעטע האט זיך צוגעהערט. זינט זייט זיא האט בעשטימט צו הייראטהען, איז זיא געוואָרען זייער שטאָלץ בייא זיך. זיא איז צוגעגאנגען צו דעניס און האט בעמערקט:

— איהר זייט גערעכט וואס איהר פאָהרט אוועק. יעדער מענש דארף היטען זיין כבוד. ערלויבט מיר איך זאָל אייך ווינשען א גליקליכע רייזע.

מאדאם אורילע איז געוואָרען בייז, און האט געהייסען דיעזער מארגארעטע זיא זאָל זיך שטעלען ארבייטען. זיא אליין האט דערלאנגט צו דעניס דעם מאנטעל, וועלכען זיא האט געוואָלט, און ווען זיא איז מיט איהר געוואָרען פערטיג, האט זיא צו איהר געזאָגט:

— איך בעט אייך, איבערלייגט אייך, איידער איהר פאָהרט אוועק. מיר קענען אייך קיינער ניט פערלירען.

זשען און פעפע, וועלכע האבען זיך אמוזירט אין דיעזער גרויסער פערזאמלונג פון פרויען, זיינען יעצט נאכגעגאנגען זייער שוועסטער, וועלכע איז געגאנגען צו א צווייטען דעפּארטמענט. ווען זייא זיינען געקומען צום דעפּארטמענט פון ווייס־צייג, זיינען זייא באלד דערשטיקט געוואָרען פון פּובליקום.

ביא איינעם פון דיא קאנטערס, האט זיך אָפגעשפיעלט א סצענע, וועלכע האט צוזאמענגעבראכט א גרויסען פובליקום. מאדאם באטארעל, וועלכע איז אָנגעקומען אין פאריז מיט איהר מאן און איהר טאָכטער, זיינען דעם גאנצען טאָג ארום געגאנגען איבער דעם מאגאזין, און האבען איינגעקויפט פערשיעדענע זאכען פאר דער טאָכטער, וועלכע דארף הייראטהען. ענדליך האט זיך דיא פאמיליע פערלאָרען. דיא טאָכטער האט זיך אָפגעשטעלט בעטראכטען איינינע ארטיקלען, און דיא מוטער איז פערשוואונדען. מאנסיו באטארעל איז אוועק זוכען זיין ווייב און ער האט זיא געפונען אין א צימער וואו מען פאסט אָן זאכען, אָבער דאָרט האט מען געבעטען ער זאָל בלייבען זיצען ביי'ם טהיר. דיעזע צימערן זיינען געווען גאנץ קליינע און אויסגעשלאגען מיט שפינגלען, אָבער קיין מאנספערזאָן האט אהין נעקענט אריינקומען צוליעב דיא אנשטענדינקייט. דיא אנגעשטעלטע פון מאגאזין פלעגען אריינקומען און ארויסגעהן פון דיעזע צימערן, און וועהרענד דיא טהיר האט זיך געעפענט און צוגעמאכט, האבען דיא פון דרויסען געקענט כאפען א בליק אויף פרויען אין זייערע אונטערשטע קליידער, מיט נאקעטע ארמס און ברוסט, דיקע פרויען מיט וויסען פלייש און מאָגערע פרויען מיט א הויט וויא פערראָסטעטע אייזען. א רעהע מענער זיינען געזעסען ארום דיעזע צימערן און האבען געווארט אונגעדולדיג. ווען מאָנסיו באטארעל האט ערפאהרען וואס פאר צימערן דאס זיינען, איז ער געוואָרען זעהר בייז, און האט געשריען, אז ער פערלאנגט דורכאויס צו וויסען וואס מען טהוט מיט זיין ווייב, און אז ער וועט נים ערלויבען מען זאָל זיא אויסטהאָן אָהן זיין אנוועזענהייט. עס האט נים געהאָלפען קיין פערזיכערונג. ער האט געדענקט, אז דאָרט קומען פאָר שרעקליכע זאכען. זיין פרוי איז געווען געצוואונגען ארויסצוקומען און האט פערשאפט נאך מעהר פערגניגען דאס פובליקום, וועלכע האט געלאכט פון דיעזען נארישען מאן.

דענים און איהרע ברידער האבען ענדליך געקענט געפינען א וועג דורכצוגעהן. יעדער פרויען־ארטיקעל, יעדע זאך פון אונטערשטע וועש, וועלכע ליעגען געוועהנליך בעהאלטען, זיינען יעצט געלעגען פון אויבען. אלערלייא קאָרסעטען, טהייערע און בילינע, זיידענע און געשטריקטע און געשטיקטע, זיינען געלעגען אויסגעשפרייט אין גאנצען דעפארטמענט. אלערלייא פיגורען, אזוי וויא איין ארמע נאקעטע מיידלעך, אלערלייא אונטער־רעקע, העמדלעך און זאָקען זיינען געלעגען אין מאסען. אנדערטע פרויען, פרויען פון אלע קלאסען, זיינען געווען ארום דיעזע ארטיקלען. יעדע האט געקליבען, געזוכט און געפונען. זייא האבען געשוועבט אין זייער איינענע

וועלט, און ווארען בעגייסטערט פון דעם רייכטהום, וואס איז בעשטימט צו מאכען זייא שעהנער און רייצענדער.

פאולינע, וועלכע האט זיך געפונען אין דיעזען דעפארטמענט, האט דערזעהן דעניס פון ווייטען, און איז צו איהר צוגעלאפען. זיא האט איהר ניט געפרעגט וואס זיא דארף, זיא האט אנגעפאנגען צו ריידען מיט איהר אין דער שטיל וועגען דיא אלע זאכען, וואס מען רעדט וועגען איהר אין מאגאזין. זיא האט איהר ערצעהלט, אז אין איהר דעפארטמענט האבען זיך צוויא מיידלעך וועגען איהר צוקריגט, איינע האט ניט געוואלט צוגעבען, אז דעניס פאהרט ווירקליך אוועק.

— איהר וועט בלייבען מיט אונז! — האט זיא צו איהר געזאגט. — איך גיב אויף דעם מיין קאפ! וואס וועט פון מיר ווערען? און ווען דעניס האט גע־ענטפערט, אז זיא איז בעשלאסען אוועק צו פאהרען דעם נעכסטען טאג, — האט זיא געשריען: — ניין, ניין, דאס איז ניט אייער ערנסט. איהר מוזט דא בלייבען אום איך זאל עטוואס שטייגען אין דיעזען מאגאזין. איך האב שוין א קינד, מיין מאן ריכטעט זיך אויף דעם.

דעניס האט זיך אויסגעקליבען וואס זיא האט געברויכט, און פאולינע האט אנגעקלונגען נאך א מיידעל, וואס זאל אונטערטראגען דיא פעקלעך, ווייל אזוי איז געוועזען דער נייער בעפעהל, דאס קיין קלערק, וואס פערקויפט וואארע, זאל טראגען דעם פעקעל פאר דעם קונד. נור גאנץ בעזאנדערע פרויען, וועלכע זיינען ספעציעל דערצו געשטעלט געווארען, האבען געטראגען דיא פעקלעך צו דיא קאסירען.

דאס מיידעל וואס האט געענטפערט אויף דיעזען סיגנאל, איז צופעליגערווייזע געוועזען מאדמאאזעל דע פאנטעניילס, וועלכע האט צו דיעזער ארבייט געטראגען א כאנגע שווארצע בלוזע, וואס האט געהאט א געלען נומער אויף דיא אקסלען.

דעניס און איהרע ברידער האבען זיך געלאזט געהן, וועהרענד פאנטענייל איז זייא נאכגעגאנגען. ווען דעניס איז אריינגעקומען אין א נייען דעפארטמענט, האבען אלע אנגעשטעלטע זיא געגריסט מיט דיא גרעסטע העפליכקייט, ווייל קיינער האט ניט געוואוסט וואס זיא קען ווערען אין דיעזען מאגאזין. יעדער אנגעשטעלטער האט זיך צוגעקוקט צו איהר געזיכט, אום צו דערקענען וואס זיא טראגט אין הארצען, אויב זיא איז פרעהליך, וויא איינע וואס טריאומפירט אדער זיא טרויערט, וויא איינע וואס האט פערלארען אלע איהרע האפנונגען.

זשען און פעפע זיינען נעגאנגען הארט נעבען איהר, און האבען זיא ניט אפ־געלאזען פון זיך, גלייך וויא זייא האבען געטהאן, ווען זיא איז מיט זייא צום ערשטען מאל געקומען אין פאריז. און האט זיך געשלעפט צו פוס פון וואלאגנע צו איהר

אַנקעל'ס וואָהנונג. זייא האבען זיך געשראָקען פאר דיעזען גרויסען מאגאזין, וואו דיא איז יעצט געווען א האלבע הערדשערין, און דארום האבען זייא געזוכט איהר פראָטעקציע. פיעלע קונדען האבען זיך אָפגעשטעלט און האבען פון זייא גע־שמייכעלט, ווייל עס האט אויסגעזעהן קאָמיש, וויא דיעזע גרויסע יונגען געהן נאך א קליינע, דארע, מיידעל. אָבער אלע האבען צו דערזעלבער צייט בעוואונדערט דיא עהנליכקייט וואס דיא דרייא האבען געהאט איינע צו דיא אַנדערע און יעדער האט בעוואונדערט זייערע שעהנע געזיכטער. ווער עס האט זייא דרייען געזעהן, האט צו זיך געזאָגט:

— דאס איז א שוועסטער מיט ברידער, א שוועסטער מיט ברידער!

וועהרענד דעניס איז דורכגעגאנגען דיא גאלערעע, האט זיא זיך בעגעגענט מיט מאָרעט און באַרדאנקעל, וועלכע האבען זיך דאָרט צופעליג געפונען. מאָרעט האט זיא אַנגעקוקט, אָבער ער האט צו איהר ניט גערעדט, און גראדע דאַן איז דאָרט דורכגעגאַנגען מאדאם דעספּאָרגעס און מאדאם גיבעל. הענריעטע האט קוים אונטערדריקט א זיפץ, וועלכער האט זיך געריסען פון איהר גאנצען קערפּער. זיא האט געקוקט אויף מאָרעט און אויף דעניס. זייא האבען זיא אויך אַנגעקוקט, און עס וואר א שטומע סצענע, דיא געוועהנליכע ענדע פון דיעזע גרויסע הערצליכע דראמען. מאָרעט איז באלד אוועק און דעניס מיט איהרע ברידער האבען זיך אויך פערלאָרען אין דעם גרויסען פּובליקום. אָבער מאדאם דעספּאָרגעס האט דערזעהן וויא מאדמאָאזעל פאנטענייל געהט אין דער שווארצער בלוזע, מיט דיא נעלע נומערן, און טראָגט א פּעקעל וויא א דיענסט, און זיא איז געוואָרען אויפגערעגט. מיט א בלאַסער געזיכט, האט זיא געזאָגט צו איהר בעגלייטערין:

— זעהט נור, מאדאם גיבעל, וואס ער האט געמאכט פון דיעזער אונגליק־ליכער מיידעל, איז דאס ניט א שאנדע? זיא איז דאָ איין איינפאכע דיענסט ער מאכט זיא פאר א הונד, וואס זאָל נאכגעהן דאס מיידעל, וועלכע ער האט גע־פונען אין גאס. אָבער מיר וועלען דאָ מעהר ניט פערברענגען, קומט געפינען מאדאם דע באוועס און איהר טאָכטער, און מיר וועלען פאָהרען נאך הויזע.

מאדאם דע באוועס און איהר טאָכטער זיינען צו דיעזער צייט געווען אין דעם זייד־דעפּארטמענט, וואו זייא האבען זיך געהייסען ווייזען דיא טהייערסטע שפּיצע און דיא שעהנסטע ארבייט, וואס האבען בעטראָפען טויזענדע פראַנקס. דיא טישען זיינען פאר זייא בעדעקט געוואָרען מיט דיא זעלטענסטע וואארע, וואס נור קעניגע און פּרינצען קענען זיך פערגינען, און זייא האבען יעדע זאך גוט בעטראכט און געשאצט אין פּרייז. אין א ווינקעל פון דיעזען דעפּארטמענט איז דערזוייל

געשטאנען דער אינספעקטאָר און האט ניט אראָפּגענומען זיינע אויגען פון דיעזע פרויען, וועלכע האבען געמאכט איין אנשטעל פון דיא רייכסטע דאמען אין פאריז.

דעלאָשע, דער יונגער מאן, וואס איז אָנגעקומען צוזאמען מיט דענים אין דיעזען מאגאזין, איז געוועזען דער קלערק ארום דיעזען טיש. ער האט בעדיענט דיא דאמען מיט דער גרעסטער העפליכקייט, און האט זייא געוויזען אלעס וואס זייא פערלאנגען.

מאדאם דע באוועס האט בעטראכט א שטיק טהייערע זייד, וואס וואר גע־וועבט מיט'ן האנד און אויסגעארבייט מיט קונציגע פיגורען פון א קינסטלער, און האט דערבייא געבעטען דעם יונגען מאן, ער זאָל איהר ווייזען אייניגע שפּיצען פון א געוויסען פאסאָן. דעלאָשע, וועלכער האט ניט געקענט פערדעכטיגען אזא דאמע, האט זיך אומגעקעהרט צום וואנד, אום צו נעהמען דיא פערלאנגטע וואארע. דערוויל האט מאדאם דע באוועס אריינגערוקט אין ארבעל פון איהר מאנטעל דעם שטיק זייד, וועהרענד איהר טאָכטער האט מיט איהר פלייצע געזוכט צו פער־שטעלען איהר מוטער פון פובליקום.

אָבער אין דעמזעלבען אויגענבליק, איז דזשאָזעף דער אינספעקטאָר ארויס־געקראָכען פון זיין ווינקעל און איז שוין געשטאנען בייא דער פרוי. גאנץ העפליך און גאנץ שטיל האט ער געזאָגט אין איהר אויער:

— זייט אזוי פריינדליך און קומט מיט מיר!

מאדאם דע באוועס איז געוואָרען איבערראשט און שיער פערשטיקט.

— ווארום? — האט זיא געפרעגט.

— איך בעט אייך, קומט מיט מיר! — האט ער איהר נאך אמאל געזאָגט מיט זייט ענטשלאָסענעם קול.

מאדאם דע באוועס איז געוואָרען רויטה, און איהרע אויגען האבען גענומען לויפען אין אלע זייטען. זיא האט זיך אָבער באלד איבערגעגעבען צו איהר שיקזאל, האט געמאכט א שמייכעל אויף איהר געזיכט און האט זיך געלאָזט געהן נעבען דעם אינספעקטאָר, מיט דעם זעלבען שטאָלץ וויא א קעניגין לאָזט זיך פיהרען פון איהר האף־העררן צו איהר טראָהן. קיינער פון דיא קונדען האט בעמערקט וואס דא איז געשעהן, אָבער דעלאָשע איז געבליבען שטעהן מיט איין אָפענעם מויל און אויס־געשטעלטע אויגען. וואס — האט ער צו זיך געזאָגט. — דיעזע נאָבעלע דאמע איז אויך צווישען דיא גנבים! ווירקליך, עס וועט קומען א צייט, ווען יעדע פרוי וואס קומט אריין אין מאגאזין, זאָל דורכגעזוכט ווערען!

בלאנשע, מאדאם דע באוועס טאכטער, וועלכע איז געבליבען פרייא, איז נאכגעגאנגען איהר מוטער פון ווייטען. זיא איז געוועזן בלאס און צושראקען. זיא האט זיך געוויעגט צווישען דעם פפליכט, ניט צו פערלאזען איהר מוטער אין אזא נויטה, און דיא מורא פיעלייכט וועט מען זיא אויך איינשפארען. זיא האט געזעהן וויא מען האט אריינגעפיהרט איהר מוטער אין באַרדאנקעל'ס ביורא, אבער זיא האט ניט געוואגט אריינצוגעהן. זיא איז געבליבען שטעהן אונטער'ן טהיר.

אין ביורא האט זיך יעצט געפונען באַרדאנקעל, וועלכען מארעט האט אהין צוגעשיקט. ער איז געוועזן דער מאן, פאר וועמען מען האט געבראכט אזעלכע אריסטאקראטישע דאמען, וועלכע מען האט געכאפט בייא גנבות. דזשאזעף האט דיעזע דאמע שוין לאנג געהיט, און ער האט שוין פריהער ערצעהלט, אז ער האט אויף איהר איין אויג, דארום, ווען מען האט זיא יעצט געבראכט אין זיין אפיס, איז ער גאר נישט איבערראשט געווארען. פאר איהם זיינען פארגעקומען אזעלכע זעלטענע און אונגלויבליכע געשיכטען, דאס ער האט ערקלעהרט, אז יעדע פרוי איז פעהיג צו אלעס אין דער וועלט, ווען דער חשק צו קליידער פאלט אויף זייא אן. באַרדאנקעל האט געוואוסט, אז מארעט איז פערזענליך בעקאנט מיט דיעזען גנב, און דארום האט ער זיא זעהר העפליך בעהאנדעלט.

— מיר ענטשולדיגען דיעזע שוואכקייט! — האט ער צו איהר געזאגט. — אבער איך בעט אייך, איהר זאלט אליין בערעכענען, וואס אזא זאך קען פאר אייך בעדייטען. שטעלט אייך נור פאר, וויא מיאוס עס וואלט פאר אייך געוועזן, ווען א פרעמדער מענש וואלט געזעהען, וויא איהר רוקט אריין דיא וואארע אין ארבעל.

אבער מאדאם דע באוועס האט איהם אונטערבראכען מיט א געשרייא און מיט כעס.

— וואס? זיא איז א גנב? וואס דענקט ער זיך? ווער איז זיא דען? זיא איז דיא גרעפין דע באוועס, איהר מאן ווערט אויפגענומען אין האף!

— איך קען אייך, מאדאם! — האט באַרדאנקעל געזאגט גאנץ שטיל. — איך האב דיא עהרע אייך צו קענען. צוערשט מוז איך אייך אבער בעטען, איהר זאלט אפגעבען דיא וואארע וואס איהר האט בייא זיך.

זיא האט נאך אמאל פראטעסטירט און האט אנגעפאנגען צו וויינען. איין אנדער מענש, ניט באַרדאנקעל, וואלט פערלארען זיין מוטה, און וואלט מורא גע־ האט פיעלייכט בעשולדיגט ער דיא דאמע אומזיסט, דען זיא האט זאגאר געשריען

אַז זיא וועט זיך ווענדען צום געריכט, אום צו זוכען דאָרט ראַכע פאר דיא שאַנדע, וואס ער מהיילט איהר צו.

— איך זאג אייך, אַז מיין מאַן וועט זיך געוויס ווענדען צום מיניסטעריום! — האט זיא געשריען.

— אה, איהר זייט אַזוי נאַרריש וויא דיא איבעריגע פרויען! — האט באַרדאַנקעל אויסגערופען, ווייל ער האט שוין פערקאָרען זיין געדולד. — מיר וועלען אייך מוזען אונטערזוכען.

מאַדאַם דע באַוועס האט זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעגעבען. זיא האט איהם געהייסען זוכען, ווען ער וויל, אָבער זיא האט איהם ווידער געוואָרנט, אַז דער גאַנצער מאַגאַזין וועט אונטערגעבראַכט ווערען, אַלע קונדען וועלען זייא אויסווייכען, ווען זייא וועלען זיך ערלויבען צו בענעהן מיט איהר אַזא סקאַנדאַל.

דזשאָזעף איז אַוועק ברענגען צוויא דאַמען פון דעם קאָרסעט־דעפּאַרטמענט. ווען ער האט זיך אומגעקעהרט, האט ער בעריכטעט, אַז דער דאַמע'ס טאָכטער, וועלכער ער האט ניט פערהאַפטעט, ווייל ער האט ניט געזעהן, אויב זיא האט עטוואס גענומען, שטעהט דאָ ביי'ם טהיר און בעט מען זאָל זיא אויך פערהאַפטען. באַרדאַנקעל האט ערקלעהרט, אַז ער וויל ניט בעליידיגען דיא מוטער אין דער גע־גענוואַרט פון איהר טאָכטער.

באַרדאַנקעל און דזשאָזעף זיינען דאַן אריין אין א צווייטען צימער, וועהרענד צוויא פרויען האבען זיא אויסגעטהאָן האַלב־נאַקעט, אום צו זוכען אין איהר בחים און ארום איהר קערפּער. זייא האבען ארום איהר געפונען זעקס פערשיעדענע טהייערע אַרטיקלען, וועלכע זיא האט גענגנב'עט אין פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס. מאַדאַם דע באַוועס האט אַזוי גענגנב'עט זייט א יאָהר, ווייל זיא האט ניט געקענטביישטעהן איהר ליידענשאַפט צו קליידער. דיעזער חשק צו גנב'ענען איז ביי איהר געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. זיא האט פערגעסען דיא געפאַהר, דיא אנשטענדיג־קייט און דעם יושר. זיא האט געהאַט אַזא פערגניגען פון נעהמען עטוואס פון א מאַגאַזין, דאס זיא האט ריזיקירט איהר נאָמען, איהר עהרע און איהר מאַנ'ס שטעלע צוליעב א זיידענעם בענדעל, צוליעב א פעבער, אָדער א נאָדעל־טיכעל. זיא האט גענגנב'עט אָבוואָהל זיא האט געהאַט פיעלע טאַשען מיט גאָלד, זיא האט גענגנב'עט אויס דעם פערגניגען פון גנב'ענען. זיא איז דערצו געטריבען געוואָרען פון אַזא חשק צו זאַכען, צו קליידער, צו ציערונג, זיא האט גענומען, ווייל דיא גרויסע מאַגאַזינען, מיט דיא טויזענדע פערשיעדענע זאַכען, האבען אין איהר ענטוויקעלט א קראַנקהייט, וועלכע מען רופט קלעפּטאָמאַניע.

— עס איז א פערשווערונג ! — האט זיא געשריען, ווען באררדאנקעל און רדשאָזעף זיינען צוריק אריין אין צימער. — מען האט מיר אונטערגעוואָרפען דיעזע זאכען אום צו מאכען מיך פאר א גנב. איך וועל אויף דעם שווערען.

זיא האט יעצט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען און איז געפאלען אויף א שטוהל, פון שוואכקייט.

באררדאנקעל האט ארויס געשיקט דיא איבריגע פרויען, און האט דאן גאנץ קאַלט און געלאסען געזאָגט:

— מיר זיינען בערייט, מאדאם, צו פערשטיקען דיעזע געשיכטע, ווייל מיר האבען מיטלייד מיט אייער פאמיליע, וועלכע איז געעהרט אין גאנצען לאנד. אָבער איהר מוזט אונטערשרייבען א פּאַפּיר, אין וועלכען איהר זאָלט מודה זיין, אז איהר האט אין דיעזען טאָג געגנב'עט אזוי פיעל זאכען, אין דעם „ווייבערשען גן־עדן,". איך וועל אייך אומקעהרען דיעזען דאָקומענט, ווען איהר וועט מיר ברענגען צוויא טויזענד פראנק פאר דיא ארמע.

מאדאם דע באוועס איז אויפגעשפרונגען און האט אויסגעשריען, אז זיא וועט קיינמאל נים אונטערשרייבען אזא פּאַפּיר, זאָגאר ווען זיא וויס, אז זיא דארף שטאַרבען.

— איהר דארפט נים שטאַרבען, מאדאם ! — האט באררדאנקעל געענט־פערט, — נור איך ווארען אייך, אז איך וועל שיקען נאך דער פּאָליציייא.

מאדאם דע באוועס איז יעצט אויף איהם ארויפגעפאלען מיט אַלערלייא זידלערייען. זיא האט ערקלעהרט, אז עס איז ניעדערטרעכטיג צו פּלאָגען אזוי שווער איין עדעלע דאמע. דאן האט זיא אין גאנצען געענדערט איהר טאָן, און האט אָנגעפאנגען צו בעטען מיטלייד. זיא האט זייא בעשוואָרען אין נאמען פון זייערע מוטער'ס, און זיא האט זיך געוואָלט ווארפען צו זייערע פיס. זייא זיינען אָבער גע־בליעבען גאנץ קאַלט וויא פריהער, ווייל זייא ווארען שוין געוואָהנט צו אזעלכע סצענען. ווען זיא האט געזעהן, אז זיא קען דאָ גאר נישט מאכען, האט זיא זיך דארום אונטערגעגעבען. זיא האט זיך געזעצט ביי'ם טיש, האט גענומען א פעדער און פּאַפּיר, און האט מיט א האסטיגע און קרעפטיגע האנד אויפגעשריבען דיא ווערטער וואס באררדאנקעל האט איהר דיקטירט. דיא ווערטער, וואס האבען זיא געסטעמפּעלט פאר א גנב, וועלכער איז זיך אליין מודה אין זיין גנבה.

באררדאנקעל האט גענומען דאס פּאַפּיר, האט עס גאנץ לאנגזאם צוזאמענ־געלייגט, און האט עס בעהאלטען אין א קעסטעלע, און האט זיך דערבייא בע־מערקט :

— וויא איהר זעהט, ליעגען דאָ נאך א סך אזעלכע פאפירען, ווייל דאמען שווערען פריהער, אז זייא וועלען בעסער שטארבען, איידער אונטערשרייבען אזא פאפיר, דאָך, נאכדעם וויא דאס פאפיר איז שוין געשריבען, פערגעסען זייא צו קומען נאכדעם מיט דיא עטליכע פראנק אויסקויפס־געלד. איך וועל עס האלטען פאר אייך. איהר וועט אליין דארפען אורטהיילען, אויב עס איז פאר אייך ווערטה צוויא טויזענד פראנק אָדער ניט.

מאדאם דע באוועס האט זיך יעצט בערוהיגט. זיא האט צורעכט געמאכט איהר קלייד, האט אויסגעווישט איהרע אויגען, און האט זיך גאנץ רוהיג געפרעגט אויב זיא קען שוין געהן.

בארדאנקעל איז אָבער שוין געווען פערטהאָן אין אנדערע געשעפטען. ער האט יעצט גערעדט מיט דעם אינספעקטאָר, וועגען דעלאָשע, בייא וועלכען עס טרעפען זיך אזוי פיעל גנבות, ווייל ער ווייס ניט וויא מען בענעהט זיך מיט דיא קונדען. מאדאם דע באוועס האט ווידערהאָלט דיא פראגע, און ווען בארדאנקעל האט א נייג געטהאָן זיין קאָפּ, אז זיא קען געהן, האט זיא זיך ארויס געבאפט פון טהיר מיט א בליק, וואס האט זייא צוגעטהיילט יעדע פעראכטונג.

בלאנשע איז ניט אוועק וויים פון בארדאנקעל'ס צימער. זיא האט ניט געוואוסט וואס דאָרט קומט פאָר, זיא האט נור געזעהן וויא דער אינספעקטאָר געהט אהין און צוריק און פיהרט מיט זיך אנדערע פרויען, און דאס האט איהר ערשראָקען. זיא האט זיך פאָרגעשטעלט דיא פאָליצייא, דאס געריכט־הויז און דיא געפענגניס. אָבער פלוצלינג איז זיא געבליבען שטעהן. דע וואלאנאץ איז געשטאנען פאר איהר, און ער האט איהר גענומען שטעלען פראגען, וועלכע האבען זיא צו ערשראָקען.

— וואו איז דיא מוטער ? — האט ער געפרעגט. — האט איהר איינע דיא אנדערע פערלאָרען ? ערצעהל מיר, דוא מאכסט מיך זעהר נייגעריג.

בלאנשע האט ניט געוואוסט וואס זיא זאָל ענטפערן איהר מאן, מיט וועלכען זיא האט געהייראטה ערשט צוריק מיט א מאָנאט. אין איהר פערצווייפלונג האט זיא אלעס ערצעהלט.

— דיא מאמא, דיא מאמא, זיא האט גענגב'עט — — —

— וואס ! גענגב'עט ? — האט ער אויסגערופען און האט פערשטאנען וואס דא טהוט זיך.

— זיא האט גענומען עטוואס זייד אין איהר ארבעל! — האט בלאנשע ווייטער געמורמעלט.

— דוא האסט געזעהן וויא זיא האט דאס געטהאן, דוא האסט זיא גע־היט? — האט ער געמורמעלט און געשווידערט פון דעם געדאנק, אז זיין ווייב האט מיטגעהאָלפען אין דער גנבה.

זייא האבען געמוזט אויפהערען ריידען. איינינע פערזאָן האבען זיך שוין אויף זייא אומגעקוקט. דע וואלאנאץ איז געשטאַנען וויא געלייםט און האט ניט געוואוסט וואס צו טהון. ער האט אָנגעפאנגען צו טראכטען ווענען אריינצוגעהן אין באר־דאנקעל'ס צימער, אום אלעס צו ערפאהרען. אָבער פלוצלינג האט ער דערזעהן וויא מאָרעט געהט דורך דיא גאלערעע. ער האט געזאָגט זיין ווייב, זיא זאָל אויף איהם ווארטען און ער איז צוגעגאנגען צו מאָרעט און האט איהם ערצעהלט אין דער שטיל אלעס וואס דאָ האט פאסירט. מאָרעט האט איהם זאָפאָרט אריינגענומען צו זיך אין צימער און האט איהם פערזיכערט, אז דערפון וועט קיין בייזעס ארויס. ער האט איהם ערקלעהרט, אז ער דארף זיך ניט אריינמישען, און ער האט איהם ערצעהלט, וויא אזוי אזעלכע זאכען ווערען בעהאנדעלט אין דעם מאגאזין. מאָרעט איז געווען זעהר קאלט דעריבער און עס האט געשיינט, אז ער האט אזעלכע זאכען ערווארטעט. אָבער דע וואלאנאץ האט זיך געוואָרפען אויף א שטוהל און האט אָנגעפאנגען ריידען און שרייען ווענען זיין שיקזאל. איז דאס מעגליך, אז ער איז אריינגעפאלען אין א פאמיליע פון גנבים? ער האט בעדויערט וואס ער האט געפאָלגט זיין פאטער און האט געהייראטה דע באוועס טאָכטער. מאָרעט האט זיך גאנץ רוהיג צוגעקוקט וויא זיין אמאלינער פריינד איז פערצווייפעלט און ער האט פון איהם געלאכט. ער האט איהם פרובירט טרייסטען און ערקלעהרען פהילאָזאָפיש, אז מען דארף נעהמען דאס לעבען וויא ער קומט, מען דארף מיט אלעם צופריעדען זיין, און מען קען ניט איבערמאכען וואס עס איז געשעהן. אָבער דיעזע טרייסט האט נאך מעהר אויפגערעגט דעם יונגען מאן, וועלכער האט גע־שריען, אז זיין גאנצע פאמיליע איז פערזונקען אין בלאָטע, און אז ער איז אונגליק־ליך אויף אייביג דורך דיעזע גנבה, וואס זיין שוויגער איז בעגאנגען.

— בערוהיגט אייך, בערוהיגט אייך! — האט מאָרעט געזאָגט, און האט גע־נומען פיהלען מיטלייד צום יונגען מאן. — איך דענק, אז יעצט איז דיא צייט, ווען איהר דארפט געהן און אויפזוכען אייער שוויגער און געבען איהר אייער שטיצע. דאס וועט זיין פיעל קלינער וויא מאכען א סקאנדאל. איהר דארפט זיין דעו לעצטער, וואס זאָל פערצווייפעלט ווערען אין א אונגליק.

דער יונגער מאַן האט געפּאַלגט מאַרעט'ס ראטה, און זייא האבען זיך ביידע אומגעקעהרט צו דער גאַלערעע. אויפ'ן וועג האבען זייא אָנגעטראָפען מאדאם דע באוועס, וויא זיא איז אַרויס פון באַרדאַנקעל'ס צימער. מאַרעט האט זיך פאר איהר זעהר העפליך פערנייגט, און איהר איידעם האט איהר דערלאַנגט זיין אָרם. דיא פרוי האט אָנגענומען זיין אָרם מיט א קעניגליכע מיענע, און האט צו איהם געזאָגט, אין מאַרעט'ס געגענוואַרט:

— זייא האבען זיך ענטשולדיגט פאַר מיר, און איך האב זייא געמוזט פערצייהען. אַזא אירטהום קען איבעראל טרעפען.

עס האט באלד בעדאַרפט שלאָגען זעקס אוהר. דיא ליכט פון טאָג איז פערשוואונדען פון דיא גאַלערעעס, אויף וועלכע עס זיינען שוין געלעגען דונקעלע שאַטענ'ס פון אבענד. דיא עלעקטרישע לאָמפּען האבען אָנגעפאַנגען צו וואַרפען זייער שאַרפע ליכט און זייערע שטאַרקע שטראַהלען. דיא גרויסע אויסשטעלונג פון ווייס־צייג, האט אויסגעזעהן פיעל שעהנער אונטער דיא ליכט פון דיעזע ווייסע לאָמפּען. עס האט געשיינט, אַז דער ווייסער ים פון וואַארע, האט זיך אַליין פערוואַנדעלט אין ליכט.

מאַרעט איז געשטאַנען אויבען אויף דער גאַלערעע, און האט זיך צוגעקוקט צו דער גרויסער מחנה פרויען אין דיעזער העלער ליכט, וויא זייא געהן אַרום וויא דיא בינען אין זיינע דעפּאַרטמענטס.

דיא קונדען האבען שוין אָנגעפאַנגען אַוועק צו געהן, דיא ווענט און דיא טישען אין דעם מאגאזין זיינען אויסגעלעדיגט געוואָרען, און דיא געלד־קאַסע איז געוואָרען פול. עס וואר א גרויסער טאָג, עס וואר א שטורמדיגע אויספערקויף, וואס האט איבערגעשטיגען אַלעס וואס ער האט ביז יעצט געמאַכט. דיא קונדען זיינען זיך צוגאַנגען מיט לעערע טאַשען, און מיט פולע בערוישטע קעפּ פון דעם רייכטהום, אין וועלכען זייא האבען זיך אַרומגעטריבען. ער האט געוואוסט, אַז ער בעזיצט דיעזע קונדען, אַז ער האלט זייא אין זיינע הענד, און אַז ער קען מיט זייא מהון וואס ער וויל, דורך דיא אויסשטעלונג פון שעהנע סחורה, דורך דיא פערקלענערונג פון פּרייזען און דורך דיא קונציגע אַדווערטייזמענטס. ער האט בעזיעגט אַלע פרויען פון פּאַריז, ער הערשט איבער זייא וויא א דעספּאָט, און ער צווינגט זייא צו רואינירען זייערע איינענע פאמיליען צוליעב איהם. ער האט אַרויסגעטריבען דיא קירכען און דיא רעליגיאָן פון דיא פרויענס געדאַנקען, ער האט זייא געגעבען א נייע רעליגיאָן, און דאס איז זיין מאגאזין. פרויען קומען יעצט און פערברענגען אין זיין מאגאזין, דיא צייט וואס זייא פלעגען פריהער פערברענגען אין דיא קירכען. ער

האט אין זייא אלעמען ערוועקט א ליידענשאפט צו קליידער, און האט זייא אלעמען געשטעלט אין קאמפף געגען זייערע מענער. ער האט זייא געגעבען א נאָט, וועלכען מען רופט „מאָדע“, און ער האט אין זייא ערוועקט א רעליגיאָן פון פוטץ און קליידער. ווען ער זאָל יעצט צושליסען זיינע טהירען, וועט ווערען איין אויפשטאנד אין דיא גאסען, וויא פון מענשען, וואס מען האט פאר זייא פערשלאָסען זייער בית המקדש און זייער מזבח.

אָבוואָהל עס וואר שוין שפעט, דאָך האט ער געזעהן וויא דיא פרויען פליהען ארום וויא בעטרונקען איבער זיין מאגאזין, און ווייסען שוין אליין נים וואס זייא זוכען און וואס זייא דארפען. מאָרעט האט זיך איינפאך געפיהלט, אז ער האט דיא פרויען אונטער זיינע פים און ער קען מיט זייא טהון וויא א פיה־הענדלער מיט דיא פיה, פון וועלכע ער נעהמט ארויס זיין פערמעגען.

מאָרעט איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, דאס ער האט זיך געלאָזט שטופען און שטויסען פון דעם צוהיצטען פובליקום. ער איז אזוי צוגעשטופט געוואָרען ביז א פענסטער, וואו ער האט זיך אָפגעשטעלט בעטראכטען, וויא דיא קונדען געהן פון זיין מאגאזין. דיא אונטערגעהענדע זונן האט געפארבען אויף רויט דיא ארומיגע הייזער, דער בלויער הימעל איז געוואָרען בלאָסער. דיא ווייסע עלעקטרישע לאָמפען ארום אין מאגאזין, האבען אויסגעזעהן וויא גלענצענדע שטערן.

מאָרעט האט דאס אלעס בעטראכט, און ער האט זיך געפיהלט גרויס און מעכטיג. ער האט טריאומפפיהרט. אָבער אין דיעזען טריאומפף, האט ער אָנגעפאנגען שווידערן, ווייל ער האט זיך ערינערט, אז אין דער צייט וואס ער שלינגט איין גאנץ פאריז, און בעהערשט אלע פרויען, איז ער דאָך שוואך, און האט איבער זיך א שטארקען ווילען, וועלכען ער קען נים בעזיעגען. ער האט זיך יעצט געפיהלט, וויא א קריענקס־העלד, וואס גיט נאך דעם קאפריז פון א קינד, אויף מאָרגען נאך זיין גרויסען זיעג אויפ'ן פעלד. ער, דער העלד, דער הערש.ר איבער א:ע פרויען, ווערט בעהערשט פון איין פרוי, וועלכע ער קען נים בעזיעגען. ער האט איינגעזעהן, אז ער מוז זיך אונטערגעבען אין זיין קאמפף, און ער מוז איינמאָל פאר אלע מאל טהון וואס ער האט נים געוואָלט טהאָן, אום צו מאכען אי. ענדע צו זיין קאמפף. דיעזען בעשלוס האט ער געפאסט מיט איינמאל, און אזוי האסטיג וויא ער איז צו איהם געקומען, אזוי שטארק איז געוואָרען דיין חשק איהם דורכצופיהרען, ווייל יעצט האט ער איינגעזעהן, אז איהם פעהלט קיין זאך אין דער וועלט אויסער דיעזע דענים. וועלכע איז פאר איהם וויכטיגער פון אלעם.

ווען דער אבענד איז געקומען, האט ער געוואַרט אין זיין ביורא און האט געציטערט וויא א יונגער מאַן, וואס דארף געהן ריזיקירען דאס גליק פון זיין לעבען. ער האט נים געקענט זיצען רוהיג. אַלע ווײַלע פלעגט ער צוגעהן צום טהיר, אום צו הערען וואס ווערט גערעדט צווישען דיא לייטע, וועלכע פאַקען צוזאַמען דיא וואארע. בייא יעדען קלאַפּ, בייא יעדען טראַט, האט זיין הארץ גענומען ציטערן. ער איז געווען שרעקליך אויפגערעגט.

פּלוצלינג האט ער דערהערט טריט צו זיין צימער. און ער איז געלאָפען צום טהיר, אָבער עס וואר נים דיא פּערזאָן, וועלכע ער האט ערוואַרטעט. עס וואר זיין קאַסירער, וועלכער איז געקומען מיט דיא איינגאַהמע פון דיעזען טאָג. דיא איינ־נאהמען פון דיעזען טאָג וואַרען אַזוי גרויס, דאס צווייא קלערקס האבען איהם בעדארפט אונטערטראָגען דיא געלד. דיא צווייא קלערקס האבען געשלעפּט גרויסע זעק פול מיט גאָלד, אַזוי גרויס וויא זעק קאָרן, וועהרענד דער קאַסירער איז געגאַנגען פאָראויס מיט גרויסע פּעק פּאַפּיר־געלד, וועלכע ער האט קוים געקענט שלעפּען.

מאַרעט האט געעפענט דיא טהיר, און דער קאַסירער מיט דיא קלערקס האבען זיך אריינגעשלעפּט מיט זייערע פּעק, און אָהן איין אטהעם, מידע און פערשוויצטע, האט דער קאַסירער אָנגעזאָגט, אז דיא היינטיגע איינגאַהמע בעטרעפט איין מיליאָן, צווייא הונדערט און זיבען און פערציג פראַנק.

ענדליך איז דיא סומע פון א מיליאָן א טאָג ערדרייכט געוואָרען, דאס וואר מאַרעט'ס איין אַלטער חלום, און איין שטענדיגע פאַנטאַזיע, צו מאַכען איין אויס־פערקויף, וואס זאָל ברענגען אַזוי פיעל אין איין טאָג. מאַרעט האט אָבער נים גע־ענטפערט און האט נור געגעבען א צייכען, מען זאָל אוועקשטעלען דאס געלד אויף זיין טיש. דער קאַסירער האט געוואוסט, אז ער ליעבט אָנצוקוקען דיא גרויסע סומען. דער מיליאָן האט פערנומען דעם גאַנצען טיש. איינינע זעק האבען גע־פּלאַצט, און קופּעס גאָלד האט זיך צושאָטען אויף אַלע זייטען, דאס גאָלד וואס איז נאָך געווען ווארם פון דיא ווארימע הענד.

אלס דער קאַסירער איז אַרויס בייז אוף מאַרעט'ס גלייכגילטיגקייט, איז באַרדאַנקעל אריינגעפלויגען מיט א שמחה און האט אויסגערופען:

— אָה, מיר האבען דאס יעצט אויסגעפיהרט. מיר האבען געמאַכט א מיליאָן אין איין טאָג.

ער האט אָבער בעמערקט מאַרעט'ס קאַלטקייט און גלייכגילטיגקייט, און ער

האט פערשטאנען, וואס מארעט טראכט. ער האט זיך געווענדעט צו זיין פריינד און האט צו איהם געזאגט:

— וויא איך פערשטעה, האט איהר שוין געפאסט אייער בעשלוס. איך גראַטוליר אייך.

פלוצלינג האט זיך מארעט אויפגעהויבען פון ארט, און מיט א שרעקליכע שטימע האט ער אויסגערופען: איהר זייט מיר עפעס צו פרעהליך, בארדאנקעל! איהר דענקט, אז איך בין שוין אויסגעשפיעלט און איהר זייט הונגעריג! אבער זייט פארזיכטיג, איך בין נים פון דיא וואס מען קען איינשלינגען!

בארדאנקעל איז איבערראשט געווארען פון דיעזען זעלטענעם מאן, וועלכער קען אלעס פערשטעהן און טרעפען; ער האט זיך גענגען איהם געשטעלט און האט צו איהם געזאגט:

— איך פערשטעה אייך נים! איהר מוזט דאס לאכען. איהר ווייסט דאך, אז איך פערעהר אייך און בעוואונדער אייך.

— רייד קיינע ליעגענס! — האט מארעט געשריען מיט מעהר כעס וויא פריהער.— מיר זיינען נארריש גענוג צו גלויבען, אז ווען איך וועל הייראטהען, וועט דאס געשעפט אונטערגעהן. א הייראטה איז דאס לעבען און דיא קראפט פון יעדע זאך. איך זאג אייך יעצט, אז איך וועל זיא הייראטהען, און איך וועל אייך אלעמע ארויס ווארפען, ווען איהר וועט מאכען דיא קלענסטע בעוועגונג נעגען מיר. יא, איהר אליין, בארדאנקעל, וועט געהען נאך מיין רעכענונג, אזוי וויא אלע אנדערע.

און מיט א מיענע פון א העררשער, האט ער איהם ארויס געשיקט פון זיין צימער.

מארעט האט זיך געפיהלט דערשלאגען, צוטראגען און בעזיעגט פון דיעזער פרוי. ער איז אוועק. ער האט גראדע אנגעטראפען דעניס ביי'ם טהיר און ער האט זיך פאר איהר פערנייגט, וויא א פערלארענער.

— אה, דוא ביזט ענדליך געקומען! — האט מארעט געזאגט פריינדליך.

דעניס וואר בלאס. זיא האט גראדע געהענדיג אהער אנגעטראפען דעלאשע, וועלכער האט איהר ערצעהלט, אז מען האט איהם אוועק געשיקט, און זיא האט איהם געמוזט פערשפרעכען, אז זיא וועט זעהן, אויב זיא קען פאר איהם עטוואס טהאן.

— איהר האט מיך געוואָלט זעהן, מיין הערר! — האט זיא געזאָגט מיט א שטילען טאָן. — איך האב אליין געדענקט אריינצוקומען, און דאנקען אייך פאר אייער פריינדשאפט צו מיר.

ווען זיא איז אריין, האט זיא בעמערקט דעם מילליאָן אויף דעם טיש. איבער איהר, גלייך וויא זיא וואָלט זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, איז געהאנגען דאס בילד פון מאדאם העדואין, אין דער גאָלדענער ראמע, און מיט דעם אייביגען שמייכעל פון איהרע רויטהע ליפען.

— איהר זייט נאך אלץ ענטשלאָסען צו פערלאָזען אונז? — האט מאָרעט געפרעגט אין א ציטערדיגען קול.

— יא, מיין הערר, איך מוז!

ער האט גענומען איהר האנד, און מיט דיא גרעסטע צערטליכקייט וואס מען קען זיך פאָרשטעלען, האט ער צו איהר געזאָגט:

— דעניס, בעדענק זיך, איך בעט דיך נאך אמאל, ווער מיין פרוי!

— עס איז אונמעגליך, מאָנסיו מאָרעט, עס איז אונמעגליך. איך קען אייך ניט אונגליקליך מאכען, איך קען אייך ניט אונגליקליך מאכען, און וואס וועט ווערען פון מיינע ברידער.

— זייא וועלען זיין מיינע ברידער. איך בעט דיך, דעניס, זאָג יא, זאָג יא!

— אה, איך בעט אייך, מיין הערר, איהר מאַרטערט מיך, לאָזט מיך!

דיעזע לעצטע ווערטער האבען איהם באלד געמאכט פעררירקט. וואס, זיא וויל נאך אלץ ניט! זאָגאר דיעזען גרויסען פרייז וויל זיא ניט אָננעהמען! ארום איהם ארבייטען יעצט דרייא טויזענד מענשען, צו פערגרעסערן זיין רייכטהום. א מיליאָן ליעגט אויף זיין טיש, און זיא וויל נאך אלץ ניט!

דאָן געה! — האט ער יעצט אויסגעשריען, און האט זיך צרוויינט וויא א קינד. געה צום מאָן, וועלכען דוא 'ליעבסט! איך האב פריהער בעדארפט וויסען, און האב ניט בעדארפט אזוי פיעל ליידען.

דעניס איז געבליבען שטעהן צומישט פון זיין אויפרעגונג. איהר הארץ האט געפלאצט. ענדליך, האט זיא זיך צרוויינט, אַזוי וויא א קליין קינד איז זיא געפאלען אויף זיין האלז און האט אויסגערופען:

— אה, מאָנסיו מאָרעט, איהר זייט דער מאַן, וועלכען איך ליעב!

אין דעם „ווייבערשען גן־עדן״, האט זיך יעצט געהערט דער לעצטער גערויש. דאס בילד פון מארעט׳ס ערשטע פרוי איז נאך אלץ געהאנגען איבער דעם שרייב־טיש. מארעט האט ארומגעכאפט זיין געליעבטע, און האט זיא געקוסט מיט דיא ליידענשאפט פון א פערליעבטען. ער האט מיט איהר יעצט אפגערעדט, אז זיא זאל אוועק פון פאריז אויף א מאנאט, ביז דיא פוסטע מיילער וועלען אויפהערען צו ריידען. דאן וועט ער נאך איהר פאהרען און וועט זיא ברענגען צוריק אלס זיין געזעצליכע ווייב, און אלס דיא איינציגע הערשערין פון דיעזען מאגאזין.

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

און זיין פערשפרעכען האט ער געהאלטען. א מאנאט שפעטער איז דעניס געוועזען מאדאם מארעט, דער נייסט און דער שטאלץ פון „ווייבערשען גן־ערן.״

ע נ ד ע.

# I.

זשערוויז האָט געוואָרט ביז צווי א זייגער פאר טאָג און האָט דיא אויגען אויסגעקוקט אויף לאַנטיע. דאן איז זיא אָבגעטראָטען פון פענסטער דורכגענומען און ציטערענדיג פון קעלט און האָט זיך אריינגעוואָרפען וויא זיא שטעהט און געהט אין בעט מיט נאַסע באַקען פון טרערען און איז אריינגעפאַלען אין א פיעבער־האפטען דרעמיל. דיא לעצטע וואָך ווען זיי פלעגען אין אבענד ארויסגעהען פון רעסטאָראַן, וואו זיי האָבען צוזאַמען געשפייזט מיט דיא קינדער, פלעגט לאַנטיע זיי אבשיקען אין צימער שלאָפען און אליין פערפאַלען ווערען ביז שפעט אין דער נאַכט, שטענדיג מיט דעם זעלבען ענטפער, אז ער זוכט א בעשעפטיגונג.

היינט ביי נאַכט ווערענד זיא איז געזעסען ביים פענסטער און געוואָרט אויף איהם, האָט איהר אויסגעוויזען, אז זיא האָט איהם געזעהן אריינקומען אין דעם באַל־זאַל פון דעם גרענד־באַלקאָן און אדעלע א שעהנע ברוינעטקע, וואס האָט צוזאַמען מיט זיי געגעסען אין זייער רעסטאָראַן איז געגאַנגען הינטער איהם. עס האָט איהר זאָגאר געשיינט, אז זיא האָט אָקאָרסט ארויסגענומען איהר האַנד פון זיין אָרם.

ווען זשערוויז האָט זיך אויפגעכאַפּט פינף א זייגער א פערפראָרענע און מיט אָבגעלעגענע זייטען האָט זיא אנגעהויבען ביטער צו יאָמערן, ווייל לאַנטיע איז נאָך אלץ ניט געקומען. דאס איז געווען דאס ערסטע מאָל, וואס ער זאָל גאָר א היים ניט קומען נעכטיגען. זיא האָט זיך אנידער געזעצט אויף'ן ראָנג (ראַנד) פון בעט, האלב פערוויקעלט פון דעם אָבגעקראָכענעם קאַרטונענעם פאָר־האַנג, וואס האָט פערהאַנגען דאס בעט און מיט איהרע פערוויינטע אויגען האָט זיא לאַנגזאַם געקוקט אַרום צימער. דאס גאַנצע מעבעל איז בעשטאַנען פון קאַש־טאַנענעם קאַמאָד, אין וועלכען איין שופלאָד האָט געפעהלט, פון דיא שטרויענע שטוהלען און פון א פערשמאָלצענעם טיש, אויף וועלכען איז געשטאַנען א קריגעל מיט אן אָבגעבראָכענע הענטעל.

א צווייטע אייזערנע בעט איז געשטאַנען פאר דיא קינדער און עס האָט פערנומען צוויי דריטעל פון צימער. אין ווינקעל איז געשטאַנען א אָפענער קאַסטען. במעט א לעדיגער נאָר אויפ'ן דעק האָט מען געזעהן א מענערשע הוט און

שווארצע וועש. אויף דיא ווענד און דיא רוקענס פון דיא שטוהלען זיינען נעהאנ־גען א פּאָר קליידלאך, א פערשמוצטע פּאָר הויזען, אן אָבגעטראָגענע שאל און זיי זיינען שוין געווען אזוי שטארק אָבגעניצט, אז קיין הענדלער פון אלטווארג וואָלט זיי אין דיא הענד ניט געוואָלט נעהמען. אויפ'ן קאמינאָק (מענטעל־פּיס) צווישען צוויי פערשיעדענע לייכטער איז געלעגען א גאנצער פּעקיל צעטלאך פון דעם לאָמבארד מאָנט־דע־פּיעטע.

דיעזעס צימער איז געווען דאס בעסטע אין דעם האָטעל און האָט זיך גע־פונען אויפ'ן ערסטען עטאזש מיט דיא פענסטער צום בולווארד.

איהר בליק איז איצט געפאלען אויף דיא צוויי קינדער, קלאָד און עטיען, וואס זיינען געשלאָפען איינער נעבען צווייטען אויף איין קישען. קלאָד, אכט יאָהר אלט, האָט געאטהעמט רוהיג און רעגעלמעסיג מיטביידע הענד אריבער דער דעקע, און עטיען, נאר פיער יאָהר אלט, האָט פון שלאָף געשמייכעל'ט און מיט איין האנד האָט ער געהאלטען ארומגענומען דעם ברודער ביים האלז. ווען איהר בליק איז געפאלען אויף זיי האָט זיא ווייטער אויסגעבראָכען אין א כליפּען און זיא האָט צוגעלעגט איהר טיכעל צום מויל, אום צו פערשטיקען איהר געוויין. דאן איז זיא א באָרפוסע ווידער צוגעלאָפען צום פענסטער און האָט ווייטער גענומען ארויס־קוקען וויא זיא האָט געטהאָן דיא ערסטע האלבע נאכט.

דער האָטעל, וואו זיא איז איינגעשטאנען, האָט זיך געפונען אויפ'ן בולוואר דע שאַפּעל און איז געווען א צוויי־עטאזשיגע הויז געפארבט אין רויט. זשערוויז האָט זיך טיעף ארויסגעהאנגען פון פענסטער מיט איהר טיכעל אויף דיא ליפּען און האָט געקוקט רעכטס, דאָרטען פאר דיא יאטקעס זיינען שוין געשטאנען דיא קוילער (קצבים) אין זייערע פערבלוטיגטע רעקלאך, און דאס פרישע ווינטעל האָט פון דאָרטען געבראכט דעם שטארקען גערוך פון געשאכטענע בהמות.

זיא האָט אבגעקעהרט דעם קאָפּ און גענומען קוקען לינקס, דא האָט מען ערסט געהאלטען אין בויען א האָספּיטאל איהר האָט געדוכט, אז ביי נאכט האט האָט זיא דא געהערט געשרייען און קרעכצען, און זיא האָט אהער געקוקט מיט שרעק, וויא מורא האבענדיג, אז זיא זאָל דא אין א ווינקעל ניט דערזעהן לאנטיע ליגען מיט אן איבערגעשניטענעם האלז.

אין מזרח זייט האָט זיך דער האָריזאָנט בענאָסען מיט א גאָלדערנעם נעבעל וואס האָט אָנגעזאגט, אז עס קומט אן א נייער פּאריזער טאג. איהרע אויגען זיינען געווען צוגעשמידט צו דער ראָגאטקע און זיא האָט געקוקט וויא אָהן אויפהער

האָבען זיך פון דאַנען געשאָטען מענשען, בהמות, וועגען און שאָף. עס האָט זיך וויא א ריס געטהאָן פון דאַרטען א גרויסע כוואַליע און האָט פערפלייצט דיא טראָטואַרען מיט אַרבייטער, וואָס זיינען געגאַנגען מיט זייער געצייג איבער'ן פלייצע און מיט לעבלאָך ברויט אונטער דיא אַרמס.

פלוצים האָט איהר אויסגעוויזען, אַז זיא האָט אין דער מענגע דערזעהען לאַנטיע, און זיא האָט זיך אַזוי ווייט אַרויסגעקוקט פון פענסטער, אַז זיא האָט דאַביי ריזיקירט אַרויסצופאַלען. נאַר איהרע אויגען האָבען איהר ווייטער אָבגענאַרט, איהר האַרץ האָט איהר נאָך א מאָל פערקוועטשט און זיא האָט צוגעפּרעסט דאָס טיכעל צו דיא ליפּען, זיא זאָל זיך ניט צו בליפּען.

א פרישע און יונגע שטימע האָט איהר פלוצים געפּרעגט:

— איז לאַנטיע נאָך ניט געקומען?

זיא האָט זיך געשווינד אָבגעקעהרט פון פענסטער און געענטפערט מיט א געמאַטערטען שמייכעל:

— ניין, הערר קאָפּע.

קאָפּע, וואָס האָט איהר געמאַכט דיא פראַגע, איז געוועזען א בלעכער און האָט געוואוינט אין דעם זעלבען הויז אין א קליין צימער אונטער'ן דאַך. זיין זעקיל מיט דיא געצייג איז איהם געווען פערוואָרפען איבער'ן פלייצע; ער האָט געזעהן אַז דער שליסעל שטעקט אין טהיר און ער איז אַריין, וויא א גוטער בעקאַנטער.

— איהר ווייסט, איך אַרבייט איצט ביים האָספּיטאַל, האָט ער ווייטער גערעדט. וואָס פאַר א מאַי מיר האָבען היינט! פון דער קופּט איז ניט אויס־צוהאַלטען.

וועהרענד ער האָט גערעדט האָט ער איהר אויפמערקזאַם בעטראַכט; ער האָט געזעהן, וויא איהרע אויגען זיינען רויט פון וויינען און ער איז צו איהר צו־געגאַנגען נעהענטער און געזאָגט אַביסעל שטילער:

— איהר דענקט, אַז אייער מאַן האָט שוין בעדאַרפט זיין דא. נאַר זייט ניט אונרוהיג. ער איז געבטען אַרומגעלאָפען וויא א משוגע'נער דעם גאַנצען טאָג און איז געוועזען זעהר פעראינטערעסירט מיט פּאָליטיק. עס קען זיין, אַז ער האָט דיא נאַכט פערבראַכט מיט גוטע פריינד און געזידעלט דעם טויגעניכטס באָנאַפּאַרטען.

— אָה, ניין, ניין, האָט זיא געמורמעלט, איהר הויבט עס גאָר ניט אן צו

רענקען, איך וויים צו גוט, וואו לאַנטיע האָט פערבראַכט דיא נאַכט. איך בין ניט בעסער פון אלעמען און האָב מיין פעקיל צרות.

קאַפּע האָט א ווינק געטהאָן און איז ארויסגעגאַנגען פון צימער. ער האָט איהר פריהער געפרעגט צו זיא פערלאַנגט ניט עפּעס און ער וועט איהר ארויפ־ברענגען. זיא איז א גוטע פרוי, האָט ער איהר געזאָגט, און אויב עס וועט גע־שעהן עפּעס א צרה, זאָל זיא איהם לאָזען ויסען, ער וועט פאַר איהר טהאָן אלעס וואָס ער וועט קענען.

וויא נאָר ער איז ארויס, איז זיא ווידער צוגעגאַנגען צום פענסטער. פון דער ראָקעטקע זיינען נאָך אלץ אנגעקומען מענשען און בהמות, און דיא פרישע מאַרגען לופט איז געווען פול מיט'ן מעקען פון דעם שאָף. זשערוויז האָט צווישען דער מענגע דערקענט דיא שמידען אין זייערע בלויע רעקלאך, דיא מויערער אין זייערע ווייסע אויבערסטע הויזען, דיא מאַלערס אין זייערע באַלאַטען. דיא מענגע איז געווען אומעדיג זעלטען האָט זיך אַן ארבייטער אָבגעשטעלט אום צו פעררוי־בערען זיין לולקע. וועהרענד זיינע קאַמעראַדען האָבען געהאַלטען אין געהן ווייטער. דא האָט מען ניט געהערט קיין געלעכטער, קיין ריידען. זיי האָבען אלע אויסגע־זעהן וויא דיא רוחות און זיינען אלע געגאַנגען צו פּאַריז, וואס האָט זיי געשווינד איינגעשלונגען.

אייניגע ארבייטער זיינען אריין אין דיא וויין־שענקען, וואס זיינען געשטאַנען אין עק גאַס און וואס זיינען איצט געעפענט געוואָרען. דא האָבען זיי מיט אביסעל בראַנפען צומישט מיט וואסער אבגענעצט דאס האלז און האָבען געשפּייט און געהוסט. זשערוויז האָט געקוקט אהער, ווייל איהר האָט אויסגעוויזען, אז לאַנטיע איז אהער אריינגעקומען. אין דער מינוט האָט א ברייטע און געזונטע פרוי אין א גרויסען פאַרטוך אויסגעשריען פון טראָטואר:

— אזוי פריה אויפגעשטאַנען היינט, מאַדאַם לאַנטיע!

זשערוויז האָט זיך ארויסגעבויגען פון פענסטער און א קוק געטהאָן אונטען:

— אָה, דאס זייט איהר, מאַדאַם ראָשע! יא, איך בין פריה אויפגעשטאַנען, ווייל איך האָב היינט פיעל ארבייט צו טהאָן,

— אמת, אליין ווערט קיין זאך ניט געטהאָן, האָט ראָשע געענטפערט פון אונטען און צווישען זיי האָט זיך פערבונדען א געשפּרעך.

פרוי ראָשע איז געווען דיא אויפזעהערקע פון הויז און האָט פערפיהרט א

נע׳שפּרעה וועגען דיא שכנים נאר וועהרענד זיא האט געפּלאפּעלט, האט זיא דיא אויגען ניט ארונטערגענומען פון זשערוויי׳ז און האט איהר אויפמערקזאם בעטראכט. אין אמת׳ן איז זיא צוגעגאנגען צום פענסטער נאר פון נייגיערדע.

— דער הערר לאנטיע שלאפט נאך? האט זיא פלוצים געפרעגט.

— יא, ער שלאפט נאך, האט זשערוויי׳ז געענטפערט און איהרע באקען זיינען רויט געווארען.

ראשע האט בעמערקט, אז טרערען האבען זיך איהר געשטעלט אין דיא אויגען, און זיא איז געבליבען צופריעדען מיט איהר ענטדעקונג, זיא האט שוין גע־וואלט אוועקגעהן נאר פלוצים האט זיא געפרעגט:

— איהר וועט היינט ארונטער קומען אין וואש־הויז מיט אייערע גרעט? איך האב אויך עפּעס צו וואשען און איך וועל געהמען פאר אייך א פלאץ נעבען מיר, און מיר וועלען קענען אביסעל שמועסען. —

דאן וויא געריהרט פלוצים פון א געפיהל פון רחמנות האט זיא וויעדער געזאגט:

— ארים קינד! שמעה ניט לענגער ביים פענסטער דיין געזיכט איז רויט פון קעלט, און דוא קענסט נאך קראנק ווערען!

נאר זשערוויי׳ז האט זיך ניט געריהרט. זיא איז פערבליבען וויא א צוגע־שמידעטע צו איהר ארט נאך צוויי לאנגע שטונדען, ביז דער זייגער האט געשלא־גען אכט. דיא מאגאזינען זיינען שוין געווען אלע אפען. דער גאנג פון דיא ארבייטער האט שוין לאנג אויפגעהערט און זעלטען האט מען געזעהן איינעם, וויא ער האט זיך געאיילט און געלאפען געשווינד איבער דער גאס. איצט זיינען ארויסגעטראטען דיא ארבייטערינען, הוט־מאכערקעס, בלומען־מאכערקעס מיט דינע שאלען זיינען געגאנגען זאלבעדרייט און זאלבעפערט און האבען געשמאק גערעדט און פריילעך געלאכט און געווארפען פלינקע בליקען אן א זייט. אין דיא וויין־שענקען זיינען געווען דיא זעלבע קאמפּאניעס און האבען געטרונקען און געשפּיים און געהוסט.

דאן האבען זיך בעוויזען דיא פריקאזמשיקעס, דיא קלערקען, עסענדיג א זעמעל, אויפ׳ן וועג און מיט פערשלאפענע אויגען, דיא עלטערע זיינען געגאנגען מיט געמאסטענע טריט און פון צייט צו צייט האבען זייא ארויסגענומען דעם זייגער פון טאשע און א קוק געטהאן, נאר דאס איז געווען גאנץ איבעריג, ווייל פון לאנגע יאהרען פּראקטיק האבען זיי געוואוסט דיא צייט ביז א סעקונדע און האבען קיין מאל ניט פערזאמט.

דער בולוואר איז געוואָרען לעדיג פון פרעמדע. איצט זיינען ארוים דיא איינוואוינער פון דיא הייזער. דיא ווייבער האָבען ארויסגעפיהרט דיא קינדער אין גאס צו געבען זיי אביסעל פרישע לופט.

זשערוויז האָט זיך געפיהלט שוואך און קראנק. זיא האָט איצט פערלאָרען אלע האָפנונגען און איהר האָט געדוכט, אז לאנטיע וועט שוין מעהר ניט קומען. דיא זון האָט איהר איצט געשיינט גלייך אין געזיכט אריין און האָט איהר פער־בלענדעט דיא אויגען.

זיא איז געזעסען קראפטלאָז אויף איהר שטוהל מיט אראָבגעזינקענע הענד אויפ'ן שויס, אבער אהן טרעהרען אין דיא אויגען, ווען לאנטיע האָט געעפענט דיא טהיר און איז אריין געקומען.

דאס ביזטו? האָט זיא אויסגעשריען און איז געווען פארטיג ארויפצואוואר־פען זיך איהם אויפ'ן האלז.

— יא, דאס בין איך, האָט ער געענטפערט, נאר הויב ניט אן צו מאכען מיט מיר דיינע נארעשע שטיק! און ער האָט איהר אבגעשטופט פון זיך. דאן האָט ער מיט א צאָרנדיגע מינע א וואָרף געטהאָן זיין הוט אויפ'ן קאמאָד.

ער איז געווען א שוואָרצליכער יונגערמאן פון ניעדעריגען וואוקס, זעהר שעהן און גוט פּאַרמירט, מיט דעליקאטע וואָנסען, וועלכע ער האָט מעכאניש געדרייט מיט דיא פינגער, ווען ער האָט גערעדט. ער האָט געטראגען אן אלטען מאנטעל.

זשערוויז האָט זיך ווידער אראָבגעלאָזט אויף איהר שטוהל און האָט מיט א וויינענדיג קול גענומען ריידען געהאקטע פראזען:

— איך האָב מיט אן אויג ניט צוגעמאכט ..... איך האָב שוין געמיינט, אז מען האָט דיך דערהרג'עט! ...... וואו ביזטו געווען דיא גאנצע נאכט? איך פיהל, וויא דיא מארך ריהרט זיך מיר. זאג מיר, אגוסט, וואו ביזטו געווען?

— אה! איך האָב געהאט א געשעפט, האָט ער געענטפערט מיט א גלייכ־גילטיגען צונג מיט דיא אקסלען. איך האָב אָבגערעדט מיט מיין פריינד, דוא ווייסט פון איהם, וואס וויל עפענען א פאבריק פון הוטען, צו בעגעגענען זיך אכט א זייגער און ער האָט מיך פערהאלטען. נאר דוא ווייסט, אז איך לייד ניט, מען זאָל מיך היטען און נעהמען אזוי צום פערהער. לאז מיך צורוה!

זשערוויז האָט אנגעהויבען צו וויינען. זייערע ביידענס קולות און דער גערר־דער, וואס לאנטיע האָט געמאכט מיט דיא שטוהלען, האָבען אויפגעוועקט דיא

קינדער פון שלאף. דערהערענדיג אז דיא מאמא וויינט, האבען זיי זיך אזוי צו יאמערט, אז זיי האבען פול געמאכט דיא שטוב מיט זייערע קולות.

— פיטא וואס צו ריידען, דאס איז א פיינע מוזיק! האט לאנטיע אויסגע־שריען אויפגערעגט. איך וואָרען אייך, אויב איהר וועט ניט גלייך אלע אנשווייגען ווערען, וועל איך אוועק פון דאנען און איהר וועט מיך מעהר ניט אנזעהן. וועסטו האלטען דיין צונג? זייט אייך געזונד!

ער האט א כאפ געטהאן זיין הוט, נאר זשערוויז איז צו איהם צוגעלאפען און גוזאגט מיט אן אייננעהאלטענעם געוויין:

— מעהר שוין ניט! מעהר שוין ניט!

און זיא האט גענומען איינגעהמען דיא קינדער און פערשטיקען זייער געוויין מיט קושען. זיא האט זיי צוריק אנידערגעלעגט אין בעט, און זיי זיינען באלד ווידער געווען גליקליך און האבען זיך גענומען שפיעלען. לאנטיע האט זיך דערווייל אין ארעמען, ניט אויסציהענדיג אפילו דיא שיך, ארייננעוואָרפען אין בעט. זיין געזיכט איז געווען בלייך פון מיעדיגקייט און א שלאפלאזע נאכט; ער האט דיא אויגען ניט פערמאכט און האט בעקוקט דיא צימער.

— פיין זעהט אויס דאס צימער! האט ער געמורמעלט.

דערנאך האט ער א ווײלע בעטראכט זיין ווייב און האט גזאגט האלב אין דער הויך און האלב צו זיך:

— אזוי! עס שיינט, אז אבוואשען זיך איז פאר דיר געוואָרען א שווערע ארבייט.

זשערוויז איז אלט געווען ניט מעהר וויא צוויי און צוואנציג יאהר. זיא איז געווען הויך און שלאנק, מיט זעהר איידעלע געזיכטס־ציגע, נאר דיא שווערע ארבייט און זארגען האבען זיי פערגרעבט. נאר מיט איהרע ניט פערקאמטע האר, מיט איהרע צושפּיעלטע שיך, מיט איהר פערשמוציגטע קליידעל האט זיא אויס־געזעהען מיט גוטע צעהן יאהר עלטער.

לאנטיע'ס ווערטער האבען איהר ארויסגעבראכט פון איהר אונטערוואָרפענ־הייט און שרעקעדיגקייט:

— וויא שעמסטו זיך ניט דאס צו זאגען! דוא ווייסט גאנץ גוט, אז איך טהו אלץ, וואס איך קען און עס איז ניט מיין שולד וואס מיר זיינען אהער אריין געקראכען. איך וואָלט זעהר וועלען זעהן, וויא דוא וואָלסט אויסקומען מיט צוויא קינדער אין א פלאץ, וואו מע קען ניט קריגען קיין הייסע טראָפּען וואסער. מיר

האָבען בעדאַרפט גלייך, וויא מיר זיינען אָנגעקומען אין פאַריז דינגען אַ דירה, וויא דוא האָסט מיר צוגעזאָגט און פיהרען אַ בעל־הביתישקייט און נים נעהמען קיין צימער.

פּס! האָט ער געמורמעלט; דיא האָסט פון דעם געלד, וואס מיר האבען אהער געבראכט, אזא הנאה געהאט אזוי וויא איך. דוא האסט צוזאמען מיט מיר גענאָסען פון דעם פעטען קאלב, און עס לוינט נים צו מאכען פון דעם א רייד.

נאָר דיא האָט וויטער פאָרטגעזעצט:

— נאָר אָבלאָזען זיך טאָר מען נים. איך האָב גערעדט מיט מאַדאם פּאָקאָני, וואס האַלט דיא וואש־הויז אין רוע נעאוב. זיא וועט מיך מאָנטאג צו נעהמען. אויב דוא וועסט מאכען מיט דיין פריינד דעם געשעפט, וועלען מיר אין זעקס חדשים צייט ארויסדראפּען זיך. מיר מוזען אבזוכען ערגעץ א לאָך, וואו מיר זאָלען קענען דערוויל איבערלעבען ביליג. דאס איז, וואס מיר דארפען איצט טהאָן. ארבייטען! ארבייטען!

לאַנטיע האָט אָבגעקעהרט זיין געזיכט צו דער וואנד מיט אן עקעלהאַפטע מינע. דאס האָט איהם אויפגעבראכט און זיא האָט וויטער גערעדט:

— יא, יא, איך ווייס זעהר גוט, אז דוא האָסט נים ליעב קיין ארבייט. דוא וואָלסט נאר וועלען ארויסגעהן פיין אָנגעטהאָן און ארומשפאצירען גאנצע טעג איבער דיא גאסען. זייט דוא האָסט מיינע קליידער אוועקגעטראָגען אין לאָמבארד פערזעצען, האסטו אין מיר אנגעהויבען אויסצוגעפינען חסרונות, איך זעה אויס נים גוט און בין שמוציג. איך האָב וועגען דעם נים געוואָלט ריידען, נאר איך ווייס צו גוט, וואו דוא האָסט פערבראכט דיא נאכט. איך האָב געזעהן, וויא דוא ביסט אריין אין גראנד־באלקאָן מיט דיא גאסען־מיידעל אדעל. איך קען נים זאגען, דוא האָסט א פיינעם געשמאק. זיא טראגט פיינע קליידער און איז זויבער. געוויס, און זיא האָט גענוג אורזאכען אזוי צו זיין, אין גאנצען רעסטאָראן איז ניםאָ איין מאנסביל, וואס זאָל איהר נים קענען א סך בעסער, וויא מען דארף קענען אן אָרדענטליכע מיידעל....

לאַנטיע איז ארויסגעשפרונגען פון בעט. זיינע אויגען זיינען געוועזן שווארץ וויא דיא נאכט און זיין געזיכט בעדעקט מיט א טוידטע בלייבקייט.

— יא, האָט זשערוויז ווייטערהאָלט. דאס וואס איך זאג מיין איך. מאדאם

ראָשע וועט איהר און איהר שוועסטער לענגער ניט האַלטען אין הויז, ווייל זייא האָבען צופיעל בעזוכער.

לאַנטיע האָט אויפגעהויבען ביידע פויסטען, נאָר ער האָט זיך אָבגעהאַלטען פון אַ קלאַפּ. ער האָט איהר נאָר אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד, האָט איהר אַ גוטען טרעסעל געטהאָן און אַ וואָרף געטהאָן צו דיא קינדער אויפ'ן בעט. דיא קינדער האָבען זיך גלייך ווידער צוזאַמען אויפ'ן קול, ער איז אַ סעקונדע געשטאַנען, וויא שלאַגענדיג זיך מיט דער דעה און דאַן געזאָגט בעשלאָסען:

— דוא ווייסט ניט, וואָס דוא האָסט איצט געטהאָן, זשערוויז דוא וועסט באַלד אויסגעפינען דיין פעהלער.

דיא קינדער האָבען דערווייל פול געמאַכט דאָס צימער מיט זייערע קולות. זשערוויז האָט זיי ביידען געהאַלטען אַרומגענומען און האָט ווידערהאָלט אין איינעם און דעם זעלבען טאָן:

— ווען ניט איהר, מיינע אָרימע קינדערלאַך! ווען ניט איהר! ווען ניט איהר!

לאַנטיע איז געלעגען אויפ'ן גרויסען בעט, אויסגעצויגען אויפ'ן רוקען און געקוקט אויפ'ן סופיט. ער האָט נאָך ניט געהערט און איז אַזוי אָבגעלעגען אַ שטונדע צייט אָדער מעהר. טראָץ זיין מיעדקייט, איז ער ניט געשלאָפען, און ער האָט ענדליך זיינע אויגען אַראָבגענומען פון סופיט און אַ קוק געטהאָן אין צימער, האָט ער דערזעהן אַז דאָס קינדערשע בעט איז שוין געמאַכט און דאָס צימער אויפגעראַמט. דיא קינדער זיינען שוין געווען אַרומגעוואַשען און אָנגעטהאָן. ער האָט איהר נאָכגעקוקט, וויא זיא האָט געקערט דאָס צימער און אַרומגעווישט דעם שטויב פון דיא מעבעל.

דאָס צימער האָט אָבער נאָך אַלץ אויסגעזעהן זעהר אומעדיג מיט'ן פעררויכערטען סופיט, מיט דיא אָבגעקראַכענע טאַפּעטען פון פייכטקייט. איצט איז זשערוויז געשטאַנען פאַר'ן קליינעם שפּיעגעל און פערקעמענדיג דיא האָר, האָט זיא בעטראַכט איהרע אָרמען און שולטערן, וויא זיא וואָלט געזוכט אַ פערגלייכונג צווישען זיך און עפּעס אַן אַנדערע. ביי איהם האָט זיך אויף דיא ליפּען געוויזען אַ פעראַכטליכער שמייכעל.

זשערוויז איז געווען עטוואָס קרומלאַך, נאָר איהר קרומהייט האָט מען נאָר געקענט בעמערקען בלויז אין אַזעלכע טעג, ווען זיא איז געווען זעהר אויסגעמאַטערט.

הײנט איז זיא געװען אזױ אױסגעמאטערט פֿון זיצען דיא גאנצע נאכט בײם פֿענסטער, אז זיא האָט קױם געקענט געהען, ניט אנגעשפּאָרטערהײד.

אין צימער איז געװען שטיל, זײ האָבען אײנער צום צװײטען ניט גערעדט. ער האָט געשײנט צו װאַרטען אױף עפּעס און זיא האָט אין דער גיך צונױפֿ־געקליבען דיא שװאַרצע גרעט, װאס זײנען געלעגען אין א װינקעל אונטער׳ן קאַסטען.

— װאס טהוסטו? דוא קלײבסט זיך צו געהען װאשען? האָט ער ענדליך געפֿרעגט.

אָנפֿאנגס האָט זיא ניט געענטפֿערט, נאר װען ער האָט מיט בעס װידער־האָלט זײן פֿראַגע א צװײטען מאָל, האָט זיא געענטפֿערט:

— געװיס, געה איך װאשען. דיא קינדער קענען אין שמוץ ניט לעבען.

ער האָט צו איהר א װאָרף געטהאָן א פּאָר שמוציגע טאשען־טיכלאך און נאך א לאנגען שטיל־שװײגען האָט ער געזאגט:

— האָסטו עפּעס געלד?

זיא האָט זיך געשװינד א קעהר געטהאָן אין זײן זײט, מיט א שװאַרצען שטיקעל גרעט אין האנד.

— געלד! װאו האָב איך דיר געזאָלט נעהמען געלד? סײדען געהן גנב׳ענען. דוא װײסט גאנץ גוט, אז אײער־נעכטען האָסטו געקריגען דרײ פֿראַנק אױף מײן שװאַרצע קלײד. צװײ מאָל האָבען מיר אױף דעם געלד געפֿריהשטיגט און געלד צוקריכט אונטער דיא הענד. נײן, איך האָב קײן געלד ניט. איך האָב פֿיער סו אײנצוצאהלען אין װאש־הױז. איך קען ניט מאכען קײן געלד, װיא אנדערע װײבער, װעלכע מיר װײסען.

ער האָט דעם אנצוהערעניס אראָבגעשלונגען און גאר ניט געענטפֿערט; ער איז אראָב פֿון בעט און גענומען בעקוקען דיא צוריסענע קלײדלאך, װאס זײנען געהאנגען ארום דער װאנד, און ער האָט געענדיגט דערמיט, װאס ער האָט אראָב־גענומען א פּאָר הױזען און א שאָל, און פֿון קאמאָד האָט ער ארױסגענומען א רעקיל און א פּאָר העמדער. דאס אלעס האָט ער צונױפֿגעלעגט אין אײן פּעקיל און האָט עס א װאָרף געטהאָן צו זשערװײז.

— נעהם, האָט ער געזאגט און טראָג עס אװעק אין לאָמבארד. נאר מאך דאס אױף אײן פֿוס.

— אפשר װילסטו, אז איך זאָל דיא קינדער אױך נעהמען? האָט זיא

געפרענט. נאַט גערעכטער! ווען לאַמבארדניקעס זאָלען קייען געלד אויף קינדער, וואס פאר א נוטע זאך דאס וואָלט געווען!

זיא איז אוועק אין לאַמבארד, און סומענדיג צוריק אין א האלבע שטונדע שפּעטער, האַט זיא אנידערגעלע׳ט אויפ׳ן מענטעל־פּיס א פינף פראנק שטיס.

לאַנטיע האַט גלייך ניט גענומען דאס געלד. ער האַט דאס ווייב געשיקט אין לאַמבארד, כדי ער זאָל איהר ניט איבערלאָזען אהן א שטיקעל ברויט און עפּעס געלד, נאר ווען ער האַט דערזעהן אויפ׳ן טיש א שטיקעל ווארשט איינגע־וויקעלט אין א פּאַפּיר און א האלב לעבעל ברויט. האַט ער דיא פינף־פראנק שטיק אריינגעשטופּט צו זיך אין טאשע.

— צו דער מילביקערען האָב איך ניט געוואגט צו געהן, האָט זשערוויז גע־זאגט מיר זיינען איהר שוין שולדיג פאר אכט טעג. נאר קאָטלעטען און ברויט האָב איך אנגעגרייט. פערגעס ניט צו נעהמען וויין. איך וועל זיך לאנג ניט זאמען.

ער האָט ניט געענטפערט. עס האָט געשיינט, אז זיי זיינען געוואָרען שלום, נאר ווען זשערוויז האָט זיך אנגעבויגען איבער׳ן קאסטען און האָט געוואָלט ארויס־נעהמען א פּאָר קליידער זיינע, האָט ער אויסגערופען:

— זאָלען זיי ליגען.

— וואס מיינסטו מיט דעם, האָט זיא געפרעגט פערוואונדערט. דוא קענסט דיא זאכען ניט טראגען ניט געוואשענע. פאר וואס זאָל איך זיי ניט מיטנעהמען אין וואש־הויז.

זיא האָט אויף איהם געקוקט מיט אן אונרוהיגען בליק. ער איז צו איהר צוגעגאנגען, האָט מיט כעס ארויסגעריסען זיינע זאכען פון איהרע הענד און געזאָגט:

— ווען וועסטו זיך אויסלערנען צו פאָלגען, וואס מען זאגט דיר?

— נאר פאר וואס? האָט זיא געענטפערט און איז בלייך געוואָרען פון א שרעקליכען פערדאכט. דוא נעהסט דאך ניט אוועק — פאר וואס זאָל איך זיי ניט נעהמען?

ער האָט א ווייכע געצענגערט און דערנאך געזאָגט:

— פאר וואס? פאר וואס? איך קען לענגער ניט פערטראָגען, וויא דוא מענה׳סט אלץ אז דוא וואשט פאר מיר און טהוסט פאר מיר. טהו פאר זיך אליין און איך וועל טהאָן פאר זיך.

זיא האָט איהם געבעטען, האָט זיך פערעגטפערט, אז זיא האָט זיך קיין

מאל אויף דעם ניט בעקלאַגט, נאר ער האָט דיא קאסטען פערמאכט מיט א קלאפּ און האָט זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן דעקעל, ווידערהאַלענדיג, אז ער איז בעל הבית כאָטשע אויף זיינע אייגענע זאכען. דאן אום אויסצומיידען איהרע פאַר־שענדע בליקען האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין בעט, זאָגענדיג, אז זיא האָט איהם שוין געמאכט א קאָפּ־וויייהטאָג און ער וויל שלאָפען, און האָט זיך ענדליך געמאכט, אז ער שלאָפט.

זשערוויז האָט זיך א ווײילע געשלאָגען מיט דער דעה און האָט געוואָלט אויפגעבען איהר היינטיגען וואשען. זיא האָט געטראכט אז זיא וועט בעסער בלייבען אין שטוב און זעצען זיך נייהען. נאר לאַנטיע'ס רוהיגער אטהעמען האָט איהר בערוהיגט. און זיא האָט גענומען דיא זייף און בלויוואש און אנזאגענדיג דיא קינדער, וואס האָבען זיך געשפּיעלט אויפ'ן באָדען מיט אלטע קאָרקעס, אז זיי זאָלען זיין גוט און שטיל, ווייל דער טאטע שלאָפט. איז זיא ארויס.

אין קאנטאָר האָט זשערוויז איינגעצאָהלט דיא פאָר סו און האט גענומען איהר פראניק און בארשט וואס זיא האָט דאָרט לעצטען מאָל איבערגעלאָזען און איז אריין אין וואש־הויז, מיט'ן פעקיל אונטער'ן ארם.

דאס וואש־הויז איז געווען אָנגעפילט מיט א גרויע פארע און מיט'ן גערוך פון זייף. אין מיטען איז געווען א דורכגאנג און פוןביידע זייטען זיינען געשטאנען וואש־טאָבס, פאר וועלכע ווייבער מיט פערקאטשעטע ארבעל מיט פערשאָבענע קליידער זיינען געשטאנען און געוואשען. זשערוויז האָט געקוקט רעכטס און לינקס און געזוכט א פלאץ.

— קום אהער, מיין טהייערע, האָט מאדאם ראָשע צו איהר אויסגעשריען, ניט אויפהערענדיג אויף א סעקונדע איהר וואשען. דא איז דיין פלאץ. איך האָב איהם פאר דיר געהאלטען איך האָב ניט פיעל צו וואשען; מיינער שמוציגט ניט שטארק דיא וועש און דוא שיינסט אויך צו האבען א גרינגען פעקיל. א קענען האלבען טאָג וועלען מיר ווערען פארטיג.

זשערוויז האָט געעפענט איהר פעקיל און האָט אָבגעזעגט דיא קאָלירטע וועש אן א זייט. ווען ראָשע האָט איהר געראטהען אריינצוטהאָן אביסעל סאדא, האָט זיא א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאגט:

— ניין, ניין, איך וויים וואס מען דארף.

— דוא ווייסט? האָט מאדאם ראָשע געפרעגט נייגיעריג, האָסטו דען גע־וואשען גרעט איידער דוא ביסט געקומען אין פאריז?

זשערוויז מיט פערקאטשעטע ארבעל, וואס האָבען ארויסגעוויזען זעהר א פאר שעהנע ארמען, האט אנגעזייפט א קינדערשע העמדעל.

— יא, יאַ; איך האָב געוואשען. צייט איך בין אלט געוואָרען צעהן יאהר, האָב איך שוין געוואשען. דארטען פלעגען מיר געהען מיט'ן וועש צום טייך און דארטען איז געווען פיעל שעהנער.

— דוא ביזט א געזונטע ווייבעל, האָט מאדאם ראָשע פערוואונדערט אויס־געשריען, ווען זיא האָט געזעהען וויא גיך זיא וואשט. דיינע ארמען זיינען צארטע אבער זיי זיינען וויא אייזען.

דאס געשפּרעך האָט ביי זיי אָנגעהאלטען און ניט געשטערט זיי פון דער ארבייט. וועהרענד זשערוויז האָט געבארשט דאס גרעט, האָבען זיי גערעדט.

— ניין, איך האָב מיט איהם ניט חתונה געהאט, האָט זשערוויז געזאָגט, איך וויל קיין ליגען ניט זאָגען לאנטיע איז ניט אזא שעהנער, אז א פרויענצימער זאָל זיך יאָגען צו זיין זיינע א ווייב. ווען ניט דיא קינדער! איך בין אלט געווען פיערצעהן און ער אכטצעהן, ווען דאס ערסטע קינד איז ביי אונז געבאָרען געוואָרען. דאס צווייטע קינד האָב איך געהאט אין פיער יאהר ארום איך בין אין דער היים ניט געווען גליקליך, דער פאטער האָט מיך פאר דיא קלענסטע זאך געשלאָגען.

זיא האָט אָבגעווישט דיא הענד וואס זיינען אונטער דען וואסער רויט געוואָרען.

— אין פאריז איז דאס וואסער זעהר הארט, האָט זיא געזאָגט.

מאדאם ראָשע האָט גע'פטר'ט איהר ארבייט. נאר זיא האָט נאָך געהאל־טען עפּעס אין שווינקען, אום צו האבען אן אויסריד אויסצוהערען זשערוויז'ס געשיכטע. צייט צוויי וואָכען איז איהר נייגיערדע געווען געשפּאנט, איהר מויל איז איצט געווען אָפען און איהרע אויגען האָבען געשיינט פון פערגניגען, וואס זיא האָט געטראָפען אזוי גוט.

— אה, יא, איך האָב טאקע אזוי געדענקט, האָט זיא געזאָגט צו זיך, נאר זיא רעדט צו פיעל. איך האָב פערשטאנען אז ביי זיי איז געווען א קריעג.

דאן האָט זיא געזאגט אין דער הויך:

— ער איז צו דיר ניט גוט?

— ער איז א מאָל געווען זעהר גוט צו מיר, האָט זשערוויז געענטפערט; נאר צייט מיר זיינען געקומען אין פאריז, האָט ער זיך נאר אומגעביטען. פאָרינגען

יאהר איז זיין מוטער געשטאָרבען און האָט איהם איבערגעלאָזען א ירושה פֿון זיבעצעהן הונדערט פראנס. איהם האָט זיך געגלוסט פאהרען אין פאריז און אזוי וויא מיין פאָטער האָט נאָך געהאלטען אין איין שלאָגען מיך, האָב איך אויך איינגעשטימט צו פאָהרען מיט דיא צוויי קינדער. איך האָב גערענקט, אז איך וועל דא עפּענען א וואש־הויז און ער וועט זיך בעשעפטיגען מיט זיין ארבייט אלס הוטמאכער, מיר האָבען געקענט לעבען גליקליך. אבער לאַנטיע האָט ליעב צו לעבען א גוטען טאָג און דענקט פריהער פון אלץ וועגען פערגניגענס. ווען מיר זיינען אהער אנגעקומען זיינען מיר פערפאַהרען אין האָטעל מאָנטמארט. מיר האָבען געהאט פיינע מיטאגס און קארעטען, נאכטמאלס און טהעאטערע, א זייגער האָט ער געקויפט פאר זיך, א זיידענע קלייד פאר מיר — ווען ער האָט געלד זשאלעוועט ער ניט. און אין צוויי חדשים זיינען מיר געבליעבען אהן א סו. דאן זיינען מיר איבערגעפאָהרען אין האָטעל באָנקאר און א טרויעריג לעבען האָט זיך אָנגעהויבען.

נאר דא איז איהר זויער געוואָרען אין האלז, אין דיא אויגען האָבען זיך איהר געוויזען טרערען און זיא איז פלוצים אנשוויגען געוואָרען.

— איך מוז קריגען הייסע וואסער, האָט זיא געמורמעלט.

נאר מאדאם ראָשע איז שטארק ניט געפעלען געוואָרען, וואס זשערוויז האָט פלוצים איבערגעריסען איהר ערצעהלונג און זיא האָט א רוף געטהאן דעם משרת.

— שארל! האָט זיא צו איהם געזאָגט, עס וואָלט פון דיין זייט געווען זעהר גוט צו ברענגען אן עמער הייסע וואסער פאר מאדאם לאַנטיע, ווייל זיא איילט זיך זעהר מיט איהר ארבייט.

שארל האָט געבראכט א פולען עמער וואסער, און זשערוויז האָט איהם געגעבען דערפאר א סו.

— איך האָב טאקע אזוי גערענקט, אז ער איז אביסעל אויסגעלאסען, האָט ראָשע געזאגט און האָט לאַנטיע ביים נאמען ניט אנגערופען.

זשערוויז האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— יא, האָט מאדאם ראָשע פאָרטגעזעצט. איך האָב בעמערקט פיעל קלייניגקייטען.

נאר דא האָט זיא איבערגעהאקט אין מיטען, ווייל זשערוויז האָט זיך צו איהר פלוצים אומגעקעהרט מיט א בלייכען געזיכט און ציטערענדע ליפען.

— אה, איך האב נאר ניט בעמערקט, האט זיא געזוכט צו פערגלעטען. ער האט ליעב צו לאבען, דאס איז גאר, און דיא צוויי מיידלאך אדעל און ווירזשיה, וואס וואוינען מיט אונז, האבען אויך ליעב צו לאבען, און זיי שפאסען צוזאמען, אבער מעהר גאר ניט.

זשערוויז מיט טראפענס שוויס אויף איהר שטערן האט איהר אריינגעקוקט פול אין געזיכט מיט א פארשעגדען בליק.

ראשע איז געווארען ערגערט און האט זיך א קלאפ געטהאן אין הארצען.

— איך זאג דיר, האט זיא געזאגט, אז איך וויים גאר ניט, איך וויים ניט מעהר, וואס איך האב דיר דערצעהלט.

דאן האט זיא געזאגט מיט א צארטע שטימע:

— ער האט זעהר ארדענטליכע אויגען, ער וועט מיט דיר חתונה האבען, מיין קינד. איך פערזיכער דיר, אז ער וועט מיט דיר הייראטהען.

זשערוויז האט פארטגעזעצט איהר ארבייט, און האט שוין באלד גע'פטר'ט דיא קאלירטע גרעט; אויפ'ן באדען זיינען געשטאנען טייכלאך מיט בלויע וואסער.

— דוא האסט שוין באלד גע'פטר'ט דיין ארבייט, האט מאדאם ראשע געזאגט. איך ווארט אויף דיר און וועל דיר העלפען אויסדרייען דאס גרעט.

— אה, איהר זייט זעהר גוט, נאר דאס איז ניט נעטהיג, האט זשערוויז געענטפערט, דורכשווייגקענדיג דיא שטיקלאך וועש אין קאלטע וואסער, ווען איך זאל דא האבען לייליכער וואלט איך מיט פערגניגען אנגענומען אייער הילף.

דאך האט זיא איהר הילף אנגענומען און ביידע פרויען האבען געהאלטען אין דרייען א ברוין וואלענע קלייד, פון וועלכע עס האט זיך געגאסען א געלבליכער שטראם ביים דרייען, ווען ראשע האט פלוצים אויסגעשריען:

— זעה, אט קומט דיא גרויסע ווירזשין! זיא נעהט אהער וואשען איהרע שמאטעס.

זשערוויז האט זיך געשווינד אומגעקוקט. ווירזשין איז געווען פון איינע יאהרען מיט איהר נאר העכער און ברייטער פון איהר; זיא איז געווען א שעהנע ברונעטע מיט א לאנגליכע געזיכט, זיא האט געטראגען אן אלטע שווארצע קלייד, מיט א רויטע שטייגגע ארום האלז.

זיא האט זיך א ווײלע אבגעשטעלט אין דורכגאנג און האט געקוקט מיט דיא אויגען, וויא זיא וואלט עמיצען געזוכט. דערקענענדיג זשערוויז, איז זיא צו איהר צוגעגאנגען מיט א שטאלצע און פרעכע מינע און מיט א שפעטישען שמייכעל

אויף דיא ליפען, און האט זיך אנידערגעשטעלט וואשען נים ווייט פון איהר.

— דאס איז גאר א נייעס! האט געמורמעלט מאדאם ראשע, ביז איצט האט איהר נאך קיינער נים געזעהן, זיא זאל אויסוואשען אפילו א פאר מאנזשעטען. זיא איז א פוילע שטיק זיא נייט אפילו קיין מאל נים צו דיא קנעפלאך צו איהרע שיך, זיא איז נים בעסער פון איהר שוועסטער, דיא אויסגעלאסענע אדעל, וועלכע זיצט נים איין אין פאבריק זאגאר צוויי טעג אין וואך. וואס רייבט זיא דארטען? א קליידעל? זיא איז שמוציג גענוג.

עס איז געווען קלאר, אז מאדאם ראשע האט געוואלט שמייכלען זשערווייז, אין דער ווירקליכקייט האט זיא אפט געטרונקען קאפע מיט ווירזשען און אדעל, ווען זיי זיינען געווען ביי געלד, זשערווייז האט גאר נים געענטפערט, זיא האט נאר געארבייט גיכער וויא פריהער. זיא האט איצט געהאלטען אין בלויען דאס גרעט. זיא האט געזוכט בייא דער ארבייט צו שטעהען נעגען ווירזשין מיט'ן רוקען, נאר זיא האט געפיהלט, וויא יענע קוקט אויף איהר און קרימט אויף איהר מיט דער נאז. עס האט אויסגעזעהן, אז ווירזשין איז אהער געקומען צו ערגערן איהר. פלוצים האט זיך זשערווייז אומגעקעהרט און ביידע פרויען האבען זיך בעגעגענט מיט דיא אויגען.

אין דיעזען מאמענט האט זיך נעבען דער טהיר דערהערט א געקעכטער און קולות.

— צוויי קינדער זיינען אהער געקומען פרעגען אויף זייער מוטער, האט אויס־געשריען שארל.

אלע פרויען האבען זיך אומגעקוקט און זשערווייז האט דערקענט איהרע צוויי קינדער, קלאד און עטיען. אזוי גיך וויא זיי האבען איהר דערזעהן, האט קלאד שלעפענדיג זיין אינגערען ברודער פאר דער האנד, זיך צו איהר א לאז געטהאן איבער דיא לוזשעס וואסער מיט זייערע שיך פערנאנדערגעבונדען און האלב ארויפגעצויגען.

דיא ווייבער האבען אויף זייא געקוקט מיט מיטלייד, וויל דיא קינדער האבען אויסגעזעהען זעהר צושראקען און האבען זייערע שעהנע בלאנדע קעפלאך בעהאל־טען אין דער מוטער'ס קלייד.

— ווער האט אייך אהער געשיקט — דער פאטער? האט זשערווייז געפרעגט.

נאר ווען זיא האט זיך אנגעבויגען צו פטרבינדען עטיען'ס שיכלאך, האט זיא דערזעהן אז אויף קלאד'ס פינגער הענגט דער שליסעל פון זייער צימער.

— צו וואס האָסטו געבראכט דעם שליסעל? האָט זיא געפרעגט פער־וואונדערט.

קלאָד האָט ארונטער געקוקט אויפ'ן שליסעל, אָן וועלכען, וויא עס שיינט, ער האָט גאר פערגעסען. נאר איצט האָט ער זיך דערמאנט און ער האָט געענט־פערט מיט א קלאָרען און קוויטשיגען קול:

— פאָפאָ איז אוועס.

— ער איז געגאַנגען קויפען פאר אייך פריהשטיק, ניט וואָהר? און ער האָט אייך דערוויל געשיקט אהער.

קלאָד האָט א קוק געטהאָן אויף זיין ברודער און האָט א ווילע געטראכט. דאן האָט ער אויסגערופען:

— איך האָב דיר געזאָגט, אז פאָפאָ איז אוועק, ער איז אראָבגעשפרונגען פון בעט, האָט אריינגעלעגט זיינע זאכען אין קאסטען, און דיא קאסטען ארונ־טערגעטראגען פון דיא טרעפ און אריינגעלעגט אין א קארעטע. מיר האבען איהם געזעהן ... ער איז אוועק!

זשערוויז איז געשטאנען אויף איין קניע און האָט פערבונדען עטיען'ס שיך. זיא האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, מיט א בלייכען געזיכט און האָט מיטביידע הענד צוגעפרעסט דיא שליפען, וויא זיא וואָלט מורא געהאט, אז עס זאָל ניט צושפאָלטען ווערען, זיא האָט נאָר געקענט ארויסריידען:

— גרויסער גאָט! גרויסער גאָט! גרויסער גאָט!

מאדאם ראָשע פון איהר זייט האָט נייגיריג איבערגעפרעגט דאס קינד און איז געווען צופריעדען, וואס זיא קען אויך שפיעלען עפעס א ראָליע אין דער דראמא.

— דערצעהל אונז אלץ, האט זיא געזאגט צו קלאָד. ער האָט פערמאכט דיא טהיר און האָט דיר געהייסען ברענגען דעם שליסעל אהער, ניט וואהר?

זיא האָט אָנגעבויגען דעם קאָפּ און האָט געפרעגט אין דער שטיל:

— איז אין דער קארעטע געזעסען א פרויענצימער?

נאר קלאָד האט פון דאס ניי אנגעהויבען זיין ערצעהלונג.

— ער איז אָרונטער פון בעט, אריינגעלעגט דיא זאכען אין קאסטען און איז אוועק.

עהענדיג, אז זיא קען פון דיא קינדער גאר ניט ארויסקריגען, האָט זיא זיי

געלאָזט צורוה, און זיי האָבען זיך באלד אנגעהויבען צו שפּיעלען דערמיט, וואס זיי האָבען דאס וואסער פון קראן געלאָזט לויפען.

זשערוויז האָט ניט געקענט וויינען, זיא האָט געפיהלט, אז זיא ווערט דער־שטיקט. זיא איז געשטאנען מיט'ן געזיכט צו דער וואנד און האט פערדעקט מיטביידע הענד דיא אויגען. א שארפער נערוועזער ציטער האָט איהר געטרייסעלט פון קאָפּ ביז דיא פיס. פון צייט צו צייט האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען א זיפץ אדער גיכער א קרעכץ. זיא האָט שטארקער געפרעסט מיט דיא הענד דיא אויגען, וויא זיא וואָלט פערגרעסערן דיא פינסטערניס פון דער גרוב, אין וועלכען זיא האָט געפיהלט, זיא איז געפאלען.

— הער אויף מיין קינד, הער אויף! האָט געמורמעלט מאדאם ראָשע.

— ווען איהר זאָלט נאר אלץ וויסען, האָט געענטפערט זשערוויז. ערסט היינט אין דער פריה האָט ער מיך געטריבען, איך זאָל פערזעצען מיין שאַל און מיינע העמדער, אום ער זאָל האָבען צו בעצאָהלען פאר דער קארעטע.

דיעזער געדאנק האָט ביי איהר געעפענט דעם קוואל טרערען. זיא האָט זיך ביטער צואווינט.

— זיי ביים זינען, זיי שטיל, האָט געמורמעלט מאדאם ראָשע, אלע קוקען אויף דיר, איז עס מעגליך, אז דיר ארט אזוי פיעל וואס דיין מאן איז אוועק? דוא האָסט איהם נאָך ליעב טראָץ דעם וואס מיט א פּאר מינוט צוריק האָסטו געזאגט אז דוא יאגסט זיך נאָך איהם נים. איצט וויינסטו, וויא דיין הערץ וואָלט צובראָכען ווערען. אה, וואס פאר א נארישע פאָלק ווייבער זיינען.

דערנאָך האט זיא געזאגט מיט א מוטערליכען קול:

— און אזא שעהנע פרוי וויא דוא ביזט! איצט קען איך דיר דערצעהלען דיא גאנצע וואהרהייט, היינט אין דער פריה ווען איך האב צו דיר גערעדט פון טראָטואר, האָב איך געוואוסט, אז דאס איז געוועזען לאנטיע, וואס איז נעכטען ביי נאכט געקומען מיט אדעל. איך האָב זיין געזיכט ניט געזעהן, נאר איך האָב דערקענט זיין רעקיל. „מיין ראָשע' האָט איהם געהיט און האט איהם געזעהן, וויא ער איז ארונטערגעקומען אין דער פריה. נאר איך פערשטעה, אז ער איז געקומען נאר צו אדעל, ווייל צו ווירזשין קומט אן אנדער פערזאָן צוויי מאָל א וואָך.

זיא האָט זיך א ווייל אבגעשטעלט אום אבצוכאפּען דעם אטהעם. דאן האָט זיא געזאגט נאָך שטילער:

— זיי פאָרזיכטיג, זיא לאַכט פון דיר...... דיא הערצלאָזע קאַץ, איך וועל זיך וועטען, אז איהר היינטיגער וואָשען איז נאר געווען אַן אויסרייד צו קומען אהער. זיא ווייס גאנץ גוט, וואס דארטען טהוט זיך; זיא האָט זיי פריהער אליין בעגלייט און דערנאָך איז זיא אהער געקומען הערן, וואס וועסטו זאָגען.

זשערוויז האָט אַרונטערגענומען דיא הענד פון געזיכט און האט זיך ארומגעקוקט. ווען זיא האָט דערזעהן אז ווירזשין רעדט און לאַכט מיט אַ פאר פרויען האט זיא אַ ציטער געטהאָן פאר כעס. זיא האָט זיך אנגעבויגען מיט אויסגעשטרעקטע הענד, וויא זיא וואָלט עפּעס לאנגזאם געזוכט, דאן האט זיא אויפגעהויבען א גרויסען עמער מיט מו ענעס און האָט א גאָס געטהאָן אויף ווירזשין.

— מכשפה! אוועק פון מיר! האָט ווירזשין אויסגעשריען, אָבשפּרינגענדיג. דאס וואַסער האָט נאר פּערנעצט איהרע פּים.

אלע פרויען פון וואש הויז זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען און ארויפגעשפּרונגען אויף דיא אַרומיגע ביינק און האָבען זיך צוגעקוקט צו דער סצענע.

— יא, זיא איז אַ מכשפה! האָט וויעדערהאָלט ווירזשין. וואס וויל זיא דיא נאַר?

זשערוויז איז געבליבען שטעהן אונבעוועגט מיט אַ פערקרימטען געזיכט און אָפענע ליפּען, ווירזשין האָט פאָרטגעזעצט:

— וויא עס שיינט, איז איהר דאס דאָרף נמאס געוואָרען, נאר דאָך האָט זיא אַ פוס איבערגעלאָזען דאָרטען.

זיא האָט מיט דעם אנצוהערענים געגעבען, אז זשערוויז איז אַ קרומע. דיא פרויען אַרום האָבען געלאַכט. און ווירזשין האָט ווייטער גערעדט מיט א העכערען קול:

— קום צו אביסעל נעהענטער און איך וועל זיך מיט דיר אָברעכענען, פאר דיר וואָלט געווען פיעל גלייכער, ווען דוא וואָלסט פערבליבען אין דאָרף. נאר דוא האָסט נאָך מזל, ווען איין טראָפּען פון דיינע שמוציגע מולענעס זאל מיר געווען אַרויפשפּריצען אויפ'ן געזיכט, וואָלט איך דיך אַריבערגעלעגט איבער דיא קניע און גוט אויסגעשמיסען, וואס וויל זיא פון מיר? האָט זיא זיך געווענדט צו דיא צרשויער. זאל זיא מיר זאגען, וואס האָב איך איהר געטהאָן? זאג נאָר, וואס פאר א שלעכטס האָב איך דיר געטהאָן?

— שווייג בעסער, האָט זשערוויז געענטפערט שטיל. דוא ווייסט גאנץ גוט,

וואו מיין מאַן איז געבטען געווען ביי נאַכט. שווייג בעסער, ווארום עס וועט נעהמען א שלעכטער סוף: איך וועל דיך דערשטיקען.

— איהר מאַן! איהר מאַן, זאָגט זיא! האָט ווירזשין געזאָגט מיט א געלעכטער, דער דאַמע׳ס מאַן! אזוי וויא אזא פערזעהעניש קען האבען א מאַן. מיין שולד, וואס ער האָט איהר אוועקגעוואָרפען! וואס דענקט זיא, אז איך האָב איהם פון איהר אוועקגע׳גנב׳עט? דיא מאַדאם האָט פערלאָרען איהר — מאַן, און זיא וועט גוט בעפריעדיגען יענעם, וואס וועט איהר דעם מאַן ברענגען צוריק. זאָגט מיר, איז זיין נאָמען געווען אנגעשריבען ביי איהם אויפ׳ן שטערען?

דיא פרויען האָבען אַלע געלאַכט.

— דוא ווייסט זעהר גוט, האָט זשערוויז געענטפערט מיט א שטילען איינגעהאַלטענעם כעס. דוא ווייסט זעהר גוט. איך וועל דיין שוועסטער דערשטיקען.

— אָה, יאַ, האָט געענטפערט ווירזשין. דערשטיק איהר, אויב דוא קענסט, נאָר וואס האָב איך מיט דעם צו טהאָן? וואס קוקסטו אויף מיר אזוי? קען איך ניט וואשען מיין וועש רוהיג? לאָז, דוא האסט מיך שוין קראַנק געמאַכט.

דיא גרויסע ווירזשין האָט זיך אומגעקעהרט און האָט א פּאָר מאָל א בייזען קלאַפּ געטהאָן מיט פּראַלניק איבער׳ן גרעט און האָט דערנאָך איבער געזאָגט:

— יאַ, דאס איז מיין שוועסטער, זיי זיינען פערליעבט איינער אין צווייטען דוא האסט בעדאַרפט זעהן, וויא זיי האלזען זיך און קוסען זיך, ער האָט דיך מיט דיינע שמוציגע ממזרים אוועק געוואָרפען און ער האָט אונז דערצעהלט, אז דוא האָסט שוין אוועק געוואָרפען דריי קינדער פון דריי בעזונדערע פאָטערס. יאַ, דוא ביסט איהם שוין נמאס געוואָרען, דאס האָט ער אונז אויך געזאָגט.

— העסליכע נאַר! האָט אויסגעשריען זשערוויז בלייך פאַר כעס און האָט עפּעס גענומען זוכען צו וואַרפען איהר אין קאָפּ אריין, נאָר אזוי וויא זיא האָט קיין אנדער זאַך ניט געזעהען אויסער דעם עמער מיט דעם בלויען וואסער, האָט זיא איהם אויפגעהויבען און א גאָס געטהאָן אויף איהר.

זיא האָט איבערגעפיהרט מיין קלייד, האָט אויסגעשריען ווירזשין, זעהענדיג אז איהרע אַרבעל זיינען אין גאַנצען בלוי געוואָרען. וואַרט א ווייל! האָט זיא געזאָגט און געכאַפּט א צווייטען עמער און א וואָרף געטהאָן אויף זשערוויז.

דאן האָט זיך אָנגעפאנגען א שרעקליכער שטורעם, ביידע פרויען זיינען ארומגעלאָפען איבער'ן וואש־הויז און האָבען איינע אויף דער צווייטע אויסגעלע־דיגט דיא עמערס מיט וואסער. נאך יעדען גאָס פון איהר זייט האָט זשערוויז געשריען:

— וועט דאס שוין זיין גענוג פון דיינעטוועגען? וועט דאס דיך שוין אביסעל אָבקיהלען?

און ווירזשין האָט איהר געענטפערט:

— נא דיר! נא דיר! דיר וועט ניט שאדען צו האָבען א באָד כאָטש איין מאָל אין דיין לעבען!

ענדליך זיינען אַלע עמערס געוואָרען לעדיג און זיי האָבען אנגעהויבען אנצופילען נייע עמערס מיט וואסער. ווירזשין האָט אם מייסטען געקריגען מיט'ן וואסער אין געזיכט און דאס האָט איהר אין גאנצען צוטומעלט. ביי יעדען נייען גאָס האָט איהר נעדוכט, אז דער קאָפּ פאַלט איהר ארונטער. דאס קעמיל פון דיא האָר איז ביי איהר ארונטערגעפאלען און איהרע האָר האָבען זיך צולאָזט. זשערוויז האָט אם מייסטען געליטען פון דיא פיס, איהרע שיך זיינען געווען פול מיט וואסער און ביז דיא קניע איז זיא געווען דורכגעווייקט. באלד זיינען זיי ביידע אין גאנצען נאס געוואָרען און פון זיי האָט גערונען וויא פון א רעגען־שירעם נאך א שטארקען רעגען. דיא פרויען אין וואש־הויז האָבען זיך זעהר אמוזירט און האָבען אפּלאָדירט וויא אין א טהעאטער. דאס וואש־הויז איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין א טייך. פלוצים האָט ווירזשין דערזעהן א עמער מיט הייסע וואסער, זיא האָט דעם עמער א כאַפּ געטהאָן און א וואָרף געטהאָן אויף זשערוויז. דיא צושויער האָבען ארויסגעלאָזט א געשריי פון שרעק, זשערוויז איז נאר אבגעקומען דערמיט, וואס איהר פוס האָט זיך אביסעל אָבגעבריהט. אויסער זיך פאר ווייהטאָג האָט זיא געכאפּט א שווערען עמער און מיט'ן גאנצען כח א שליידער געטהאָן צו ווירזשין איבער דיא פיס, ווירזשין איז אנידערגעפאלען אויפ'ן באָדען.

— זיא האָט אויסגעבראָכען א פוס! האָט אויסגעשריען איינע פון דיא פרויען.

— זיא האָט דאס כשר פערדיענט! האָט געענטפערט א צווייטע. זיא האָט איהר געוואָלט אָבבריהען.

— זיא האָט רעכט! האָט געזאגט א דריטע, פאר וואס האָט זיא אָבגע־רעדט איהר מאַן.

מאדאם ראָשע איז געשטאנענן אן א זייט גוט פערשטעלט מיט עמערס און האָט געשריען און געמאכט מיט דיא הענד וויא א וואהנזיניגע. קלאָד און עטיען דערשראָקען ביז'ן טוידט האָבען זיך פעסט געהאלטען ביי איהר קלייד און האבען געוויינט און געשריען:

מאמא! מאמא!

זעהענדיג, אז ווירזשין איז אנידערגעפאלען, איז זיא צוגעלאָפען צו זשערוויי און האָט איהר געוואָלט אוועקשלעפען.

— קום, קום! האָט זיא געזאָגט, קום אוועק! דוא ביזט אזוי אויפגערעגט, אז גאָט וויים, וואס פאר אן ענדע דאס קען נעהמען.

נאר זשערווייז האָט איהר אָבגעשטופט, און ראָשע האָט זיך ווידער בעהאל־טען אונטער דיא עמערס מיט דיא קינדער.

ווירזשין האָט זיך פּלוצים א הויב געטהאָן פון דער ערד און זיך א וואָרף געטהאָן אויף איהר פיינד אויפ'ן האלז, וויא זיא וואָלט וועלען איהר דערווערגען. זשערווייז האָט איהר אבגעשטופט און אָנגעכאפּט איהר ביים אראָבהענגענדען צאָפּ און האָט איהם גענומען שלעפּען מיט אזא קראפט, וויא זיא וואָלט וועלען אראבגרייסען איהם מיט'ן קאָפּ צוזאמען.

דער קאמפּף האָט זיך אנגעהויבען פון דאס ניי, נאר איצט איז ער צוגע־גאנגען שטיל און אהן ווערטער, זיי האבען זיך געריסען און געדראַפּעט. ווירזשינ'ס קלייד איז געוועזן צוריסען פון האלז ביז דיא טאליע און האָט ארויסגעוויעזען דיא ווייסע לייב פון דעם אקסעל.

זשערווייז האָט פערלאָרען איין אָרבעל און איהר העמד איז געוועזן צופליקט, שטיקלאך קליידער זיינען געלעגען ארום און ארום, זשערווייז איז דיא ערסטע פער־וואונדעט געוואָרען, דריי לאנגע וואונדען פון דיא ליפּען ביז'ן האלז האבען געטריפט מיט בלוט. זיא האָט זיך געשלאגען מיט פערמאכטע אויגען אום ווירזשין זאל זיי ניט אויסקראצען, ווירזשין האָט נאך אלץ קיין וואונד ניט געהאט, פּלוצים האָט זשערווייז א כאפּ געטהאָן איהר אוירינגעל און האָט עס אראָבגעריסען, און בלוט האָט אָנגעהויבען צו גיסען.

— זיי וועלען איינע דיא צווייטע דער'הרג'ענען, האבען איינינע פרויען אויס־געשריען. צושיידט זיי!

דיא פרויען האָבען זיי ארומגערינגעלט און האָבען זיך צוטהיילט אין צוויא פּארטיעס. איין פּארטיע האָט נאך מעהר געזוכט אויפצורייצען דיא קעמפּפענדע,

TS.



און דיא צווייטע האָבען אבגעקעהרט דיא קעפּ און געזאגט, אז זיי קענען דאס ניט צוזעהן. עס האָט געשיינט, אז א געמיינשאפטליכע מלחמה האלט ביים אויס־ברעכען, מאדאם ראָשע האָט געשריען:

— שארל! שארל! וואו איז ער הינגעקומען?

ענדליך האָט זיא איהם דערזעהן, ער איז געשטאנען מיט צונויפגעלעגטע הענד און האָט מיט פערגניגען צוגעקוקט צו דער סצענע, דערקענענדיג וואס פאר א שפּאס עס וועט זיין, ווען דיא פרויען וועלען איינע ביי דער צווייטע אין גאנצען ארונטעררייסען דיא קליידער און זיי וועלען זיך שלאָגען נאקעט.

— אזוי! דוא שטעהסט דא? האָט אויסגעשריען מאדאם ראָשע, ווען זיא האָט איהם דערזעהן. קום, און העלף מיר פערנאנדערצורייסען זיי, אז ניט, טהו דאס אליין.

— איך דאנק אייך, איך האָב גאר קיין אנדער ארבייט ניט, האָט ער גע־ענטפערט רוהיג. איך האָב א קנאפּען חשק צו לאזען זיי ארויסקראצען מיר דיא אויגען. איך בין ניט אויף דעם אָנגעשטעלט געוואָרען, לאָזט זיי צורוה, זיי וועט ניט שאדען ארויסצולאָזען אביסעל פון זייער הייסען בלוט.

מאדאם ראָשע האָט געזאגט, אז זיא וועט ברענגען דיא פּאָליציי, נאר דיא ווירטהין פון וואש־הויז האָט איהר פערהאלטען און געזאגט:

— ניין, ניין, איך וויל עס ניט, דאס וועט שאדען מיין געשעפט.

ביידע פרויען זיינען שוין געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד, פּלוצים האָט זיך ווירזשין אויפגעשטעלט אויף דיא קניע, האָט געכאפּט א פּראלניק און האָט זיך פערמאָסטען. איהר שטימע איז געווען הייזעריג:

— דאס וועט פאר דיר זיין אזוי גוט, וויא פאר דיין שמוציגען גרעט.

זשערוויז אבער איז אויך אויפגעשפּרונגען אויף דיא קניע און געכאפּט א צווייטען פּראלניק און האָט געענטפערט אויך מיט א הייזעריגער שטימע:

— איך וועל דיר אזוי אויסקלאפּען, וויא מיין האנד־טוך.

זיי זיינען געשטאנען איינע געגען דער אנדערע אויף דיא קניע מיט אָנגע־בלאָזענע געזלעבער און פערלאָפענע אויגען, דאן האָבען זיי ביידע א שטארקען אטהעם געטהאָן, זשערוויז האָט דיא ערסטע א קלאפּ געטהאָן ווירזשין איבער דיא אָקסלען און האָט זיך אָנגעבויגען, אום אויסצומיידען איהר קלאפּ, דאך האָט דאס איהר געטראָפען אין דיא היפטען. נאכדעם האָבען זיי זיך אנגעהויבען צושלאָ־גען מיט געצעהלטע קלעפּ, אזוי וויא וועשענס קלאפּען דאס גרעט.

דיא פרויען ארום האָבען אויפגעהערט צו לאַכען, איינינע פון זיי זיינען אוועק זאָגענדיג, אז זיי פיהלען זיך ניט גוט. דיא וואס זיינען פערבליבען, האָבען בעאָב־אַכטעט דיא סצענע מיט שלעכטע ברענענדיגע אויגען, מאדאם ראַשע האָט דיא קינדער אוועקגעשלעפט אין צווייטען עק צימער, פון וואנען עס האָט זיך געהערט זייער הערצרייסענדער יאָמער דורך דיא שטומפּפע קלעפּ פון דיא פּראַלניקעס. פּלוצים האָט זשערוויז אַרויסגעלאָזט א געשריי. ווירזשין האָט איהר א זעץ געטהאָן איבער'ן נאַקעטען עלענבויגען און עס האָט אנגעהויבען שטארק געשוואָלען צו ווערען. זיא האָט זיך א וואָרף געטהאָן אויף ווירזשין, איהר געזיכט איז געוועזן אזוי שרעקליך, אז דיא צושויער האָבען אויסגעשריען:

— נענוג, נענוג!

מיט איבערמענשליכען כח האָט זיא א כאַפּ געטהאָן ווירזשין ביי דער טאַליע, האָט איהר געזיכט צוגעבויגען צו דיא שטיינערנע דילען און ניט קוקענדיג אויף איהר וואָרפען זיך, האָט זיא איהר אויפגעהויבען אלע קליידלאך און ארויסגעווי־זען איהר ווייסען נאַקעטען לייב, דאָ האָט זיא מיט'ן פּראַלניק אנגעהויבען איהר צו שמייסען אזוי וויא זיא פלעגט א מאָל קלאַפּען דאס גרעט ביים טייך אין דאָרף.

יעדער קלאַפּ פון פּראַלניק איז געפאלען אויפ'ן ווייכען לייב מיט א שטומפּ־פען גערויש און האָט איבערגעלאָזט א רויטען פלעק.

— אָ־אָ! האָט שארל געמורמעלט און זיינע אויגען זיינען איהם שיער ארויס־געשפּרונגען פון קאָפּ.

דיא פרויען האָבען ווידער געלאַכט. נאָר באַלד האָט זיך געהערט דאס געשריי פון דאס ניי:

נענוג! נענוג!

זשערוויז האָט גאָר ניט געהערט, זיא האָט געשיינט צו זיין אין גאַנצען פערטיעפט, וויא זיא וואָלט געהאַלטען ביים ענדיגען א געטהיגע ארבייט און האָט צוגעזונגען מיט א זע־טזאמען פריילּיכען טאָן א ליעדעל פון איהר קינדהייט, און אין מיטען האָט זיא איהר זינגען איבערגעריסען, זאָגענדיג:

— דאס איז דיין חלק! דאס איז דיין שוועסטער'ס חלק! דאס איז לאַנטיע'ס חלק! און איצט וועל איך אנהויבען פון דאס ניי: דאס איז לאַנטיע'ס חלק! דאס איז דיין שוועסטער'ס חלק! און דאס איז דיין חלק!

און זיא האָט ווייטער צוגעזונגען.

ענדליך האָבען דיא ווייבער ארויסגעריסען ווירזשין פון איהרע הענד. דיא הויבע ברונעטע איז ווײנענדיג און בליפענדיג און רויט פון שאנדע ארויסגעלאָפען פון וואש־הויז. זשערוויז איז געבליבען דיא זיעגערין, זיא האָט רוהיג צורעכט גע־מאכט איהר קלייד, אויף וויא פיעל זיא האָט געקענט און אזוי וויא זיא האָט מיט איהר האנד מעהר ניט געקענט ריהרען, האָט זיא געבעטען מאדאם ראָשע זיא זאָל איהר ארויפלעגען דאס פעקעל גרעט אויף דיא אָקסלען.

דיא אלטע פרוי האט דערביי צו איהר געזאָגט:

— דוא דארפסט אריין צו א דאָקטאָר, ער זאָל זעהן, אויב בייא דיר איז עפּעס ניט צובראָכען איך האָב געהערט עפּעס א אונגעוועהנליכען קלאפּ.

נאר זשערוויז האָט גאר ניט געהערט, אזוי וויא זיא האָט אויך ניט גע־הערט דיא גראטולירונג פון דיא פרויען, זיא איז געשווינד אוועק צו דער טהיר, וואו דיא קינדער האבען אויף איהר געוואַרט.

זשערוויז האָט פערבראכט אין וואש־הויז צוויי שטונדען און זיא האָט גע־דארפט איינצאהלען צוויי סו. זיא איז ארויס פון וואש־הויז שטארק הינקענדיג אונטער'ן שווערען לאסט פון דעם גרעט. פערוואונדעט און צובלוטיגט איז זיא געגאנגען איבער'ן גאס און דיא ווײנענדיגע קינדער זיינען איהר נאָכגעגאנגען. זיא האָט זיך קוים געקענט איינהאלטען פון טרערען, זיא האָט געהאט דורכצוגעהן א לאנגען, דומפּפען דורכגאנג און דער שלעכטער גערוך פון דאָרטען האָט איהר דערמאָנט, אז מיט צוויי וואָכען צוריק איז זיא דעם זעלבען דורכגאנג דורכגעגאנגען צוזאמען מיט לאנטיע.

וואס פאר א שרעקליכע צוויי וואָכען דאס זיינען געוועזען! פול מיט קריעג און רייסעריי, דיא ערינערונגען פון וועלכע וועלען פאר איהר שטענדיג זיין א קוואל בעדויערען און ביטערניס.

איהר צימער אין האָטעל איז געוועזען לעדיג, דיא ליכטיגע זון, וואס האט אין איהם אריינגעשיינט האָבען געמאכט זיין אויסזעהן נאך טרויעריגער און ארעמער. אויסער'ן צובראָכענעם מעבעל איז קיין זאך אין צימער ניט געבליבען, אויך איז נאָך פערבליבען א פרויען־שאל הענגען אויף א נאָגטל, דאס קינדערשע בעט איז געוועזען ארויסגעשלעפּט אין מיטען צימער, דיא שופלאָדען פון קאמאָד זיינען געוועזען ארויסגעצויגען און לעדיג. לאנטיע האָט זיך פאר זיין אוועקגאנג ארומגעוואשען און האט אויסגעניצט דיא לעצטע ביסעל פּאָמאדע. דיא שמוציגע וואסער איז נאך געשטאנען אין שיסעל. ער האָט קיין זאך ניט פערגעסען. ער האט אפילו מיטגע־

נומען דאס קליין שפיענעלע. מיט א פארגעפיהל פון אונגליק האט זיא א קעהר געטהאן דעם קאפ א קוק טהאן, וואו זיא פלעגט לעגען דיא צעטלאך פון לאמ־בארד — דיא רויטע פאפירלאך זיינען אויך פערשוואונדען געווארען.

זיא האט אווארף געטהאן איהר בינטעל גרעט אויפ'ן בענקיל און איז גע־שטאנען וויא פון דונער געטראפען אין מיטען שטוב און האט אפילו ניט געקענט וויינען. דיא קינדער האבען שוין אלעס פערגעסען, זיי זיינען געשטאנען ביים פענסטער און האבען געלאכט. זיא איז צו זיי צוגעגאנגען און האט ארויפגעלעגטביידע הענד אויף זייערע קעפלאך און האט ארויסגעקוקט אין גאס.

יא, דא אין גאס וועט מען באלד ארויסווארפען איהר און דיא קינדער. זיא האט נעקוקט רעכטס און לינקס מיט א געפיהל פון שרעק, אזוי וויא זיא וואלט פון היינט אן דארפען פערברענגען איהר לעבען אין א האספיטאל.

---

## .II

מיט דריי וואכען שפעטער, ארום האלב נאך עלף אין דער פריה האט־בען זשערוויז און קאפע נענעסען פערצוקערטע בראנפען־קאנפעקטען אין דער „אסעמואר."

קאפע האט איהר נעזעהן דורכנעהן מיט איהר בינטעל גרעט און האט איהר אריינגעשלעפט אין דעם שענק. איהר גרויסער קארב איז געשטאנען אויף דער ערד אונטער'ן טישעל, וואו זיי זיינען ביידע געזעסען.

פאטער קאלאמ'ס שענק איז נעווען בעקאנט אונטער'ן נאמען אסעמואר און האט געטראגען א שילד מיט איין איינציג ווארט אין לאנגע בלויע אותיות „דיסטילארנע." ביי דער טהיר זיינען געשטאנען בלומען־טעפ, דיק בעדעקט מיט שטויב. דער בופעט איז נעווען אנגעשטעלט מיט גלעזער און גלעזלאך און ארום צימער זיינען געשטאנען גרויסע פעסער געפארבט אין געלען מיט שיינענדיג־קופערנע רייפען. דיא הויכע פאליצעס זיינען געווען אנגעשטעלט מיט אלערליי קאלירטע פלעשער און סלאעס פול מיט פרוכטען. און דאס אלעס האט זיך אבגעטונקט אין גרויסען שפיעגעל איבער'ן בופעט.

נאר אם מייסטען האט אהער צוגעצויגען דיא שכורים דעם אפאראט צו דיסטילירען דעם בראנפען. דער אפאראט איז געשטאנען אין עק צימער ארומגע־צאמט מיט אן אייזערנעם צאם, אויף וועלכען דיא שכור'ע ארבייטער פלעגען זיך

אנשפארען און ניט אראבנעהמען דיא אויגען פון דעם אפאראט, וואס האט אויס־
געזעהן וויא דעם טייוועל'ס קיך.

אין דיעזער פריהיגער שטונדע איז דער שרעק געוועזן פוסט. א פעטער מאן,
דער ווירטה אליין, האט אנגעגאסען פאר פיער סו בראנפען, וואס א קליין מיידעל
איז געקומען קויפען. דיא זון האט אריינגעשיינט דורך דיא אפענע טהיר און דיא
שטראהלען האבען זיך געלעגט אויף דער ערד, וואס איז געוועזן שווארץ פון דעם
שפייען פון דיא מענער ביי זייער רויבערען. פון דעם בופעט, פון דיא פעסער
פון דעם גאנצען צימער האט זיך אויפגעהויבען א אלקאהאלישער גערוך, וואס
האט געשיינט צו פעדשיכרען אפילו דיא קליינע שטויבעלאך, וואס האבען זיך
געזעהן פאר דער זון.

דערווייל האט קאפע צונויפגעדרעהט א נייעם פאפיראס. ער איז געוועזן זעהר
נעט און ריין אין זיין בלוזע און בלויע היטעלע און האט ארויסגעוויעזען זיינע ווייסע
צייהן ביים שמייכלען. ער האט געהאט פיינע ברוינע אויגען און א געזיכט פון א
גליקליך קינד און א גוטמוטהיגע בעשעפניס. זיינע האר זיינען געוועזן דיק און גע־
קרייזעלט, זיין לייב איז נאך אלץ געוועזן איידעל, ווייל ער איז אלט געוועזן ניט
מעהר וויא זעקס און צוואנציג יאהר. נעבען איהם איז געזעסען זשערוויז אין א
שווארצען קלייד און האט געגעסען דיא פרוכט, וואס זיא האט געהאלטען ביים
שטעקעלע. קאפע האט אנגעצונדען זיין פאפיראס, האט ביידע הענד ארויפגעלעגט
אויפ'ן טיש און האט א קוק געטהאן אויף איהר, ניט רעדענדיג קיין װארט. איהר
געזיכט איז געוועזן אזוי דעליקאט דורכזיכטיג וויא פארצעליי. ענדליך האט ער גע־
זאגט מיט א שטילען קול, וויא ער וואלט פארטגעזעצט א לאנג אנגעהויבענעם
געשפרעך:

— אזוי, דוא זאגסט מיר אב? איז דאס ביי דיר פעסט בעשלאסען אז
ניין?

— געוויס, הערר קאפע. אנדערש טאר עס ניט זיין, האט זשערוויז געענט־
פערט מיט א שמייכעל. איהר ווילט דא אנהויבען פון דאס ניי? איהר האט דאך
מיר צוגעזאגט, אז מעהר וועט איהר מיט מיר דערפון ניט רעדען. ווען איך וואלט
וויסען, וואלט איך אהער ניט אריינגעקומען.

ער האט ניט געענטפערט און האט נאר געקוקט אויף איהר מיט ווייכע
אויגען און טויעדיגע ליפען. זיא האט אויף איהם אויך א פריינדליכען קוק געטהאן
און האט געזאגט:

— דוא דארפסט פון אזעלכע זאכען ניט דענקען. דאס איז זעהר נאַרעש, איך בין אן אלטע פרוי און האָב שוין אַ קינד פון אכט יאהר. וואס ווע‍לען מיר צוזאמען טהאָ ?

— דאס זעלבע וואס אנדערע טהוען, האָט קאָפּע געענטפערט מיט אַ ווינק.

זיא האָט אַ ציה געטהאָן מיט דיא אַקסלען און געזאגט:

— איהר ווייסט נאָך גאר ניט דערפון, איך אבער האָב שוין געהאט אביסעל פראקטיק. איך האָב צוויי מיילער אין הויז און זיי האבען אן אויסגעצייכענטען אפּעטיט. וויא וועל איך ערציהען מיינע קינדער, ווען איך וועל מיין צייט פערברענגען אין נארעשקייטען ? אויסער דעם האָט מיך מיין אונגליק אנגעלערנט, אז וואס ווענינער איך וועל האָבען צו טהאָן מיט מענער, וועט זיין בעסער.

דאן האָט זיא אנגעהויבען אויסצורעכענען אלעס, וואס זיא האָט געהאט געגען הייראט און עס איז געוועזן לייכט ארויסצוזעהן, אז זיא האָט איהרע ווערטער גוט בעטראכט. קאָפּע האָט איהר רוהיג אויסגעהערט, זאגענדיג פון צייט צו צייט.

— דוא טהוסט מיר וויה, דוא טהוסט מיר וויה......

— יא, איך זעה עס. האט זיא געענטפערט, און דאס טהוט מיר ווירקליך לייד פאר אייך. ווען איך זאל דענקען אנהויבען צו פיהרען אן אנדער לעבען, וואָלט איך בעסער אויסגעקליבען אייך איידער אן אנדערן. איהר האָט אַ קוק פון אַ גוטען מענשען, נאר צו וואס זאָלען מיר דערפון רעדען? איך ארבייט שוין ביי מאדאם קאָמפּאַניע צוויי וואָכען; דיא קינדער געהן אין שוהלע און איך בין גליקליך, וואס איך האָב געננג ארבייט. זעהט איהר דען ניט, אז אזוי איז בעסער?

און זיא האָט זיך אנגעבויגען אויפצוהייבען איהר קאָרב מיט דיא וועש

— איהר האָט מיך דא פערהאלטען און ביי מיין ווירטהין וואַרט מען אויף מיר, איהר וועט געפינען אן אנדערע פרוי, הערר קאָפּע, אַ פיעל שעהנערע פון מיר און וואס וועט ניט האבען צוויי קינדער צו ערציהען.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער און האָט איהר געצוואונגען ווידער צו זעצען זיך.

— אייל ניט, האָט ער געזאגט, עס איז נאָך ערסט פינף און דרייסיג מינוט נאָך עלף און איך האָב נאָך פינף און צוואנציג מינוט צייט. האָב קיין מורא ניט פאר

מיר, דער טיש שטעהט צווישען אונז. האסטו דען מיך אזוי פיינד, אז דוא ווילסט מיט מיר א ווארט ניט אויסרעדען?

זיא האט ניט געוואָלט זיך ווייזען גראב. האט צוריק אנידערגעשטעלט דעם קאָרב און זיי האבען פ רטגעזעצט זייער געשפרעך אין א פריינדליכען טאָן, און זיא האט דערווייל ארויסגעקוקט פון פענסטער.

דיא נאס איז געווען לעבעדיג און דיא ארבייטער זיינען געגאנגען צו זייער מיטאג, אייניגע האבען געטראגען לעבלאך ברויט אונטער'ן ארם, פון בעקער, אנדערע האבען געקויפט קארטאָפעל און נאך אזעלכע מאכלים אין א צווייטען קליי־טעל. דיא מיידלאך זיינען פון דאָרטען ארויס מיט געפרעגעלטע קארטאָפעל איינגעוויקעלט אין פאפירלאך און מיט בינטלאך רעטעכלאך. אין דעם ביליגען רעסטאָראַן וואו מען האט געקענט קריגען א מיטאג פאר פינף סו, האט זיך דיא טהיר ניט פערמאכט. פון דיא ווארשט־קראָמען זיינען געלאָפען קינדער מיט ווארעמע ווארשט־לאך און קאטלעטען איינגעוויקעלט אין פאפירלאך. א גרופע ארבייטער איז צו־געקומען צו דער טהיר פון דעם שענק.

— זאג, ביבי גרילאד, האט זיך געהערט א קול, ווערסטו הייסען אונז אלעמען טראקטירען?

פינף ארבייטער יינען אריין אין שענק און דער זעלבער קול האט ווייטער גערעדט:

— נאר נאר ניט, פאטער קאָלאָם, גיב א ריכטיגע מאָס.

אין שענק זיינען דערווייל אנגעקומען נאך בעזוכער.

— דוא האסט קיין רעכט ניט צו פרעגען אזעלכע פראגען, האט זשערוויין געזאָגט צו קאָפע, געוויס האב איך איהם געליעבט, נאר נאכדעם וויא ער האט מיך בעהאנדעלט אזוי אונמענשליך און אוועקגעוואָרפען......

זיי האבען גערעדט פון לאנטיע. זשערוויין האט איהם שוין מעהר ניט גע־זעהן, נאר זיא האט געדענקט, אז ער לעבט מיט ווירזשיני'ס שוועסטער......

אנפאנגס האט זיא געדענקט צו נעהמען זיך דאס לעבען, נעהן זיך טרינקען, נאר באלד איז זיא געקומען צו זיך און זיא האט געגלויבט אז אלעס איז געווען צום גוטען, ווייל מיט לאנטיע וואָלט זיא קיין מאל ניט געקענט זיין א מוטער צו איהרע קינדער איבער זיינע פערשווענדערישע געוואוינהייטען.

ער קען קומען און זעהן דיא קינדער, אז ער וויל, זיא וועט איהם דיא

מהיר נים וויזען, נאר אויף איהר זאָל ער נים וואגען ארויף צו לעגען א פינגער.

זיא האט דיא ווערטער געזאגט מיט דעם טאָן פון אן ענטשלאָסענע פרוי. קאָפּע האָט איהר אויסגעפרעגט נים זעהר איידעל, אבער ער האט דאס גע־טהאן מיט אזעלכע שמייכלענדיגע אויגען, אז זיא האט נים געקענט ווערען אין כעס אויף איהם.

— פלעגסטו איהם שלאָגען? האָט ער ענדליך געפרעגט. אהה, איך ווייס, אז דוא ביזט נים צו פריינדליך! צייטענווייז קענסטו זעהר פיין אויספּאטשען א מענשען, האָב איך געהערט.

זיא האָט זיך שטארק צולאכט.

— יא, דאס איז אמת, איך האָב דיא גרויסע ווירזשין אויסגעשמיסען. יענעם טאָג האָב איך געקענט אבי ווען דערשטיקען.

הערענדיג פון קאָפּע, אז ווירזשין איז פאר שאנדע אנטלאָפען פון דעם קוואר־טאל, האָט זיא זיך פון דאס ניי צולאכט.

זשערוויז האָט ביים לאכען געהאט א זיס קינדערש געזיכט. זיא האָט אויס־געשטרעקט איהרע שלאנקע הענד און געזאגט, אז זיא וואָלט נים אָנגעריהרט א פליג אן וואנד, אלעס וואס זיא ווייס פון קלעפּ איז דאס, וואס זיא האָט זיי פיעל געקריגען אין איהר לעבען. דאן האָט זיא דערצעהלט פון איהר יוגענד. זיא איז קיין מאָל נים געווען לייכטזיניג, און מענער זיינען איהר אין זינען נים געלעגען. ווען זיא איז זיך צוזאמענגעקומען מיט לאנטיע איז זיא קוים אלט געווען פיערצעהן יאהר און זיא האָט איהם בעטראכט אלס איהר מאן. איהר איינציגער חסרון איז געווען וואס זיא האָט זיך שטארק צוגעלאָזט צו מענשען און האט זיך געלאָזט טרעטען פון זיי. ווען זיא ז״ל נאך א מאָל חתונה האבען, וואָלט זיא וועלען פיהרען א רוהיג לעבען אָהן דיא אלע נארעשסייטען; און ווען קאָפּע האָט איהר מיט א ווינק געפרעגט, צו זיא רופט נים איהרע קינדער נארעשקייטען, האט זיא איהם געגעבען א קלאפּ און געזאָגט, אז זיא איז נים בעסער פון אלע פרויען. זיא איז געראָטהען אין איהר מוטער, וואס אין מעהר וויא צוואנציג יאהר געווען א שקלאָף ביי איהר ברוטאלען פאָטער.

— אפילו דאס וואס איך הינק צו האָב איך צו פערדאנקען......

קאָפּע האָט איהר איבערגעשלאגען און געזאגט, אז מען קען דאס קוים בעמערקען.

— אה, מען בעמערקט עס גוט, האט זיא געזאגט, און ווען איך וועל אלט זיין פערציג יאהר וועט זיך דאס גוט ארויסזעהן. איהר האט א זעלטזאמען געשמאק צו פערליעבען זיך אין א פרומע פרוי, האט זיא געזאגט ווייך מיט א שוואכען שמייכעל.

ער האט איהר ווייטער אָנגעהויבען צו בעטען, נאר זיא האט אלץ געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, קוקענדיג אויף דער גאס, וואס איז געווען פול מיט ארבייטער, וועלכע האבען זיך געשטופּט וויא חדר־איינגלאך און געקלאפּט מיט זייערע שווערע טריט איבער'ן טראָטואר.

דיא גלאָקען און דיא פאבריקען האבען געקלונגען, נאר דיא ארבייטער האָבען זיך ניט געיאָגט און האבען רוהיג גערויכערט דיא פּיפּקעס און מיט שלעפּעדיגע טריט געגאַנגען צו דער ארבייט. זשערוויז'ס אויגען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דריי מענער וואס זיינען צונעקומען צום שענק.

— איך קען זיי, האָט געזאָגט קאָפּע, אדער ריכטיגער געזאגט, איך קען דעם הויכען. דאס איז מע־באָט, מיינער א פריינד.

— גוט מאָרגען! האָט געזאָגט דער הויכער און א קלאפּ געטהאָן קאָפּע איבער'ן אקסעל. וואס פאר א פראַנט דוא ביזט געוואָרען! ווער צאהלט דאס פאר דיינע פּאַפּיראָסען, פאר דיא נעפּרעסטע בלוזע? איך וואָלט זיך וועלען מיט איהר בעקאָנען.

— זיי ניט קיין נאר, האָט קאָפּע געענטפערט ערגעריך.

— הא, איך פערשטעה, פאר'ן קלוגען איז א ווינק גענוג, האָט דער הויכער געזאָגט און האָט א דורכדרינגענדען בליק געוואָרפען אויף זשערוויז. זיא האט א ציטער געטהאָן און האָט זיך איינגעצויגען.

דער רויך פון טאבאק און דער גערוך פון מענשליכע קערפּערס, וואס האָט זיך אויסגעמישט מיט'ן גערוך פון אַלקאָהאָל איז געווען ניט אויסצוהאלטען. עס האָט איהר אנגעהויבען צו שטיקען אין האלז און זיא האָט זיך צו הוסט.

— אוי, טרינקען איז א שרעקליכע זאך! ה ט זיא שטילערהייד געזאגט צו קאָפּע און האָט איהם דערצעהלט, אז מיט יאהרען צוריק האט זיא מיט דער מוטער א מאל געטרונקען בראנפּען און דאס האט איהר אזוי קראנק געמאכט, אז פון דאמאלס אן קען זיא דעם ריח דערפון ניט הערען. קאָפּע האָט אויך ניט געקענט פערשטעהען, וויא אזוי א מענש קען ארייננייסען אין זיך איין גלאָז בראנפּען נאָכ'ן צווייטען.

געצוקערטע בראנפען־פרוכטען זיינען ניט שלעכט. נאר אבסינט און דיא אנדערע פאסקודסוועטס ריהרט ער קיין מאָל ניט אָן. זיינע קאמעראַדען מענען פון איהם לאכען פיעל זיי וויכען, נאר ער בלייבט שטענדיג אין דרויסען, ווען זיי קומען אהין אין שענק טרינקען זיין פאָטער, וואס איז אויך געווען א בלעכער, איז איין טאָג ארונטער געפאלען פון א דאך, וועהרענד ער איז געווען שכור, און איז דער־הרג׳עט געוואָרען, דיא עראינערונג וועגען דעם מאכט איהם זעהר פאָרזיכטיג. ווען ער געהט דורך דיא גאס, וואו זיין פאָטער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, טראכט ער אז ער וועט בעסער טרינקען דאס וואסער פון רינשטאק, איידער בראנפען אין שענק.

— דוא זעהסט, האט ער פערענדיגט זיין ערצעהלונג, ביי מיין ארבייט דארף מען האָבען א קלאָרען קאָפּ און א זיכערען טראָט.

— גאָט ווייס דעם אמת, האָט זיא געזאָגט פערטראכט, כאָטשע איהרע ווערטער האָבען ניט געהאט צו טהאָן מיט זיין ערצעהלונג. גאָט ווייס, אז איך פערלאנג ניט פיעל; איך וואָלט נאָר געוואונשען צו לעבען רוהיג, האבען גענוג צו עסען און א פיינע דירה, און ערציהען מיינע קינדער פאר גוטע און ארבייטזאמע מענער, אבער איך וואָלט ניט וועלען אז מען זאל מיך שלאָגען, פאר קיין געלד ניט.

זיא האָט זיך א רגע אבגעשטעלט און געזאגט ווייטער:

יא, און שטארבען וואָלט איך געוואונשען אין מיין אייגענעם היים און מיין אייגענעם בעט.

זיא האָט אוועק גערוקט איהר בענקעל און האָט זיך אויפגעהויבען. נאר זי זיינען נאָך ניט אוועק געגאנגען. זיא האָט נאָך בעקוקט דעם אפּאראט צו דיס־טילירען. און קאָפּע האָט איהר ערקלערט אלע אייגצעלהייטען, וויא דאס ארבייט. מע־באָט איז דורכגעגאנגען מיט זיינע צוויי קאמעראַדען און זיי האבען זיך אויך אבגעשטעלט צו קוקען אויפ׳ן אפּאראט.

— אויף מיין עהרענוואָרט, האָט ער געזאָגט, דאס איז א פריילינבע מאַ־שינקע. עס האָט אין זיך גענוג בראנפען אָבצופרישען אונזערע העלזער פאר א גאנצע וואָך.

פאר זיך וואָלט ער קיין בעסערע זאך ניט געוואונשען, וויא צו האלטען דעם רעהר אין מויל און פיהלען וויא דער בראנפען גיסט זיך גלייך אין האלז אריין און הערען וויא ער קומט צו ביז דיא קנעבלאך פון דיא פיס.

דער אפאראט האָט געאַרבייט שטיל אבער זיכער. דער בראנפען האָט גע־טריפט אהן אויפהער און האָט דערמאָנט אָן א שטענדיגען שטראָם, וואס וועט מיט דער צייט פערגיסען דאס גאנצע צימער, וועט פערפלייצען די גאסען און בולווארען און ענדליך פערטרינקען גאנץ פּאריז.

זשערוויז האָט א ציטער געטהאָן און אבגעצויגען זיך אהינטער. זיא האָט געוואָלט א שמייכעל טהאָן, נאר איהרע ליפּען האָבען געציטערט, ווען זיא האָט געמורמעלט:

— דיא מאשין שרעקט מיך...... מיר ווערט קאַלט ווען איך זעה דאס אָנ־אויפהערליכע טריפען.

דאן האָט זיא זיך אומגעקעהרט צו איהר אידעאַל פון גליק.

— זאָג, דענקסטו ניט, אז עס וואָלט געווען א גרויסער פערגניגען צו אר־בייטען און האָבען גענוג צו עסען, צו האבען אן אייגענע היים צו ערציהען קינדער און שטארבען אין אן אייגענע בעט?

— און דער מאן זאָל ניט שלאָגען, האָט איהר קאָפּע דערמאָנט. נאר איך זאג דיר צו, אז איך וועל דיר קיין מאָל ניט שלאָגען, אויב דוא וועסט איינווילליגען אויף מיין פאָרשלאַג. איך וועל דיר אויך צוזאָגען, אז איך וועל קיין מאל ניט טרינקען, ווייל איך האָב דיר צו שטארק ליעב.

איצט האט זיא ניט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין, זיא האָט אויף איהם געקוקט מיט א צערטליכען בליק און האָט זיך געשיינט צו פרייהען דערמיט, וואס ער האָט איהר פערזיכערט, אז ער וועט ניט טרינקען ענדליך זיינען זיי פון שענק ארויסגעגאנגען.

זיא האָט אָבגעצויגען דעם אָטהעם פרייער און געזאָגט:

— דא קען מען כאָטש אבאָטהעמען. איך דאנק אייך פאר אייער פריינד־ליכקייט, הערר סאָפּע, איך מוז שוין געהן.

נאר ער האָט שטייף געהאלטען איהר האנד און געזאָגט:

— קום מיט מיר אביסעל, דיר וועט ניט זיין פיעל ווייטער. איך מוז זיך אבשטעלען ביי מיין שוועסטער איידער איך געה צוריק צו דער ארבייט.

זיא האָט איהם נאכגעגעבען און זיי זיינען לאנגזאם געגאנגען צוזאמען. ער האָט איהר דערצעהלט פון זיין פאמיליע. זיין מוטער, א נייטעריןן, איז דיאווירטהין. צוויי מאָל האָט זיא שוין געדארפט אויפגעבען איהר ארבייט צוליעב איהרע שוואכע אויגען. פריהער מיט א מאָנאט איז זיא אלט געוואָרען צוויי און זעבציג יאהר און

ער איז איהר מוזיניק. איינע פון זיינע שוועסטער לעבא, אן אלמנה איז א בלומענ־מאכעריו און וואוינט אונמער דער שטאדט; א צווייטע איז אלט דרייסיג יאהר, האט חתונה געהאט פאר א גאָלד־שמיד, איהר מאנס נאמען איז לאָרילע, און איצט געהט ער דאס צו זיי. ער עסט ביי זיי אבענד־ברויט, ווייל דאס איז פיעל עקאָנאָמישער פאר אלעמען און איצט געהט ער זיי זאָגען, אז זיי זאָלען היינט אויף איהם ניט ווארטען, ווייל ער עסט מיט א גוטען פריינד.

זיא האָט איהם אָנגעהויבען אויסצופרעגען, וויא לאנג דענקט ער נאך צו ארבייטען ביים נייען האָספּיטאל.

— איך דענק, אז דאָרטען וועל איך האבען ארבייט א גאנץ יאהר איבער־הויפּט פעהלט מיר גאר קיין מאל ניט קיין ארבייט. ווייסטו, אז איך קען פון דאך זעהן דיין וואוינונג? נעכטען האָב איך צו דיר געמאכט מיט דער האנד, ווען דוא ביזט געשטאנען ביים פענסטער, נאר דוא האסט מיך ניט געזעהן.

— דאס איז דאס הויז, האט ער געזאגט, אבשטעלענדיג זיך און ארויפקוקענדיג. איך בין געבאָרען געוואָרען א פּאר טהירען פון דאנען, דאס איז א שרעק־ליך גרויסע הויז.

זשערוויז האט בעקוקט דאס הויז פון אויבען ביז אונטער, דאס הויז איז ווירקליך געווען זעהר גרויס, פינף שטאָק הויך מיט פופצעהן פענסטער אין יעדען שטאָק. דיא לאָדען זיינען געווען שווארץ און אין פיעלע ערטער צובראָכען און דאס האט געגעבען דעם הויז א טרויריג אויסזעהן. פיער קלייטען האבען זיך גע־פונען אין דעם אונטערסטען עטאזש. אין דער רעכטער זייט איז געווען א קיך, וואו מען האט פערקויפט געקאָכטעס עסען, אין דער לינקער זייט האט מען פער־קויפט האליץ־קויהלען. און דיא איבעריגע צוויי האט מען פערקויפט נאָדלען און בענדער און נעמאכט שירעמס. דאס הויז האט אויסגעזעהן נאך העכער, וויא עס איז געווען צוליעב צוויי ניעדריגע געביידען, וואס זיינען געווען צו איהם וויא צוגע־וואקסען פוןביידע זייטען, דאס הויז האט ניט געהאט קיינע בעפּוצונגען און עס האָט דערמאָנט אן א געפענגניס.

זשערוויז האט אריינגעקוקט דורך דעם ברייטען אריינגאנג, פון וואנען עס האט זיך געזעהן א גרויסע הויף.

— סום ארויף! האט געזאגט קאָפּע זיי וועלען דיך ניט אויפעסען.

זשערוויז האָט בעשלאָסען בעסער צו ווארטען אויף איהם אין גאס, נאר

באלד האט זיא איינגעוויליגט צו געהן מיט איהם צום צימער פון דער טהיר־שליסער.

ווען זיא איז אריין אין הויף האט זיא ווידער בעקוקט דאס הויז, פון הויף האט דאס הויז געהאט זעקס שטאק, דיא ווענד זיינען געוועזען גרוי מיט געלע פלעקען, דיא פענסטער האבען ניט געהאט קיין לאדענס און קיין פארהאנגען, איינינע זיינען געוועזען אפען און פון זיי זיינען ארויסגעהאנגען קאלירטע מאטראצען און לייליבער צום לופטערען, שטריק האבען זיך געצויגען פון איין וואנד ביז דער צווייטער און זיינען געוועזען בעהאנגען מיט וועש. עס האט אויסגעזעהן, וויא דיא איינוואוינער פון דעם הויז האבען געהאט צו ווענינ פלאץ און זיינען ארויסגעקראָכען דורך יעדע עפנונג.

— זוכט איהר עמיצען? האט נעפרעגט דיא טהיר־שליסערין, צוקומענדיג צו איהר.

— ניין, האט זיא געענטפערט, איך ווארט אויף א פריינד.

און זיא איז צוריק ארויס אין גאס.

נאר באלד האט זיא זיך אומגעקעהרט צוריק אין הויף, ווייל זיא האט אין איהם געפונען א זעלטזאמען רייץ. איהר האט דאס הויז ניט אויסגעוויזען העסליך. אין איינינע פענסטער האט זיא בעמערקט בלומען־טעפ, פון ערגעץ האט זיך גע־הערט א געזאנג פון א סטאליער, וואס האט זיך אליין אקאמפאנירט מיט'ן הובעל, פון קוזנע האט זיך געהערט א קלאפעריי פון האמערס פון אלע פענסטער האבען זיך געזעהן פרייליכע פערשמירטע געזיכטער פון קינדער און פון פרויען, וואס זיינען געזעסען אנגעבויגען איבער זייער ארבייט.

אם מייסטען איז איהר געפעלען געוואָרען א פענסטער אין ווינקעל פון דער לינקער זייט פון דעם הויז, אויף וועלכען עס איז געשטאנען א קליין קעסטעלע מיט א פלאנצונג פון רויטע בעבלאך. דיא בלעטלאך האבען זיך אנגעהויבען צו דרייען ארום דיא פעדים, וואס האבען זיך געצויגען ביז'ן אויבען פון פענסטער.

— איך האב דיר צו לאנג געלאזט ווארטען, האט געזאגט קאפע, ווען זיא האט־פלוצים דערזעהן נעבען זיך. זיי זיינען זעהר אונצופריעדען, ווען איך קום ניט עסען. היינט האבען זיי זיך נאך מעהר געערגערט, ווייל זיי האבען געקויפט צום מיטאג קאלב־פלייש. דוא בעקוקסט דאס הויז, האט ער ווייטער געזאגט. שטעל זיך פאר, אז פון אויבען ביז אראב איז עס שטענדיג בעלויכטע. דא וואוינען מעהר וויא

הונדערט שכנים. ווען איך זאל האבען מעבעל, וואלט איך שוין דא לאנג גענומען א צימער. איז דא ניט פיין צו וואוינען?

— יא, האט זשערוויז געענטפערט דא איז זעהר פיין. אין אונזער דארף איז ניט געווען אזוי פיעל מענשען וויא פיעל דא אין דעם הויז. גיב א קוק אויף יענעם פענסטער, וואו דיא בעבלאך וואקסען, איז דאס ניט שעהן?

קאפּע מיט זיין געוואוינליכעם לייכטזיניגקייט האט איהר אויף דעם געענט־פערט, אז ער וועט פאר איהר נעהמען דיזעס צימער און זיי וועלעןביידע דארטען וואוינען.

זיא האט אבגעקעהרט דעם קאפּ מיט א געלעכטער און געזאגט, אז ער זאל מעהר קיין נארעשקייטען ניט רעדען, זיי וועלען צוזאמען ניט וואוינען, דאך האט קאפּע א לאנגע צייט געהאלטען איהר פאר דער האנד ביז זיי זיינען צונע־קומען צו דער טהיר פון איהר ווירטהין.

א גאנצען מאנאט האבען זיי זעהר פריינדליך פערבראכט צווישען זיך, ער האט איהר בעטראכט פאר זעהר א בראווע פרוי, און ערקלערט, אז זיא הרג'עט זיך אוועק מיט איהר שווערער ארבייט א גאנצען טאג און מיט'ן זיצען ביז נאך האלבע נאכט איבער'ן נעהייה פון דיא קינדער. זיא איז ניט געווען נעראטהען אז דיא אנדערע פרויען, וועלבע ער האט געקענט, זיא האט גענומען דאס לעבען צו ערנסט. זיא פלעגט פערטהיידיגען זיך און זאגען אז ניט שטענדיג איז זיא אזוי קלוג געווען, זיא האט א סך געלערנט פון דער פראקטיק, נאר ער האט א טעות, וואס ער דענקט, אז זיא איז שטארק; אין געגענטהייל, זיא איז זעהר שוואך און זיא לאזט זיך זעהר לייכט בעאיינפלוסען, וויא זיא האט צו איהר אונגליק אויס־געפונען. איהר צוקונפט איז א פינסטערע און זיא שרעקט זיך, נאר קאפּע האט פון איהר געלאכט און האט איהר געפרובט ארומנעהמען, און ווען זיא האט איהם א קלאפּ געטהאן האט ער געזאגט, אז דער קלאפּ איז גאר ניט פון קיין שוואכער פרוי.

ער אליין איז שטענדיג געווען פרייליך און זארגלאז וויא א פויגעלע און גאר ניט נארעש. דיא האר זיינען געווען ביי איהם פערקאמט מיט א שטענגעלע אין מיטען, ער האט געטראגען לאקירטע שיך זונטאג און האט געהאט דיא פרעכ־הייט פון א עכטען פאריזער ארבייטער.

זיי זיינען געווען זעהר ניצליך איינער פאר'ן צווייטען. קאפּע פלעגט איהר ארויפטראגען מילך, האט איהר געהאלפען טראגען דאס גרעט צו איהרע קונדען

און ארויסגעפיהרט איהרע קינדער אויף א שפאציר. אויס דאנק פאר דיא אלע זאכען פלעגט זשערוויז אריינגעהן צו איהם אין צימער אין זיין אבוועזענהייט, האט פעררעכט זיין וועש און צונעניים קנעפלאך. זיי זיינען געוואָרען גרויסע פריינד, און ער פלעגט איהר אמוזירען מיט זיין זינגען און גלייכווערטלעך. נאר אין ניבען האט ער אנגעהויבען צו ווערען אונרוהיג, זיין שמייכעל איז געוואָרען זעלטענער און ביי יעדער בעגעגענים פלעגט ער פרעגען דיא זעלבע פראגע:

— ווען וועט דאס שוין זיין?

זיא האט געזובט זיך ארויסמאכען מיט א שפאס און אזוי לאנג וויא ער איז ניט געווען גראָב האט איהר נאר ניט געאארט; נאר איין טאג איז זיא זעהר אויפגע־בראכט געוואָרען, ווען ער האט איהר געוואָלט א קוס טהאָן און האט דאביי אויסגעריסען ביי איהר א לאָקען האָר.

אם ענדע יוני איז ער געוואָרען אזוי מעלאנכאָליש און האט געוואָרפען אויף איהר אזעלכע בליקען, אז זיא האט זיך ניט בעניגענט מיט'ן פערשפאָרען דיא טהיר אליין, זאנדערן זיא האט נאָך צוגערוקט שווערע שטיקער מעבעל. איין ריענסטאג אבענד, האט ער צו איהר א זייגער עלף אנגעקלאפט. אָנפאנגס האט א איהם ניט געוואָלט אריינלאָזען, נאר ער האט איהר געבעטען מיט אזא צאר־ען און טרויעריגען קול, אז זיא האט ענדליך אָבגערוקט דיא שטיק מעבעל, וואס זיא האט צוגעשטעלט צו דער טהיר, אום צו בעווארענען זיך פון איהם, און האט איהם אריינגעלאָזט.

ווען ער איז אריינגעקומען האט זיא זיך דערשראָקען פאר זיין בלייבקייט און ברענענדיגע אויגען און זיא האט געדענקט, אז ער איז קראנק.

ניין, ער איז ניט קראנק, האט ער געזאגט, נאר ווייטער, קען דאס אזוי ניט געהן. ער האט פערלאָרען דעם שלאף.

— הערט מיך אויס, מאדאם זשערוויז, האט ער געזאָגט מיט טרערען אין זיא אויגען און מיט א פערשטיקטען קול, מיר מוזען גיך חתונה האבען, דאס איז אלעס, וואס איך האָב צו זאגען.

זשערוויז איז געווען פערוואונדערט און זעהר ערנסט.

— אה, הערר קאָפּע, איך האָב דערפון קיין מאל ניט געטרוימט, האט זיא געזאָגט. איהר ווייסט דאס גאנץ גוט און איהר טאָרט ניט טהאָן אזא שריט אונבעטראכט.

נאר קאָפּע האט זיך געהאלטען ביי דאס זייניגע, ער האָט שוין אלעס גוט

בעטראכט און האָט זיך בעשלאָסען. ער איז איצט צו איהר אריינגעקומען, ווייל ער האט געוואוסט, אז ער וועט ניט קענען שלאָפען, און אזוי גיך וויא זיא וועט איינוויליגען אויף זיין פאָרשלאג און זאָגען יא. וועט ער איהר פערלאָזען, נאר אייד דער ער וועט פון איהר הערען דאס וואָרט, וועט ער פון איהר ניט אוועקגעהן.

— איך קען ניט זאגען יא אין אזא איילעניס, האָט זיא געענטפערט. איך וויל ניט, אז דוא זאלסט מיר קענען אויפוואָרפען אין דער צוקונפט, אז איך האב דיך דערצו געטריבען. נאר איך קען דיר זאגען, אז דוא בעגעהסט א גרויסען פעהד לער. שטעל זיך פאָר, אז דוא זעהסט מיך ניט א וואָך, וועסטו מיך אין גאנצען פערגעסען מענער האָבען אָפט חתונה ווייל זיי בילדען זיך איין, אז זיי ליעבען, נור אין פיער און צוואנציג שטונדען וואלטען זיי גערן חרטה געהאט. זעץ זיך אנידער און מיר וועלען א ווײלע רעדען.

זיי האבען זיך אנידערגעזעצט אין ארימען צימער, וואס איז נאר געווען בעד לויכטען פון איין ליכט, וועלכע זיי האבען פערגעסען אָבצושנייצען, און האבען געד רעדט, וואס קען זיי א חתונה ברענגען. זיי האבען גערעדט ביז נאך האלבער נאכט אין דער שטיל אום ניט אויפצוואועקען דיא קינדער. זיא האָט מיט'ן פינגער געוויעזען אויף דיא קינדער, און געזאגט, אז דאס איז א זעלטזאמער נדן פאר א מאן. וויא קען זיא אויף איהם ארויפוואָרפען אזא לאסט? אויסער דעם, וועלען זיינע קאמעראדען פון איהם לאכען, איהר געשיכטע איז אלעמען גוט בעקאנט — איהר געליעבטען האָט מען דאָ געזעהן, און אויב זיא וועט מיט איהם איצט חתונה האבען וועט מען וועגען זיי ניט אויפהערען צו רעדען.

אויף דיעזע גוטע און ריכטיגע איינווענדונגען האָט קאָפּע נאר געענטפערט מיט א שאָקעל פון קאָפּ וואס געהט איהם אן וואס לייט וועלען ריידען? ער האָט זיך קיין מאָל ניט געמישט אין פרעמדע געשעפטען, פאר וואס זאָלען זיך פרעמדע מישען אין זיינע? וואס אנבעלאנגט איהרע קינדער, וועט ער העלפען זיי ערציהען ער האט קיין מאָל ניט געזעהען אזא גוטע, בראווע און געדולדיגע פרוי, נאר דאס האָט נאר ניט צו טהאָן מיט דער זאך, ווען זיא זאָל אפילו זיין מאוס און פויל און מיט א טוץ קינדער, וואלט ער מיט קיין אנדערע ניט געוועלט חתונה האבען וויא נאר מיט איהר.

— יא, האָט ער געזאגט ווייטער, קלאפּענדיג איהר איבער דיא קניע; דוא ביזט דיא פרוי וועלכע איך וויל און קיין אנדערע. דוא האסט קיין זאך ניט צ זאגען געגען דעם, ניט וואהר?

זשערוויז האט ביסלעכווייז נאָכגעגעבען און איהר שוואַכע הארץ און שוואַכע געפיהלען, האבען זיך געלאָזט בעאיינפלוסען פון זיין ברוטאלע ליידענשאפט. זיא האט נאך געמאכט אַ פּאר שוואַכע איינווענדונגען, איהרע הענד זיינען געלעגען לויז צוזאַמענגעלעגט אויף איהר קניע און איהר געזיכט האט אויסגעזעהן צארט און זיס. דורך דיא אָפענע פענסטער האָט אריינגעבלאָזען דיא ווייכע לופט פון אַ שעהנע יוני נאכט — דאס ליכט האָט געפלאַקערט פון דעם ווינטעל און פון דער גאס האט זיך גע־הערט דאס בליפען פון אַ קינד, אַ קינד פון אַ פאטער אַ שכור וואס האָט זיך געוואַלגערט אין גאַס פאר'ן גאַנעק פון הויז. דער ווינד האָט פון גאַנץ ווייט פער־טראָגען דיא קלאַנגען פון אַ פיעדעל, וואס מען האָט ערגעץ געשפּיעלט אויף אַ חתונה אין אַ רעסטאָראַן אַ בעקאַנטע מעלאָדיע קלאר און זיס.

זעהענדיג, אז זשערוויז האָט שוין אויסגערעדט אַלע איהרע איינוועגדונגען, האָט קאָפּע אַ כאַפּ געטהאָן איהרע הענד און צוגעשלעפּט איהר צו זיך. זיא האָט זיך איצט געפונען אין איינעם פון יענע צושטאַנדען, פאר וועלכע זיא האָט אזוי מורא געהאט, ווייל איהר ווילען איז געוואָרען שוואַך און זיא האָט ניט געקענט אָבזאָגען. נאר קאָפּע האָט דאס ניט פערשטאַנען, ער האט זיך בעגיגנענט מיט דעם וואס ער האָט איהרע הענד געהאלטען אין זיינע און געפרעגט:

— דוא זאגסט מיר אב, ניט אמת?

— וויא איינגעשפּארט דוא ביסט! האָט זיא געענטפערט. אויב דוא ווילסט זאָל זיין יא. גאָט זאָל געבען, אז דוא זאָלסט אויף דעם ניט דארפען חרטה האבען.

ער איז אויפגעשפּרונגען האָט איהר אויפגעהויבען און אַ שטאַרקען קוש גע־טהאָן. אַ קוק טהוענדיג אויף דיא קינדער האָט ער געזאגט:

— ששא! מען דארף זיי ניט אויפוועקען. אַ גוטע נאכט!

און ער איז ארויס פון צימער.

זשערוויז ציטערענדיג פון קאָפּ ביז דיא פיס, איז געזעסען אַ גאַנצע שטונדע נעבען איהר בעט, ניט אויסגעטהאָן. זיא איז געווען גערירט און האט גערעכענט קאָפּע זעהר עהרליך און פריינדליך. דער שכור'ער מאן אין גאס האָט ארויסגע־לאָזט אַ קרעכץ וויא פון אַ ווילדע חיה, און דאס שפּיעלען פון פיעדעל האט אויפגעהערט.

דעם צווייטען אבענד האט קאָפּע געבעטען זשערוויז, זיא זאָל מיט איהם געהן מאכען אַ וויזיט צו זיין שוועסטער, נאר דיא יונג־פרוי האט זיך אבגעשראָקען

פון דעם געדאנק, ווייל זיא האָט גוט געזעהן, אז קאַפּע האָט שטארק מורא פאר זיין שוועסטער.

ער איז ניט געוועזן אבהענגיג פון זיין שוועסטער, זיא איז אפילו ניט געוועזן דיא עלטסטע. דיא מוטער וועט געוויס גלייך איינווילינגען, ווייל זיא האט איהר זוהן קיין מאָל אין קיין זאך ניט אבגעזאגט, נאר אין דער פאמיליע האט דיא שוועסטער מיט איהר מאן געשפּיעלט א גרויסע ראָלע ווייל זיי פלעגען פערדיענען צעהן פראנק א טאָג און דאס האָט זיי געגעבען א גרויסע געוויכט אין דער פאמיליע. קאַפּע וועט קיין מאָל זיך ניט איינשטעלען חתונה צו האבען, ווען זיי זאָלען ניט זיין צו־פריעדען מיט זיין כלה.

— איך האָב זיי אלעס דערצעהלט פון דיר, האט ער צו איהר געזאגט. זיי דאך ניט קיין קינד, זשערוויז, קים מיט מיר אהין, היינט ביי נאכט. מיין שוועס־טער'ס מאן איז זאָגאר ניט זעהר פריינדליך און זיא וועט דיר אויך פאָרקומען צו שטייף, דער אמת איז אבער, זיי זיינען שטארק אין כעס — ווייל באלד מיר וועלען חתונה האבען, וועל איך ביי זיי מעהר ניט עסען, און דאס איז פאר זיי א געוויסער שאָדען. נאר דאס מאכט ניט אויס, זיי וועלען דיך ניט ארויסוואַרפען טהו וואס איך בעט דיך, ווייל דאס איז זעהר נעטהיג.

דיעזע ווערטער האבען שטארק דערשראָקען זשערוויז, נאר אין שבת אבענד האט זיא ענדליך איינגעוויליגט צו געהן מיט איהם. קאַפּע איז געקומען נאך איהר האלב נאך אכט, זיא איז געוועזן אָנגעטהאָן אין א שוואַרצע קלייד מיט א שאל און א ווייסע הייבעל. אויפ'ן שאל און הייבעל האָט זיא אבגעשפּאָרט ניין פראנק. דאס קלייד איז געוועזן אן איבערגעמאכטע.

— זיי ערוואַרטען דיך, האט קאַפּע געזאָגט אויפ'ן וועג. זיי זיינען שוין גע־וואוינט געוואָרען צום געדאנק וועגען מיין חתונה מיט דיר און זיי זיינען היינט גוט אויפגעלעגט. אויסער דעם, האסטו קיין מאָל ניט געזעהן, וויא מען מאכט נאָל־דענע קייטלאך און דאס וועט דיך זעהר אמוזירען, זיי האבען איצט א בעשטעלונג אויף מאנטאג.

— און זיי האבען גאָלד ביי זיך אין צימער? האט זשערוויז געפרעגט.

— גאנץ געוויס, האט קאַפּע געענטפערט, דאס גאלד איז אויף דיא ווענד, אויף דער ערד, אומעדום.

זיי זיינען דערווייל צוגעקומען צו דער טהיר פון דעם הויז, וואו דיא שוועסטער האָט געוואוינט, דיא כאָרילס האבען געוואוינט אויפ'ן זעקסטען שטאָק, וואס איז

געווען בעצייכענט מיט'ן בוכשטאב .B קאַפּע האָט איהר געהייסען, זיא זאָל זיך שטייף האַלטען פאַר'ן פאַרענץ, זיא האָט מיט האלב־פערמאַכטע אויגען ארויפגע־קוקט אין דער הויך און דער אטהעם האט איהר פערפעהלט פון דער הויכקייט. דיא נאָז־ליכט אויפ'ן אויבערסטען שטאָק האָט אויסגעזעהן אונטען וויא א בליס־צענדער שטערענדעל.

— חאַ, חאַ, חאַ, האט זיך קאַפּע צולאַכט, עס הערט זיך דער גערוך פון פון ציבעלע. עמיצער האט געגעסען ציבעלע זופּ און עס שמעקט גאַנץ גוט.

אויף יעדען שטאָק פון דיא קאָרידאָרען האט זיך געהערט א גערוך פון אַלערליי עסענוואַרג, אויסגעמישט מיט זעהר א מאוס'ן ריח פון פערשיעדענע שמוץ און ציבעליע.

ביז'ן זעקסטען שטאָק האָט מען געהערט דיא קלאַפּעריי פון דיא ווערק־שטיבער פון דעם אונטערסטען שטאָק אויסגעמישט מיט דער קלאַפּעריי פון געפּעס, וואס מען האָט געהאלטען אין וואשען און דעם סקראָבען פון דיא טעפּלאך. אויפ'ן צווייטען און דריטען שטאָק איז געווען אביסעל שטילער, דארטען האט זיך נאר געהערט דאס וויגען פון א וויגעלע, דער געוויין פון א קינד און דאס קלאַפּען פון א לעפעלע איבער א גלעזעל אום דאס קינד איינצונעהמען.

אויפ'ן פיערטען שטאָק האט מען זיך שטארק געקריגט און עס האבען זיך געהערט קללות און קלעפּ, נאר דאס האט ניט געשטערט דיא שכנים פון דער צווייטער טהיר צו זיצען ארום א טיש און שפּיעלען רוהיג אין קאָרטען און זייער טהיר אין גאנצען אָפּען, אום צו געניסען פרישע לופט. ווען זשערוויז איז ארויף אויפ'ן פינפטען שטאָק איז זיא געווען אזוי פערמאַטערט, אז זיא האט ווייטער ניט גע־קענט געהן. דיא שווינדעלדיגע טרעפּ האבען איהר געמאכט א טהומעל אין קאָפּ. און מיטען דורכגאנג איז געשטאנען א גאנצע פאמיליע, דער פאָטער האט געוואַ־שען דאס געפעס נעבען סינק און דיא מוטער האט אונטער'ן קראן געוואשען א קינד איידער מען האט עס געלעגט שלאָפען. קאָפּע האט מיט א געלעכטער גע־זאגט צו זשערוויז, אז זיא זאָל פּאַסען מוטה ווייל זיי קומען שוין ארויף צו דער שוועסטער.

אויפ'ן לעצטען שטאָק האט זיך זשערוויז אומגעקוקט אום צו זעהן פון וואנען עס קומט דער קוויטשעדיגער קול, וואס האט זיך געהערט פון אונטען אן. דאס איז געווען דער קול פון אן אלטע פרוי, וואס האט געזונגען ביי דער ארבייט. איהר ארבייט איז בעשטאנען אין דעם, וואס זיא האט געמאכט קליידלאך פאר

ליאלקעס צו דריי סו א שטיק. זשערווייז איז געשטאנען אהן אטהעם און שטייף געהאלטען זיך פאר'ן פארעניץ. דיא פערשיעדענע גערוכען פון דעם קאכענדיג לעבען פון דיעזען גרויסען הויז האבען פלוצים אויף איהר שרעקליך געווירקט, זיא האט א שטארקען ציה געטהאן דעם אטהעם און איז זעהר בלייך געוואָרען.

— מיר זיינען נאָך ניט אויפ'ן פלאץ, האט קאפע געזאגט, מיר דארפען געהן נאך ווייטער, און ער האט זיך א דריי געטהאן לינקס און דערנאך פערנומען זיך רעכטס.

דער קארידאר האט זיך געצויגען זעהר לאנג און איז געווען זעהר דונקעל בעלויכטען איין טהיר איז געגאנגען נאך דער צווייטער, וויא אין א געפענגניס. כמעט אלע זיינען געווען אין גאנצען אָפען, ארויסווייזענדיג זייער גאנצע ארעמקייט און שמוץ, ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צו א טהייל קארידאָר וואס איז געווען אין גאנצען פינסטער.

— אט זיינען מיר. האָט געזאגט קאפע. איז דאס ניט א רייזע? גיב אכטונג, דא זיינען דריי טרעפּ־אף, האלט זיך ביי דער וואנד.

זשערווייז האט נאך א ווילע געטאפּט אין דער פינסטער, ענדליך האט קאפע געעפענט א טהיר א שטארקער ליכט האט אויף זיי פלוצים א שיין געטהאָן זיי זיינען אריינגעגאנגען. דאס איז געווען א לאנגער און שמאָלער צימער, וואס האט אויסגעזעהן וויא א פערלענגערונג פון קארידאָר. א וואָלענער אבגע אקעווע־טער אין פטרפלעקטער פארהאנג האט דאס צימער צוטהיילט אין צווייען. אין איין העלפט איז געשטאנען א בעט פערשטופּט אן א זייט, א אויווען וואס איז נאך געווען ווארעם פון דער ניט לאנג געקאָכטען מיטאָג, צוויי שטוהלען, א טיש און א שאפע. דיא צווייטע העלפט איז געווען דיא ווערק־שטוב, נאָר ווייט איז גע־שטאנען א קלאָץ מיט'ן בלאָז־זאק און פאר'ן פענסטער איז געשטאנען א טישעל מיט אינסטרומענטען, פערגרעסערונגס־גלעזער, א קליינע וואָג און א שעריל. אלץ איז ־א געווען פערשמוצט און בעדעקט מיט פעטק־יט.

— מיר זיינען געקומען! האט אויסגעשריען קאָפע. צוטומענדיג ביז צו דעם וואָלענעם פאָרהאנג.

זשערווייז, שטארק ערדעגט פון דעם געדאנק, אז זיא וועט אריין איצט אין א צימער פול מיט גאָלד, איז געשטאנען הינטער איהר פריינד און האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאָן, צו זאָל זיא בלייבען אדער אנטלויפען, דיא שיינענדיגע ליכט, האבען איהר נאך מעהר צומישט. זיא האט געזעהן, וויא קאפע'ס שוועסטער

א קליינע און שווארצליכע פרוי. האט געצווינגען מיט איהרע אלע קרעפטע עפעס א לאנגען און שווארצען פאדעם. פאר'ן טיש נעבען פענסטער איז געזעסען הערר לאריל, ער איז געווען גראדע אזוי קליין ווי זיין ווייב, נאר מיט ברייטערע אקסלען. ער האט געטהאן עפעס אן ארבייט מיט א פאר צווייגלאך, וואס זיינען געווען אזוי דעליקאט, אז מען האט זיי כמעט ניט געזעהן. ער האט דער ערסטער אויפגעהויבען דעם קאפ ביי זייער אריינקומען. דיא פארב פון זיין געזיכט איז געווען וויא פון אלטען וואקס, דאס געזיכט איז געווען לאנג און קרענקליך.

— אהה, דאס זייט איהר! זעהר גוט, נאר מיר זיינען זעהר פערנומען, מיר דארפען פארטיג מאכען א בעשטעלונג. געהט אהער ניט אריין און פערבלייבט אין יענעם צימער, און ער האט זיך ווידער גענומען צו זיין ארבייט.

— דאס איז דיא דאמע, וויא איך פערשטעה, האט געזאגט דיא שוועסטער זעהר גוט, זעהר גוט, געפינט אייך דארטען א פלאץ.

זיי האבען זיך געזעצט איינער נעבען צווייטען נעבען דעם פארהאנג. זשערוויז איז געווען שטארק פערוואונדערט פון דעם זעלטזאמען עמפפאנג, וואס זיי האבען בעקומען און זיא האט זיך געפיהלט זעהר אונבעקוועם פון דיא זייטיגע בליקען, וואס זיינע קרובים האבען אויף איהר געווארפען. זיא האט געטראכט אז מאדאם לאריל זעהט אויס צו אלט פאר איהרע דרייסיג יאהר און איז שרעקליך שמוציג מיט איהרע צולאזטע האר און האלב אראבגעלאזטע העמד. דער מאן וואס איז געווען עלטער פון איהר ניט מעהר וויא מיט איין יאהר האט אויסגעזעהן זעהר אלט, ער איז געזעסען אין איין העמד מיט פאנטאפעל אויף דיא בארוויסע פיס, זיין שטערן איז געווען בעדעקט מיט שוויים.

— וואו איז דאס גאלד? האט זשערוויז געפרעגט אין דער שטיל.

זיא האט שוין לאנג געזוכט מיט דיא אויגען איבער אלע שמוציגע ווינקלען צו זעהן דאס גאלד, אבער זיא האט עס ניט געקענט זעהן.

— גאלד? האט קאפע זיך אנגערופען, אט איז עס, דא און דארט און נעבען דיינע פיס.

ער האט איהר געוויעזען, אויפ'ן דראהט, וואס זיין שוועסטער האט געהאלטען אין האנד, אויף א צווייטען בינטעל, וואס איז געהאנגען אויף דער וואנד און דערנאך האט ער זיך אנידערגעשטעלט אויף דיא קניע און בענעצענדיג זיין פינגער האט ער אויפגעהויבען א פאר שווארצע שטיקעלאך.

— דאס איז ניט גאלד, האט זיא געענטפערט. דאס איז דאך שווארץ, עס ועהט אויס אקוראט וויא אייזען.

קאפע האט זיך צולאכט און האט איהר אנגעהויבען צו ערקלערען דיא ארבייט און דערצעהלט, אז זיין שוועסטער האט צו טהאן אם מייסטען מיט'ן ציהען דיא דראהט, ווייל איהר מאן הוסט זעהר שטארק דערביי.

דיא גאנצע צייט, וואס ער האט גערעדט, האט הערר קאריל געווארפען פער'גנב'עטע בליקען אויף זשערוויז און דערנאך האט ער איהר אויך אנגעהויבען צו ערקלערען דיא ארבייט.

— ווייסטו, קאפע, האט ער געזאגט, ערסט היינט אין דער פריה האב איך געמאכט א קליינעם רעכנונג, איך האב אנגעהויבען צו ארבייטען צו צוועלף יאהר, וויפיעל אייכען קייטלאך דענקסטו, האב איך געמאכט ביז היינטיגען טאג?

ער האט דאביי אויפגעהויבען זיין בלייכען געזיכט.

— אכט טויזענד! דוא הערסט? אכט טויזענד, גענוג ארומצואוויקלען דיא העלזער פון אלע פרויען פון דעם קווארטאל.

זשערוויז האט זיך געפיהלט זעהר שלעכט. איהר האט אלעס אויסגעוויזען העסליך און ניט אינטערעסאנט. זיא האט געשמייכעלט פון יוצא וועגען, אבער איהר האט געערגערט, וואס זיי רעדען גאר ניט וועגען איהר חתונה, צוליעב וואס זיא איז אהער געקומען, און זיי בעהאנדלען איהר וויא א נייגיריגען בעזוכער, וואס איהר ברודער האט אהער געבראכט.

דאן האבען זיי אנגעהויבען צו רעדען וועגען דיא שכנים פון הויז, פון זייערע חובות פון זייערע קריעגערייען און וועלכע שכנים מען געהט ארויסווארפען פאר ניט צאהלען קיין דירה-געלד. זעהענדיג, אז וועגען זייער חתונה ווערט נאך אלץ קיין רייד ניט, האט זיא א ציה געטהאן קאפע פאר דער האנד און געגעבען איהם צו פערשטעהן, אז עס איז שוין צייט צו געהן, איהם האט דאס אויך געערגערט וואס זיי מאכען זיך ניט וויסענדיג, און ער האט זיך אויפגעהויבען.

— מיר געהען, האט ער געזאגט קאלט, מיר וועלען אייך מעהר ניט שטערע ביי דער ארבייט.

ער האט א מינוט אבגעווארט, האפענדיג, אז ענדליך וועלען זיי עפעס רעדען וועגען דער חתונה; נאר ניט דערוואוסטענדיג זיך אויף זיי, האט ער אליין געמאכט דערפון א רייד.

— מיר פערלאָזען זיך אויף דיר לאָריל, האט ער געזאגט, אז דוא וועסט זיין אן עדות ביים קאָנטראקט.

— דענקסטו דאס מאקע ערנסט? האט לאָריל געזאָגט, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ מיט געמאכטער פערוואונדערונג.

דאן האט ער פאָרטגעזעצט, וויא רעדענדיג צו זיך אליין.

— עס איז זעהר שווער צו וויסען, ווען דער יונג מיינט ערנסט ......

— מיר האבען קיין ראטה ניט צו געבען, האב איהם איבערגעשלאגען זיין ווייב, דיא חתונה איז א נארישע זאך און עס האט קיין מאל קיין גוטען סוף, עס לאזט זיך שטענדיג אוים שלעכט.

זיא האט דיא לעצטע ווערטער געצויגען און בעקוקט זשערוויז פון קאָפּ ביז דיא פיס.

— מיין ברודער איז פריי צו טהאָן וויא ער וויל, האט זיא פאָרטגעזעצט. עס איז נאר קיין פראגע ניט, אז זיין פאמיליע וואָלט בעסער געוואָלט ...... נאר א מענש טראכט און גאָט לאכט, געוויס איז דאס ניט מיין געשעפט, ווען ער וואָלט צו מיר געקומען מיט דיא ערגסטע פרוי און געזאָגט, אז ער וויל מיט איהר חתונה האָבען, וואָלט איך אויך געזאָגט: האב מיט איהר חתונה, און לאָז מיר צורוה. דאך איז איהם געווען זעהר גוט ביי אונז, ער האט געגוג פלייש אויף דיא ביינער און זעהט ניט אויס אזוי וויא מען וואָלט איהם ניט געגעבען געגוג צו עסען. זיין מיטאג איז שטענדיג געווען פערטיג צו דער מינוט, דענקסטו ניט לאָריל, אז מיין ברודער'ס כלה זעהט אויס וויא טהערעז, — דוא ווייסט וועמען איך מיין — אט יענע פרוי נעבען אונז וואס איז געשטארבען פון שווינדזוכט?

— איך דענק אויך אזוי, האט געזאגט דער גאלד־שמיד פערטראכט.

— און איהר האָט צוויי קינדער, מאדאם? האט דיא שוועסטער ווייטער גערעדט. איך האָב שוין געזאָגט מיין ברודער, אז איך קען ניט פערשטעהן, וויא אזוי ער קען חתונה האבען מיט א פרוי, וואס האט שוין צוויי קינדער, און איהר זעהט ניט אויס זעהר שטאַרק. זאָג לאָריל, דענקסטו ניט, אז דיא מאדאם זעהט אויס זעהר דעליקאט?

דער מאן און ווייב האבען קיין אנצוהערענים ניט געגעבען וועגען איהר קרומקייט, נאר זשערוויז האט געפיהלט, אז זיי האבען דאס דיא גאנצע צייט אין זינען. זיא איז געזעסען פאר זיי שטייף און שטיל, וויא פאר איהרע ריכטער. קאָפּע האט פערשטאנען, אז זיא ליידט דערפון און ער האָט אויסגעשריען:

— דאס איז אלץ נארעשקייטען וואס איהר רעדט דא, איך וויל נאר וויסען צו דער נײן און צוואנציגסטער יולי איז פאר אייך א פאסענדער טאָג.

— וואס מאכט אויס דער טאג צו אן אנדערער, האט די שוועסטער געענטפערט שארף. לאַריל קען זיין אייער עדות, אויב ער וויל, אלעס וואס איך פערלאנג איז, איהר זאָלט מיך לאָזען צורוה.

זשערוויז אין איהר צומישטקייט האט געשארט מיט איהרע פיס איבער'ן באָדען. מורא האבענדיג, אז זיא האט געטהאָן א שאָדען, האט זיא זיך אָנגעבויגען א קוק צו טהאָן. לאַריל איז געשווינד צו איהר צוגעגאנגען מיט א לאָמפּ און א קוק געטהאָן אויף איהר פינגער מיט אן אָפענעם פערדאכט.

— ניב אכטונג, האט ער געזאגט, דיעזע קליינע שטיקעלאך קלעפּען זיך צו דיא שיך און מען קען זיי אוועקטראָגען ניט וויסענדיג. דאן האט ער איהר ערקלערט, אז מען ניט איהם דאס גאלד אויפ'ן וואָג, און צוויי מאל א וואָך קעהרט מען דיא ווערק-שטוב און מען פערברענט דיא גאנצע מיסט, בעהאלטענדיג דיא אש; און אין פערלויף פון א מאָנאט קלייבט זיך אין איהר אָן פון פינף און צוואנציג ביז דרייסיג פראנק גאָלד.

מאדאם לאַריל האָט ניט אראָבגענומען דיא אויגען פון דעם נאסט'ס שיך.

— דיא מאמזעל זאָל אזוי גוט זיין, האט זיא געמורמעלט מיט א פריינדליכען שמייכעל, און זאָל אליין א קוק טהאָן אויף איהרע שיך. איך מיין מיט דעם איהר ניט צו בעליידיגען.

זשערוויז אונצופריעדען און רויט האט זיך אנידערגעזעצט און האט בעקוקט איהרע שיך דאן איז קאָפּע ארויס מיט א פרייליכען „גוטע-נאכט" און זשערוויז האט גענומען אָבשיעד און איז איהם נאָכגעגאנגען.

ווען זשערוויז איז ארויס פון דיא שמאָלע קארידאָרען פון דעם זעקסטען שטאָק, האט זיא געזאגט מיט טרערען אין דיא אויגען:

— פון זיי קען מען קיין גוטעס ניט ערווארטען.

קאָפּע האָט מיט בעם צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער וועט זיך מיט דער שוועסטער אברעכענען פאר היינטיגען אבענד. האט מען ווען געזעהן אזעלכע קארגע הינד, מורא צו האבען טאָמער וועט מען פערשלעפּען דריי קערנער גאָלד אויף דיא פיס. אלע געשיכטעס וואס זיין שוועסטער האט דערצעהלט איז ליגען, זיא וואָלט וועלען, אז ער זאָל קיין מאָל ניט חתונה האבען דא פערדיענט פון זיין עסען

נאנצע פיער סו א טאג און איהם מאכט ניט אוים, אויב זיי וועלען זיין אויף זיין חתונה צו ניט.

ביים ארונטערגעהן פון דיא טרעפ האט איהר אָנגעכאפט א שרעק. גע־היימניספאָלע געשטאלטען זיינען פערביי איהר דורכגעלאָפען. פון איינינע צימערן האָט זיך געהערט דער שווערער בראָפּ פון דיא ארבייטער, וואס פאלען שלאפען גלייך נאָכ׳ן עסען. א שטילער געלעכטער האט זיך געהערט פון א צווייטען צימער, דיא אלטע פרוי האָט נאך אלץ אויסגעשניטען קליידלאך פאר איהרע ליאלקעס. ערגעץ האט געוויינט א קינד, דער געשטאנק פון דיא שמוץ איז געווען אן אונ־ערטרעגליכער, וויא פריהער, עס האט געשיינט, אזוי וויא מען וואָלט זיי געקענט אָנטאפּען אין דער שטילער פינסטערניס. אויפ׳ן הויף האָט קאָפּע א ציה געטהאָן דעם גלאָק, זשערוויין האָט ווידער ארויפגעקוקט אין דער הויך, דאס הויז האט געשיינט וויא א גרויסע אונגעלומפערטע חיה, דאס גאנצע לעבען איז דא איצט איצט געווען וויא אויסגעשטאָרבען, אין א פאָר פענסטער נאר האט זיך געזעהן א פייער, פלוצים האט איהר אויסגעדוכט, אז דאס גאנצע הויז פאלט איין אויף איהר, נאר מיט א מינוט שפעטער האט זיא געשמייכעלט פון דיא נארעשע גע־דאנקען, וואס קריכען איהר אין קאָפּ.

---

## III.

קאָפּע און זשערוויין האבען חתונה געהאט אין דעם בעשטימטען טאָג און דיא חתונה איז אריבער וויא ארבייטער חתונות געהען געוועהנליך איבער. זשערוויין האָט אָנפאנגס געוואָלט אז דיא חתונה זאָל זיין גאָר א שטילע, ערסטענס האבען זיי קיין געלד ניט און צווייטענס וויל זיא ניט מאכען קיין לייטישע געלעכטער אין קווארטאל ביי איהר חתונה. נאר קאָפּע איז צונעשטאנען, אז דיא חתונה זאָל זיין מיט פאראד, ער האָט געליהען פינפצעהן פראנק ביי זיין ווירטה און האט זיך אויף דעם געלד בעקליידעט און איבערגעלאָזט גראדע גענוג צו בעצאָהלען דעם גלח און פאר זייער טהייל, וואס זיי האבען געדארפט בעצאָהלען פאר׳ן מאָלצייט. זייא האבען איינגעלאָדען ביי פופצעהן געסט, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען זיינע קרובים, עטליכע קאמעראדען און זשערווייז׳ס ווירטהין.

זשערוויין פון איהר זייט האט געארבייט ביז שפעט אין דער נאכט און האָט צוזאמענגעקליבען דרייסיג פראנק. פון דעם געלד האָט זיא פאר דרייצעהן פראנק

געקויפט א זיידענעם מאנטעלע און פאר צעהן פראנק א בלויע קלייד פון א פערשטאַר־
בענע וועשין און האט איהר אין גאנצען איבערגעמאכט. פאר דיא איבעריגע זיבען
פראנק האט זיא געקויפט א בלום פאר איהר הייבעל, א פּאַר האנדשוה און שיך
פאַר איהר עלטערען איינגעל.

פיער טעג פאר דער חתונה האט זיא שווער געארבייט צו פעררי‌כטען יעדע זאך אין שטוב, צום מעיאָר זיינען זיינע צוויי שוועסטער ניט געגאנגען, זאָגענדיג, אז מען קען זיך דאָרטען בענעהן אָהן זיי. פאר'ן געהן צום מעיאָר האט זיך קאָפּע דערמאָנט אז ער וועט האבען ווייניג געלד; ער איז אוועק צו זיין שוואָגער לאָריל לייען צעהן פראנק. ער האט דאס געטהאן זעהר אונגערן, דיא ווערטער זיינען איהם קוים געקראבען פון האלז און ער האט שטארק מורא געהאט פאר אן אָבזאָג. נאר לאָריל נאך א קורצען וואָרטשען און מורמלען האט איהם דיא צעהן פראנק גע־ליהען. פאר זיין ארויסגאנג האט דיא שוועסטער א מורמעל געטהאָן:

— דאס איז א גוטער אנהויב......

נאך דער ציווילער און רעליגיעזער הייראט האבען זיי געמאכט א מאָלציי־ט אונטער דער שטאָדט און אלע געסט האבען איינגעצאהלט פאר זייער טהייל, דער מאָלצייט אין רעסטאָראַן איז אריבער גאנץ פרייליך נאר ביי דער ענדע איז גע־קומען צו א צאנקעריי און מאדאם לאָריל איז אין כעס געוואָרען, זאגענדיג אז מען האט איהר פערשפּריצט דאס קלייד מיט פעטקייט, און איז מיט איהר מאן אוועק פאָראויס, קאָפּע און זשערוויז זיינען זיי נאָכגעלאָפען און אָנגעיאָגט.

— מיר וועלען אייך בעגלייטען ביז אייער וואוינונג, האט געזאגט הערר לאָריל וועלענדיג מיט דעם פערדעקען זיין ווייב'ס כעס.

— ביז אייער וואוינונג! האט מאדאם לאָריל ווידערהאָלט איראָניש, און האט אָנגעהויבען אויסצודריקען איהר פערוואונדערונג, וואס זיי האבען זיך אזוי געאיילט מיט דער חתונה און האבען ניט געזעהן בעסער אנצוקלייבען אביסעל געלד און פערשאפען זיך אביסעל מעבעל און ניט וואלגערען זיך אין א לאָך אויפ'ן בוידעם.

— מיר וועלען דאָרטען ניט וואוינען, האט געזאגט קאָפּע; מיר נעהמען דאס צימער, וואו זשערוויז וואוינט איצט, עס איז פיעל גרעסער.

פרוי לאָריל האט זיך אזוי פיעל פערגעסען, אז זיא האט זיך אומגעקעהרט און געפרעגט:

— וואס? דוא וועסט וואוינען אין יענעם צימער פון דעם הילצערנעם פוס?

זשערוויין איז שרעקליך בלייך געוואָרען. זיא האט דעם נאמען געהערט דאס ערסטע מאל און זיא האט פערשטאַנען, אז דאס איז איהר צונעמענים פאר איהר קרומקייט, אין דעם אויסגעשריי פון איהר שוועגערין האט זיא געהערט פיעל מעהר וויא אין דיא ווערטער, דאס איז געווען אן אָנצוהערענים, אז אין דעם זעלבען צימער האָט זיא געלעבט מיט לאַנטיע. קאָפּע האט דאס ניט פערשטאַנען ער האט נאר געהערט דעם צונעמענים, וואס דיא שוועסטער האט געגעבען זיין ווייב און דאס האט איהם שטארק פערדראָסען. ער האט צו איהר געזאגט מיט בעס:

— עס איז ניט זעהר קלוג פון דיין זייט, וואס דוא ניבסט מענשען צונעמענים. וויא עס שיינט, ווייסטו ניט, אז אין דעם הויז, וואו דוא וואוינסט, רופט מען דיך „קיהענער ווידעל" דאס איז ניט זעהר א שעהנער נאמען און מען האט דיר איהם געגעבען פאר דיינע מאוס'ע האָר וואס זעהען אויס וויא א ווידעל. דאס צימער איז א גאנץ פיינער און איך ווייס ניט, פאר וואס מיר זאָלען דאָרטען ניט בלייבען.

פרוי לאָריל האט ניט געענטפערט; זיא האָט זיך געפונען זעהר בעליידיגט פון דעם צונעמענים „קיהענער ווידעל". זיי זיינען געגאַנגען שווייגענדיג ביז זיי זיינען צוגעגאנגען צום האָטעל און גראדע ווען קאָפּע האט זיי צוגעשטופּט איינע צו דער צווייטע, זיי זאָלען זיך צוקוסען און זיין גוטע פריינד האט זיך דורך זיי דורכגעשטופּט א שכור.

— גיב אכטונג! האט געזאגט הערר לאָריל. דאס איז דער אלטער באַזשוזש. ער איז שכור וויא לוט.

זשערוויין איז א צושראָקענע אבגעשפּרונגען צו דער טהיר, דער אלטער איז געווען א מאַן פון א יאהר פופציג, בעדעקט פון אויבען ביז אראָב מיט בלאָטע פון רינשטאָק, וואו ער איז ניט לאנג אריינגעפאלען.

— האב קיין מורא ניט, האט הערר לאָריל געזאגט. ער וועט דיר גאר ניט טהאָן, ער איז אונזערער א שכן און וואוינט דיא דריטע טהיר פון אונז אין דעם זעלבען קארידאָר.

— איך וועל דיך ניט אויפעסען, קליינינקע, האָט דער אלטער געזאָגט צו זשערוויין. איך האָב אביסעל איבערגעכאפּט דיא מאָס, נאר ווען דיא ארבייט איז פערטיג דארף מען אביסעל „אנגיסען דעם לאָמפּ".

זשערוויין איז אָבגעטראָטען נאָך ווייטער צו דער טהיר און האט זיך קוים איינגעהאלטען פון כליפּען. זיא האָט נערוועז געבעטען קאָפּע, ער זאָל אָבפיהרען

פון איהר דעם אלטען. באַזשוזש איז אליין אָבגעטראָטען, פאַלענדיג פון דיא פיס און געזאָגט:

— מיט דער צייט, וועט דאס דיר, מיין טהייערע, ניט אויסמאַכען אזוי פיעל. איך קען גוט דיא פרויען, אָנפאַנגס מאַכען זיי אַ געשריי און דערנאָך ווערען זיי געוואוינט מיט דיא צרות.

• • •

פיער יאָהר זיינען אריבער פון דעם טאָג פון דער חתונה אין שווערע און שטענדיגע ארבייט. זשערוויז און קאָפּע האבען געפיהרט זייער ווירטהשאַפט זעהר גוט, מיט בעזינונג און האבען זיך נאר ערלויבט אַביסעל פערגניגען אין דיא זונטאָג־דיגע טעג. זשערוויז האָט געארבייט צוועלף שטונדען אין וואַש־הויז ביי מאַדאַם פּאָקאָנע און דאָך האָט זיא געפונען גענוג צייט צו האלטען איהר וואוינונג ריין וויא גאָלד. קאָפּע האט ניט אויסגעגעבען אַ סו אויף זייטיגע זאכען, מען האט איהם קיין מאָל ניט געזעהען בעזויפען, און דאס גאנצע געלד האָט ער געבראכט אַ היים, און קומענדיג פון דער ארבייט, האט ער זיך מיט׳ן פּיפּקע אין מויל גע־זעצט נעבען פענסטער און געדרויכערט ביז ער איז געגאנגען שלאָפען. זייער פיהרונג איז געווען אַ מוסטער אין דעם גאנצען קווארטאַל און אזוי וויא צוזאַמען האבען זיי פערדיענט ניין פראנק אַ טאָג איז געווען לייכט צו מערקען אז זיי שפּאָרען געלד.

נאר אין דיא ערסטע עטליכע חדשים נאָך זייער חתונה איז דאס געלד צער־רונען פון צווישען דיא פינגער זייער צימער אין האָטעל האט זיי דערעסען, און זיי האבען געשטרעבט צו האבען אַן איינענעם וואוינונג, מיט איינענע מעבעל. זייא האבען געהאַלטען אין איין רעבענען, פיעל וועט זיי אזא וואוינונג קאָסטען און האָ־בען ענדליך בעשלאָסען, אז מיט דריי הונדערט און פופציג פראַנק וועלען זיי דאס אויספיהרען. אבער אויפצוקלייבען אזא גרויסע סומע געלד וועט זיי געהמען ניט וועניגער וויא צוויי יאָהר, נאר פלוצים האט זיי דאס מזל אַ שפּיעל געטהאָן.

אן אלטער הערר אין פּאַסאַנס האט געשיקט נאָך קלאָד׳ן און האט איהם אויף זיין רעכנונג געגעבען שטודירען. ער איז געווען אַן עקסענטרישער (מיט שגעונות) הערר און האָט ליעב געהאַט בילדער און קונסט און קלאָד איז איהם זעהר גע־פעלען געוואָרען, ווע ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד אין פּאַסאַנס.

נאָך סלאָר׳ס אבפאהרען האבען זיי געקענט אָבשפּארען מעהר געלד, ווייל

זייערע אויסגאבען זיינען געוואָרען קלענער, און אין זיבען מאָנאטען האבען זיי אָנ־געקליבען דריי הונדערט פופציג פראנק.

דער טאָג, וואס זיי האבען געקויפט דאס מעבעל, איז געוועזן פאר זיי זעהר א גליקליכער און זיי האבען נאכדעם געמאכט א לאנגען שפאציר־גאנג. דאס איז געוועזן א וויכטיגער שריט אין זייער לעבען, וויכטיג ניט נאר פאר זיי אליין נאר אויך פאר אלעמען ארום זיי. צוויי מאָנאט לאנג האָבען זיי געזוכט א דירה, זיי האבען זעהר געוואָלט געפינען א וואוינונג אין דעם גרויסען הויז, וואו דיא לאָריכס האבען געוואוינט, נאר דאָרטען איז ניט געוועזן קיין ליידיגע צימערען. דורך א גליק־ליכען צופאל האָבען זיי בעקומען א וואוינונג ניט ווייט פון דעם פלאַץ, וואו זשערוויז האט געארבייט. דיא וואוינונג איז בעשטאַנען פון א גרויסען צימער, פון א קיך און א קליינעם שלאָף־צימער. דאס הויז איז געוועזן א קליינע און אויסער איהר האט דאָרטען געוואוינט נאר איין שכן. זשערוויז איז געוועזן אויסער זיך פאר פרייד, איהר האָט אויסגעדוכט, אז זיא געפינט זיך ווידער א מאָל אויפ'ן דאָרף, ניטאָ קיין שכנים ניטאָ קיין רכילות. און פון וואַש־הויז האט זיא געקענט זעהן דיא פענסטער פון איהר וואוינונג.

זיי האבען זיך אין דעם וואוינונג אריינגעצויגען אין אפריל. זיא איז געוועזן אין דיא לעצטע מאָנאטען, דאָך האט זיא יעדע זאך געבראכט אין אָרדנונג און אליין ריין געמאכט זייער נייע היים.

— מען דארף ניט אויסברענגען קיין איבריגען סו, ווען מיר קריגען א נייעם מויל צו עססען, האָט זיא געזאָגט שטאָלץ.

זיא האָט אָבגעפוצט דאס מעביל, וואס איז געוועזן פון טהייערען האָלץ, נאר געניצטע, עס האָט געשיינט וויא גלאָז, און איהר האט זעהר געערגערט, ווען זיא האט ערגעץ געפונען א קראַץ אויף דיא מעבעל. מעהר פון אלעם האט זיא שטאָל־צירט מיט'ן קאמאָד, און זיא האט געטרוימט פון דער צייט, ווען זיא וועט קויפען א זייגער און ארויפשטעלען איהם אויפ'ן מארבעלנעם דעק פון קאמאָד, נאר וועגען דעם האט זיא קיינעם ניט געזאגט. ווען זיא זאָל ניט זיין אויף דער צייט, וואָלט זיא איהם נאך איצט געקויפט, נאר ביים געדאנק פון דעם קינד האט זיא א זיפץ געטהאָן און האָט דאס קויפען אָבגעלעגט אויף שפעטער.

עטיענ'ס בעט האט מען אריינגעשטעלט אין קליינעם צימער און עס איז געבליעבען גענוג פלאַץ פאר א וויגעלע. דיא קיך איז געוועזן קליין און פינסטער, נאר ווען מען האָט געעפענט דיא טהיר פון דעם גרויסען צימער איז געוואָרען

ליכטינגער. אם מייסטען האט זיא פערגנינגען געהאט פון דעם גרויסען צימער, וואו דייער בעט איז געשטאנען. קאַפּע האַט בעציערט דיא װענד מיט א פּאַר בילדער. אין אלגעמיין איז דאס געװען א גאנץ אננענעהמע ארבײטער װאוינונג.

— וויפיעל דענקסט איהר צאהלען מיר פאר דער וואוינונג? האט זשערוויז געפרעגט ביי יעדען נייען בעזובער און זיא איז געװען גליקליך ווען יענער האט געשאצט אביסעל א העכערען פּרייז. מיר צאָהלען איין הונדערט און פופציג פראנק ניט איין סו מעהר — איז דאס ניט א וואונדער?

פיעל פערגניגען האַט איהר פערשאפט א בוים, וואס איז געוואקסען אין הויף און איין צווייג האט דערגרויכט ביז איבער איהר פענסטער, און דער איינציגער צווייג האט איהר געשיינט צו זיין א גאנצער גאַרטען.

אין א שעהנעם נאַכמיטאג האט זיא געבוירען א קינד. זיא האט ניט געלאָזט שיקען נאָכ'ן מאן, און ווען ער איז פון דער ארבייט געקומען אהיים א פריי־ליכער, איז זיא געווען זעהר בלייך און האַט איהם בעגריסט. ווען ער האט זיך איבער איהר אָנגעבויגען, האט זיא איהם שטיל שוואך געזאָגט:

— מיין ליעבער, דאס איז א מיידעל.

— זעהר גוט, האט קאַפּע געענטפערט, מאכענדיג שפּאס, אום צו בעהאַלטען זיינע ריכטיגע געפיהלען. איך האב בעשטעלט א מיידעל, און דוא טהוסט שטענדיג, וואס איך וויל.

ער האט דאס קינד גענומען אויף דיא הענד און געזאָגט:

— לאָז מיר געבען א גוטען קוק אויף דיך, מיין יונגע דאמע, שריי נאר ניט אזוי פערשטענדליך, וויא דיין פאָטער און מוטער.

זשערוויז האט מיט א שוואכען שמייכעל און טרויעריגע אויגען געקוקט אויף איהר טאָכטער און האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, זיא האט בעסער געוואָלט האָבען א אינגעל, וויל אינגלאך דארפען ניט אויסשטעהן אזא געפאהר אין פּאריז. דיא העבאמע האָט צוגענומען דאס קינד און האט איהר געהייסען ליגען רוהיג און שוויינען. קאָפּע האָט געזאָגט, אז ער וויל געהן אנזאגען דער מוטער און שוועסטער דיא נייעס, נאר אזוי וויא ער איז הונגעריג, וויל ער פריהער צובייסען.

זעהענדיג, וויא אונגעשיקט ער דרייט זיך ארום דעם עססען, איז זיא געוואָרען אונרוהיג, וואס זיא קען איהם ניט דערלאַנגען צום טיש.

— איהר מוזט ליגען שטיל, האט געזאגט דיא העבאמע.

— א נליק וואס איהר זייט דא, אז ניט, וואלט זיא ארתטערגעקראכען פון בעט און אבגעשניטען ברויט פאר מיר, האט קאפע געזאגט.

ענדליך איז ער אוועק צו זיינע פערוואנדטע און איז מיט א שטונדע שפעטער געקומען מיט זיי אלעמען.

זעהענדיג, אז זיי געהט ניט שלעכט, זיינען דיא לארילס דיא לעצטע צייט געווארען זעהר פריינדליך, און פלעגען נאר ציהען מיט דיא ברעמען, וואס האט בעדייטעט, אז זיי וויסען פיעל זאכען, נאר זיי ווילען ניט ריידען.

קאפע האט זיך געמאכט פאר א שטיק בעל־הבית און איז געגאנגען אין קיך פערטיג מאכען פיר דיא געסט קאפע.

דיא פרויען האבען אונטער דער צייט אנגעהויבען צו רעדען וועגען קינד און אין וועמען עס איז געראטען. אין צימער האט זיך געהערט, וויא קאפע דרייט זיך ארום אין קיך, און זשערוויז האט צו איהם גערוועז געשריען, וואו יעדע זאך ליגט און וואס ער זאל טהאן. באלד איז ער אריין מיט'ן קאן. קאפע און אלע האבען זיך געזעצט ארום טיש און געטרונקען. דיא העבאמע איז געשטאנען אן א זייט און געטרונקען. באלד איז דיא העבאמע אוועק, ווייל דיא קינדבעטארין האט איהר ניט געדארפט און מען האט איהר געזאגט, אז מען וועט איהר דארפען, וועט מען נאך איהר שיקען.

זשערוויז איז געלעגען מיט א שוואכען שמייכעל אויף דיא ליפען, זיא האט נאר געהערט א העלפט וואס מען האט גערעדט, און זיא האט קיין קרעפטען ניט געהאט ארויסצורעדען א ווארט. מען האט גערעדט וועגען טויפען דאס קינד נאר קאפע האט געזאגט, אז ער וויים ניט, צו וואס דארף מען אזעלכע צערמאניעס ער האט מורא געהאט, אז דאס קינד זאל זיך ניט צוקיהלען, און זיין מיינונג איז, אז וואס ווייניגער מען האט צו טהאן מיט דיא גלחים איז בעסער. זיינע פערוואנדטע האבען זיך וויא דערשראקען פון אזעלכע ווערטער און געזאגט, אז ער איז צופיעל אפקורוס. פרוי לאריל האט געזאגט, אז דיא טויפע מוז זיין זונטאג, און זשערוויז האט שוואך צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

פאר'ן אוועקגעהן האבען זיי געקוסט איהר און דאס קינד און גערעדט צום קינד אזוי וויא עס וואלט עפעס פערשטאנען.

ווען קאפע איז אליין געבליבען מיט זיין ווייב, האט ער אנגענומען איהר האנד און ארויסגעהמענדיג דיא פיפקע פון מויל, האט ער צו איהר געזאגט:

— איך האב זיי ניט געקענט אבהאלטען, נאר איך בין זיכער, אז זיי האבע

דיר געמאכט א קאפ וויהטאג. און ער האט זעהר צערטליך א קוש געטהאן זיין ווייב, פאר דיא ליידען, וואס זיא האט צוליעב איהם אויסגעליטען.

זיא האט איהם געזאגט, אז זיא פיהלט זיך זעהר גליקליך, נאר זיא וואלט וועלען וואס ניכער קענען אויפשטעהן, אום צו קענען וואס ניכער געהן ארבייטען.

אין דער פריה ווען ער איז אוועק צו דער ארבייט, האט ער געשיקט נאך מאדאם ראשע, אז זיא זאל קומען העלפען אין שטוב, נאר דעם זעלבען אבענד האט זיא איהם געמעלדעט, אז זיא וועט מעהר נים ליגען, ווייל זיא קען נים צו זעהן, וויא אנדערע ארבייטען ביי איהר. זיא האט נים קיין צייט פאר אזעלכע נאַרעשקייטען. דאס קענען זיך פערגינען רייכע פרויען, אבער נים זיא.

און ווירקליך אויפ'ן דריטען טאג איז זיא אויפגעשטאנען און אין א וואך ארום איז זיא שוין געשטאנען ביי דער ארבייט.

דעם זעלבען שבת האט מאדאם לאריל, וועלכע איז געווען דיא קוואטערין, געבראכט פאר'ן קינד א מאנטעלע און א הייבעל, וואס איהר איז געלונגען צו קויפען בילינ, ווייל זיי זיינען שוין געווען אביסעל צונעלעגען. און איהר מאן האט געבראכט א מתנה זעקס פונט צוקער. צום מאלצייט זיינען זיי אויך נים געקומען מיט לעדיגע הענד, און האבען שטאלץ אריינגעבראכט, ער א פלאש וויין און זיא א טארט (קייק) וואס זיא האט געקויפט אין א רעסטאראן. זיי האבען ליעב געהאט צו טהאן עטוואס פיר א צווייטען נאר זיי האבען מעהר ליעב געהאט דערפון צו ריידען; און ווען זיי האבען בעגעגענט דיא לעצטע צוויי מאנאטען האבען זיי דערצעהלט, אז זיי האבען אויסגעגעבען צוואנציג פראנק, דאס האט זשערוויי'ן זעהר געערגערט.

ביי דיעזען מאלצייט האט זיך זשערוויז צום ערסטען מאל בעקענט מיט איהר שכנה, וואס האט געוואוינט אין דעם זעלבען הויז, וואס זיא. דיא שכנה איז געווען אן אלמנה מיט'ן נאמען גוזשע און זיא האט געהאט איין זוהן. ביז איצט פלעגט זיא זיי נאר אבנעבען א גוט מארגען, ווען זיא האט זיי בעגעגענט אויף דיא טרעפ, נאר דעם ערסטען טאג פון איהר קינדבעט, האט איהר דיא אלמנה אביסעל געהאלפען און דאריבער האט זיא זיי פערבעטען צום מאלצייט.

דיא גוזשעס זיינען געווען פון דער פראווינץ. דיא מוטער האט פערריכט שפיצען און דער זוהן איז געווען א שמיד און האט געארבייט אין א פאבריק. זיי האבען אין דעם וואוינונג געוואוינט שוין פינף יאהר און זייער לעבען איז געפלאסען

זעהר רוהיג, נאר אונטער דיא רוהיגקייט איז געלעגען א שרעקליכער אונגליק. איהר פערשטארבענער מאן האט אמאל זייענדיג שטארק בעזויפען, געמארדעט א מענשען און האט זיך אין געפענגניס דערשטיקט מיט א נאז טיכעל. דיא מוטער און דער זוהן זיינען געקומען אין פאריז מיט דער שרעקליכער טראגעדיע אין הארצען און אין קאפ און האבען גענומען פיהרען א נייען לעבען מיט גרויס קוראזש און געדולד. עס קען זיין, אז זיי האבען זיך געהאלטען שטאלץ, ווייל זיי זיינען מיט אלעמען געווען פון דערוויטענס. מאדאם גוזשע האט שטענדיג געטראגען טרויער קליידער. דער יונגער גוזשע איז געווען א ריעז פון דריי און צוואנציג יאהר מיט א קלארע און פרישע געזיכט און עהרליכע אויגען. אין פאבריק האט מען איהם גערופען „דיא גאלדענע לאקען“ פאר זיינע געלע האר און בארד.

זיי זיינען זעהר געפעלען געווארען זשערוויזען, און איהר איז שטארק געפעלען געווען דיא ליעבליכע ריינקייט פון זייער וואוינונג, דיא מוטער האט איהר געוויזען דעם זוהנס צימער, עס איז געווען צוגעקליבען אזוי וויים און ריין וויא דאס צימער פון א מיידעל.

וואס מעהר זיא האט זיי געזעהן האט זיא זיי אלץ מעהר ליעב געקריעגען, זיא האט נאך אזעלכע פיינע לייט ניט געזעהן, זיא האט געקענט צוקוקען שטונ־דען־לאנג וויא מאדאם גוזשע האט געארבייט, און צוהערען איהרע געשיכטעס וועגען איהר זוהן, ער איז נאך אלץ געווען א קינד און האט שטארק ליעב געהאט צו קוקען אויף דיא בילדער פון ביכער און האט דאס מעהר ליעב געהאט וויא לעזען. זיין בענעהמען זיך איז געווען זעהר איידעל, נאר דיא מיידלאך פלעגען לאכען פון איהם, ווייל ער פלעגט זיך אבקעהרען, ווען ער פלעגט זיי בעגעגענען. ער האט ניט געקענט ליידען זייער הויך לאכען און פרעכע מאנערען. א מאל איז ער אהיים גע־קומען אביסעל בעטרונקען, דיא מוטער האט איהם ניט געזאגט קיין שלעכט ווארט, זיא האט נאר ארויסגענומען פון שאפע א בילד פון זיין פאטער, וועלכען זיי האבען געהאלטען זעהר טהייער, און האט איהם אנידערגעשטעלט אנטקעגען איהם, און פון דאמאלס אן האט ער קיין טראפען ניט גענומען אין מויל, באטשע ער האט קיין וויין ניט פיינד געהאט.

יעדען זונטאג פלעגט ער אויסגעהן מיט זיין מוטער, וועלכע איז געווען זיין אבגאט. ער פלעגט פאר איהר אויסגיסען אלע זיינע פריידען און ליידען, גראדע וויא ער האט דאס געטהאן קינדוויז. אנפאנגס האט איהם זשערוויז נאר ניט

אינטערעסירט, נאר שפעטער האט ער איהר ליעב געקריגען און האט איהר אָנגע־
הויבען צו בעהאנדלען וויא א שוועסטער.

קאָפּע, וועלכער איז געווען א עכטער פּאריזער, האט איהם געהאלטען פאר
א נאר, וואס ער קעהרט זיך אוועק פון דיא מיידלאך, דאך האבען דיא צוויא
יונגע לייט זיך גאנץ ליעב געהאט.

דריי יאָהר לאנג איז דאס לעבען פון דיא צוויי פאמיליען געוועזען זעהר
רוהיג. זשערוויז האט געקריגען ביי איהר ווירטהין א בעסערען פּלאץ און האט
מעהר פערדיענט. עטיען איז שוין געגאנגען אין שוהלע און אויסער אלע אויסגאַ־
בען האבען זיי געשפּאָרט צוואנציג־דרייסיג פראנק א מאָנאט. דעם זייגער האט
זיא שוין לאנג געקויפט אויף אויסצאָהלונג, ער איז געווען א שעהנער ציערונג און
זיא האט שוין געהאט אָבגעשפּאָרט זעקס הונדערט פראנק. דאס געלד האט איהר
ניט געלאָזט רוהען זיא האט געטרוימט פון אן אייגענעם געשעפט און האט נאָר
געזוכט א גוטען פּלאץ.

יעדען זונטאג פלעגען ביידע פאמיליען צוזאמען אויסגעהן און פלעגען צוזאמען
עסען א מיטאג ערגעץ אין א אונטערשטעדטישען רעסטאָראן, און ביינאכט מאכען
א רעכנונג און יעדער פלעגט בעצאָהלען זיין טהייל.

דיא לאָרילס זיינען געווען זעהר אייפערזיכטיג אויף דיא נייע פריינד פון זיין
ברודער און האבען געזאָגט, אז עס איז זעהר זעלטזאם וואס ער געהט ארום מיט
פרעמדע און ניט מיט זיינע קרובים. דאביי האט מאדאם לאָריל אנגעהויבען צו
רעדען זעהר שלעכט פון זשערוויז...... מאדאם לעכא פלעגט זיך פאר איהר
שטענדיג אָננעהמען.

דעם טאָג ווען זייער טאָכטער, וועלכע מען האָט א נאָמען געגעבען נאנא,
איז אלט געוואָרען דריי יאהר, האט קאָפּע, קומענדיג פון דער ארבייט, צו מיטאָג
געפונען זיין ווייב זעהר אויפגערעגט.

— וואס איז געשעהן? האט ער איהר געפרעגט.

— שטעל זיך פאָר, אז דיא קליינע קראָם (סטאר) אין דעם הויז, וואו דיין
שוועסטער וואוינט, שטעהט איצט לעדיג. איך בין אויסער זיך פאר פרייד.

דאס איז געווען גראדע וואס זיי האבען געוואָלט און זיי האבען שוין לאנג
אויף דעם ארויסגעקוקט דיא קראם מיט דיא דריי צימערען איז גראדע גענוג פאר
זיי, נאר דיא דירה־געלד איז אביסעל צו טהייער — פינף הונדערט פראנק! זעהר
טהייער! און זיא האט מורא, אז עס וועט זיין ריזיקאליש איהר צו דינגען. דאך

האט זיא ניט אויפגעהערט צו פּלאַנעווען, וואס זיא וועט טהאָן מיט דיא קראָ
וועלכע זיא האט ניט געדענקט צו געהמען.

קאָפּע האָט גוט געזעהן וואס פאר א חשק זיא האט צו דער קראָם און
האט געזאָגט, אז מאָרגען אין דער פריה וועט ער אריין רעדען מיט'ן ווירטה פון
הויז דיא איינציגע זאך, וואס איהם געפעלט ניט, אז דיא נאכבארשאפט מיט
זיין שוועסטער, וועלכע זיא האָט אזוי פיינד.

דעם צווייטען טאָג נאכדעם וויא מאדאם גוזשא האט געזאגט, אז דאס איז
א גוטער פּלאן איז זשערוויז אוועק צו איהר שוועגערין און געפרעגט ביי איהר א
ראָטה, וויל זיא האט ניט געוואָלט, אז עס זאָל אויסזעהן, אז זיא בעהאלט
עפּעס.

מאדאם לאָרי איז געווען וויא פון דונער געטראָפען. וואס? דאס הילצערנע
פוס וויל מאכען אן איינענעם געשעפט? אָנפנאנגס האט זיא איהר געזאָגט, אז
דאס איז זעהר א גוטער פּלאן נאר באלד האט זיא חרטה געקריגען און האט
איהר אָנגעהויבען צו ערקלערען, אז דער אונטערסטער שטאָק איז זעהר פינסטער
און דארטען איז זעהר פייכט.

— דאס איז א גרויסארטיגער פּלאץ צו קריגען דאָרטען רעהמאטיזם, נאר
עס וועט דאך ניט העלפען, וואס זיא וועט זאגען.

דעם זעלבען פארנאכט האט זשערוויז ערקלערט, אז אויב זיא וועט דיא
קראָם ניט קריגען, וועט זיא אויסגעהן פאר צער, אזוי שטארק וויל זיא איהר
דינגען.

— אויב דוא ווילסט קענען מיר געהןביידע מאָרגען, האט ער איהר געענט־
פערט, קום נאך מיר זעקס א זייגער.

קאָפּע האט דעם פאָלגענדען טאָג געהאלטען אין ענדיגען דעקען א דאך פון
א דריי שטאָקיגע הויז, און האט ארויפגעלעגט דיא לעצטע בלעטער בלעך. עס
איז געווען א שעהנער מאי־פארנאכט, דיא זון איז שוין געשטאנען ניעדריג און
קאָפּע'ס פיגור האט זיך העלל אבגעטונקט אונטער דעם בלויען הימעל, ווען ער
איז געשטאנען אויפ'ן דאך און געשניטען דעם בלעך וויא א שניידער שניידט צו
א פּאָר הויזען ביי זיך אין ווערק־שטוב.

— זידאָר! לעג אריין דיא אייזענס אין פייער! האט קאָפּע א געשריי
געטהאָן.

זיין מיטהעלפער, א איינגעל, וועלכער האט מיט א בלאָז־זאק פערנאנדער־

נעבלאָזען א פייער, האָט דיא אייזענס ארייננעלעגט און האָט ווידער אָנגעהויבען צו בלאָזען מיט'ן בלאָזזאק. קאַפּע האָט גענומען דיא לעצטע שטיק בלעך און איז אוועק איהר ארויפלעגען. מען האָט עס געדארפט לעגען אין א ווינקעל ביי א זייט פון דעם דאך, פאַרטען וואו דאס וואסער רינט אראב. דער גליצינסטער פּאַץ אויפ'ן דאך. ער איז ארומגעגאנגען אין זיינע פאַנטאָפעל, פונקט וויא ער זאָל זיין ביי זיך אין צימער און האָט אויסגעפייפט א פּאָפּולערע מעלאָדיע. פּלוצים האָט ער זיך א גליטש געטהאָן און האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן קוימען, שרייענדיג צו זיין מיטהעלפער:

— פאר וואָס ברענגסטו מיר ניט דיא אייזענס?

דער מיטהעלפער האָט זיך פערקוקט אויף א גרויסען רויך, נאר דערהערענדיג קאַפּע'ס קול, איז ער באלד צו איהם צוגעקומען מיט דיא אייזענס. קאַפּע מיט דער פּיפּקע אין מויל האָט אָנגעהויבען צוצולייטען דעם בלעך און פון צייט צו צייט ארונטערשפּייענדיג אין גאס אונטער איהם.

— גוט־נ־אבענד, מאדאם ראַשע! האָט ער פּלוצים אויסגעשריען.

ער האָט זיך אריבערגעבויגען, האלטענדיג זיך ביים קוימען, און האָט אָנגעהויבען צו רעדען צו זיין אלטע בעקאַנטע, וועלכע ער האָט דערזעהן דורכגעהן דיא גאס.

זיא האָט זיך צולאכט און האָט זיך אָבגעשטעלט מיט איהרע ביידע הענד אונטער'ן פארטוך.

— האָט איהר געזעהן מיין ווייב? האָט ער געפרעגט.

— ניין, וואו איז זיא?

— זיא דארף באלד קומען נאך מיר. וואס מאכט איהר?

— גאַנץ גוט. איך געה אָהער נאָך פלייש, דא איז בילינגער.

זיי האָבען גערעדט זעהר הויך, ווייל א קארעטע איז אין דער מינוט דורכגעפאָהרען. זיא האָט שוין געזאָגט „גוטע נאכט" ווען זיא האָט דערזעהן זשערוויז קומט מיט איהר טאָכטער נאנא. וויא זשערוויז האָט דערזעהן, אז ראַשע וויל אנזאגען קאַפּע'ן אז זיא קומט, האָט זיא צו איהר געמאכט א צייכען מיט דער האנד, אז זיא זאָל דאס ניט טהאָן. זיא האָט איהר אין דער שטיל געזאָגט, אז זיא האָט מורא, אז ער זאָל ניט ארונטערפאַלען. אָנפאַנגס האָט זיא דערפון שרעקליך געליטען, זיא האָט געזעהן חלומות, וויא ער פאַלט פון דאך, נאר באלד האָט זיא זיך דערצו מעהר אָדער ווייניגער צוגעוואוינט. זיא האָט געקוקט מיט גרויס

שרעק אויף איהר מאַן און האָט מיט'ן קלייד פערשטעלט נאנא'ס קאָפּ, אום זיא זאָל איהם ניט דערזעהן און זאָל צו איהם ניט אַ געשריי טהאָן.

— דוא גיסט אויף מיר אַכטונג! האט ער אַ געשריי געטהאָן פריילי'ך, דער־זעהענדיג איהר אויף דער גאַס. איז זיא ניט קיין נאַר, מאַדאַם ראָשע?

אַן אַלטע פרוי איז געשטאַנען ביי אַן אָפענעם פענסטער און האט געקוקט אויפ'ן דאַך.

— וואָס קוקט זיא דאָרטען? האט געפרעגט זשערוויי.

קאָפּע האָט נאָך אַלץ געלייט און געזונגען אַ ליעד.

— וואַרט! האָט ער זיך פּלוצים אַנגערופען צו זיין ווייב. וואַרט צעהן מינוט און איך וועל אַרונטערקומען.

דיא זאָן האט זיך מעהר אַרונטערגעזעצט און דיא פיגורען פון ביידע בלעכער האבען אויסגעזעהן פיעל גרעסער וויא אין דער ווירקליכקייט געגען דעם ראָזיגען הימעל.

— זידאָר, דיא אייזענס!

נאַר זידאָר האט זיך ניט געזעהן, אַראָבקוקענדיג דורכ'ן דאַך־פענסטער האָט ער איהם דערזעהן, וויא ער שפּאַצירט אַרום מיט צוויי הייזער ווייטער איבער אַ דאַך.

— דוא דענקסט, אַז דוא ביזט אויפ'ן לאַנד! האט ער אַ געשריי געטהאָן מיט צאָרן. גיב מיר דיא אייזענס, זאג איך דיר!

דיא אייזענס האבען געהוזשעט ווען מען פלעגט זיי צוריהרען צום בלעך און קאָפּע האָט אויסגעשריען צו זשערוויי.

— איך קום גלייך! איך קום גלייך!

דער קוימען, צו וועלכען ער האָט צוגעמאַכט אַ בלעכענעם דעכעלע, איז געשטאַנען אין מיטען דאַך. זשערוויז האט איהם נאָכגעקוקט אבער זיא איז געוועזן רוהיגער ווייל זיא האט געזעהן, אַז ער ווייס וואס ער האט צו טהאָן.

— פּאָפּאַ! פּאַפּאַ! האט פּלוצים אויסגעשריען נאַנאַ, פּאַטשענדיג מיט דיא איהרע הענטלאַך.

קאָפּע האָט זיך אומגעוועגדט — זיין פוס האט זיך אַ גליטש געטהאַן — און ער האָט לאַנגזאַם געגומען קייקלען איבער'ן דאַך און האט ניט געקענט אַנכאַפּען זיך פאַר עפּעס.

— גאָטער נאָט! האט ער אויסגעשריען מיט אַ פערשטיקטען קול, און ער

אין ארונטערגעפאלען, זיין קערפער האט זיך צוויי מאל איבערגעדרייט אין דער לופטען און האט א קלאפ געטהאן אין מיטען גאס מיט'ן דומפפען קלאפ פון א בינטעל נאסע גרעט.

זשערוויז איז געבליעבען שטעהן שטיל, דער געשריי איז איהר פערגליווערט געווארען אויף דיא ליפען. מאדאם ראשע האט א כאפ געטהאן נאנא אין איהרע ארמען און האט בעהאלטען איהר קאפ, זיא זאל ניט זעהן, און דיא אלטע פרוי ביים אפענעם פענסטער האט עס איצט פערמאכט, וויא זיא וואלט געווארט אויף דער טראגעדיע.

פיער מענער האבען קאפע אויפגעהויבען און אריינגעטראגען אין אן אפטהייק וואו ער איז אבגעלעגען א גאנצע שטונדע ביז אן אמבולאנס איז אנגעקומען פון אן האספיטאל. ער האט נאך געאטהעמט, אבער דאס איז געווען דער איינציגער צייכען פון לעבען אין איהם. זשערוויז איז פאר איהם געשטאנען אויף דיא קניע און האט היסטעריש געוויינט. יעדע מינוט האט זיא א טאפ געטהאן קאפע, ניט קר קענדיג, וואס דער אפטייקער האט איהר דאס פערבאטען, אום אויסצוגעפינען, אויב ער איז נאךווארעם. ווען דער אמבולאנס איז אנגעקומען און מען האט גע־נומען רעדען פון אוועקפיהרען איהם אין האספיטאל, איז זיא אויפגעשפרונגען און געזאגט מיט הארץ:

— ניין, ניין, ניט אין האספיטאל, א היים א היים!

אומזיסט האט מען מיט איהר גערעדט, אז דאס איז פערבונדען מיט גרויסע קאסטען, נאר זיא האט זיך געהאלטען ביי דאס איהריגע און האט געזאגט:

— ניין, ניין, איך וויל איהם קורירען אין דער היים. איז ער דען ניט מיין מאן? ווער וועט איהם קענען בעסער אבהיטען וויא איך?

און מען האט קאפע אוועקגעטראגען א היים, דיא פרויען פון דעם קווארטאל האבען זיך פערקליבען אין קופקעס און האבען שטארק אריינגעלויבט זשערוויז און געזאגט, אז ניט קוקענדיג אויף איהר קרומקייט, איז זיא דאך זעהר ענערגיש און וועט איהר ־און אבראטעווע.

מאדאם ראשע האט אוועקגעפיהרט נאנא אהיים און דערנאך איז זיא גע־גאנגען פון איין בעקאנטע צו דער צווייטער און דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון קאפעס אראבפאלען מיט אלע איינצעלהייטען.

— איך האב געזעהן וויא ער האט זיך אויסגעגלימשט און איז ארונטערגע־פאלען, דאס איז אלץ געשעהן צוליעב דעם קינד; ער האט מיט איהר געוואלט

עפּעס רעדען, ווען ער האט זיך אויסגעגליטשט. נאט געדעכטער! זאל מיר נאך א מאל מעהר נים אויסקומען צו זעה, אזא סצענע.

א וואך צייט איז קאָפּע'ס לעבען געהאנגען אויף א האר, זיין פאמיליע און פריינד האבען יעדע מינוט ערווארטעט, אז ער וועט שטארבען. דער דאָקטאָר זעהר א פּראקטיצירטער וואס האָט פאר יעדען וויזיט גענומען פינף פראנק, האט גערעדט עפּעס פון א פּערלעצונג, און דיעזעס וואָרט אליין האט אויף אלעמען אָנגעוואָרפען א שרעק, אויסער זשערווייז, בלייך פון ארומגעהן ארום דעם קראנקען האט געצווינגען מיט דיא אָקסלען און האָט דעם מוטה נים פערלאָרען. זיא האט גוט געוואוסט, אז ביי איהר מאן איז דער פוס צובראָכען, אבער דערפון איז נאָך קיין בעווייז, אז ער דארף שטארבען, און זיא איז פון איהם נים אָבגעטראָטען נים ביי טאָג און נים ביי נאכט און האט פערגעסען דיא קינדער, פערגעסען איהר הויז און פערגעסען יעדע זאך אויסער איהם.

אויפ'ן ניינטען טאָג ווען דער דאָקטאָר האט געזאגט, אז דער קראנקער וועט בלייבען לעבען, האט זיא זיך אָהנמעכטיג אראָבגעלאָזט אויף א שטוהל און איז א פּאָר שטונדען אָבגעשלאָפען אנגעשפּארט מיט איהר קאָפּ אן זיין צופוסענס.

דיא גאנצע פאמיליע איז ווידער פעראייניגט געוואָרען דורך זיין קראנקהייט. דיא מוטער האט דאָרטען פערבראכט דיא נעכט, שלאָפענדיג בעקוועם אין א פאָטעל. מאדאם לעבא פלעגט קומען יעדען אבענד נאך דער ארבייט צו פרעגען, וואס ער מאכט. דיא לאָרילס זיינען אויך געקומען א פּאָר מאָל געוואָר־ווערען און האבען געבראכט א בעקוועמען פאָטעל פאר זשערווייז. נאר באלד האבען זיך אָנגעהויבען קריעגערייען, יעדער האט געזאָגט, אז ער וויים בעסער וויא צו פּפלעגען דעם קראנקען און פרוי לאָריל איז אזוי אויפגעבראכט געוואָרען, אז זיא האט אויפגעוואָרפען זשערוויז, אז דאס גאנצע אונגליק איז געשעהן צוליעב איהר, וואס זיא האט דעם מאן געשטערט אין זיין ארבייט.

ווען קאָפּע האט אנגעהויבען צו ווערען בעסער, האט זשערוויז געלאָזט זיינע קרובים, זיי זאָלען טהאָן וואס זיי ווילען, וויסענדיג, אז עס וועט נעהמען מאָנאטען לאנג, ביז ער וועט אין גאנצען קומען צו זיך. דאס האט ווידער געערגערט מאדאם לאָריל.

— וואס פאר א נארישקייט איז געווען פון זשערוויז צו נעהמען דעם קראנקען אהיים, האט לאָריל געזאָגט, אין האָספּיטאל וואָלט ער שוין לאנג געזונד געוואָרען.

דאן האט זיא אַנגעהויבען אויסצורעכענען וויפיעל עס האבען אָבגעקאָסט דיא מעדיצינען, דער דאָקטאָר, דיא ווייגען און ענדליך דאס פלייש פאר בוליאָן.

— יא, דאס איז אַ פיינע סומע, און איך בין זיכער, אז ניט נאר דאס גאנ־צע געלד וועט ביי זיי אוועקגעהן, זאָנדערן זיי וועלען נאָך אריין אין חובות איבער׳ן קאָפּ. נאר אויב זיא מיינט, אז זיין פּאמיליע וועט איהר העלפען, האט זיא אַ טעות. מיר זיינען קיינער ניט רייך גענוג צו ערלויבען זיך אזא לוקסוס צו ליגען קראנק אין דער היים.

א מאָל האט זיא מיט אַ שטאָך אַ פרעג געטהאָן ביי זשערוויין:

— און וואס הערט זיך מיט דיין געשעפט? ווען וועסטו עס עפענען? דיא טהיר־שליסערין פון אונזער הויז וואונדערט זיך, וואס דוא קומסט ניט.

זשערוויין האט דערפיהלט, וויא אַ שלאַנג וואָלט איהר אַ ביס געטהאָן. זיא האט אין גאנצען פערגעסען אן דעם געשעפט.

פון דעם טאָג אָן האבען זיי איהר ניט אויפגעהערט צו קוועלען מיט איהר גאָלדענעם טרוים, וואס איז פערשוואונדען געוואָרען וויא אַ רויך. זיא איז געוואָרען זעהר מעלאנכאָליש און איהר האט אויסגעוויזען אז זיי פרייהען זיך מיט זייער ברודער׳ס אונגליק, וואס האָט צושטערט איהרע פלענער.

איהר האט ניט געארט, וואס זייער געלד איז אוועק אויף אָבראטעווען איהר מאנ׳ס לעבען; דאס געלד פון באנק האט זיא אין גאנצען ניט ארויסגענומען און האט געהאָפט, אז עפּעס אַ נס וועט געשעהן און דער אָפּפער וועט פון איהר ניט געפאָדערט ווערען. און זיא האט גערענקט גאָט, וואס זיא האָט נאָך געהאט געלד און זיא האט ניט געדארפט אָנקומען צו איהרע שונאים אין נויטה.

איהרע נאכבארען זיינען געווען זעהר פריינדליך צו איהר אין דער גאנצער צייט פון איהר מאנ׳ס קראנקהייט. פרוי גוזשע פלעגט איהר אריינטראָגען אַ טעלער זופּ, וואשען דאס געפעס, און האָט געטהאָן וואס זיא האָט געקענט, דער יונגער גוזשע פלעגט איהר ברענגען וואסער און דערמיט פערשפּאָרען איהר אַ פּאָר סו און פלעגט יעדען אבענד פערברענגען מיט׳ן קראנקען. ער איז געווען זעהר צארט און פול מיט מיטלייד. זשערוויין׳ס מילדע שטימע, וויא זיא פלעגט רעדען צו איהר מאן, האט דורכגעדרונגען טיעף אין זיין הארצען, ער האָט קיין מאָל נאָך ניט געזעהן אזא בראווע און גוטע פרוי. עס האט איהם געדוכט, אז זיא זעצט זיך ניט צו פופציהן מינוט אין דעם פערלויף פון אַ טאָג, ער האט זיך שטארק צו־געבונדען צו דער אַדימער פרוי׳

זײַן מוטער האט פאר איהם אָבגעזוכט א ווייב, אויף א שפּיצענמאכעריןֿ, און אזוי וויא ער האט ניט געוואָלט געהן גענען איהר ווילען, האט מען דיא האָכצייט אָבגעלעגט ביז סעפּטעמבער, נאר ווען זשערוויז האט גערעדט וועגען זײַן צוקונפט, האט ער נאר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניט אלע פרויען זײַנען וויא איהר, מאדאם קאָפּע, האָט ער געזאָגט: ווען זיי זאָלען זײַן וויא איהר, וואָלט מיר ניט געארט צו האבען זאָגאר צעהן ווייבער.

אין צוויי מאָנאט ארום איז שוין קאָפּע געווען אויף דיא פיס און האט געקענט צושלעפּען זיך צום פענסטער, וואו ער פלעגט זיצען מיט'ן פוס אויף א בענקעל.

— וויא לאנג וועל איך דא זיצען אזוי צונויפגעדרייט? פלעגט ער פרעגען. נו, זאָגט אליין, וואס איז מיר אריינגעקומען, אז איך האָב ניט געטרונקען? מײַן פאָטער האט זיך געבראָכען זײַן גניק — איך זאָג ניט, אז דאס האָט איהם געקומט, אבער דאָך איז אין דעם געווען זײַן שולד. איך אבער האָב קיין טראָפּען ניט געטרונקען, און דאָך בין איך אראָבגעפאלען ווייל איך האב גערעדט צו מײַן קינד. אויב עס איז דא אין הימעל א גאָט, וויא מען זאָגט, פיהרט ער דיא וועלט מערקווירדיג.

וואס מעהר זײַן געזונד האָט זיך פערבעסערט איז איהם אלץ מעהר נמאס געוואָרען זײַן ארבייט. ער האט געוואונשען צו קענען אן אנדערע ארבייט, וועלכע זאָל נים זײַן אזוי געפעהרליך, און האט געזאָגט, אז מען האָט בעדארפט דורכ־פיהרען א געזעץ, אז יעדער בעל הבית זאל אליין דעקען זײַן הויז.

מיט צוויי מאָנאטען שפּעטער האט ער שוין געקענט ארומגעהן אויף א קריקע (קוליע) און פלעגט ד א גאנצע טעג זיצען אויפ'ן בולוואר און ווארעמען זיך נעגען דער פריהלינג־זון. זײַן פריילינקייט האט זיך איהם אומגעקעהרט און ער האָט זיך פערגנינט, וואס ער טהוט נאר ניט. דאס ערסטע מאָל אין זײַן לעבען איז ער געווען פויל. דאס לעדיג־געהן האָט דורכגעדרונגען זײַן גאנצען וועזען. ווען ער האָט זיך בעפרייט פון זײַנע קוליעס, פלעגט ער ארום שפּאצירען פאר דיא נעבייידעס, וואס האבען זיך געהאלטען אין בויען, האט געשפּאסט מיט דיא ארבייטער און פערשאָלטען דיא ארבייט.

נאך מיטאָג פלעגט ער געהן צו זײַן שוועסטער לאָריל, וועלכע האט איצט ווידער געקרינגען אן איינפלוס איבער איהם מיט איהר פריינד יבקיים און מיטלייד.

זיי זיינען געװעזן קלוג גענוג צו רעדען גוט פון זיין װייב, און קומענדיג אהיים, האט ער געפאָדערט פון זשערװייז, אז זיא זאָל זיין גוט צו זיי, װייל זיי האבען איהר זעהר ליעב.

דיא ערסטע קריעג אין שטוב איז געװעזן צוליעב עטיען. קאָפּע איז געזעסען ביי זיין שװעסטער א גאנצען טאָג און איז אהיים געקומען זעהר שפּעט. דיא קינדער זיינען צו איהם צוגעשטאנען מיט טענות, פאר װאס ער איז פריהער ניט געקומען און ניט געגעבען זיי זייער מיטאָג, ער איז שטארק אויפגעבראכט געװאָרען, האט אנגעריסען עטיען ביי דיא אויערען און האט זיך א גאנצע שטונדע געשאָלטען. ביז איצט האט ער עטיענ'ס אנװעזענהייט איבערגעטראָגען אזוי, װיא א זאך װאס האט אנדערש גאר ניט געקענט זיין, נאר איצט האט ער אָנגעהויבען צו שרייען, אז ער פערשטעהט ניט, פאר װאס ער האלט דעם יונג אין זיין הויז, װען ער איז ניט זיינער.

מיט דריי טעג שפּעטער האט ער דעם איינגעל געגעבען א זעץ מיט'ן פוס און פון דאמאלס אן, פלעגט עטיען, װיא נאר ער האט דערהערט זיינע טריט, אנטלויפען צו דיא נגושעס, װאו ער האט שטענדיג געפונען פאר זיך א פּלאַץ ביים טיש.

זשערװייז האט שוין װיעדער אָנגעהויבען צו ארבייטען, זיא האט שוין מעהר ניט געקוקט אין איהר באנק-ביכעל, װייל איהר גאנצע געלד איז אװעק. זיא האט געדארפט אויסרעכענען יעדען סו, װייל אויף איהר אליין איז איצט געלעגען דער יאָך פון דער גאנצער שטוב און זיא אליין האט געדארפט האָדעװען פיער מיילער. װען יעמאנד האט אויסגערעדט א װאָרט געגען קאָפּע, האט זיא זיך פאר איהם אָנגענומען און געזאָגט מיט טרערען אין דיא אויגען:

— פערגעסט ניט, פיעל ער איז געבאך אויסגעשטאנען; איז דען א װאונדער אז ער איז אביסעל צורייצט. װארט, ביז ער װעט אין גאנצען געזונד װערען, דאַ־מאלס װעט ער װערען אזוי גוט װיא פריהער.

װען יעמאנד האט אויפמערקזאם געמאכט, אז עס װאָלט שוין צייט געװעזן ער זאָל צוריקגעהן ארבייטען, װייל ער איז שוין פאָלקאָמען געזונד, פלעגט זיא ענטפערן:

— ניין, ניין, עס איז נאָך ניט צייט, װאס װילט איהר, ער זאָל װיעדער קראנק װערען?

און זיא פלעגט איהם יעדען טאָג בעטען, ער זאָל זיך ניט איילען און האט

איהם אריינגערוקט אין האנד אביסעל קליין־געלד, ער זאָל האבען אויף וואס ער דאַרף.

קאָפּע האָט עס אלעס אָנגענומען, אז איר דאַרף עס זיין און האט נאָך זעקס מאָנאַט אנגעהויבען צו קוקען אויף זיך וויא אויף א קאַליקע, וואס טויג גאָר ניט צו דער ארבייט. ער פלעגט געהן יעדען טאָג אין שענק מיט א גוטען פריינד. איז דען דא ניט א גוטער פּלאַץ צו פערברענגען א שטונדע? נאר ער האט געשוואָרען, אז בראנפען וועט אין זיין מויל ניט אריינקומען, ער וועט נאר טרינקע וויין; וויין איז גוט צום מאָגען און פערלענגערט דאס לעבען. בראַנפען איז עפּעס וואס אנדערש, נאָר ניט קוקענדיג אויף דיעזע גוטע מחשבות פלעגט ער דאָך פון צייט צו צייט אראָבקומען א היים אביסעל שכור׳לאָך. דאן פלעגט זשערוויז פערשליסען דיא טהיר און מעלדען, אז זיא איז קראַנק, אום דיא גוזשעס זאלען איהם אין דיעזען צושטאנד ניט זעהן.

זשערוויז האט אנגעהויבען צו ווערען מעלאַנכאָליש; זיא האָט געהאלטען אין איין רעכענען, פיעל עס וועט איהר דאַרפען קאָסטען צו עפּענען א געשעפט און דער געדאנק, אז זיא קען דאס ניט דערוויזען, האט איהר געפּלאָגט. זיא האט וועגען דעם מיט קיינעם גאָר ניט גערעדט, מורא האבענדיג, אז מען וועט דענקען, דאס זיא האָט חרטה אויפ׳ן געלד, וואס איז אוועק אויף איהר מאַנ׳ס קראַנקהייט. זיא איז געוואָרען בלייך און טרויעריג פון דעם געדאנקען, אז עס וועט איהר נעה־מען ניט וועניגער וויא פינף יאָהר צייט, ביז זיא וועט צוזאמענקלייבען דיא נעטהיגע סומע.

איין אבענד ווען זשערוויז איז געזעסען אליין איז הערר גוזשא אריינגעקומען. ער האָט גענומען א שטוהל, האָט פּעררויכערט זיין פּיפּקע, און ניט אראָבלאָזענדיג פון איהר דיא אויגען, האָט ער ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. ער האט געשיינט צו טראַכטען וועגען עפּעס, ענדליך האָט ער דיא פּיפּקע ארויסגענומען פון מויל און האָט געזאָגט:

— וועט איהר מיר ערלויבען צו לייען אייך דיא נעטהיגע סומע געלד, וואס איהר ברויכט?

זיא איז געשטאַנען אויף איהרע קניע און האט פון קאָמאָד ארויסגענומען האנדטיכער, וועלכע זיא האט צוזאמענגעלעגט. ביי זיינע ווערטער איז זיא רויט געוואָרען פון פערוואונדערונג און איז אויפגעשפּרונגען. גוזשע האט איהר דעמזעלבען פריהמאָרגען געזעהן, וויא זיא איז געשטאַנען פאַר׳ן הויז, וואו איהר שוועגערין האָט

געוואוינט, האָט בעטראכט דיא קראַם, וואו זיא האט א מאָל געוואָלט מאכען א געשעפט און זיא איז געווען אזוי פערזונקען אין איהרע געדאנקען, אז זיא האט איהם ניט געזעהן, וויא ער איז פערביי איהר דורכגעגאנגען.

אָנפאנגס האט זיא זיך אָבגעזאָגט. וויא קען זיא לייען געלד, ווען זיא ווייס ניט ווען זיא וועט קענען אָבגעבען? נאר ווען ער איז צו איהר צוגעשטאנען, האָט זיא איהם געענטפערט:

— אבער אייער האָכצייט? דאס איז דאָך דאס געלד, וואס איהר האט אָב־געשפאָרט פאר אייער האָכצייט!

— זאָרגט אייך ניט דערפאר, האָט ער געענטפערט און איז רויט געוואָרען. איך וועל ניט הייראטהען. דאס איז געווען מיין מוטער'ס וואונש, נאר איך וועל אייך בעסער לייען דאס געלד.

זיי האבען איינער אויפ'ן צווייטען ניט געקוקט. זייער פריינדשאפט האט ענטהאלטען א געוויסען עלעמענט פון צערטליכקייט, וואס יעדער פון זיי האט פערשטאנען.

זשערוויין האָט ענדליך איינגעוויליגט און איז צוזאמען מיט איהם אוועק צו זיין מוטער, וועלכע האָט שוין געוואוסט וואס ער וויל טהאָן. זיי האבען איהר גע־טראָפען אביסעל טרויעריג, איהר רוהיגע און בלייכע געזיכט איז געווען אָנגעבויגען איבער דער ארבייט. זיא האָט ניט געוואָלט שטעלען זיך אנטקעגען איהר זוהן, נאר דער פּלאַן איז איהר איצט ניט געווען געפעלען צוליעב אן אנדער זאַך, און זיא האָט ערקלערט זשערוויין דיא אורזאכע. מיט א פריינדליכער אָפענקייט האָט זיא איהר אָנגעצייגט אויפ'ן פאקט, אז קאָפע געהט אויף א שלעכטען וועג און לעבט פון איהר ארבייט און וועט עס וואהרשיינליך ווייטער טהאָן אזוי. אין דער ווירקליכקייט האט זיא שוין לאנג ניט געהאַלטען פון קאָפע, דארום וואס ער האָט ניט געוואָלט לערנען, ווען ער האט אָנגעהויבען געזונד צו ווערען און האט בעסער פערבראכט זיינע טעג אין ישילטען און זידלען זיך, איז איהר שטארק ניט געפעלען געוואָרען. נאר צו זשערוויין איז זיא געבליבען אזוי גוט וויא אימער. ענדליך איז בעשלאָסען געוואָרען, אז זיא זאָל נעהמען פינף הונדערט פראנק און זאָל אויסצאָהלען צו צוואנציג פראנק א מאָנאט.

— גוט! גוט! האט קאָפע אויסגעשריען, ווען מען האָט איהם דאס דער־צעהלט. געוויס געהט דאס געלד אריין אין גוטע הענד, נאר ווען העררע גוזשע זאָל געבען אן אנדערן וואָלט ער עס מעהר שוין ניט אָנגעזעהן.

אויף מאָרגען האבען זיי געדונגען דיא קראַם און זשערוויז איז ארומגעלאָפען מיט אזא לייכטען הארצען, אז עס איז אַרויס אַ קלאנג, אז מען האט איהר דורך אן אָפּעראַציאָן אויסקורירט פון איהר קרומקייט.

---

## IV.

דעם ערסטען אַפּריל האָט זיך אויך דיא פאַמיליע ראָשע אריבערגעצויגען אין דעם גרויסען הויז, וואו זשערוויז האט געדונגען דעם געשעפט, און האבען פערנומען דעם פּלאַץ פון טהיר־שליסער. זשערוויז האָט זיך דערמיט זעהר שטאַרק געפרייט, ווייל זיא האט מורא געהאַט, אז זיא זאָל ניט אריינפאַלען אין דיא הענד צו אַ טיראַן, וואס וועט איהר פאר יעדע קליינינקייט זויער מאכען דאס לעבען.

אין דעם טאָג ווען דער קאָנטראקט איז אונטערגעשריעבען געוואָרען איז זשערוויז געשטאַנען אין איהר נייע היים פול מיט פרייד פון דעם געדאנקען, אז ענדליך וואוינט זיא אין דעם גרויסען הויז, וואס איז אַ גאנצע שטאָדט אין זיך, נאר מיט קארידאָרען אָנשטאָט גאַסען.

זיא האָט געפיהלט אַ מערקווירדיגען שרעק אז איהר אונטערנעהמונג וועט ניט געלונגען. איהר האט איצט אויסגעוויעזען, אז זיא איז בעגאנגען אַ פעהלער, וואס זיא האט געוואָגט צו טהאָן אזא שריט, וואס איז ניט פאר ווייבערשע קרעפ־טען, איהר הארץ האט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן ווען ביים אַריינקומען צום טהיר־שליסער האט זיא דערהערט, וויא ראָשע האט געזאָגט צו דעם אייגענטהימער פון הויז, אז ער ראטה איהם אַרויסצוּוואַרפען דיא נייטערקע פון דעם דריטען שטאָק וואס האט נאך ניט איינגעצאהלט דירה־געלד. איהר איז אַרויף דער געדאנק, צו וועט מען איהר אמאָל ניט אַרויסוואַרפען, אויך האָט איהר איבעראַשט דיא קאַלטע בענעגנים פון דיא ראָשעס, ווייל ביי איהר אַריינקומען האבען זיי געמאכט אַ מינע וויא זיי קענען איהר גאר ניט און זיי האבען נאר געהאט אויגען און אויערען בלויז פאר דעם ווירטה פון הויז.

ראָשע האָט זיך געוואָלט אונטערשמייכלען צום ווירטה און ער האט איהם געזאָגט אז עס ניט נעטהיג צו לייגען הוצאות צו פערריכטען דיא קראָם, נאר זשערוויז האט זיך איינגעשפּארט ניט אַנדערס אז אלעס מוז זיין פערריכט אין בעסטען אָרדנונג.

דיא אַרבייט האט געקענט פערטיג ווערען אין דריי טעג נאר זיא האט

געדויערט דריי וואָכען, און זשערוויז האט געבראָכען דיא הענד אין פערצווייפלונג. ענדליך איז דיא ארבייט פערטיג געוואָרען, און זשערוויז האט זיך בעזעצט אין איהר נייער היים זיא איז געווען גליקליך וויא א קינד. שוין פון דערווייטענס האָט זיא פון גאס געזעהן איהר שי ד, ארויסגעהאנגען איבער'ן קראָם, מיט גרויסע געלע בוכשטאָבען אויף א בלויען גרונט: „וועשערייי" שפּיצען און שטיקערייי ווערען זעהר פּאָרזיכטיג געוואשען און געפּרעסט.

אין פענסטער, וואס איז געווען בעהאנגען מיט א שניי ווייסען פאָרהאנג, זיינען געווען אויסגעלעגט העמדער, מאנזשעטען, און טאשען־טיכער אויף בלויען פּאַפּיר. און זשערוויי איז געווען צופריעדען, דאס גאנצע צימער איז געווען בלוי, זאָגאר דער טיש איז געווען פערדעקט מיט א בלויען טישטוך. ניט ווייט איז גע־שטאנען אן אייוועלע ארומגעשטעלט מיט פרעס־אייזענס. הינטען איז געווען א שלאָף־צימער און א קיך, פון וואנען מען האט געקענט אריינגעהן אין הויף נאנא האָט געהאט א בעזונדער קליין צימער, וואו עס איז געשטאנען איהר בעטיל נאר עטיען האט געהאט זיין פּלאץ ניט ווייט פון דיא קוטינע גרייט. דער איינציגער פעהלער איז געווען, וואס דא איז געווען פייכטליך און ווינטער דריי א זייגער איז שוין געווען פינסטער.

דאס נייע געשעפט האט געמאכט א גרויסען גערויש אין דער נאכבארשאפט. אייניגע האבען געזאָגט, אז דיא קאָפּעס וועלען פון דעם געשעפט אבשניידען זעהר שלעכט. זשערוויז האט אנפאנגס אויסגערעכענט אז איהר וועט בלייבען גענוג געלד צו לעבען דיא ערסטע צייט, איידער דאס געשעפט וועט זיך אייזציהען, נאר עס האבען זיך געפונען גאר אונערווארטעטע אויסגאבען און זיא איז געבליבען מיט זעקס פראנק אין טאשע, ווען זיא האָט דאס געשעפט געעפענט. נאר ענדע וואָך האָט זיא דאָך געקענט זאָגען קאָפּע, אז זיא האט איינגענומען גענוג צו דעקען דיא אויסגאבען.

דיא לאָרילס זיינען געווען אויסער זיך פאר צאָרן, אין איין טאָג ווען זיא האט געזעהן, וויא זשערוויז'ס העלפערקע גיסט אויס א שיסעל קראָכמאל, וואס זיא האט צוגעברענט און געזעהן אויסגיסען, אז דיא ווירטהין זאָל עס ניט בעמער־קען, איז זיא אריינגעלאָפען אין געשעפט און גענומען שרייען, אז איהר שווענערין האט איהר דעמיט געוואָלט בעליידיגען און איהר פוס וועט שוין מעהר צו איהר אין הויז ניט אריינטרעטען.

— איך פערשטעה ניט. וויאזוי זיא האט גענומען דאס געלד, פלענט זיא

רעדען צו דיא שכנים. נאר איך האב מיין פערדאכט. און זיא האט נעמאכט אנ־צוהערעניס, אז דיא אנגעלעגענהייטען צווישען זשערוויץ און הערר נחשא זיינען ניט אזעלכע אונשולדיגע; און דערביי האט זיא דערצעהלט, וויא זשערוויץ האט איהר אבגענארט מיט איהרע זיסע רייד אזוי וויט, אז זיא האט איינגעווילינט צו זיין קוואטער ביי נאנא און האט אויף דעם אויסגעגעבען פיעל געלד. נאר איצט איז עפעס אנדערס, און ווען זשערוויץ זאל אפילו שטארבען, וועט זיא איהר א גלאז וואסער ניט געבען. נאנא קען צו איהר קומען ווען זיא וויל, זיא איז ניט שולדיג, וואס איהר מוטער איז אזא פרוי, נאר עס איז שוין צייט, אז קאפע זאל זיך אריינמישען און מאכען אן ענדע צו זיין ווייב׳ס שלעכטע אויפפיהרונג.

ראשע און זיין ווייב זיינען געוועזען דיא ריכטער פון דער קריעגעריי און נאך זייער מיינונג זיינען דיא לארילס געוועזען שולדיג.

— זיי זיינען גוטע שכנים, האט געזאגט מאדאם ראשע, זיי צאהלען דירה־געלד צו דער צייט, נאר איך האב פיינד אייפערזוכט, זיי זיינען קלייניכע מענשען איך האב קיין מאל ניט געהערט, אז זיי זאלען יעמאנדען טראקטירען מיט א גלאז וויין.

קאפעס מוטער האט בעזוכט איהר זוהן און טאכטער א טאג נאך א טאג, האט אויסגעהערט ביידענס טענות און האט קיין מאל קיין ווארט ניט אויס־גערעדט

זשערוויץ איז געוועזען זעהר בעשעפטיגט און האט זיך ווייניג געקימערט וועגען דיא נארישע רכילות און קריגעריי. זיא האט בעגריסט אלע איהרע פריינד מיט א שמייכעל, שטעהענדיג ביי דער טהיר פון געשעפט, וואו זיא איז צוגענאנגען אב־כאפען דעם אטהעם, אלע שכנים פון ארום האבען איהר געליעבט און וואלטען איהר גערופען שעהנהייט, ווען ניט איהר קרומהייט. זיא איז געוועזען אכט און צוואנ־ציג יאהר און איז געווארען קיילעכדיגער. זיא האט זיך בעוועגט לאנגזאמער או ווען זיא פלעגט זיך אנידערזעצען אבצוואווארטען ביז דיא אייזענס וועלען הייס ווערען, פלעגט זיא דערנאך אויפהויבען זיך זעהר ניט גערן. זיא האט ליעב געקריי־גט גוט צו לעבען, זיא האט דאס געוואוסט, נאר זיא האט עס ניט גערעכענט פאר א זינד. זיא האט שווער געארבייט און האט א רעכט גוט צו עסען — פאר וואס זאל זיא לעבען מיט הוילע קארטאפעל. צייטענווייז איז זיא אבגעשטאנען גאנצע נעכט איבער דער ארבייט, ווען זיא איז געוועזען פערווארפען מיט ארבייט.

**זיא האט געוואשען פאר׳ן גאנצען הויז און פאר איינגע פאריזער דאמען**

און האט געהאלטען צוויי וועשערקעס און איינינע מיטהעלפערקעס. זיא האט גוט פערדיענט, נאר דאס האט איהר ניט פערדרייט דעם קאפ, זיא איז געבליבען דיא זעלבע צארטע און גוטע פרוי און האט קיינעם ניט פיינד געהאט אויסער איהר שווענערין; ווען מען פלעגט איהר זאגען, אז זיא איז א גוטע, האט זיא געלאכט און געענטפערט, פאר וואס זאל זיא זיין ניט גוט? אלעס פון וואס זיא האט א מאל געטרוימט פון א רוהיגע היים, וואו זיא זאל קענען ערציהען איהרע קינדער, פון א בעקוועמען לעבען און גענוג ארבייט — דאס אלעס איז פערווירקליכט געוואָרען, און זיא האט איצט מעהר וויא אלע מאל געהאפט, אז שטארבען וועט זיא אין איהר אייגענעם בעט, נאר צו קאפע איז זיא געווען בעסער וויא צו אלעמען. קיי־נער האט קיין מאל ניט געהערט זיא זאל א שלעכט וואָרט זאגען אויף איהם. ער האט שוין געארבייט נאר אזוי וויא ער האט געארבייט זעהר ווייט, האט זיא איהם יעדען טאג געגעבען מיט זיך פיערציג סו אויף זיין פריהשטאק, ווייך און טאבאק. צוויי מאל אין וואך פלעגט ער דאס געלד פער'שכור'ען איידער ער איז געגאנגען צו דער ארבייט און פלעגט קומען אהיים צו פריהשטאק. א מאל האט ער איהר געשיקט א צעטיל, אז ער האט פערטרונקען מעהר וויא דיא פיערציג סו און מען האלט איהם אין שענק פאר א משכון. זיא האט געלאכט און געצוי־גען מיט דיא אקסלען, בעמערקענדיג, אז זיא זעהט אין דעם קיין בייז ניט און עס איז בעסער, אז איהר מאן זאל זיך אמוזירען איידער קריגען זיך, ווייל פון קריגעריי ביז קלעפ איז ניט ווייט — זיא ווייס עס זעהר גוט.

דיא הייסע טעג זיינען אנגעקומען און א מאל נאך האלבען טאג, ווען דיא צעהן אייזענס זיינען געשטאנען ארום אויווען און פון דער אפענער טהיר איז ניט אריינגעקומען דער מינדסטער ווינטעלע, האט זשערוויז געזאגט אנבוינענדיג זיך איבער א גרויסע שיסעל מיט קראכמאל:

— דיא היץ איז אונערטרעגליך!

זיא האט אנגעקראכמאלט פיעל גרעט האט זיי צוזאמענגעלעגט אין א גרויסע קארב און האט ווידער געזאגט:

— דער קארב איז פאר אייך, פרוי פאטוא, מען מוז דאס מאכען געשווינד, ווייל עס טריקענט איצט זעהר שנעל.

פרוי פאטוא איז געווען א מאגערע פרוי פון ניעדריגען וואוקס און האט געד־שיינט צו פיהלען גאנץ בעקוועם אין איהר שטייף פערשפיגעטע קלייד. זיא האט געארבעט אזוי רעגולאר, וויא א מאשין. פלוצים האט זיא אויסגערופען:

— טהו אן דיין ווייסט, (קאַפּטע) קרעמענס, דריי מענער קוקען אהער אריין, איך האב פיינד אזעלכע זאכע.

קלעמענס האט אנגעהויבען צו מורמלען, וואס נעהט איהר אן, וואס זיא האט ליעב אדער פיינד. עס איז איהר ניט אזוי נעטהיג צו בראַטען זיך וויל איהר נעפעלט אזוי.

— קלעמענס, טהו אן דיין ווייסט, האט זיך אריינגעמישט זשערוויז. מאדאם פאַטוא האט רעכט — עס איז ניט אנשטענדיג.

קלעמענים האט ווייטער געמורמעלט, אבער זיא האט געפאָלגט און האט איהר בעס אויסגעלאָזט צו דער קליינער מיטהעלפערקע, וואס איז געשטאנען נעבען איהר.

נאך א וועשערקע איז אריינגעקומען.

— איהר זייט געקומען צו גיך, מאדאם ביזשאר, האט געזאגט זשערוויז. איך האָב אייך געזאָגט, אז היינט אבענד. איך בין איצט צו בעשעפטיגט.

דאָך האָט זיא איהר ארבייט אוועקגעלעגט און איז געגאנגען אָבקלייבען דיא שמוציגע גרעט און צייכנען עס מיט'ן אריינציהען א רויטען פאָדעם.

אין דיעזען מאָמענט איז אריינגעקומען קאָפּע.

— אויף מיין וואָרט, דיא זון קלאפּט אין קאָפּ וויא א האמער.

ער האט זיך אָנגעכאפּט אָן טיש אום ניט צו פאלען, ער איז געווען שכור, זיינע האָר, וואס זיינען גרוי געוואָרען פאר דער צייט, זיינען פול געווען מיט פּאָ־ווטינע, זיין אונטערסטע ליפּ איז אראָבגעהאנגען און זיין שמייכעל איז געווען גוט־מוטהיג און נאריש.

זשערוויז האט נעפרעגט איהר מאן מיט א שארפערען טאָן וויא אימער, צו ער האט געזעהן דיא לאָרילס, און ווען ער האט געענטפערט, אז ניין, האט זיא צו איהם א שמייכעל געטהאָן און האט איהם קיין שלעכט וואָרט ניט געזאגט.

— נעה בעסער און לעג זיך אנידער, האט זיא צו איהם געזאָגט. מיר זיינען איצט זעהר בעשעפטיגט און דוא ביזט אונז אין וועג.

נאר קאָפּע איז ניט געווען שלעפעריג און האט געוואָלט בלייבען צווישען דיא וועשערקעס. זשערוויז האט אָנגעהויבען צו פערשרייבען דאס גרעט און האט נעהייסען, אז קלעמענס זאל ציילען.

— גיב מיר א קוס! דוא ביזט א גוטע פרוי, האָט קאַפּע געזאָגט און אָנ־בויגענדיג זיך צו איהר, איז ער אנידערגעפאַלען אויף דער שמוציגע גרעט.

— גיב אכטונג! האט זיא געזאָגט אונגעדולדיג, גיבענדיג איהם א לייכטען שטופּ מיט'ן פוס, דוא ווערסט מיר דא ווייטער צומישען.

— ער איז ניט וויא אנדערע מענער, האט געזאָגט פרוי פּאטוא. דיא מייסטע מענער ווען זיי קומען אהיים אין אזא צושטאנד קריכען זיי זיך שלאָגען און ניט קוסען. זשערוויז האט בעררייהעט איהר מאָמענטאלע אויפרעגונג און האָט איהם נעהאָלפען שטעלען זיך אויף דיא פיס און האט איהם אונטערגעשטעלט איהר באַק נאר ער האט זיך מיט דעם ניט בעניגענט, ער האט איהר ארומגענומען און א קוס געטהאן אין האלז אריין.

— דוא האָסט זיך בעדאַרפט שעהמען! האט זיא צו איהם געזאָגט, דאָך האט זיא זיך געלאָזט נאָך א מאָל ארומנעהמען; און דער לאַנגער קוס, וואס זיי האבען איינער דעם צווייטען געגעבען צווישען דיא פרעמדע פערזאָנען, אין דעם געשטאַנק פון דעם שמוציגען גרעט און דעם אלקאָהאָלישען גערוך פון זיין מויל, איז געווען דער ערסטער טריט צו זייער מאוס'ן פאל.

פרוי ביזשאר האט צוזאמענגעבונדען דאס גרעט און איז קוים ארויסגעגאנ־גען פון טהיר אונטער'ן שווערען לאסט פון דעם פעקיל. זשערווייז האט גענומען פאר איהר ארבייט; קאַפּע האט זיך אנידערגעזעצט און האָט ניט געוואָלט אָב־טרעטען פון זיין אָרט. דיא וועשערקעס האבען געפּרעסט און קלעמענס האט בע־מערקט, אז זיא פּרעסט שוין דיא פינף און דרייסיגסטע העמד. זיא האט דאס געזאגט מיט גרויס שטאָלץ. פלוצים האט זיך קאַפּע אויפגעהויבען און פאלענדיג פון דיא פיס, איז ער צו איהר צוגעטראָטען.

— מאַדאם, נעהמט איהם צו פון מיר! האט קלעמענס געזאָגט. איך וועל נאָך פערברענען דיא העמד.

— לאָז איהר צורוה! האט זשערוויז געזאגט שוואך, מיר האבען היינט נאר קיין צייט ניט.

ער האט זיך פערענטפערט, אז ער מיינט נאר ניט צו טהאָן, ער האט נאר געוואָלט זעהן, וואס זיא טהוט.

— ריכטיג, האט זשערוויז געזאָגט, אויפהויבענדיג דיא אויגען פון דעם פרעס־אייזען. נאר איך דענק, אז דיא בעסטע זאך, וואס דוא קענסט טהאָן, איז צו געהן שלאָפען.

סר האט ווידער אָנגעהויבען צו רעדען.

— דוא דארפסט ניט מאכען אזא געשריי, קלעמענס ...... דוא שרייסט נאר, וויל דא זיינען פאראן עטליכע פרויען און ......

נאר ער האט ווייטער ניט געקענט רעדען. זשערוויז האט איהם מיט דער האנד פערמאכט דאס מויל האט איהם אריינגעשטופט אין זיין צימער, האט איהם אויסגעטהאָן און אריינגעלעגט אין בעט, פונקט וויא ער וואָלט געווען א קינד. ער האט זיך אָנפאנגס ניט געלאָזט און געפרענט, אויב קלעמענס וועט אויך אהער אריינקומען.

זשערוויז איז צוריקגעגאנגען צו דער ארבייט און האט נאך א ווילע געהערט איהר מאנ'ס פער'שכור'טען קול:

— וואס פאר א נארישע ווייב איך האב! אין מיטען העלען טאָג איינ־ווארפען מיך אין בעט אריין.

פלוצים האט זיך דערהערט זיין כראָפּען (שנאָרכען) און זשערוויז האט ארויסגעלאָזט אן ערלייכטערטען זיפץ.

— ווען א מאן געפינט זיך אין אזא צושטאנד, דארף מען אויף איהם קיין פּראיבעל ניט האבען, האט זיא געזאָגט גלייכגילטיג, פונקט וויא זיא וואָלט ניט געפיהלט, אז ער האט איהר בעליידיגט אונטער איהר אייגענעם דאך. ער האט דיך ניט געמיינט צו בעליידיגען, קלעמענס, דוא ווייסט, וואס א בעזויפענער מאן איז. ער האט דאמאלס קיין רעספּעקט ניט אפילו פאר זיין פאָטער און מוטער.

זיי האבען ווייטער געארבייט אין דער שרעקליכער היץ און דעם שטיקענדען ג'שאד פון דיא האָלץ־קויהלען.

דעם צווייטען טאָג, נאכדעם, איז קאָפּע אויפגעשטאנען מיט א שרעקליכען קאָפּ־וויהטאָג. עס איז שוין געווען צו שפּעט צו געהן צו דער ארבייט און ער איז פּערבליעבען אין דער היים ביז פאר נאכט, ווען ער האט זיך אָנגעהויבען צו פיהלען בעסער. זיין ווייב האט איהם געגעבען קליין־געלד און האט איהם געהייסען ארויס־געהן אביסעל אויף דער פרישע לופט, אונטער וואס ער האט פערשטאנען, אז ער זאָל געהן אין שענק.

נאך א פּאָר גלעזער ווייז האָט ער געלאָזט זיינע קאמעראדען אנצוטרינקען זיך ביז טוידט־שכור און אליין איז ער פריילי̈ך אוועק א היים.

— וואו איז דיין געליעבטער? האט ער געזאָגט צו זיין ווייב, אנקומענדיג אין געשעפט אריין. איך זעה איהם עפּעס ניט דיא לעצטע צייט.

ער האָט געשפּאַסט און מיט דעם שפּאַס האָט ער געמיינט נוזשע, וועלכער פלעגט איצט קומען זעהר זעלטען אום ניט צו געבען שטאָף דיא שלעכטע צינגער זיי זאָלען רעדען עפּעס שלעכטס אויף זשערוויז. איין מאָל אין א פּאָר וואָכען פלעגט ער קומען און זעצען זיך אין א ווינקעל מיט זיין פּיפּקע ניט רעדענדיג קיין וואָרט, נאָר לאַבענדיג צו יעדער זאַך, וואָס זשערוויז האָט געזאָגט.

שבת איז דאָס געשעפט געווען אָפען ביז נאך האַלבע נאַכט. דיא טהיר איז געווען אָפען, א לאָמפּ האָט בעלויכטען דיא צימער, ליידענדיג פון היץ, האָבען דיא פרויען ארויפגעקאַטשעט דיא ארבעל און נוזשע איז געזעסען און צוגעקוקט זיך וויא ער וואָלט געווען אין טהעאַטער. ער האָט שוין לאנג צוגענומען עטיען צו זיין ארבייט, אום אָבצוראַטעווען איהם פון זיין שטיף־פאָטער׳ס קלעפּ. דאס האָט נאך געמאכט א נייען בונד צווישען איהם און זשערוויז, אלע זייערע בעקאַנטע האָבען געזאָגט זשערוויז, אז ער קוסט איהרע טריט און געהט אויס נאך איהר. זיא פלעגט ביי דיא ווערטער רויט ווערען, וויא א זעכצעהן יאָהריגע מיידעל און טראַכטען מיט זיך אליין:

„איך וויים, אז דער גוטער יונג האָט מיך ליעב, נאר ער האָט דאָס קיין מאָל ניט געזאָגט און וועט דאָס מיר קיין מאָל ניט זאָגען.“

און זיא האָט שטאַרק שטאָלצירט מיט אזא ריינע ליעבע.

נאַנאַ איז איצט שוין אַלט געווען זעקס יאָהר, זיא איז געווען זעהר א ווילדע קינד. איהר מוטער פלעגט איהר יעדען פריהמאָרגען אוועקפיהרען אין שוהלע צו א געוויסער מאדמואזעל זשאָס. דא האָט זיא ארויסגעוויעזען אַלערליי שטיפעריי, האָט אין דער לעהרערקעס טאַבאַק־פּושקע אנגעשאָטען אַש, האָט צוזאַמענגעשפּי־לעט איהרע חבר׳טעס קליידלאך און דאָס גלייכען. צוויי מאָל האָט מען איהר מיט שאנדע א היים געשיקט און מען האָט איהר צוריקגענומען פאַר דיא זעקס פראַנק וואָס איהר מוטער האָט געצאָהלט א מאָנאַט. נאָר צוריק־קומענדיג אַהיים פלעגט זיא זיך אָבּרעכענען פאַר דיא פּאָר שטונדען, וואָס זיא איז געווען געצוואונגען צו זיצען שטיל אין שוהלע, און פלעגט מאַכען א שרעקליכען ליאַרם אין שטוב און אין הויף.

זיא האָט געפונען גוטע קאַמעראַדען פּאָלין און וויקטאָר ראָשע מיט וועלכע זיא פלעגט איבערקעהרען דאָס גרויסע הויז פון אויבען ביז אונטען. דאס הויז איז געווען פול מיט שמוציגע און אָבגעריסענע קינדער. איין פרוי האָט גע־האַט ניין, דיא צווייטע זיבען און אזוי ווייטער. נאַנאַ האָט איבער זיי אלעמען

געהערשט און זיא האט געשפּיעלט דיא מוטער, האט זיי געשלאָגען און געריסען, פיעל איהר הארץ האָט געגלוסט. ווען זיי האבען געמאכט צופיעל גערויש, איז מאדאם ראָשע צו זיי ארויס און איז זיי נאָכגעלאָפען מיט'ן בעזים און העדר ראָשע פלעגט זאָגען, אז ביי ארימע לייט וואקסען דיא קינדער וויא פויכע שוועמלאך.

א מאָל איז געקומען צו א שרעקליכען סקאנדאל. נאנא האָט צוגע'גנב'עט א שוך ביי מאדאם ראָשע האט אין שוך געמאכט א לאָך, דורכגעצויגען דורך איהם א שטריקעל און געמאכט פון איהם א וועגעלע. וויקטאָר האט דעם שוך אָנגעפילט מיט שאָלעכץ פון עפּעל און אלע קינדער האבען איהם ארומגעשלעפּט איבער'ן הויף מיט א גרויסען ליארעם.

— וואָס אזוינס טהוען זיי דארטען? האט מאדאם ראָשע געזאָגט, און האט פערדעכטיג ארויסגעקוקט פון דער טהיר. גאָט אין הימעל! האט זיא אויסגעשריען דאס איך דאָך מיין שוך!

זיא האט נאנא א פּאטש געטהאָן, פּאָלינען האט זיא אָנגעריסען ביי דיא אויערען און-וויקטאָר'ן א גוטען טרייסעל געטהאָן. זשערוויז איז גראדע געשטאנען דערביי דערזעהענדיג נאנא מיט א צובלוטיגטע נאָז, איז זיא צוגעלאָפען צו דער דער טהיר־שליסערין און געפרעגט, וויא אזוי האט זיא געוואגט צו שלאגען איהר קינד.

— ווער עס האָט אזא קינד, האט מאדאם ראָשע געענטפערט, דארף עס האלטען אונטער'ן שלאָס.

פון דעם טאָג אן איז דיא פריינדשאפט צווישען זשערוויז און ראָשע געענדיגט געוואָרען. אין דער ווירקליכקייט איז שוין דער קריעג צווישען זיי שוין פון לאנג אָנגעגאנגען אין דער שטיל, זשערוויז וועלכע איז פון דער נאטור געווען זעהר א גוטע און האט געוואוסט דעם געשמאק פון דער פאמילע ראָשע, פלעגט זייא אָפט מאכען קליינע פּרעזענטען וויא א פלאש וויין, א פּאָר אפּעלסינען (אָראנזשעס) אביסעל הייסע זופּ, א שטיקעל לעקאך אדער נאך עפּעס אזא זאך. א מאָל האָט זיא איהר ארונטערגעטראָגען אביסעל סאלאט, וואס איז געבליבען פון טיש, און זיא איז שטארק פערוואונדערט געוואָרען אויפ'ן צווייטען טאָג, ווען זיא האט געהערט פון א שכנה, אז דיא טהיר־שליסערין האט דעם סאלאט ארויסגעוואָרפען מיט דיא ווערטער, אז זיא איז נאך ניט אזוי וויט געקומען, אז זיא זאָל עסען וואס עס פערבלייבט פון פרעמדע טישען.

פון יענעם טאָג אָן האט זשערוויז אויפגעהערט צו שיקען איהרע פּרעזענטען,

און דיא ראשעס האבען דאס נערעכענט פאר א רויבעריי פון זשערוויי'ס זיים.

אין ניבען האט זשערוויז אויסנעפונען, אז זיא האט ניט גוט געטהאן, וואס זיא האט זיך צוקריענט מיט דער טהיר־שליסערין. ווען זיא האט אין אקטאבער מיט איין טאג פערשפעטיגט איינצוצאהלען איהר דירה־געלד, האט זיך דיא טהיר־שליסערין געקלאגט פאר'ן ווירטה פון הויז און יענער איז אריינגעלאפען און האט זעהר גראב געפאדערט דאס דירה־געלד. פון דעם קריעג אן זיינען דיא לארילס געווארען שטארקע גוטע פריינד מיט דיא ראשעס.

צוליעב קאפע'ס מוטער האט זשערוויז געמוזט מאכען א וויזיט צו דיא לארילס. דיא אלטע מוטער איז שוין אלט געוועזען זיבען און זעבציג יאהר און איז געוועזען בלינד. ארבייטען האט זיא שוין ניט געקענט און זשערוויז האט געדענקט, אז דיא פפליכט איז פון איהרע דריי קינדער, וואס האבען גוט פערדיענט, אז זיי זאלען אלע צוזאמען פערזארגען זייער מוטער און זיא האט געזאגט, אז עס איז א שאנדע וואס זיי האבען דאס שוין לאנג ניט געטהאן. און אזוי וויא קאפע האט ניט געוואלט געהן צו זיין שוועסטער, האט זיא געזאגט, אז זיא וועט אליין געהן צו איהר.

צו דיא לארילס אין וואוינונג איז זיא אריין וויא א ווינד, ניט אנקלאפענדיג אין טהיר.

— איך בין געקומען, האט זשערוויז געזאגט, און איך בין זיכער, אז איהר ווילט וויסען, וואס האט מיך געבראכט צו אייך ווען מיר זיינען אויף מעסערס. איך בין דא צוליעב דיא אלטע קאפע און איך וויל וויסען, צו איהר וועט איהר ערלויבען צו געהן בעטלען אין דיא הייזער?

— אזוי? האט מאדאם לאריל געזאגט ניפטיג און האט זיך אבגעקעהרט.

נאר העדר לאריל האט אויפגעהויבען זיין בלייכע געזיכט.

— וואס מיינט איהר דערמיט צו זאגען? האט ער געפרעגט. און אזוי וויא ער האט גוט פערשטאנען, וואס זיא מיינט, האט ער גערעדט ווייטער: וואס איז דאס ווייטער פאר א געשריי? דיא אלטע האט ערסט נעכטען ביי אונז געגעסען מיטאג, און מיר טהוען פאר איהר אלץ, וואס מיר קענען. מיר שמידען קיין געלד ניט נאר אויב זיא דענקט, אז זיא וועט קענען ארומלויפען פון אייך צו אונז און אונז צו אייך, האט זיא א טעות, איך האב פיינד שפיאנען.

ער האט אויפגעהויבען זיין מיקראסקאפ און דאן ווייטער געזאגט:

— ווען איהר וועט אלע איינשטימען צו געבען איהר יעדער פינף פראנק א מאנאט, וועלען מיר אויך טהאן דאס זעלבע.

זשערוואיז האט זיך אביסעל בערוהיגט — זיא האט אליין ניט געוואוסט פאר וואס, נאר דיעזע מענשען האבען געמאכט איהר בלוט פריהרען אין דיא אדערען — זיא האט נאך א מאל אנגעהויבען צו רעדען או געזאגט, אז פינף פראנק איז ווייניג, וויל פופצעהן פראנק א מאנאט זיינען ניט גענוג פאר דער אלטער צום לעבען.

— און פאר וואס ניט? האט אויסגעשריען לאריל, זיא זעהט גוט ווען מען דארף אויסקלייבען דיא בעסטע שטיקלאך פון שיסעל, זיא קען עפעס טהאן און פערדיענען דאס איבריגע, ווען איך זאל אפילו קענען געבען מעהר, וואלט איך אויך דאס ניט געטהאן, וואס הייסט נאכגעבען א פוילערקע?

זשערוואיז איז שרעקליך אויפגעבראכט געווארען, און קוקענדיג גלייך איהר שלעכטע שוועגערין אין געזיכט, האט זיא אויסגעשריען:

— האלט זיך מיט אייער געלד! איך וועל אויפהאלטען אייער מוטער, איך האב ביי נאכט געפונען א האלב־פערהונגערטע קאץ און האב איהר אין הויז אריינגענומען; איך וועל אייער מוטער אויך אריינגעהמען; עס וועט איהר קיין זאך ביי מיר ניט פעהלען, נאט אין הימעל! וואס פאר א שלעכטע מענשען דאס זיינען!

מאדאם לאריל האט א באפ געטהאן א פענדיל און האט אויסגעשריען מיט א הייזעריגען קול:

— ארויס פון דאנען! איך וועל קיין מאל ניט געבען ניט איין סו — ניט איין סו צושטייער. איך פערשטעה, דוא ווילסט מיין מוטער זאל פאר דיר ארבייטען וויא א שקלאף און דוא זארסט נאך קענען אריינלעגען מיינע פינף פראנק צו זיך אין טאש! נאר איך בין ניט אזא נאר! אויב זיא נעהט וואוינען אונטער דיין דאך, וויל איך איהר ניט מעהר זעהן אין דיא אויגען. ארויס פון דאנען!

— וואס פאר א בעסטיע! האט זשערוואיז געזאגט, א קלאפטהוענדיג מיט דער טהיר הינטער זיך.

שוין אויף מארגען האט זיך מאדאם קאפא אריינגעקליבען צו זשערוואיז. דאס איבערקלייבען זיך האט לאנג ניט גענומען, איהר בעט האט מען אריינגעשטעלט צו נאנא אין צימער, אויף איהרע פאר ביינקלאך האט מען אנגעשלאגען נייע ברעטלאך און דעם טישעל האט מען פערקויפט, דעם זעלבען אבענד האט זיא

אויסגעוואשען דאס געפעס און פערקעהרט דיא שטוב אום ארויסצואווייזען דער־ מיט איהר דאנקבארקייט צו דער שנור, מאדאם לעבא האט שטארק בעוואונדערט איהר שוועגערינס גוטע בעהאנדלונג פון איהר מוטער און האט קיין בעסערע זאך ניט געפונען צו טהאן, וויא אויסצודריקען איהר בעוואונדערונג פאר איהר שוועס־ טער לאָריל, מיט וועלכע זיא האט זיך גלייך אויפ'ן שטעל צוקריעגט. פון דאן אן האט זיא איהרע אבענדען פערבראכט ביי איהר ברודער.

דריי יאהר זיינע אוועק, אין דער צייט זיינען פאָרגעקומען פיעלע קריעגערייען און איבערבעטענים צווישען דיא קרובים. זשערוויז איז נאָך אלץ געווען בעליעבט ביי איהרע שכנים; זיא האט געצאָהלט איהרע שולדען צו דער צייט און איז גע־ ווען א גוטער קונה (קונד) ווען זיא פלעגט ארויסגעהן פון טהיר, פלעגט מען איהר בעגריסען פון אלע זייטען און זיא האט ליעב געקריגען איצט ארויסצוגעהן מעהר וויא א מאָל, זיא האט אויך ליעב געקריגען אבצושטעלען זיך מיט דיא פעקלאך נעבען דיא פענסטער פון איהרע שכנים און זיך צוהערען צו זייער רכילות.

---

## V.

א מאָל נאָך האלבען טאָג, אין הערבסט צייט, איז זשערוויז געגאַנגען מיט א שווערען קאָרב גרעט צו א קונד, עס האָט אָנגעהויבען צו ווערען פינסטערלאָך און זיא איז געווען זעהר מיעד, דערזעהענדיג, אז זיא געפינט זיך ניט וויט פון דעם ווערקשטוב, וואו גוזשע ארבייט, האט זיא בעשלאָסען צו מאכען איהם א בעזוך, זיא האט דיא נומער ניט געוואוסט, נאר הערענדיג א קלאפעריי פון האַ־ מערס, איז זיא געגאַנגען נאָכ'ן גערויש נאָך. אויפ'ן וועג האט זיא בעשלאָסען ניט צו פרעגען אויף גוזשע, נאָר אויף עטיענען.

זיא האט ניט געוואוסט, פון וואנען אריינצוגעהן, נאר פון דערווייטענס האט זיא געזעהן א רויטען שיין, און דערזעהענדיג אן ארבייטער אָנקומען, איז זיא איהם ענטקעגען געגאַנגען און האט איהם געפרעגט שטאמלענדיג:

— קענט איהר מיר ניט זאָגען, מיין הערר, ארבייט דא א קליין איננעל, מיין זוהן, עטיען?

— עטיען, עטיען, האט ווידערהאָלט דער מאן, ניט קענענדיג איינשטעהן אויף דיא פיס, און דער ווינד האט צו איהר צוגעבראכט דעם גערוך פון בראנפען.

זשערוויז האט זיך א צאפּעל געטהאַן און האט געזאָגט צושראָקען:

— ארבייט דא ניט, הערר גוזשע?

— אָה, גוזשע? יא, אויב איהר דאַרפט גוזשע, געהט לינקס.

זשערוויז איז אריין, וואו דער מאן האט איהר געזאָגט, און זיא האט זיך געפונען אין א גרויסע קוזנע (שמיד־ווערקשטאט) וואו עס איז געשטאַנען א גרויסע ברענענדיגע אייווען. זיא האט געפרעגט אויף גוזשע ביי דעם ערסטען מאן, וואס זיא האט געטראָפען. נאר פּלוצים האבען דיא בלאָז־זעק אנגעהויבען צו פּאָכען און דאס צימער איז ליכטיג געוואָרען פון אלע זייטען. איצט האט זשערוויז דערזעהן גוזשע, וועלכער איז געשטאַנען מיט נאָך צוויי מענער נעבען שמיד־קלאָץ.

— אה, מאדאם זשערוויז! האט ער אויסגעשריען פערוואונדערט און זיין געזיכט איז אין גאַנצען בעלויכטען געוואָרען פון פרייד. נאר ווען ער האט בעמערקט אז זיינע קאמעראַדען האבען זיך אָנגעהויבען צו שטופּען און ווינקען איינער צום צווייטען, האט ער גענומען עטיענען און האט איהם צוגעשטופּט צו זיין מוטער.

— איהר זייט געקומען זעהן אייער זוהן? האט ער געזאגט, ער טהוט זיין ארבייט, וויא מען דאַרף גאר ניט בעסער.

זשערוויז האט זיי דערצעהלט, וויא שווער איהר איז אָנגעקומען צו דער־פרעגען זיך אהער, און זיא האט געפרעגט, פאר וואס וויים קיינער ניט דעם נאָמען פון עטיען.

— מען רופט איהם דער זא־זא, ווייל זיינע האר זיינען אזוי קורץ געשאָרען וויא ביי א זאָאוו *)

דיזער בעזוך איז געוועזען איז געוועזען איהר ערסטער אבער ניט דער לעצטער, זיא פּלעגט אהין אָפט אריינגעהן שבת, ווען זיא האט אָבגעטראָגען דיא וועש צו מאדאם גוזשע. דיא גוזשעס האבען נאָך אַלץ געוואוינט אין דעם זעלבען הויז. דאס ערסטע יאהר האט זשערוויז געצאהלט איהרע צוואנציג פראנק רעגולאר יעדען מאָנאט, אריינרעכענדיג דיא זיבען־אַכט פראנק פאר'ן וואשען, און אויף אזא אופן האט זיא שוין געהאט אויסגעצאהלט פון איהר חוב צו מאדאם גוזשע מעהר וויא א העלפט. נאר א מאל האט איהר פערפעהלט דירה געלד פאר'ן פיערטעל יאהר און ניט וויסענדיג, וואס צו טהאן, האט זיא זיך געווענדט צו דיא גוזשעס, דאס

*) א טהייל פון דיא פראנצויזישע סאָלדאַטען אין אַלזשיר רופען זיך זאָאווען.

האט אבער דערנאָך פּאסירט עטליכע מאָל, און איהר חוב איז איצט געשטאנען אין פיער הונדערט און פינף און צוואנציג פראנק.

איצט האט זיא שוין גאר אויפגעהערט צו צאָהלען מיט מזומן און האט נאר געצאָהלט מיט וואשען. זיא האט איצט געארבייט ניט וועניגער וויא פריהער און איהר געשעפט איז איצט געגאנגען ניט ערגער וויא פריהער, נאר געלד איז ביי איהר איצט צורונען געוואָרען אונטער דיא הענד, און זיא איז געווען צופריעדען, ווען זיא האט געקענט אויסקומען מיט דיא הוצאות, צו וואס איז דיא גאנצע יאָ־גענים נאָכ'ן געלד פלעגט זיא טראַכטען, אז מען קען אויסקומען מיט'ן לעבען איז שוין גוט. זיא האט אנגעהויבען פעט צו ווערען.

מאַדאַם גוזשע האט זיך שטענדיג זעהר פריינדליך בענאַנגען מיט זשערווייז ניט ווייל זיא האט מורא געהאט פאר איהר געלד, זאָנדערן ווייל זיא האט איהר ווירקליך ליעב געהאט און האט זיך געשראָקען, אז זיא זאָל ניט אראב פון דעם גלייכען וועג.

דער שבת, ווען זשערוויץ האט געמאכט דעם וויזיט צו גוזשע אין ווערק־שטוב, איז אויך געווען דער ערסטער פון מאָנאט. ווען זיא איז אריין צו פרוי גוזשע, איז איהר קאָרב געווען אזוי שווער, אז עס האט איהר גענומען א פּאָר מינוט, ביז זיא האט געקענט אָבכאַפּען דעם אָטהעם און אויסריידען א וואָרט.

— האט איהר יעדע זאך געבראַכט? האט געפרעגט פרוי גוזשע, וועלכע איז געווען זעהר פּינקטליך מיט דיא גרעט.

— יעדע זאך איז דא, האט זשערוויז געענטפערט מיט א שמייכעל. איהר ווייסט, אז איך ברייננ פּינקטליך אב יעדע זאך.

— דאס איז ריכטיג, האט געענטפערט דיא עלטערע פרוי. איהר האט פיעל פעהלערען, מיין טהייערע, נאר דיעזען פעהלער האט איהר נאך דערווייל ניט.

ווערענד דיא וועשערין האט ארויסגענומען דאס גרעט פון קאָרב און אויס־געלעגט עס אויפ'ן בעט, האט איהר פרוי גוזשע געמאכט פיעלע קאָמפּלימענטען. זיא ברענט קיין מאָל ניט צו דאָס גרעט און רייסט ניט אראָב דיא קנעפּלאך, נאר זיא קראַכמאלט עס צו שטארק.

— נעהם אליין און גיב א טאָפּ — איז דאס ניט אזוי שטייף וויא א טאָוועל? מיין זוהן קלאָגט זיך קיין מאָל ניט, אבער איך וויים, אז ער האט אזוי ניט ליעב.

— מעהר וועט שוין אזוי ניט זיין, האט זשערוויז געענטפערט, ווערענדיג

רדים. סיינער, אויסער מיר, ריהרט ניט אָן איירע זאכען, און איך וואָלט זיי בעד־סער איבערגעמאכט צעהן מאָל איידער צו זעהן אייך אונצופריעדען.

— איך האָב גאָר ניט געגען אייער ארבייט. האט געענטפערט פרוי גוזשע. איך האב נאך קיין מאָל ניט געזעהן, אז מען זאָל פרעסען שפיצען בעסער, וויא איהר קענט עס טהאָן. דער איינציגער פעהלער איז נאר, וואס איהר ברויכט אביסעל צופיעל קראָכמאל, מיין גוזשע האט ניט ליעב אויסצוזעהן וויא א פראנט.

זיא האט ארויסגענומען א ביכעל און האט אויסגערעכענט אלע שטיקלאך וועש, אלץ איז געווען ריכטיג. זיא האט ארויסגענומען א נייען בינטעל שמוציגע וועש, און זשערוויז האט עס אריינגעלעגט אין קאָרב אריין און איז געבליעבען שטעהן.

— מאדאם גוזשע! האט זיא ענדליך געזאָגט, אויב אייך איז אלץ איינס וואָלט איך אייך געבעטען, איהר זאָלט מיר אָבצאָהלען פאר היינטיגע וואָך וועש.

דער רעכנונג פאר דיעזען מאָנאט וועש איז געווען מעהר וויא געוועהנליך. עס האָט בעטראָפען מעהר וויא צעהן פראנק. פרוי גוזשע האט אויף איהר ערנסט א קוק געטהאָן.

— מיין קינד, האט זיא געזאגט שטיל, זאָל זיין וויא דוא ווילסט. איך וועל דיר ניט אָבזאָגען צו געבען דאס געלד, ווען דוא ווילסט עס, נאר דאס איז ניט דער וועג ארויסצוקריכען פון א חוב. דוא פערשטעהסט, אז איך מיין דא ניט קיין שלעכטס, נאר דוא דארפסט זעהן צו לעבען מיט א בעסערען רעכנונג.

זשערוויז האט מיט אראָבגעלאָזטע אויגען אויסגעהערט דעם מוסר. זיא דארף דיא צעהן פראנק צו בעצאהלען דעם קוילען־הענדלער, האט זיא געזאגט. נאר פרוי גוזשע האט איהר אויסגעהערט מיט א שטרענגע געזיכט און געזאגט, אז זיא דארף קלענער מאכען איהרע אויסגאבען און זיא אליין רעכענט אויך צו פערקלענערען איהרע אויסגאבען און אליין וואשען איהר וועש, וויא זיא האט עס פריהער געטהאָן, אויב איהר וועט אויסקומען צו צאָהלען דערפאר וויא איצט.

ווען זשערוויז איז ארויסגעגאנגען איז איהר געווען גאנץ גרינג אויפ'ן הארצען, ווייל האבענדיג דיא צעהן פראנק ביי זיך אין טאש, האט זיא זיך וועניג געקימערט וועגען דעם מוסר. זיא האט אָנגעהויבען צו צוגעוואוינען זיך צו דעקען איין חוב דערמיט, וואס זיא האט געמאכט אן אנדערן.

אויף דיא טרעפ האט זיא בעגעגענט א הויכע פרוי, וואס איז איהר געקר מען אנטקעגנען מיט א הערינג אין האנד. דאס איז געווען ווירזשיני, וועלכע זיא

האט געשמיסען אין וואש־הויז. דיא צוויי פרויען האבען איינע דיא אנדערע אנגעקוקט גלייך אין געזיכט אריין. זשערוויז האט אינסטינקטיוו צוגעמאכט דיא אויגען, וויל זיא האט געדענקט, אז דאס מיידעל וועט איהר א זעץ טהאָן מיט'ן הערינג אין געזיכט, נאר וויר שין האט נאָר א לייכטען שמייכעל געטהאָן.

— ענטשולדיגט מיר ......

— איהר דארפט זיך ניט ענטשולדיגען, האט ווירזשין איהר געענטפערט אין דעם זעלבען טאָן.

און זיי זיינען געשטאנען א פאָר מינוט און גערעדט גאנץ פריינדליך, וויא צווישען זיי וואָלט קיין מאָל גאר ניט פאָרגעקומען.

ווירזשין איז דאמאלס אלט געווען א יאהר נייַן און צוואנציג און האט אויס־געזעהן פראכטפאָל שעהן מיט איהר לאנגליכען געזיכט, וואס איז געווען נאך שעה־נער פון איהרע שיינענדיגע שווארצע האר וועלכע זיא האט געטראָגען אין שווערע צעפּ ארום איהר קאָפּ. זיא האָט דערצעהלט איהר געשיכטע אין א קורצע פּאָר ווערטער. זיא איז געווען פערהייראט, האט חתונה געהאט לעצטען פריהלינג פאר א טישלער, וועלכער האט איצט אויפגעגעבען זיין ארבייט און האָפט צו בעקומען דיא שטעלע פון א פּאָליסמאן, (פּאָליציסט) זיא האט ערסט געקויפט פאר איהם דעם הערינג.

— ער האט זעהר ליעב הערינג, האט זיא געזאָגט, און מיר פרויען צולאָזען זעהר פיעל אונזערע מענער, נאר וואס שטעהען מיר, קומט ארויף, מיר שטעהען דא אין א צוג־לופט.

ווען זשערוויז האט פון איהר זייט דערצעהלט איהר געשיכטע און דאביי נאך געזאָגט, אז ווירזשין וואוינט איצט אין דיא זעלבע צימערן, וואו זיא האט געוואוינט און וואו איהר קינד איז געבאָרען געוואָרען, האט איהר ווירזשין נאך מעהר גענומען בעטען, זיא זאָל צו איהר ארויפגעהן.

— עס איז שטענדיג אנגענעהם צו זעהן א פּלאץ, וואו מען איז געווען גליק־ליך, האט זיא געזאָגט. איך אליין האב ביז איצט געוואוינט פון יענער זייט וואסער, נאר מיר איז דאָרטען דערעסען געוואָרען, און איך וואוין שוין צוויי וואָכען דאָ.

זיא האט ווייטער דערצעהלט, אז זיא איז נאך ניט אין גאנצען איינגעאָרדענט און אז איהר איצטיגער נאָמען איז פּלאסאָ.

— און מיין נאָמען איז קאָפּע, האט זשערוויז געזאָגט.

זשערווייז איז געווען אביסעל פערדעכטיג: ליגט דא אָקאָרסט ניט אונטער דער איידעלקייט עפּעס א שרעקליכע ראבע? און האט זיך פאַרגענומען צו זיין פאָרזיכטיג. נאר אזוי לאנג וויא ווירזשין איז אזוי איידעל, קען גראָב ניט זיין.

פלאסאָ, דער מאן, איז אלט געווען א יאהר פינף און דרייסיג האט געטראָגען וואָנסען און א פראנצויזישע בערדיל און איז געזעסען פאר'ן טיש נעבען פענסטער און האָט געמאכט קליינע קעסטעלאך, זיין איינציגע געציינ איז געווען א טאשענ־מעסערל, א קליין זעגעלע און א טעפּעלע מיט קליי. נאר דאך האט ער געמאכט מיט דעם געציינ א וואונדערליך שעהנע ארבייט. ער פלעגט דאס קיין מאָל ניט פערקויפען און דאס נאר צוטהיילט צווישען זיינע פריינד, און דאס האט איהם געהאָלפען צו פערטרייבען דיא צייט, ביז ער וועט קריגען א שטעלע.

פלאסאָ האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך פערניינט פאר זשערווייז, וועמען זיין ווייב האָט פאָרגעשטעלט אלס איהר אלטע פריינדין, נאר ער האט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. דיא נאַטור האט איהם ניט געשענקט פיעלע פעהיגקייטען צום ריידען, ער האט נאר פון צייט צו צייט א וואָרף געטהאן א בליק אויפ'ן הערינג.

זשערווייז האט ארומגעקוקט דאס צימער און האט דערצעהלט וויא איהר מעבעל איז געשטאנען. ווירזשין האט דערצעהלט אנדערע איינצעלהייטען פון זייערע אומשטענדען, איהר מאן האט געקריגען א קליינע ירושה פון א מאנטע, און זיא אליין נייט אביסעל — מאכט פון צייט צו צייט א קלייד, נאך א האלבע שטונדע האָט זיך זשערווייז אויפגעהויבען אום אוועקצוגעהן. ווירזשין האט איהר בעגלייט ביז דיא טרעפּ, דאָרטען האבען זיי זיך ביידע אָבגעשטעלט. זשערווייז האט אויסגעדוכט, אז ווירזשין וויל איהר עפּעס דערצעהלען וועגען לאנטיע און אדעל, נאר זיי האבען זיך געשיידעט, ניט ריידענדיג א וואָרט וועגען דיעזען אונאנגענעהמען געגענשטאנד.

דאס איז געווען דער אָנפאנג פון א גרויסער פריינדשאפט. מיט א וואָך שפּעטער האט שוין ווירזשין ניט געקענט דורכגעהן פערביי זשערווייז'ס געשעפט אהנע דעם, אז זיא זאָל דאָרטען ניט אריינגעהן און פערבלייבען דאָרטען א פּאָר שטונדען. אָנפאנגס האט זשערווייז געפיהלט זעהר אונבעקוועם. יעדעס מאָל ווען ווירזשין פלעגט עפענען דאס מויל, האָט זשערווייז געדענקט, אז זיא וויל איהר עפּעס זאגען וועגען לאנטיע. ער איז איהר פון קאָפּ ניט ארויס דיא גאנצע צייט וואס זיא פלעגט זיין צוזאמען מיט ווירזשין. עס איז זעהר נארעש, פלעגט זיא

טראכטען. וואס נעהט איהר אן, וואס עס איז געוואָרען מיט לאַנטיע און אדעל? דאך איז זיא געווען זעהר נייגיעריג אויסצוגעפינען, וואס מיט זיי איז געוואָרען.

ווינטער איז געקומען, דער פיערטער ווינטער וואס זשערווייז האט געהאט איהר געשעפט. דער ווינטער איז אויסגעפאלען זעהר א בייזער און נאך ניי־יאָהר איז דער שניי געלעגען אין גאס דריי וואָכען אהנע צו שמעלצען. זשערווייז האט געהאט א מאסע ארבייט און אין דיא צימערן האט געהערשט אן אנגענעהמע ווארעמקייט און שטילקייט. פון דרויסען האט ניט דערגרייכט דער גערויש פון דיא קארעטעס צוליעב דעם שניי, דיא איינציגע געשרייען וואס האבען זיך געהערט, זיינען געווען פון דיא קינדער, וואס האבען זיך געגליטשט אין גאס און האבען געמאכט א גרוי־סען ליאַרעם.

זשערווייז האט זעהר ליעב געהאט קאפע נאך האַלבען טאָג; זיא און איהרע ארבייטערינען האָבען אויף דעם היינט געוואָרט מיט אונגעדולד. ענדליך האט דיא אלטע אריינגעטראָגען דעם קאן קאפע און האט אָנגעגאָסען פאר יעדע א טאסע קאפע. דיא טהיר פון גאס האט זיך געעפענט און ווירזשין איז אריינגעקומען מיט א קוואלע קאלטע לופט.

— גאָט אין הימעל! האָט זיא אויסגעשריען, דער פראָסט איז שרעקליך, מיינע אויערען זיינען אָבגעפראָרען.

— איהר זייט גראַדע געקומען אין דער צייט, האט זשערווייז געזאָגט פריינד־ליך, איהר וועט האבען א טאסע קאפע.

— מיט פערגניגען וועל איך טרינקען, האט ווירזשין געענטפערט מיט א שוידער. זיא איז געשטאנען אין קראָם, ביז זיא איז דורכגעפרוירען געוואָרען—דיא ווארעמקייט אין דיעזען צימער איז א פערגניגען, האט זיא געזאָגט, מ'שענדיג דעם קאפע, און זיא האָט זעהר ליעב דעם גערוך פון פריש־געפרעסטען גרעט. פלוצים האט זיך ווירזשין אָנגעבויגען צו זשערווייז און געזאָגט מיט א שמייכעל:

— געדענקט איהר דאמאלס אין וואַש־הויז?

זשערווייז איז רויט געוואָרען און האט ניט געקענט ענטפערן. דערפאר האָט זיא דיא גאַנצע צייט מורא געהאט. זיא איז געווען זיכער, אז מיט א מינוט שפעטער וועט זיא הערען לאַנטיע'ס נאמען. ווירזשין האט זיך צו איהר צוגערוקט נעהענטער. דיא ארבייטערינען האבען גערעדט צווישען זיך, וואס זיי וואָלטען גע־טהאן, ווען יעדער פון זיי וואָלט געהאט צעהן טויזענד פראנק א יאהר איינקינפטע, ווירזשין האט פערלאָזט דעם שטוהל, אויף וועלכען זיא איז געזעסען, און האָט

נענומען א פוס־ביינקעלע און האט זיך גזעצט נעבען זשערוויז, וואס איז אויך גע־
זעסען אויף א פוס־ביינקעלע, זשערוויז האט זיך געפיהלט פיינ און שוואך, צו
שוואך ניט צו דערלאָזען צו דעם געשפרעך אדער בעטען איהר, אז זיא זאָל דער־
פון ניט ריידען, זיא האט אָהן אטהעם ערוואַרט דיא קומענדע ווערטער, איהר
הארץ פול מיט א מאָדנעם געפיהל, וואס זיא האט אליין זיך ניט געקענט
ערקלערען.

— איך וויל אייך ניט פערשאפען קיין שמערץ, האט געזאָגט ווירזשין איינ־
פאך — צוואנציג מאל זיינען מיר שוין דיא ווערטער געלעגען אויפ׳ן שפיץ צונג,
נאר איך האב זיך אָבגעהאלטען, נאר איך בעט אייך, אז איהר זאָלט ניט דענקען,
אז איך טראָג צו אייך א שנאה.

זיא האט אויפגעהויבען איהר טאסע און האט אויסגעזופט דיא לעצטע ביסעל
קאפע, זשערוויז האט מיט אנגסט זיך געפרעגט, צו ווירזשין האט געקענט פער־
געסען דיא שרעקליכע בעליידיגונג אין וואש־הויז. עפעס איז איהר ניט געפעלען
געוואָרען דאס פייערל אין ווירזשינ׳ס אויגען.

— איהר האט דאמאלס געהאט אן ענטשולדיגונג, האט ווירזשין געזאָגט.
מען איז זיך מיט אייך שרעקליך בעגאנגען. איך וואָלט עמיצען ערמאָרדעט.

און אוועקווארפענדיג איהר געמאכטען טאָן, האט זיא אָנגעהויבען צו רעדען
גיכער:

— זיי זיינען ניט געווען גליקליך, איך קען אייך פערזיכערן. גאר ניט גליקליך,
זיי האבען געוואוינט אין א שמוציג געסיל, וואו דיא בלאָטע איז געווען איבער דיא
קניע, צוויי טעג שפעטער, וויא ער האָט אייך פערלאָזען, בין איך צו זיי אוועק
אויף פריהשטאָק און האב זיי געטראָפען שטארק קריגענדיג זיך, איהר ווייסט, אז
אדעל איז אן אויסוואורף, אמת, זיא איז מיין שוועסטער, אבער דאך איז זיא אן
אויסוואורף. און לאַנטיע — איהם קענט איהר בעסער וויא איך, און איהם פער־
שפאָר איך אייך צו שרייבען. ער איז פערטיג צו ערמאָרדען יעדע פרוי, ווען עס
זאָל איהם עפעס א האָר ניט געפעלען ווערען. אָה, זיי האבען געהאט א גליק־
ליכע צייט, זייער געשלעג האט מען געהערט איבער דער גאנצער גאס. א מאָל
האט זיך דיא פאָליציי געדארפט אריינמישען, אזא גוואלד האבען זיי געמאכט.

זיא האט גערעדט ווייטער און דערצעהלט אזעלכע גרוילען, וואס האבען
געקענט דיא האר אוועקשטעלען קאפויר. זשערוויז האט זיך צוגעהערט בלייך וויא
דער טויט, מיט א נערוועזען ציטער פון דיא ליפען, וואס מען האט געקענט אָב־

נעהמען פאר א שמייכעל. זיבען יאהר לאנג האט זיא ניט געהערט לאנטיע'ס נאמען, און זיא וואלט קיין מאל ניט געגלויבט אויף זיך, אז עס זאל איהר אזוי שטארק אויפרעגען, וואס זיא האט פון איהם איצט געהערט. זיא האט מעהר ניט געקענט זיין אייפערזיכטיג אויף אדעל, נאר דאך האט איהר פערשאפט פערגניגען צו הערען, וויא אדעל האט געקריגען קלעפ, און עס וואלט איהר ניט מאוס געווארען צו צוהערען זיך צו דעם לאנג, אבער קיין פראגעס האט זיא ניט געמאכט א לאנגע צייט ענדליך האט זיא זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט געפרעגט:

— וואוינען זיי נאך אין דעם זעלבען פלאץ?

— ניין, איך האב איידך נאר פערגעסען צו זאגען, זיי זיינען זיך צוגאנגען לעצטע וואך, האט ווירזשין געענטפערט.

— צוגאנגען? האט זשערוויז אויסגערופען.

— ווער איז זיך צוגאנגען? האט קלעמענס געפרעגט, איבעררייסענדיג איהר געשפרעך מיט קאפע'ס מוטער.

— קיינער ניט, האט ווירזשין געענטפערט, איהר קענט זיי ניט.

ביי דיא ווערטער האט זיא א קוק געטהאן אויף זשערוויז און האט געשיינט צו האבען פערגניגען פון איהר פערלעגענהייט. פלוצים האט זיא איהר א פרעג געטהאן, וואס וואלט זיא געטהאן, ווען צום ביישפיעל לאנטיע זאל פלוצים ביי איהר ערשיינען? מענער זיינען אזוי מערקווירדיג, און קיינער קען ניט וויסען, וואס זיי זיינען פעהיג צו טהאן. לאנטיע איז אימשטאנדע אומצוקעהרען זיך צו זיין אלטע ליעבע. נאר דא האט איהר זשערוויז געענטפערט מיט ווירדע און ערנסטקייט, אז זיא איז פערהייראט, און אויב לאנטיע וואלט געקומען וואלט זיא איהם גע-בעטען, ער זאל ארויסגעהן. קיין זאך קען שוין מעהר צווישען זיי ניט זיין, אפילו דיא וויינעסטע בעקאנטשאפט אויך ניט.

— איך וייס גאנץ גוט, האט זיא וויטער געזאגט, אז עטיען איז זיין זוהן, און אויב לאנטיע וויל איהם זעהן, קען איך איהם ניט פערוועהרען, נאר וואס אנ-בעלאנגט מיר פערזענליך, קענט איהר זיין זיכער, מאדאם פלאסא, אז ער וועט אפילו מיין קליין פינגערל ניט בעריהרען, צווישען אונז איז אלעס געענדיגט.

ביי דיא לעצטע ווערטער האט זיא געמאכט א קרייץ אין דער לופט, וויא פערזיגלענדיג מיט דעם איהר שבועה, און וויא איבערצוהאקען דעם געשפרעך האט זיא ארויסגעשריען צו איהרע פרויען:

— דענקט איהר, אז איהר וועט היינט פערטיג ווערען מיט אייער ארבייט, אויב איהר וועט אזוי זיצען? נעהמט זיך צו דער ארבייט! צו דער ארבייט!

נאר דיא פרויען האבען זיך ניט גערירט, דיא ווארעמקייט האט זיי פויל געמאכט, און זאָגאר זשערווייז אליין האט געפונען פאר שווער אנצוהויבען פון דאס ניי דיא ארבייט. דיא פאַרהאַנגען, וואס זיא האט געפּרעסט זיינען פערטריקענט געוואָרען און עמיצער האט אויף זיי פערגאָסען אביסעל קאפע. דעם פלעק האט מען געדארפט פערוואשען.

— האָט אייך א גוטען טאָג, האט געזאָגט ווירזשין. איך בין ארויס קויפען א האלב פונט קעז, און מיין מאן וועט מיינען, אז איך בין פערפּראָרען געוואָרען.

אזוי איז אַריבער דער בעסערער טהייל פון טאָג און אזוי פלעגט זיין יעדען טאָג ווייל איהר ארבייטס־צימער איז געוואָרען דער צוזאמענקונפטס־פונקט פון דעם גאַנצען הויז. זיא וואָלט געוועז צופריעדען אריינצונעהמען אלע אָרימע פון קווארטאל וואס זיא האט געזעהן פריהרען אין דרויסען. צו דיעזער צייט איז זיא געוואָרען זעהר פריינדליך צו אן אלטען מאן פון זיבציג יאהר, וואס האט געוואוינט אין א לאָך אונטער'ן דאך פון דיעזען הויז און האט דאָרטען געהונגערט און געפרוירען. אין דער סעוואסטאָפּאָלער מלחמה האט ער פערלאָרען דריי זיהן, ער איז געווען א מאלער, נאר שוין צוויי יאָהר, וויא דער רעהמאַטיזמוס האט איהם פערדרייט אזוי א האַנד, אז ער האט ניט געקענט האלטען קיין פענזיל.

ווען זשערווייז פלעגט בעמערקען דעם אלטען ברו, פלעגט זיא איהם אריינ־נעהמען, מאכען פאר איהם א פּלאַץ נעבען אייוועז און געבען איהם ברויט מיט קעז דער אלטער מיט זיין ווייסע באָרד און צוקנייטשטע געזיכט וויא אן אלטער עפּעל, איז געזעסען שטיל, און האט אויסגעגלייכט זיינע ביינער אין דער ליעבע ווארעמקייט און האט הנאה געהאט פון דעם טרעסטשען פון דיא קוילען אין אייוועז.

— פון וואס טראַכט איהר? פלעגט איהם זשערווייז פרעגען זעהר פריילי‍ך.

— פון גאר נישט — פון אלערליי זאכען, פלעגט ער ענטפערן מיט א צר מישטער מינע.

דיא ארבייטערינען פלעגען לאכען און טראַכטען, אז עס וואָלט געווען א גוטער שפּאַס צו פרעגען צו ער איז ניט פערליעבט, נאר ער האט זיך אפילו אויף זיי ניט אומגעקוקט און איז ווידער פערזונקען אין זיין שטילען טראַכטען.

פון דער צייט אָן האט ווירזשין אָפט גערעדט מיט זשערווייז וועגען לאַנטיע.

א מאָל האָט זיא איהר דערצעהלט, אז זיא האָט איהם בעגעגענט, נאר ווען יענע האט איהר נאר ניט געענטפערט, האט זיא וויטער ניט גערעדט. נאר אויף מאָרגען האט זיא זיך ווידערגעקעהרט צו דעם געשפרעך און דערצעהלט, אז לאַנטיע האָט פון איהר גערעדט זעהר צערטליך און לאַנג. זשערוויז האט זעהר געליטען פון דיא שושקעדיגע (געפליסטערטע) געשפרעכען, לאַנטיעס נאָמען האט איהר געמאכט קראַנק און איבעל, זיא האָט געוואָלט זיין אָרדענטליך און האלטען זיך אויפ'ן ריכטיגען וועג, ווייל נאר אויף אזא אופן האט זיא געטראַכט, קען זיא זיין גליקליך. זיא האט פון קאָפּע נאר ניט געטראַכט, ווייל זיא האט געוואוסט, אז זיא האט זיך מיט קיין זאַך געגען איהם ניט פערשולדיגט. נאר ווען זיא פלעגט טראַכטען פון גוזשע האט איהר אויסגעוויעזען, אז דער מינדעסטער געדאַנק וועגען לאַנטיע איז געווען א אונטריייהייט צו דיא צאַרטע פריינדשאַפט צו יענעם, א פריינדשאפט וואס איז איהר זעהר טהייער געוואָרען. איהר האַרץ איז צו יענער צייט געווען זעהר בעקימערט, זיא האט אלץ געטראַכט פון יענע צייט, ווען דער ערסטער געליעבטער האט איהר פערלאָזען, און איין טאָג איז איהר אריין דער געדאַנק אין קאָפּ, אז איצט ווען ער האָט פערלאָזען אדעל'ן, קען ער נאָך צו איהר צוריק קומען.

ווען זיא פלעגט אַרויס אין גאַס, פלעגט אויף איהר אָנפאַלען א שרעק. איהר האט אויסגעדוכט, אז לאַנטיע געהט איהר נאָך אויף טריט און שריט, זיא האט מורא געהאט ארומצוקוקען זיך, דענקענדיג, אז אָט נעהמט ער איהר ארום ביי דער טאַליע. איהר האָט געדוכט, אז ער לאָזט פון איהר דיא אויגען ניט אראָב אפּישר וועט ער קומען נאָך האלבען טאָג? דער געדאַנק האט ביי איהר ארויסגערופען שוויס אויפ'ן שטערן, ער וועט איהר געוויס א קוש טהאָן אין אויער אריין, מיט וואס ער פלעגט איהר רייצען אמאל אין דיא פערגאנגענע יאָהרען, פאר דעם קוש האט זיא געציטערט. ווען דער שרעק פלעגט אויף איהר אָנפאַלען, איז געווען דער איינציגער פּלאַץ, וואו זיא פלעגט געפינען רוה, גוזשעס ווערק־שטוב. דער קלאַפּ פון האמער האט פערטריעבען אלע שלעכטע חלומות; ער פלעגט איהר שטענדיג בעשיצען.

וואס פאר א גליקליכע צייט דאס איז געווען נאָך אלעמען! יעדע וואָך פלעגט זיא אלייז טראָגען דעם קאָרב גרעט, וואס האט איהר געגעבען א תירוץ אריינצוגעהן צו גוזשע אין ווערק־שטוב איהם צו בעזוכען. זיא איז געגאנגען פריילוך און לוסטיג, וויא זיא וואָלט געמאכט א שפּאַציר אויפ'ן לאַנד. גוזשע האט זיך אויף איהר געריכט און ער האט געקלאַפּט העכער וויא שטענדיג, אום זיא זאָל

איהם הערען וואס ווייטער. זיא פלעגט א לייכטען גלעט טהאָן עטיענען איבער׳ן באק און פלעגט זיך שטיל אנידערזעצען, בעטראכטענדיג דיא צוויי — גוזשע און עטיען — וואס זיינען איהר געווען אזוי טהייער א שטונדע לאנג, ניט ריידענדיג קיין וואָרט. ווען א הייסער פונק איז ארויפגעפאלען אויף איהר צארטען לייב, האט זיא דערפון געקליבען פערגניגען, ער האט פערשטאנען, אז זיא האט פערגניגען, קוקענדיג אויף זיין ארבייט און פלעגט בעהאלטען דיא שווערסטע און קונציגסטע שטיקלאך ארבייט פאר דער צייט ווען זיא וועט דא זיין, אום זיא זאָל איהם קענען בעוואונדערען. דאס איז געווען אן אידיליע, צוואר זיי אליין האבען דערפון ניט געוואוסט. און יעדעס מאל איז זיא ארויס פון קוזנע צופריעדען און בערוהיגט.

ביסלעכווייז איז איהר אומזיסטיגע מורא פאר לאנטיע שטילער געוואָרען, קאָפּע האט זיך צו יענער צייט זעהר שלעכט אויפגעפיהרט און איין אבענד ווען זיא איז פערבייגעגאנגען דעם שענק אסעמואר, איז זיא געווען זיכער אז זיא האט איהם געזעהן טרינקען מיט מע־באָט, זיא איז געשווינד דורכגעלאָפען אום ער זאָל ניט דענקען, אז זיא שפּיאָנירט איהם, דאָך האט זיא זיך אומגעקוקט און האט געזעהן, אז ער האט אויסגעטרונקען א גלאָז בראנפען מיט דער מינע פון א מענשען, וואס איז געניט אין אזעלכע זאכען, ער האט איהר, הייסט עס, געזאָגט א ליגען, ער טרינקט יא בראנפען, זיא איז געווען פערצווייפעלט, איהר אלטער שרעק פאר בראנפען האט זיך איהר אומגעקעהרט; ווייל וואָלט איהר ניט געהאָרט — וויין איז גוט פאר דיא ארבייטער, נאר בראנפען הרג׳עט זיי אוועק, עס נעהמט ביי זיי צו דעם אפּעטיט פאר דיא עסענס, וואס דערהאלטען ביים לעבען און געבען כח צום ארבייטען. פאר וואס מישט זיך ניט אריין דיא רעגירונג און פערבאָט ניט צו פערקויפען דיא גיפטיגע געטראנקען?

ווען זיא איז געקומען אהיים, האט זיא דיא גאנצע הויז געטראָפען אין א טומעל, איהרע ארבייטערינען האבען פערלאָזט זייער ארבייט און האבען זיך געפונען אין הויף. זיא האט געפרעגט, וואס איז געשעהן.

— דער אלטער ביזשאר שלאָגט זיין ווייב, ער איז שכור וויא לוט. ער האָט איהר ארויפגעטריבען איבער אלע טרעפּ אין צימער אריין און שלאָגט איהר צו טוידט. הערט זיך נאר צו!

זשערוויז איז ארויפגעלאָפען אויף דיא טרעפּ. זיא האט זעהר ליעב געהאט פרוי ביזשאר, וועלכע האָט פאר איהר געוואשען, און זשערוויז האָט שטארק בעוואונדערט איהר מוטה און ארבייטזאמקייט.

אויפ'ן זעקסטען שטאָק איז געשטאַנען א גרופע מענשען. פרוי ראָשע איז געשטאַנען ביי דער טהיר.

— הערט אויף! האָט זיא געשריען, הערט אויף! אז נים וועלען מיר שיקען רופען דיא פּאָליציי.

קיינער האט נים געוואגט אריבערצוטרעטען דיא שוועל, וויל ביזשאר איז געוועזען וויא א וואהנזיניגער, ווען ער געוועזען שכור, ער איז זעלטען געוועזען אין גאנצען ניכטער, און אין יענע זעלטענע טעג ווען ער פלעגט שוין איינוויליגען צו געהן אר־ בייטען, האָט ער געהאלטען א פלאַש בראַנפען ביי דער זייט. ער האט כמעט נאר נים גענעסען און ווען מען זאָל איהם געוועזן אריינשטעקען א ברענענדיגע שווע־ בעלע אין מויל אריין, וואָלט ער זיך אָנגעצונדען וויא א ליכט.

— וואס איז דאס, וועט איהר איהם דערלאָזען, אז ער זאל איהר דער־ הרג'ענען? האט זשערוויז געזאָגט, ציטערענדיג פון קאָפּ ביז דיא פיס, און זיא איז אריינגעגאַנגען אין צימער.

דאס צימער איז כמעט געוועזן לעדיג, נאר זעהר ריין; דער מאן האט פער־ קויפט אפילו דיא לייליבער פון בעט, אום צו קויפען בראַנפען. אין דעם געשלעג, וואס איז איצט אָנגעגאַנגען אויף לעבען און טוידט, זיינען דיא ביינקלאך און דער טיש געוועזען איבערגעקעהרט, דיא אָרימע פרוי איז געלעגען אויף דער ערד, איהרע קליידלאך נאך נאס פון וואשען גרעט, איהרע האָר צולאָזט איבער'ן פערבלוטיגטען געזיכט. זיא האָט ארויסגעלאָזט א טויבען קרעכץ נאך יעדען קלאַפּ, וואס דיא ווילדע בעסטיע האט איהר געגעבען.

דיא שכנים האבען צווישען זיך גערעדט, אז זיא האט איהם נים געוואָלט געבען דאס געלד, וואס זיא האט היינט פערדיענט פון וואשען און דאריבער שלאָגט ער זיא.

— קום ארונטער זאג איך! האט געשריען ראָשע צו זיין ווייב פון אונטען. לאָז ער איהר דער'הרג'ענען, אז ער וויל, עס וועט זיין מיט איין נאר וועניגער אויף דער וועלט.

דער אלטער ברו איז נאכגעגאַנגען זשערוויז אין צימער אריין און זיי ביידע האבען גענומען ריידען צום ווילדען שכור ער זאָל צורוה לאָזען זיין ווייב. נאר ער האט זיך צו זיי געווענדעט בלייך און דראָהענד, מיט א ווייסען שוים אויף דיא ליפּען און א מערדערישען גלאַנץ אין דיא אויגען, ער האָט דעם אלטען ברו אָנ־ געכאַפּט און אריבערגעוואָרפען איבער'ן טיש, און זשערוויז האט ער אזא טרייסעל

געטהאָן, אז איהרע צייהנער האבען אָנגעהויבען צו קלאַפּען, דאַן האט ער זיך אומגעקעהרט צו זיין ווייב. וועלכע איז געלעגען אונבעוועגט מיט אן אָפענעם מויל און פערמאַכטע אויגען. אין דעם פערלויף פון דער גאַנצער שרעקליכער סצענע, איז זייער קליינע מיידעל לאַלי געשטאַנען אין א ווינקעל, צוקוקענדיג זיך, וויא דער שכור'ער פאטער ערמאָרדעט דיא מוטער. מיט איהרע קליינע הענט אַף האט זיא געהאלטען ארומגענומען איהר קליינע שוועסטער הענריעט, א קליין קינד וואס דיא מוטער האט ערסט אנטוואוינט. זיא איז געשטאַנען מיט א טרויעריגע, פייערליכע געזיכט און ערנסטע מעלאַנכאָלישע אויגען, אין וועלכע עס האט זיך ניט געזעהן קיין טרער.

ווען ביזשאַר האט זיך אויסגעגליטשט און איז אַ פּאַל געטהאָן, האט זשערוויין און דער אַלטער ברו אויפגעהויבען דיא אונגליקליכע פרוי, וואס האט זיך שטארק צואוויינט. לאַלי איז צוגעגאַנגען צו איהר, אבער זיא האט ניט געוויינט, זיא איז שוין געוואוינט געווען מיט אזעלכע סצענען.

— אייער מאַן איז אויף דער אַנדער זייט גאַס, האט געזאגט קלעמענס צו זשערוויין אזוי גיך, וויא זיא האט איהר דערזעהן. ער איז שכור'לאַך.

קאָפּע איז געפאַלען פון דיא פיס און האט מיט'ן אָקסעל אויסגעזעצט א שויב, ניט טרעפענדיג גלייך אין טהיר אריין, ער איז געווען ניט שכור'לאַך, נאָר טוידט שכור. זיינע צייהנער זיינען געווען צוזאַמענגעפּרעסט און דער אויסדריק ארום דער נאָז איז געווען אַ צוקניפּענער. זשערוויין האט גלייך פערשטאַנען, אז דאס איז דער בראַנפען פון דעם אַסעמואַר, וואס האט געבראַכט זיין בלוט אין אַזא צושטאַנד. זיא האָט זיך געפּרובט צושמייכלען צו איהם, און האט איהם געבעד־טען ער זאָל געהן שלאָפען, נאָר ער האט איהר פון זיך אבגעשטופּט און פערביי־געהענדיג געבען איהר, האט ער איהר אראָבגעלאָזט א גוטען קלאַפּ.

ער איז געווען גראַדע וויא דער אַנדערער — דיא בעסטיע אויבען, וואס ליגט איצט א פערמאַטערטער פון שלאָגען זיין ווייב און כראָפּעט וויא א גע'הרג'עטער. זיא איז געוואָרען פערצווייפעלט און א קעלט איז איהר דורכגעגאַנגען איבער אלע גליעדער, זיינען אלע מענער אַלץ איינס? זיא האט געטראַכט פון קאַנטיע, פון איהר מאַן און האט זיך געפרעגט, צו גיבט עס ווירקליך קיין גליק ניט אויף דער ערד?

---

## VI.

דער נײַנצעהנטער יוני איז געווען זשערוויז׳ס געבורטס־טאָג. מען האט שטענ־דיג געזוכט אן אויסרייד צו מאכען עפּעס א יום־טוב אין קאָפּע׳ס הויז. ווירזשין האט שטארק געליבט זשערוויז, פאר וואס זיא האט ליעב גוט צו לעבען. צו וואָס זאָל זיא שפּאָרען און קארגען, אום דער מאן זאָל אלץ פער׳שכור׳ען? און זשערוויז האט זיך אָנגעכאפּט אן דיעזע ענטשולדיגונג, זיא איז אלץ געוואָרען פויל־לער און פעטער און איהר הינקערינקייט האט זיך וואס ווייטער מעהר גענומען ארויסווייזען.

א גאנצען מאָנאט לאנג האָט מען גערעדט וועגען דעם יום טוב, מען האט זאָגאר בעשפּראָכען דיא שפּייזען. זשערוויז האט געבראָכען דעם קאָפּ, וועמען זיא זאָל איינלאדען, זיא האָט געוואָלט אז ביים טיש זאָלען זיצען גראדע צוועלף, נים מעהר און נים ווענינער. דיא גוזשעס און פלאסאָס זיינען פיער, פרוי פאַטוא און קלעמענס איהרע ארבייטערקעס, האט זיא אנפאנגס נים געוואָלט איינלאָדען, דאס וועט זיי מאכען צו היימיש, נאר אזוי וויא אלע געשפּרעכען זיינען פאָרגעקומען זיי אויף דיא אויגען האט זיא ענדליך בעשלאָסען זיי איינצולאדען. זיא האט זיך נאָך פאָרגענומען צו פערבעטען דיא לאָריכס, וועלכע זיינען דיא לעצטע צייט געוואָרען זעהר פריינדליך. קריעגעריי אין פאמיליע איז נים גוט, האט זיא געזאָגט, און ווען דיא ראָשעס האבען געהערט פון דעם יום טוב האבען זיי אויך אנגעהויבען צו ווערען פריינדליך, און זיא האָט זיי אויך געמוזט פערבעטען, און אויף אזא אופן צוזאמען מיט דיא אייגענע, נים רעכענענדיג קיין קינדער, איז געוואָרען פיערצעהן מענשען. אזא מיטאָג האט זיא נאך קיין מאָל נים געגעבען. זיא האט שטאָלצירט מיט דעם און צו דער ׳עלבער צייט געשראָקען זיך דערפון.

דער נײַנצעהנטער איז אויסגעפאלען מאָנטאג; זיא האָט דאס גערעכענט פאר א גליק, ווייל זיא האט געקענט אָנהויבען צו קאָכען פון זונטאָג אָן. איין זאך איז אין דיא לעצטע דריי וואָכען בעשלאָסען געוואָרען, מען וועט צוגרייטען א גע־בראָטענע גאנז, אנגעפילט מיט ציבעלעס. דיא אלטע קאָפּע האט איצט דיא גאנז אריינגעטראָגען, אום פרוי פאַטוא זאָל טרעפען, פיעל זיא וועגט. זיא האט אויס־געזעהן זעהר גרויס און פעט.

פריהער וועט מען געבען זופּ און מען דארף אויסזוכען נאָך עפּעס א שפּייז.

מען האט אויסגערעכענט פיש און אנדערע מאכלים, ענדליך האט מען אויס־נעקליבען. אין דער מינוט איז ווירזשין אריינגעלאָפען ווי א ווינד.

— איהר זייט גראדע צו דער צייט! האט אויסגערופען זשערוויין. מוטער קאָפּע, ווייזט איהר די גאנז.

זי האט באלד נעטראָפען ווי פיעל עס ווענט, האט בעוואונדערט די גאנז און אנידערגעלייגט איהר אויפ׳ן טיש צווישען א קופע העמדער און א גע־פרעסטע קלייד. זי האט געשיינט צו טראכטען וועגען עפּעס אנדערש און האט באלד אבגעפיהרט די ווירטהין אין א זייט.

— איך בין געקומען אייך צו וואָרענען, האט זי געזאָגט אין דער גיך. איך האָב ערסט בעגעגענט לאַנטיע אויפ׳ן עק פון דיעזער גאס. איך בין זיכער, אז ער איז מיר נאָכגעגאנגען, איך בין נאטירליך געווען זעהר אונרוהיג צוליעב אייך.

זשערוויין איז געוואָרען זעהר בלייך. וואס וויל ער פון איהר? און גראדע איצט ווען זי איז אזוי בעשעפטיגט מיט איהר יום־טוב? עס האט איהר אויס־געוויזען, אז איהר האט קיין מאָל קיין זאך ניט געלונגען אין איהר לעבען! פאר וואס קען זי דאס ניט האבען א מינוט רוה?

נאר ווירזשין האָט איהר געטרייסט, אז זי וועט פאר איהר אכטונג געבען, און אויב ער וועט איהר נאָכגעהן, וועט זי איהם איבערגעבען צו דער פּאָליציי. איהר מאן איז שוין מעהר ווי א מאָנאט א פּאליסמאַן און ווירזשין איז געוואָרען זעהר שטאָלץ און האָט גערעדט פון ארעסטירען יעדען. וואס איז איהר ניט גע־פעלען געוואָרען, זי האָט אויפגעהויבען איהר שטימע, ווען זי האט גערעדט, און זשערוויין האט זי געבעטען, אז זי זאָל זיין פאָרזיכטיג, ווייל די פרויען קענען הערען יעדעס וואָרט. זיי זיינען צוריק צוגעגאנגען צום טיש, וואו מען איז געשטאנען און געארבייט און זשערוויין האט געזאָגט:

— מיר האבען נאך גאר ניט גערעדט פון גרינס.

— ארבעס מיט פעטע פלייש, האָט ווירזשין געזאָגט מיט א טאָן פון איינעם, וואס ווייס וואס גוט איז.

אלע האבען דעם פאָרשלאג אָנגענומען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט די אלטע קאָפּע אונטערגעהייצט די אייוועגס און האלב נאך דריי האט די זופּ שוין געקאָכט אין גרויסען טאָפּ, וואס זיי האָ־בען געליהען אין רעסטאָראן אין עק גאס. זי און זשערוויין זיינען ארויסגעלאָפען

וויא פערריקטע, מאכענדיג פערטיג א טהייל פון דעם מאָרגעדיגען מיטאָג, וואס מען האָט בעשלאָסען מארגען אנצואווארעמען. קאָפּע האבען זיי אין גאנצען פון שטוב ארויסגעשיקט, נאר קיין געסט האט ניט געפעהלט. דער ריח פון דעם עסען האט דערגרייכט אין הויף און דיא שכנים זיינען געקומען יעדע מיט אן אנדער אויסרייד צו זעהן וואס דא טהוט זיך.

ארום פינף א זייגער איז געקומען ווירזשין, זיא האָט געזעהן לאַנטיע צוויי מאָל. עס איז געוואָרען אונמעגליך דורכצוגעהן דיא גאס, אום איהם ניט צו בעגעגנען, מאדאם ראָשע האָט איהם אויף אָנגעטראָפען און גערעדט מיט איהם אין עק גאס. זשערווייז האָט געהאלטען אין ארויסגעהן צו קויפען פאר א סו געפרעגעלטע ציבעלע פאר'ן זופּ, נאר וויא זיא האט דאס דערהערט, איז זיא געבליעבען אין דער היים און האט געזאָגט, אז זיא וועט בעסער קיין מאָל פון שטוב ניט ארויסגעהן, דיא טהיר־שליסערין און ווירזשין האבען נאך פערגרעסערט איהר שרעק, דערצעהלענדיג איהר געשיכטען פון מענער, וואס ווארטען אָב פרויען אין דיא עקען גאסען מיט רעוואָלווערען און מעסערס אין דיא קעשענעס.

אזעלכע זאכען לייענט מען יעדען טאָג אין דיא צייטונגען, ווען אזא לומפּ וויא לאַנטיע, זעהט א פרוי גליקליך, קען ער שוין ניט רוהען, ביז ער וועט איהר אויך אונגליקליך מאכען. ווירזשין האט זיך ארויסגערופען צו געהן נאך דיא ציבעלע.

— פרויען מוזען אויסהעלפען איינע דיא אנדערע, אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען, האט זיא געזאָגט.

ווען זיא איז צוריקגעקומען, האט זיא דערצעהלט, אז לאַנטיע זעהט זיך שוין מעהר ניט דאָרטען, מאדאם ראָשע האָט געזאָגט, אז ווען איהר זאָל טרעפען אזא פאל, וואָלט זיא געזאָגט איהר מאן. נאר זשערווייז האָט זיך דערפון שטארק דערשראָקען און האָט איהר געבעטען, זיא זאָל פאר קאָפּע מיט קיין וואָרט זיך ניט ארויסריידען. זיא האָט שוין אזוי אויך מורא אז ער מוז שוין וויסען ווייל מיט עטליכע נעכט צוריק, ווען ער האט זיך שטארק געשאָלטען, האט זיא געהערט וויא ער האָט אויסגערעדט לאַנטיע'ס נאָמען. זיא האט געציטערט, אז דיא צוויי מענער זאָלען זיך בעגעגענען זיא האט נאך לאנג אויסגעפונען, אז קאָפּע איז נאָך אלץ אייפערזיכטיג אויף לאַנטיע. דיא פליישען און זופּען האבע, זיך דערווייל געקאָכט און דיא ווייבער האבען אלע ווילע פערזוכט צו זעהן אויב עס פעהלט עפּעס ניט.

מאַנטאג איז געקומען. זשערוויז האָט מורא געהאט, אז עס וועט ניט זיין גענוג פּלאַץ און האָט בעשלאָסען צו ברויכען דעם פרעס־טיש און דאס צימער, וואו מען האָט געאַרבייט, אין מיטען פון דעם גאנצען געוויש, ביים צושטעלען דיא טישען, איז אָנגעקומען א פרוי און האט געמאכט א סצענע, פאר וואס מען האָט איהר ניט אָבגעטראָגען דאס גרעט פרייטאָג, זיא האט געוואָלט אז מען זאָל איהר ניט אנדערס וויא אָבגעבען צוריק יעדע שטיקעל גרעט, ריין אָדער שמוציג גע־פרעסט צו ניט.

אום זיך צו ענטשולדיגען, האָט זשערוויז געזאָגט א ליגען, אז עס איז ניט איהר שולד, זיא רייניגט איהרע צימערען, און מאָרגען אין דער פריה וועלען ווידער איהרע פרויען שטעלען זיך צו דער ארבייט. יענע איז אוועק בערוהיגט דער־מיט, וואס זשערוויז האָט איהר צוגעזאָגט אָבצושיקען דיא וועש מארגען אין דער פריה.

נאר זשערוויז איז ארויס פון זיך, וואס מיט איהר האָט געטראָפען זעהר זעלטען, זיא האָט אָנגערופען דיא פרוי מיט א שלעכטען נאָמען אזוי גיך, וויא יענע האָט זיך צו איהר אומגעקעהרט מיט'ן רוקען און ערקלערט, אז זיא וואָלט ניט צייט געהאט אָבצועסען, ווען זיא זאָל טהאָן, וויא יעדער איינער פערלאנגט.

— ניין, ניט היינט און ניט מאָרגען וועט איין פרעס־אייזען געוואַרעמט ווערען, אפילו ווען דער טערקישער סולטאן זאָל צו איהר קומען און בעטען אויף דיא קניע, זיא זאָל איהם אויספרעסען א קראגען, וועט זיא דאס אויך ניט טהאָן.

דער גאנצער פריהמאָרגען איז אוועק אויף איינקויפען, דריי מאָל איז זשערוויז געקומען פון גאס מיט שווערע פּעקלאך, נאר דאס פיערטע מאָל ווען זיא איז אוועק נאָך וויין, האט זיא זיך ארומגעזעהן, אז זיא האט ניט גענוג געלד. אמת, וויין קען זיא קריגען אויף קרעדיט, נאר וויא בלייבט מען איצט אָהן געלד אין שטוב, ווען עס קענען זיך מאכען הונדערטער זאכען, וואס מען האט פאָראויס ניט געקענט זעהן. זיא און דיא שוויגער האבען אָנגעהויבען צו טראכטען, וואו קריגט מען דיא צוואנציג נעטהיגע פראנק, נאר דיא אלטע קאָפּע, וואס איז א מאָל גע־ווען דיא הויז־האלטערין ביי אן אקטריסע, האט זיך באלד אן עצה געגעבען און האָט געראטהען איהר שנור צו פערזעצען עפּעס.

— ריכטיג, פאר וואס איז דאס מיר פריהער ניט איינגעפאלען? האט ושערוויז געזאגט.

זיא האט איינגעוויקעלט איהר זיידענע קלייד אין א טישטוך און האט עס דערלאנגט דיא אלטע קאפע און אנגעזאגט איהר, זיא זאל דאס גוט בעהאלטען אונטער'ן פארטוך אז דיא שכנים זאלען ניט בעמערקען, וואס זיא טראגט. און אליין איז זיא צוגעגאנגען צו דער טהיר צו זעהן, אויב עמיצער געהט איהר ניט נאך.

דיא אלטע האט נאך קיין צוויי טריט ניט געמאכט און זיא האט איהר צור יקגערופען אין שטוב אריין, וואו זיא האט ארונטערגענומען איהר טרויאונגס־רינג פון פינגער און דערלאנגט איהר מיט דיא ווערטער:

— נעהמט שוין דאס אויך! מיר וועלען היינט דארפען דאס גאנצע געלד, וואס מיר קענען קריגען.

און ווען דיא אלטע פרוי איז צוריקגעקומען מיט פינף און צוואנציג פראנק האט זיא געטאנצט פאר פרייד, זיא האט געשיקט נאך נייע זעקס פלעשער וויין מיט פערזיגעלטע העלזלאך, צו פערטרינקען ביים געבראטענעם. דיא לארילס וועלע־ איצט צופלאצט ווערען פון קנאה. פאר דיא לעצטע צוויי וואכען איז דאס געווע איהר איינציגער געדאנק, צו צערשמעטערן אין גאנצען דיא לארילס, וועלכע האבע קיין מאל אין זייער לעבען ניט איינגעלאדען א פריינד צו א מיטאג און וועלכע פלעגען פערשפארען דיא טהיר, ווען זיי האבען געהאט עפעס א גוטע זאך צום עסען. זשערוויז האט איהר געוואלט געבען א לעהרע, און זיא וואלט גערן געוועז פערבעטען אלע פרעמדע, וואס זיינען פערבייגעגאנגען איהר טהיר, זיי זאלען זיצען ביי איהר טיש. געלד איז א גוטע זאך, דאך איז עס נאר גוט צום אויסגעבען און קויפען פאר דעם, וואס דאס הארץ גלוסט.

דריי א זייגער האט דיא אלטע קאפע און זשערוויז גענומען גרייטען צום טיש, דאס פענסטער האבען זיי פערהאנגען מיט א פארהאנג נאר דיא טהיר האט־ בען זיי געלאזט אפען, וויל עס איז געווען זעהר הייס. זיי האבען דיא מינדעסטע זאך ניט אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש אהנע צו דעקען, וויל דאס וועט רייסען דיא אויגען דיא לארילס. פאר זיי האבען זיי אויסגעקליבען יענע פלעצער צום זיצען, פון וואנען מען קען זעהן דעם טיש אם בעסטען און האבען פאר זיי געשטעלט דיא בעסטע פאיאנס־טעלער, וואס זשערוויז האט געהאט אין הויז.

— ניין, ניין, מאמא, האט זשערוויז געזאָגט, ניט די סאלפעטקעס (נאפקין'ס) איך האָב צוויי אמת'ע דאמאסטענע.

— יא, יא, האט געמורמעלט די אלטע, וואס וועלען זיי זאָגען דערצו.

און זיי האבען געשמייכעלט, שטעהענדיג פון ביידע עקען טיש און בעוואונ־דערענדיג דעם פיין געדעקטען טיש מיט דער שיינענדינער ווייסער סערוועט און די גאנצע אויסשטעקונג אויפ'ן טיש.

— וויא פאלש זיי זיינען! האט געזאָגט זשערוויז, געדענקסטו וויא זיא האָט אויסגעטראכט, אז זיא האט פערלאָרען א שטיקעל קייטעל, ווען זיא האט דיר גע־דארפט געבען די פינף פראנק.

— וואס איך האב בלויז צוויי מאָל פון איהר געקריגען, די פינף פראנק־שטיקע, האט געמורמעלט די אלטע פרוי.

— איך וועל זיך וועטען, אז קומענדען מאָנאט וועלען זיי אויסטראכטען עפּעס אן אנדער תירוץ, האט געזאָגט זשערוויז. דאריבער פערשפּארען זיי די טהיר, ווען זיי עסען עפּעס א גוטע זאַך, ווייל מענשען וועלען זאָגען, אז ווען מען קען זיך ערלויבען גוטע זאכען צום עסען, מעג מען דער מאמען געבען פינף פראנק א מאָנאט.

די שוויגער האט נאר א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, הייגט איז זיא מעהר וויא אימער געווען ישטרענג צו איהר טאָכטער. דער פיינער מאָלצייט האט דער־מיט געהאט פיעל צו טהאָן, זיא האט זעהר ליעב געהאט דעם גאנצען גערודער און האט ליעב געהאט צו קאָכען און פּרעגלען, עס איז איהר איבערהויפּט זעהר גוט געגאנגען מיט זשערוויז. נאר יענע טעג, וואס מאכען זיך אין יעדע הויז, ווען דער מיטאָג איז קארגלעך אָדער ניט אזוי געראָטען, פלעגט זיא זיך בלאָזען און מירמלען אונטער דער נאָז, אז זיא איז די אונגליקליכסטע פרוי, וואס דארף לעבען ביי א שנור. טיעף אין הארצען האט זיא נאָך ליעב געהאט לאָריל, וואס איז געווען איהר עלטסטע טאָכטער.

— דוא וואָלסט געוואוינען מיט עטליבע פונט ווייניגער, ווען דוא זאָלסט לעבען ביי איהר, זיא וואָלט דיר קיין בראטענס געוויס ניט געגעבען, און דענק־סטו, אז זיא וואָלט ארויפגעלעגט צוויי מאטראצען אויף דיין בעט?

געוויס ניט, האט געענטפערט די אלטע פרוי, איך וויל נאר זעהן, וויא זיי וועלען אריינקומען — זעהן וויא זיי וועלען אויסזעהן

פינף א זייגער האבען זיך שוין די געסט אָנגעהויבען צו ווייזען. קלעמענס און

פאטוא אין זייערע וונטאַגדינע קליידער זיינען געווען דיא ערסטע. זשערוויז איז זיי אנטקעגען געגאנגען, און האט זיך מיט זיי צוקוסט, זיי האבען איהר געבראכט אין דיא הענד בלומען, נאָך זיי איז אָנגעקומען ווירזשין מיט א שאַל און אין א הוט, צוואר זיא האָט נאָר געהאט אריבערצוגעהן דיא גאס. זיא האט אויך מיט זיך געבראכט א בלומען־טאָפּ מיט בלומען.

דיא ראָשעס האבען אויך געבראכט בלומען, און מאדאם לעבא האט גע־בראכט א גאנצע וואזאן פון לימאָנען. דיא היץ אין צימער איז געווען שרעקליך, דיא קארטאָפעלס, וואס האבען זיך געפּרעגעלט, האבען נים געלאָזט הערען קיין וואָרט. זשערוויז איז געווען זעהר זיס, האט געשמייכעלט צו יעדען און געדאנקט פאר דיא בלומען און האָט דאביי פאַרטגעזעצט צו מאכען דעם סאלאט.

— קען איך אייך העלפען? האט געפרעגט ווירזשין, עס איז א שאנדע וואס איהר ארבייט דריי טעג אויף דעם, וואס מיר וועלען אויפעסען אזוי גיך.

— ניין איך דאנק אייך, האט געענטפערט זשערוויז. איך בין פערטיג.

דיא פרויען האבען אוועקגעלעגט אויפ'ן בעט זייערע שאַלען און היט און זיינען ארויס אין ארבייטס־צימער, וואס האט איצט געדיענט פאר א שפּייז־צימער, אום נים צו זיין אין וועג. פון דער אָפענער טהיר האט זיך געהערט א גערויש און א געלעכטער.

אין דיזער מינוט איז אריינגעקומען גוזשע מיט א קוסט בעדעקט מיט ווייסע ראָזען, זשערוויז אָנגעבערענט פון פייער פון אייווען, איז איהם געלאָפען אנטקעגען און אויסגעשריען:

— אך, וויא שעהן!

ער האָט נים געוואגט איהר צו קוסען און זיא האט איהם אליין געמוזט אונטערשטעלען דיא באַק. ער האט איהר געזאָגט, אז זיין מוטער איז קראנק און האט נים געקענט קומען. זשערוויז האט זיך דערפון שטארק געקלעמט, נאר זיא האט גאר נים געזאָגט, ווייל זיא איז געוואָרען אונרוהיג, וואס קאַפּע איז נאך נימאָ — ער האט שוין געדארפט זיין, און וואו זיינען דיא לאָרילס?

זיא האט אריינגערופען מאדאם לעבא, וואס האט געמאכט דעם שלום צווישען זיי, און האָט איהר געבעטען, זיא זאָל געהן וואס דאָרטען איז.

פרוי לעבא האט זאָרגפעלטיג אנגעטהאָן איהר שאל און הוט און איז אוועק אויבען, אין צימער איז געוואָרען א שטילקייט פון ערוואַרטונג. פרוי לעבא איז באַלד געקומען צוריק. זיא איז צוריקגעקומען פון דער גאס־טהיר, אום עס זאָל

שעהנער אויסזעהן. זיא האָט געהאלטען דיא טהיר אָפען פאר פרוי קאָריל, וואס איז געשטאנען אין א זיידענע קלייד אויפ'ן שוועל. אלע נעסט האבען זיך אויפ־געהויבען און זשערוויז איז אנטקעגען געגאנגען איהר שווענערין און האט זיך מיט איהר צוקוסט, וויא מען האט פריהער אָבגערעדט.

— קומט אריין! קומט אריין! האט זיא געזאָגט. מיר זיינען ווידער גוט־פריינד געוואָרען.

— און איך האָף, אז אויף אימער, האט דיא שווענערין געזאָגט שטרענג.

דיא זעלבע צערעמאָניע האט געדארפט דורכגעמאכט ווערען מיט איהר מאן קיינער פון זיי האט ניט געבראכט קיין בלומען, ווייל דאס וואָלט געהייסען, אז זיי בוינען זיך פאר דעם הילצערנעם פוס. זשערוויז האט א רוף געטהאָן איהר קליינע מיט־העלפערקע אָגוסטין און האט איהר געהייסען ברענגען ווין. זיא האָט אָנגע־גאָסען גלעזער פאר אלעמען און געבעטען, זיי זאָלען טרינקען אויפ'ס וואָהל פאר דער פאמיליע.

— דער וויין איז א גאנץ גוטע זאך פאר'ן זופּ האט געמורמעלט ראָשע. דיא שווינער האָט א שלעפּ געטהאָן זשערוויז אין צווייטען צימער.

— האָסטו איהר געזעהן? האט זיא געפרעגט, איהר געזיכט האט זיך אויס־געצויגען, ווען זיא האָט דערזעהן דעם געדעקטען טיש און איצט האלט זיא אין איין בייסען דיא ליפּען, אזוי בייז איז זיא.

דאס איז געווען ריכטיג, דיא לאָרילס האבען ניט געקענט אויסהאלטען פון קנאה. יעדע זאך איז דא געווען צוגעפּאסט וויא אין א רעסטאָראן אויפ'ן בולוואר. און פרוי לאָריל האט פער'גנב'עט א טאפּ געטהאָן דעם טיש־טוך צו זעהן אויב ער איז א נייער.

— מיר זיינען אלע פערטיג, האט זשערוויז געזאָגט אריינקומענדיג און האָט אראָבגעצויגען איהרע פערקאַשערטע ארבעל איבער איהרע ווייסע אָרמען.

— וואו קען זיין קאָפּע? האט זיא ווייטער גערעדט.

— ער איז שטענדיג שפּעט און פערגעסט וואס מיט איהם איז, האָט בע־מערקט דיא שוועסטער.

זשערוויז איז געווען פערצווייפעלט, יעדע זאך וועט זיין איבערגעפיהרט. זיא האָט פאָרגעשלאָגען, אז עמיצער זאָל איהם געהן אָבזוכען. גוזשע האט זיך אָנגע־גערופען, אז ער וועט געהן, זשערוויז און ווירזשין זיינען אויך מיטגעגאנגען, אלע דריי אָהן היט. יעדער האָט זיך אָבגעשטעלט צו קוקען אויף זיי, וואס זיי זעהן

אוים אזוי פרייליך און פריש אין א וואָכעדיגען טאָג. זיי זיינען געגאנגען פון איין שענק צום צווייטען, נאר זיי האבען איהם ניט געפונען. פלוצים האט זשערוויז ארויסגעלאָזט א געשריי:

— וואס איז געשעהן? האָט געפרעגט גוזשע.

זשערוויז איז געווען זעהר בלייך, זיא האָט קוים געקאָנט איינשטעהן אויף דיא פיס, ווירזשין האט באלד פערשטאנען, און א קוק טהוענדיג הינטער זיך האָט זיא דערזעהן, וויא לאנטיע איז רוהיג געזעסען אין א רעסטאָראן און האט געגעסען.

— איך האב א דרייה געטהאָן מיין פוס, האט זיא געענטפערט.

ביים אסעמואר האבען זיי ענדליך דערזעהן קאָפּע, ער איז געשטאנען צווישען א קופּקע מענשען און האט זיך מיט יעמאנדען געקריגט, פלאסא איז יענעם טאָג געווען פריי פון דיענסט און איז געשטאנען דאביי און האָט זיך צוגעהערט. גוזשע האָט פערלאָזען דיא פרויען אין דרויסען און איז אריין אין שענק, ער האָט זיין האנד ארויפגעלעגט צו קאָפּע אויפ'ן אקסעל און האט איהם געבעטען, ער זאָל געהן א היים.

ווען קאָפּע האט דערזעהן זיין ווייב און ווירזשין אין דרויסען, איז ער שטארק בייז געוואָרען.

ניין, ער וועט זיך ניט ריהרען פון אָרט, ער וויל ניט ליידען אז דיא פרויען זאָלען איהם נאָכלויפען, זיי קענען געהן א היים און עסען זייער פּאסקודנעם מיטאָג אליין, ער וויל פון דעם גאר ניט.

אום איהם וויינער צו מאכען, האט גוזשע געמוזט מיט איהם טרינקען און האט איהם ענדליך איינגערעדט, ער זאָל מיט איהם מיטגעהן. נאר ווען ער איז שוין געשטאנען אין גאס, האט ער געזאגט:

— איך געה ניט אהיים, דוא זאָלסט עס ניט מיינען.

זיא האט ניט געענטפערט, זיא האָט געציטערט פון קאָפּ ביז דיא פיס, זיא האָט מורא געהאט, אז קאָפּע זאָל ניט דערזעהן לאנטיע פון אָפענעם פענסטער אין רעסטאָראן.

זיא האָט געבעטען גוזשע, אז ער זאָל מיט קאָפּע געהן פאָראויס און זיא און ווירזשין זיינען געגאנגען פון ביידע זייטען, אום אביסעל צו פערשטעלען.

נאר קאָפּע האָט געוואוסט, אז לאנטיע געפינט זיך דאָרטען, ער האט געזאָגט:

— דארמען זיצט א יונג, וועלכען איך קען, און דוא קענסט איהם אויך.

דאן האט ער איהר אָנגעהויבען צו בעשולדיגען מיט זעהר גראָבע ווערטער, אז זיא איז געגאַנגען זוכען נים איהם, נאר איהר פריהערדיגען געליעבטען. פער־בייגעהענדיג דעם רעסטאָראַן האט ער אָנגעהויבען שטארק צו זידלען לאַנטיע, נאָר יענער האט זיך נים וויסענדיג געמאַכט און איז געזעסען, וויא נים איהם מיינט מען.

ווירזשין האָט איהם ענדליך איינגעבעטען, ער זאָל געהן ווייטער וואס געהענ־טער ער איז צוגעקומען צום שטוב, איז ער אַלץ רוהיגער געוואָרען. דאך זיינען זיי געקומען אין אַ ערגערן מוטה, וויא זיי זיינען אוועק און זיי האבען געטראָפען דיא געסט מיט אויסגעצויגענע געזיכטער.

קאָפּע האט געדריקט דיא פרויען דיא הענד, איינשטעהענדיג קוים אויף דיא פיס, און זשערוויז האט געבעטען מיט אַ קול, אין וועלכען עס האבען זיך געהערט טרערען, אז זיי זאָלען זיך זעצען צום טיש. פּלוצים האט זיא בעמערקט, אז ביים טיש זיינען נאָר פאראַן דרייצעהן, אזוי, וויא מאדאם גודשע איז נים געקומען.

— מיר זיינען דא דרייצעהן, האָט זיא געזאָגט צוקלעמט, אננעהמענדיג דאס פאר אַ צייכען פון אַן אָנקומענדען אונגליק, וואס זיא האט געפיהלט אז עס הענגט איבער זיי שוין פון אַ לאַנגע צייט.

דיא פרויען האבען זיך אַ הויב געטהאָן פון טיש, פרוי פּאַטוּאַ האט געזאָגט, אז זיא וועט אָבטרעטען, ווייל עס איז נים נויטהיג צו שפּיעלען זיך מיט'ן שטן, אויסער דעם, איז זיא נים הונגעריג, נאר איין ראָשע האט געלאכט און געזאָגט, אז דאס זיינען אַלץ נארעשקייטען.

— וואַרט, האָט זשערוויז אויסגערופען, איך האב שוין אַן עצה.

זיא איז ארויסגעלאָפען אין גאס און האט אריינגעשלעפּט דעם אלטען ברו, וואס איז גראדע דאמאלס פערביינעגאַנגען.

— זעצט זיך דא, האט זיא צו איהם געזאָגט. איהר וועט זיך דאך נים אָבזאָגען, צו עסען מיט אונז, נים וואהר?

ער האט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ער איז אזוי גוט וויא אַן אנדערער, האט זיא געזאָגט אין דער שטיל, ער עסט זעהר זעלטען צו זאַט און עס וועט פאר אונז זיין אַ פערגניגען צו זעהן, וויא ער וועט הנאה האבען פון אַ מיטאָג.

גוזשע'ס אויגען זיינען פייכט געוואָרען, אזוי איז ער געריהרט געוועזן פון דיא פריינדליכקייט, מיט וועלכע זיא האָט גערעדט פון דעם אלטען. דיא אנדערע האָבען אויך געפיהלט, אז דאס וועט זיי ברענגען מזל. דיא איינציגע אונצופריעדענע איז געוועזן דיא לאָריל.

זשערוויז האָט דערלאנגט זופּ און דיא געסט האבען נאר וואס גענומען דיא לעפעל צום מויל, ווען ווירזשין האט בעמערקט, אז קאָפּע איז פּלוצים פערשוואונדען געוואָרען. ער האָט זיך וואהרשיינליך צוריקגעקעהרט צו דער פרייליכע קאָמפּאניע אין אסעמואר. יעמאנד האט בעמערקט, אז ער מעג פערבלייבען דאָרטען — געווים וועט איהם קיינער ניט נאָכלויפען. נאר זיי האבען דיא זופּ נאָך ניט צייט געהאט אויפצועסען, ערסט קאָפּע שוין געוועזן צוריק מיט א בלומען־טאָפּ אונטער יעדען ארם.

דיא געסט האבען געפּאטשט בראַוואָ, ער האט אנידערגעשטעלט דיא טעפּ נעבען זשערוויז פוןביידע זייטען, און קושענדיג איהר, האט ער געזאָגט:

— איך האב דיך פערגעסען, מיין טהייערע, נאר איך ליעב דיך ניט ערגער ווי פריהער.

— הערר קאָפּע, איז היינט זעהר פריינדליך, האט בעמערקט איינער פון דיא געסט, ער האט געטרונקען גראדע גענוג, אום צו זיין גוטמוטהיג.

דיזע קליינע עראייגניס האט ווידער געבראכט דעם שמייכעל ביי דיא געסט אויף דיא ליפּען, און אלע זיינען פרייליך געוואָרען. מען האט אָנגעהויבען צו טרינקען וויין, פון צווייטען צימער האבען זיך געהערט דיא שטימען פון דיא קינדער. דאָרטען זיינען געזעסען עטיען און נאנא מיט נאָך א פּאָר קינדער, פּאָלין און וויקטאָר, זיי האבען זיך שטארק אמוזירט.

דיא שפּייזען זיינען זעהר געלונגען, דער בראטען איז געוועזן פּראכטפאָל, נאר אזוי וויא דיא מאכלים זיינען געוועזן פעט, האט מען געדארפט טרינקען א סך וויין.

אין צווייטען צימער ביים טיש פון דיא קינדער האט נאנא געשפּיעלט דיא ווירטהין, זיא איז געזעסען אויבען־אָן און האט זיך געזעהן צו האלטען זעהר ווירדיג. דאָך זעהענדיג, וויא דיא קליינע דיענסט־מיידעל, אגוסטין גנב'עט ארבעס פון איהר טעלער, האט זיא ניט אויסגעהאלטען און א שטארקען פּאטש געגעבען.

— זיי פּאַרזיכטיג, מאדמואזעל, האט אגוסטין געזאָגט בייז, אז ניט וועל איך דערצעהלען דער מאמען, אז דוא האָסט געגעבען וויקטאָר'ן ער זאָל דיר א קוש טהאָן,

איצט איז דיא צייט געקומען אויף דער גאנז, מען האט אויפ'ן טיש אויף ביידע עקען אויסגעשטעלט צוויי לאמפען, דער גאנצער טיש איז שוין געווען אין אונארדנונג, און דער טיש־טוך אין פיעלע ערטער פערפלעקט, זשערוויז איז ארויס פון טיש און האט זיך באלד אומגעקעהרט, טראגענדיג דיא גאנז מיט נצחון, לאריל און זיין ווייב האבען זיך אומגעביטען מיט א פערצווייפעלטען בליק.

— ווער וועט שניידען? האט געזאגט זשערוויז, נים איך, פאר מיר איז זיא צו גרויס.

קאפע האט געזאגט, אז ער וועט דאס טהאן, דיא ארבייט איז א גאנץ איינפאכע, מען דארף איהם נאר צוררייסען אין שטיקער.

ענדליך איז מאדאם לעבא איינגעפאלען א גוטער פלאן:

— הערר פלאסא איז דער מאן דערצו, ער וויים וויא צו בעגהן זיך מיט געווער, און זיא האט דעם פאליסמאן דערלאנגט דאס מעסער.

ער האט צוגערוקט צו זיך דיא שיסעל און האט מעטאדיש און בעדאכט אנגעהויבען צו שניידען. ווען ער האט דאס מעסער אריינגעזעצט דער גאנז אין הארצען אריין, האט לאריל'ן פלוצים אנגעכאפט א פאטריאטיש געפיהל און ער האט אויסגערופען:

— אך, ווען דאס וואלט נאר געווען א קאזאק!

ענדליך האט מען דיא גאנז צוטהיילט און אלע האבען זיך גענומען צום עסען, פונקט וויא זיי וואלטען ערסט געזעצט זיך צום מאלצייט. זשערוויז האט געשלונגען גרויסע שטיקער ברוסט און האט זיך געשעמט פאר גוזשע, וואס זיא עסט אזוי פיעל. דאך האט זיא אויסגעקליבען דיא בעסטע שטיקלאך און האט זיי געגעבען דעם אלטען ברו, נאר יענער האט זיי אראבגעשלונגען אהן א שום פער־גניגען, וויין זיין גומען האט שוין לאנג פערלארען דיא פייהיגקייט צו פיהלען עפעס א טעם, דיא אלטע קאפע האט געגריזשעט א ביין מיט איהרע לעצטע צוויי צייה־נער, אלע האבען זיך גענומען קלאגען, אז עס איז צו הייס אין צימער, און קאפע האט געעפענט דיא טהיר פון גאס.

וויין האט מען געטרונקען אהן א שיעור, א גאנצע קופע לעדיגע פלעשער איז שוין געלעגען אין א ווינקעל. ווען פרוי פאטוא האט געבעטען אביסעל וואסער האט קאפע צוגענומען דעם פלאש וואסער פון טיש און געזאגט, אז אין זיין הויז וועט קיינער נים טרינקען קיין וואסער. וואס וויל זיא — זיך פערגיפטען? און ער האט אויף דאס ניי אנגעגאסען אלע גלעזער, היפאקריטען (צבויאקעס) קאנען

זאָגען וואס זיי ווילען, נאָר דיא זאַפט פון וויינ־טרויבען איז דיא בעסטע ערפינדונג.

דיא געסט האָבען געלאַכט און געזאָגט, אז ער האָט רעכט. דער פעטער נח האט נאָר געפּלאַנצט דעם וויין־גאָרטען פאר דיא ארבייטער, און אז מען נעהמט א מאָל אן איבריגען טראָפּען, קען דאס אויך ניט שאַדען; דאס מאכט נאָר דאס לעבען אַנגענעהמער.

דיא געסט האבען אָנגעהויבען צו ווערען שכור׳לאַך, אפילו גו״שע וואס איז געווען זעהר איינגעהאלטען, האָט זיך אויך געפיהלט אונרוהיג. ראָשע איז געוואָרען רויט און דיא לאָרילס בלייך, פלאַסאָ האט אָנגענומען א פייערליכע און שטרענג־גע מינע.

פלוצים האָט זיך זשערוויז דערמאָנט אן דיא זעקס פלעשער פערזינגעלטען וויין, וואס זיא האט פערגעסען צו געבען מיט דער גאַנז, זיא האָט זיי אריינגע־טראָגען אונטער דיא הויבע אפּלאָדיסמענטען פון דיא געסט. דיא גלעזער זיינען ווידער פול געוואָרען, און פלאַסאָ האָט זיך אויפגעהויבען און געמאכט א פאָרשלאָג אז מען זאָל טרינקען פאר׳ן געזונד פוי דער בעל־הבית׳טע.

— פופציג געבורטס־טעג מעהר! האָט אויסגעשריען ווירזשין.

— ניין, ניין, האט געענטפערט זשערוויז מיט א שמייכעל, וואס האט ענט־האַלטען אביסעל טרויעריגקייט, איך וויל ניט לעבען אזוי פיעל, עס קומט א צייט, ווען מען איז צופריעדען צו געהן.

נעבען טהיר אין גאס האט זיך פערזאמעלט א קופּקע מענשען און האבען געשמייכעלט, קוקענדיג אויף דער סצענע אינעווייניג, דער ריח פון דער גאַנז האָט זיך צושפּרייט איבער דער גאַנצער גאס און דיא דיענער פון דער קראָם געגענ־איבער האבען אָבגעשאצט פיעל וויין מען האט דא אויסגעטרונקען.

דיא געסט האבען דאס גוט בעמערקט, נאר, וויא עס האט געשיינט, האט דאס זיי פערשאַפט פערגנינען, בעמערקענדיג א בעקאנטע געזיכט צווישען דיא פערזאמעלטע פאר דער טהיר, האט קאָפּע מיט דער האנד אָנגעוויעזען אויף א פלאַש, און ווען יענער האט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, האט ער ארויסגעשיקט דיא פלאַש מיט א גלעזעל און דאס האָט געמאכט א ברידערליכען פערבאנד צווישען גאס און שטוב.

דיא קינדער אין צווייטען צימער זיינען געוואָרען אונערטרעגליך, זיי האבען דערטאַפּט לעפיל און האבען מיט דעם געפּויסט איבער א פענדיל. דיא אלטע

קאפע מיט'ן אלטען ברו האבען גערעדט זעהר ערנסט, דער אלטער מאן האט דער־צעהלט פון זיינע זיהן, וואס זיינען געשטארבען אין דער סעוואסטאפּעלער מלחמה.

— הא, ווען זיי וואלטען געלעבט, וואלט איך געהאט ברויט אויף מיינע אלטע יאהרען.

מאדאם קאפּע, וואס האט קוים געקענט ריהרען מיט דער צונג, האט געענטפערט.

— יא, נאר מען האט אזוי פיעל צרות פון קינדער, ניט איין שעה האב איך געווינט איבער זיי.

דער אלטער האט קוים געהערט, וואס זיא האט געזאגט, און האט ווייטער גערעדט האלב פאר זיך.

— איך קען קיין ארבייט ניט קריעגען, איך בין צו אלט. ווען איך בעט ארבייט לאכט מען פון מיר און מען פרעגט מיך, צו דאס בין איך געווען דער, וואס האט געפּוצט דיא שיך ביי הענרי דעם פיערטען, לעצטען יאהר האב איך געפּארבט א בריק און האב דאביי פערדיענט דרייסיג סו. איך האב געדארפט ליגען אויפ'ן רוקען נעבען וואסער, און פון דאמאלס אן האב איך ניט אויפגעהערט צו הוסטען.

ער האט א קוק געטהאן אויף זיינע שטייפע, צודרייטע הענד און ווייטער געזאגט:

— איך ווייס, אז איך טויג שוין צו גאר ניט, איך ווינש נאר, איך זאל שוין ליגען ביי דער זייט פון מיינע קינדער, עס איז א גרויסער צער, וואס מען קען זיך ניט נעהמען דאס לעבען, ווען מען הויבט אן אלט צו ווערען.

— ווירקליך, האט זיך אריינגעמישט לאריל איך קען ניט פערשטעהן, פאר וואס דיא רעגירונג ניט ניט קיין פענסיע אזעלבע מענשען וויא איהר זייט — מענשען וואס ווערען קאליקעס......

— נאר ארבייטער זיינען ניט סאלדאטען, האט איהם איבערגעבראכען פלאסאַ וואס האט גערעכענט פאר זיין פפליכט אנצונעהמען זיך פאר דיא רעגירונג. עס איז נארעש צו ערווארטען, אז דיא רעגירונג זאל טהאן אונמעגליכעס.

ענדליך האט מען דערלאנגט דעם דעזערט, ער איז בעשטאנען פון א קונציג געמאכטע פּיראמידע פון טארט, פון א טעלער פּאזימקעס מיט צוקער און אויף א צווייטע טעלער א שטיקעל קעז.

דיא געסט האבען זיך פארן דעזערט ניט דערשראקען, דיא נאכט איז נאך

נעוועזן גרויס און זיי האבען נעהאט צייט; זיי האבען אנגעצינדען זייערע פיפּקעס, האבען נעטרונקען וויין און בעטראכט זשערוויז, וויא זיא האט געשניטען דעם טאָרט. פלאסאַ האט שטאָלצירט, אז ער וויס, וויא מען פיהרט זיך אין דער הויכע געזעלשאפט, האט זיך אויפגעהויבען און ארונטערגענומען פון דעם טאָרט א קינסטליכע ראָזע, מיט וועלכע דער טאָרט איז געווען בעפוצט, און האט איהם געשיינקט דער בעל הבית'טע, וועלכע האט דיא ראָזע צוגעשפּיליעט צום ברוסט. דיא געסט האבען דאס אפּלאָדירט און מען האט געמאכט א פאָרשלאג צו זינגען. ראָשע האט אָנגעהויבען א קאָמישע ליעדעל און דיא איבריגע האבען איהם אונטערגעהאָלפען.

ווירזשין איז א פּאָר מאָל ארויסגעלאָפען און דאס דריטע מאָל ווען זיא איז צוריקגעקומען, האט זיא געזאָגט צו זשערוויז.

— מיין טהייערע, ער זיצט נאך אלץ דארטען איז רעסטאָראַן און מאכט זיך, אז ער איז פערטיעפט אין א צייטונג. איך האב מורא, אז ער טראכט עפּעס שלעכטס צו טהאָן.

— איז ער שכור? האט זשערוויז געפרעגט, ווערענדיג זעהר ערנסט.

— ניין, און דאריבער האב איך נאך מעהר מורא. צו וואס זיצט ער דאָר־טען אזוי לאַנג, ווען ער טרינקט ניט? מיין הארץ ציטערט אין מיר איך האָב מורא, אז עפּעס וועט היינט געשעהן.

זשערוויז האָט איהר געבעטען, אז זיא זאָל אויפהערען ריידען וועגען דעם. פרוי פּאַטוא האָט אָנגעהויבען צו זינגען משונה'דיגע ליעדער פון ים־רויבער. זשערוויז האָט דערווייל מיט איהר שווינער אָנגעגאָסען קאַפע, דיא געסט האבען איהר גע־בעטען זיא זאָל זינגען, נאר זיא האט זיך דערפון אָבגעזאָגט. זיא איז געווען אזוי אונרוהיג און בלייך, אז איינינע האָבען איהר געפרעגט, צו דיא גאנז האט איהר ניט פערשאַדט.

ענדליך האָט זיא זיך געלאָזט איבעררייידען און האט גענומען זינגען א ליעד פון טרוימען און רוהע, קוקענדיג דאבייא מיט איהרע האלב פערמאכטע אויגען אין דער פינסטערקייט.

נאך איהר האט יעדער בעזונדער געזונגען און גוזשע איז געוועזן דער לעצטער. פּלוצים האט ווירזשין א מורמעל געטהאן צו זשערוויז אין אויער.

— איך האב ערסט געזעהן, וויא לאַנטיע איז פערבייגעגאנגען פערביי דיא

טהיר. נוטער גאָט! אט איז ער ווידער דא. ער האט זיך געשטעלט און קוקט אריין אהער.

זשערוויז האָט א כאַפּ געטהאָן דעם אטהעם און האט זיך מיט שרעק ארומגעקוקט. דיא קופקע נעבען דער טהיר איז גרעסער געוואָרען, צוגעצויגען פון דיא געזאנגען, דאָרטען זיינען געווען סאָלדאטען, קרעמער, א פּאר קליינע מיידלאך האבען זיך געהאלטען פאר דיא הענד און אריינגעקוקט מיט בעוואונדערונג אין צימער.

לאנטיע איז געשטאנען גראדע אנטקעגען טהיר. זשערוויז האט בעגעגענט זיינע אויגען און האט דערפיהלט, וויא דער מארך פון איהרע ביינער ווערט פערגליווערט.

קאָפּע האט געבעטען מעהר וויין, קלעמענס האָט גענומען פּאָזימקעס, דער געזאנג האָט זיך איבערגעריסען, און דאס געשפרעך איז אריבערגעגאנגען וועגען א פרוי, וואס האט זיך מיט א טאָג פריהער אויפגעהאנגען אין דער צווייטער גאס.

דיא רייהע פון זינגען איז איצט אויסגעפאלען אויף פרוי לעכא, זיא האָט געמאכט אלערליי פּאָרבערייטונגען, האט בענעצט דיא שלייפען מיט וואסער. ווייל איהר איז געווען צו הייס, און דיא ליפּען מיט בראנפען, און האָט זיך אוועקגע־שטעלט און האט אָנגעהויבען צו זינגען א ליעד וועגען אן עלענדען קינד, אויף וועלכען גאָט האט זיך ערבארעמט. זשערוויז וואס איז געווען שטארק עררעגט פון לאנטיעס שטעהן אין טהיר, האָט אויסגעוויעזען, אז זיא איז דאס עלענדע קינד און אויף איהר דארף זיך דאס גאָט דערבארעמען, און זיא האט זיך צוואויינט. קלעמענס האט זיך צוכליפּעט און דיא אנדערע פרויען האבען אויך צוגעטראָגען דיא טיכלאך צו דיא אויגען. דיא מענער זיינען אויך געווען געריהרט, ווייל דער וויין האָט זיי ווייך געמאכט דיא הערצער.

זשערוויז און ווירזשין האבען דיא אויגען ניט אראָבגעלאָזט פון דיא שאָטענס אין דרויסען. פרוי ראָשע האט איצט אויך בעמערקט לאנטיע און האט ארויסגע־לאָזט א געשריי, אויסווישענדיג זיך דיא טרערען פון דיא אויגען. דיא דריי פרויען האבען געקוקט איינע אויף דיא אנדערע מיט צושראָקענע בליקען.

— נוטער גאָט! האט געמורמעלט ווירזשין. ווען קאָפּע א שטיינער וועט זיך ארומקוקען דא וועט דאך קומען צו בלוטפערגיסונג.

דיא ערנסטקייט פון זייערע בליקען, וואס זיינען געווען געווענדעט צו דער גאס, האָט צוגעצויגען קאָפּע׳ס אויפמערקזאמקייט.

— וואס קוקט איהר דארטען אזוי?

ער האט זיך אנגעבויגען א קוק צו טהאן און ער האט אויך דערזעהן לאנטיע.

— דאס איז שוין צופיעל! האט ער געמורמעלט, דער שמוציגער לומפ! איך וויל דאס ניט האבען געבען זיך!

ער איז אויפגעשפרונגען מיט א פלוך, זשערוויז האט ארויפגעלעגט איהר האנד אויף זיין ארם און האט געבעטען:

— לעג אנידער דאס מעסער און בלייב דא, איך בעט דיך.

ווירזשין האט ביי איהם אויסגעריסען דאס מעסער, וואס ער האט גענאפט פון טיש, נאר איינהאלטען איהם האט זיא ניט געקענט, און ער איז ארויסגעלאפען אין גאס אריין. דיא איבריגע געסט האבען גאר ניט בעמערקט, אזוי פעראינטרעסירט זיינען זיי געווען אין דיא ריהרענדע ווערטער, וואס לעבא האט נאך אלץ געזונגען.

זשערוויז איז געזעסען, איהרע הענד קאנוואולסיוו צוזאמענגעקלאמערט און אהן אטהעם פאר מורא, ערוואַרטענדיג צו הערען א שרעקליכען געשריי אין גאס און אז איינער פון דיא צוויי מענער וועט אנידערפאלען, ווירזשין און ראשע האבען געפיהלט דאס זעלבע.

דיא פרישע לופט האט אזא זעץ געטהאן קאפע, ווען ער איז ארויסגעלאפען אנצובאפען לאנטיע'ן ביים קאלנער, אז ער האט זיך איבערגעקוליעט און אריינגעקייקעלט זיך אין רינשטאק, לאנטיע איז אבגעטראטען אביסעל ווייטער פון דעם פלאץ, וואו ער איז געשטאנען ניט ארויסנעהמענדיג דיא הענד פון דיא קעשענעס.

ענדליך האט זיך קאפע אויפגעהויבען און געשטעלט זיך אויף דיא פיס, עס האט אויסגעבראכען א שטארקער קריעג. זשערוויז האט מיטביידע הענד פערמאכט דיא אויגען אום ניט צו זעהן, פלוצים איז ווידער אלץ שטיל געווארען, זיא האט אראבגענומען דיא הענד פון דיא אויגען און האט ווידער ארויסגעקוקט.

צו איהר גרויסער ענטשטוינונג האט זיא דערזעהן, אז איהר מאן און לאנטיע רעדען רוהיג און זעהר פריינדליך.

זשערוויז האט זיך אומגעביטען מיט א פערוואונדערטען בליק מיט ווירזשין און ראשע, וואס האט געהייסען: וואס קען דאס בעדייטען?

דיא צווי מענער האבען אָנגעהויבען צו געהן, אויף און אב פערביי דיא טהיר. קאַפּע האָט עפּעס געפּאָדערט און לאַנטיע האט זיך אָבגעזאָגט. ענדליך האָט איהם קאַפּע אָנגענומען פאר׳ן ארם און האָט איהם כמעט מיט געוואלד אריינגעשלעפּט אין צימער אריין.

— איך זאָג אייך, אז איהר מוזט, האָט קאַפּע געזאָגט צו איהם. איהר וועט מוזען טרינקען מיט אונז א גלאָז וויין, מענער וועלען בלייבען מענער, מיין ווייב ווייס דאס אזוי גוט וויא איהר.

לאַנטיע האָט געענדיגט איהר געזאנג און האָט זיך מיט א פערמאטערטע מינע אנידערגעזעצט און האט געבעטען א גלאָז וויין. איהרע נערווען ווערען שטענדיג צוריסען אין שטיקער, ווען זיא זינגט דעם געזאנג.

לאַנטיע, וועמען קאַפּע האָט אַנידערגעזעצט ביים טיש, האט לאנגזאם גע־טונקט א שטיקעל טאָרט איז זיין גלאָז וויין. אויסער ווירזשין און ראָשע האט איהם דאָרטען קיינער ניט געקענט.

דיא לאָרילס האבען אויף איהם געקוקט מיט פערדאכט, אבער דער פער־דאכט איז געווען ווייט פון דער ווירקליכקייט. און אונאַנגענעהמער שטיקקייט האָט איז געפאלען אויפ׳ן צימער. קאַפּע האט איבערגעריסען דיא שטילקייט און האָט איינפאך געזאָגט:

— ער איז אונזערער א פריינד, און ווענדענדיג זיך צו זיין ווייב, האט ער פאָרטגעזעצט: קענסטו זיך ניט א רוק טהאָן אביסעל? האבען מיר נאך א הייסע טאסע קאפע?

זשערווייז האָט געקוקט פון איינעם אויפ׳ן צווייטען, זיא איז געווען אין גאַנ־צען צומישט. ווען איהר מאן איז ערשיענען מיט איהר פריהערדיגען געליעבטען, האָט זיא צוגעדריקט ביידע הענד צום שטערן, וויא מען טהוט עס אהן א רעכנונג אין א שטורם ווען מען ערווארטעט א שטאַרקען דונער.

עס האָט איהר געשיינט, אז דיא ווענד וועלען באלד איינפאלען און זיי אלעמען דערשטיקען אויפ׳ן פלאץ. דאן זעהענדיג, וויא דיא צוויי מענער זיצען רוהיג צוזאַ־מען, איז איהר דאס מיט א מאָל פאָרגעקומען גאנץ נאַטירליך. איהר איז נמאס געוואָרען צו טראַכטען וועגען דעם און איהר האט געשיינט, אז אזוי איז בעסער. פאר וואס זאָל זיא זיך קימערן? קיינעם ארט דאס ניט, יעדער שיינט צו זיין צופריעדען, פאר וואס זאָל זיא זיין אונרוהיג?

דיא קינדער אין צווייטען צימער זיינען איינגעשלאָפען, פּאָלינ׳ס קעפּיל אין

געפאלען אויף עמיענ'ס שולטער. זשערווייז האט זיך א צאפעל געטהאָן, ווען איהרע אויגען זיינען געפאלען אויפ'ן אינגעל, זיא האָט ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי דער פאָטער קען זיצען רוהיג און עסען טארט און ניט וועלען זעהן זיין זוהן נאך אזא לאנגער צייט. זיא האָט דערפיהלט א וואונש אויפצוואוועקען דאס אינגעל און צו ווייזען עס דעם פאָטער.

זיא האָט אריינגעטראָגען דעם קאן קאפע און האָט אָנגענאָסען א טאסע קאפע פאר לאנטיע, ער האָט אפילו דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבען אויף איהר א קוק צו טהאָן און האָט איהר שטיל בעדאנקט.

— איצט איז מיין רייהע צו זינגען, האָט אויסגעשריען קאָפּע.

זיין געזאנג איז געוועזן אלעמען בעקאנט אפילו אין גאס, און דיא קופּקע אין דרויסען האָט אויך אָנגעהויבען צו זינגען מיט איהם אין כאָר, עס איז געוואָרען אזא געשריי, אז פּאָליציסטען זיינען זיך אָנגעלאָפען צו שטילען דעם אויפרוהר, נאר דערזעהענדיג פלאסא, האבען זיי זיך נאר פערנייגט, און זיי זיינען אוועק ווייטער.

קיינער פון דיא פערזאמעלטע האט ניט געוואוסט, ווען דער יום טוב האָט זיך געענדיגט. עס האָט שוין בעדארפט זיין זעהר שפּעט, ווייל קיין מענשליכע בעשעפענים האט מען אין גאס ניט געזעהן. זיי האבען נאר וויא דורך א חלום געדענקט, אז זיי האבען זיך אלע ארומגענומען פאר דיא הענד און געטאנצט ארום טיש. זשערווייז האָט זיך דערמאָנט, אז לאנטיע איז אוועק דער לעצטער, אז ער איז פערביינגעגאנגען פערביי איהר, ווען זיא איז געשטאנען אויפ'ן שוועל.

לעבא האָט ניט געוואָלט געהן אהיים אזוי שפּעט ביי נאכט. מען האָט פאר איהר געלעגט א מאטראץ נעבען עס-טיש און זיא איז געשלאָפען דיא גאנצע נאכט צווישען דיא שיריים פון דעם מאָלצייט. א קאץ פון א שכנה האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט פון אן אָפענע פענסטער און איז דיא גאנצע נאכט געזעסען נעבען לעבא און געגריזשעט דיא ביינדלאך פון דער גאנז מיט איהרע שארפע צייהנער.

---

## VII.

קומענדען שבת איז קאַפּע, וואס איז ניט נעווען ביים מיטאָג אין דער היים, נעקומען צוזאמען מיט לאנטיע א זיינער צעהן ביי נאכט. זיי האבען צוזאמען גע־געסען מיטאָג איז א רעסטאָראן.

— זיי ניט בייז, מיין ווייב, האט קאַפּע געזאָגט, מיר האבען ניט געטרונקען דוא זעהסט?

און ער האט איהר ווייטער דערצעהלט, אז ער האָט זיך מיט לאנטיע גע־געטראָפען צופעלינער ווייזע, און אז לאנטיע האט זיך אבגעזאָגט צו טרינקען, זאָ־גענדיג, אז ווען א מאן האט חתונה געהאט מיט אזא פרוי, וויא זיא איז, דארף ער זיין געלד ניט אויסגעבען אויף בראנפען.

זשערוויז האָט זיך צוגעהערט מיט א שוואכען שמייכעל, זיא האָט אפילו אין געדאנקען ניט געהאט צו ווערען בייז; נאר זיא איז געווען אויפגערעגט. זע־הענדיג ווידער א מאָל ביידע מענער אזוי גיך צוזאמען. מיט ציטערנדע הענד האָט זיא פערלעגט איהרע צולאָזטע האר.

איהרע ארבייטערקעס זיינען שוין לאנג אוועקגעגאנגען, דיא שווינער און נאנא האבען שוין געשלאָפען. זיא אליין האָט שוין געוואָלט צושליסען דיא לאָדענס, ווען זיי זיינען אריינגעקומען, זיא האָט אריינגעטראָגען א פלאש מיט אביסעל איבער־געבליבענע בראנפען און א פּאָר גלעזלאך, לאנטיע האט זיך ניט געזעצט און האָט זיך געהיט ניט צו ריידען מיט איהר גלייך:

נאר ווען זיא האָט איהם אָנגעגאָסען א גלעזיל בראנפען האט ער אויס־גערופען:

— איין טראָפּען נאר, מאדאם, ניט מעהר וויא א טראָפּען.

קאָפּע האט אויף זיי געקוקט א ווייכע און דאן האָט ער אָפען געזאָגט:

— זיי זיינען קיין נאראנים ניט און אויך ניט קיין קינדער, וואס געווען איז געוועז, ווען מענשען זאָלען טראָגען שנאה צעהנדלינע יאָהרען לאנג, וואָלט ניט גע־ווען מיט ווען א וואָרט אויסצוריידען. ער, קאָפּע, איז ניט אזא מענש, און ער וויים, אז זיי זיינען ארדענטליכע לייט און ער איז זיכער, אז ער קען זיי געטרויען.

— געוויס, האָט געמורמעלט זשערוויז ניט וויסענדיג, וואס זיא זאָגט.

— איך בעטראכט איהר נאר וויא א שוועסטער, האָט לאנטיע זיך אָנגערר־פען, נאר וויא א שוועסטער.

— גיב מיר אויף דעם דיין האנד, האט קאפע געזאגט, און לא'מיר זיין גוטע פריינד פון היינט אן און ווייטער. א גוטע הארץ איז בעסער פון גאלד און איך שעץ פריינדשאפט בעסער פון אלץ.

און ער האט זיך געגעבען א קלאפ אין ברוסט און האט זיך ארומגעקוקט, וויא ערווארטענדיג אפלאדיסמענטען. דאן האבען זיי אלע דריי גענומען טרינקען זייער בראנפען, און זשערוויז האט צום ערסטען מאל גוט א קוק געטהאן אויף לאנטיע. דיא נאכט פון דעם מאלצייט האט זיא איהם געזעהן, וויא דורך א גלאז.

ער איז זעהר פעט געווארען, זיינע הענד און פיס זיינען געווארען זעהר שווער נאר זיין געזיכט איז נאך אלץ געווען זעהר שעהן, צוואר אביסעל אבגעלעבט פון גוט לעבען, ער איז געווען זארגפעלטיג אנגעטהאן און האט ניט אויסגעזעהן עלטער פון זיינע יאהרען, זיינע קליידער זיינען ניט געווען וויא פון אן ארבייטער, ער איז געווען געקליידעט וויא א העררר און האט געטראגען א זייגער מיט א קייטעל, אויף וועלכען איז געהאנגען א רינג, וואהרשיינליך אן אנדענקונג.

— איך מוז שוין געהן, האט ער ענדליך געזאגט.

ער איז שוין געווען ביי דער טהיר, ווען קאפע האט איהם צוריקגערופען און געזאגט, אז ווען ער וועט געהן פערביי, זאל ער אריינקומען געוואר ווערען וואס מען מאכט. דערווייל איז זשערוויז פערשוואונדען און האט זיך באלד צוריקגעקעהרט שטופענדיג עטיענען פאראויס. עטיען האט געשמייכעלט, רייבענדיג זיך דיא אויגען ער איז געווען פערשלאפען, ווען ער האט דערזעהן לאנטיע, האט ער אונרוהיג א קוק געטהאן אויף איהם און באלד אויף קאפע.

— קענסטו דיעזען העררן? האט דיא מוטער געפרעגט.

דאס אינגעל האט א קוק געטהאן אן א זייט און האט ניט געענטפערט, נאר ווען דיא מוטער האט איהם איבערגעפרעגט, האט ער געמאכט א לייכטען צייכען, אז ער געדענקט איהם, לאנטיע איז געשטאנען ערנסט און שטיל. ווען עטיען איז צו איהם צוגעגאנגען, האט ער זיך אנגעבויגען און א קוש געטהאן איהם. עטיען האט אויף איהם ניט געקוקט און האט זיך נאר שטארק צוואוינט. ווען קאפע האט איהם דערפאר אנגעהויבען צו זידלען, איז ער אנטלאפען געווארען.

— דאס איז פון אויפרעגונג, האט געזאגט דיא מוטער, וואס איז אליין גע- נוען זעהר בלייך.

— ער איז געוואוינליך זעהר גוט, און פאלגט וואס מען זאגט, האט קאפע

נעזאָגט, איך האָב איהם גוט ערצויגען, וויא איהר וועט אליין אין ניכען אויסגע־פינען, ער מוז עטוואס לערנען פון לעבען און ער וועט אליין פערשטעהן, אז מענשען מוזען פערגעסען און פערצייהען, איך וואָלט זיך גיכער געלאָזט דעם קאָפּ אָבהאַקען, איידער צו פערבאָטען א פאָטער צו זעהן זיין קינד.

ער האָט דאַן פאָרגעשלאָגען, מען זאָל ענדיגען דיא פלאַש בראַנפען, און זיי האָבען אלע דריי ווידער געטרונקען, לאַנטיע איז געווען גאַנץ רוהיג און פאר'ן אוועקגעהן האָט ער נאָך געהאָלפען קאָפּע'ן פערמאכען דאס געשעפט, דאן האט ער דיא הענד אָבגעווישט מיט א טיכעל און האט זיי געוואונשען א גוטע נאכט. און האט זיי צוגעזאגט אז ער וועט זיי אין ניכען ווידער בעזוכען.

לאַנטיע האָט געהאַלטען וואָרט. ער איז זעהר אָפט געקומען אין געשעפט צו זשערוויז, נאר שטענדיג ווען קאָפּע איז געווען אין דער היים. אויפ'ן שוועל פלעגט ער פרעגען, צו קאָפּע איז אין דער היים, דאן פלעגט ער זיך זעצען נעבען פענסטער און פערציהען א געשפרעך, אין וועלכען ער האָט געוויעזען, אז ער קען דיא וועלט. ער האָט שטענדיג געטראָגען פרישע קליידער, ווייסע וועש און איז געווען ריין ראַזירט, ביסלעכווייז האָט זיך קאָפּע דערוואוסט איינצעלהייטען פון זיין לעבען. פאר דיא לעצטע אכט יאָהר, איז ער געווען מיט א שותף אין א הוט־פאַבריק, און ווען מען האט איהם געפרעגט, פאר וואס ער האָט עס אויפגעגעבען, האט ער געגעבען צו פערשטעהן, אז זיין שותף איז געווען ניט קיין אָרדענטליכער מאַן און ז. וו.

ער האָט אויך גערעדט פון דער צוקונפט, מען וויל איהם ארייננעהמען אין א נייען געשעפט, וואס וועט אין גאַנצען ליגען אין זיינע הענד, אזעלכע געשעפטען זיינען פאַראַן עטליכע און ער דארף נאר אויסקלייבען, קאָפּע האָט ניט אין גאַנצען געגלויבט אין דער געשיכטע און האט געדענקט, אז ער טהוט איצט אויך עפּעס, ווארום אז ניט, פון וואנען לעבט ער?

אין דער ווירקליכקייט אבער, האט לאַנטיע ליעב געהאט צו ריידען פון פרעמדע געשעפטען, אבער ניט פון זיינע אייגענע. ער האָט געראדע געזאָגט אזוי פיעל ליגען וויא אמת, און האט קיין מאָל ניט געזאָגט, וואו ער וואוינט, אזוי וויא ער איז קיין מאָל צו הויזע ניטאָ און דאריבער קען מען איהם קיין בעזוך ניט מאַכען.

— איך בין זעהר פאָרזיכטיג, צו צובינדען זיך צו ווער עס איז, האט ער געזאָגט, איך וויל ניט זיין ביי קיינעם קיין שקלאַוו, א מאָל האב איך געקריגען א פלאַץ דעם זעלבען אבענד האט דער ווירטה אָנגעהויבען צו דיסקוטירען מיט

מיר וועגען פּאָליטיק. איך און ער האבען געהאט נאר פערשיעדענע אנזיכטען, אויף מאָרגען האב איך דיא שטעל אוועקגעוואָרפען, ווייל איך האָב ניט געוואָלט פער־קויפען מיין נשמה און איבערציינונגען פאר זיבען פראַנק א טאָג, איהר וועט מיר זיכער דערפאר ניט בעשולדיגען.

עס איז שוין געווען נאָוועמבער, לאַנטיע פלעגט פון צייט צו צייט ברענגען זשערוויז'ן א בינטעל בלומען און זיינע וויזיטען זיינען געוואָרען עפטער. ער האָט, ווי עס האָט געשיינט, בעשלאָסען צו געווינען דיא סימפּאטהיע ניט נאר פון זיי זאָנדערן פון דעם גאַנצען הויז. ער האָט אָנגעהויבען דערפון, וואס ער האט ארויס־געוויזען גרויסע פריינדשאפט צו פרוי פּאטוא און קלעמענס, און דיאביידע פרויען האבען איהם אין דעם פערלויף פון א מאָנאט אָנגעהויבען צו פערגעטערן.

דיא לאָרילס זיינען געווען אויסער זיך פון כעס, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, ווער ער איז, און האבען געשריען, אז דאס איז א זינד און א שאַנדע פון זשערוויז'ס זייט, אריינצולאָזען איהם צו זיך אין הויז אריין. נאָר איין שעהנעם טאָג איז לאַנטיע צו זיי אריין און האָט ביי זיי בעשטעלט א גאָלדענע קייטעל פאר זיינע א בעקאַנטע דאמע, און האָט זיך דאביי געוויזען אזוי אנגענעהם און פריינדליך, אז זיי האָבען איהם געבעטען זיצען און האבען איהם פערהאלטען מעהר וויא א שטונדע. נאָך דעם וויזיט האבען זיי אויסגעשפּראָכען זייער פערוואונדערונג, וויא אזוי אזא פיינער מאן האט ווען עס איז געקענט עפּעס געפינען אין דעם קרומען פוס, ביסלעכווייז זיינען דיא שכנים געוואוינט געוואָרען צו זעהן איהם דאָרטען און האָבען אויפגעהערט זיך צו וואונדערן. נאר גוזשע האָט זיך געפיהלט אונרוהיג, און ווען לאַנטיע פלעגט איהם טרעפען ביי זיין אריינקומען, האט ער זיך געשווינד אויפגעהויבען און איז אוועק, ניט וועלענדיג האבען מיט איהם צו טהאָן.

זשערוויז איז געווען זעהר אונגליקליך; זיא האָט געפיהלט, אז איהר קעהרט זיך צוריק אום א נייגונג צו לאַנטיע, און זיא האט מורא געהאט פאר איהם און פאר זיך, זיא האָט שטענדיג געטראכט פון איהם, נאר וואס ווייטער איז זיא אלץ געוואָרען רוהיגער, זעהענדיג, אז ער זוכט איהר אויסצומיידען און ריהרט איהר ניט אן מיט קיין פינגער.

ווירזשין האָט געשיינט צו לייענען איהרע געדאנקען און האָט איהר געפרעגט, וואס שרעקט זיא זיך אזוי, האט זיך דען ווען א מאן בעגאנגען מיט א פרוי מיט וועניגער רעספּעקט?

**צו דיא האָט געוואָלט טהאָן שלעכטס אָדער נאָך ערגער וויא שלעכטס, האָט**

ווירזשין געזוכט צונויפפיהרען זיי ביידע צוזאמען אין א ווינקעל און ווען איהר איז דאס א מאָל געלונגען האט זיא פערצווינגען א געפּעהרליכען געשפּרעך, לאנטיע האט אויף איינינע איהרע פראגען געענטפערט אין געצויילטע ווערטער, אז זיין הארץ איז שוין טוידט, און ער לעבט נאָר פאר זיין זוהן. פון קלאָד'ן, וועלכער איז ניט געוועזען אין דער היים, האט ער קיין מאָל ניט געטראכט, עטיענען פלעגט ער יע־דעם מאָל קוסען און באלד אבער פערגעסען, צו ער געפינט זיך דא אין שטוב, און האט זיך אמוזירט מיט קלעמענס דיא גאנצע צייט.

אין ניכען איז זשערוויז געקומען צום שלום, אז דיא פערגאנגענהייט איז טוידט. לאנטיע האט מיט זיך צוריקגעבראכט דיא עראינערונגען פון איהר קינד־הייט, פון דער שטאָדט, וואו זיא איז געבאָרען, און פון האָטעל, וואו זיי האבען זיך אָבגעשטעלט, קומענדיג אין פאריז. נאר דיא עראינערונג איז אין ניכען פער־שוואונדען געוואָרען, דיא פערגאנגענהייט איז פערשלונגען געוואָרען פון דער געגענ־ווארט. זיא האט דיא עראינערונגען אבגעטרייסעלט מיט פעראכטונג. יא, אלעס איז שוין געווען פאָראיבער, און ווען ער זאָל זיך איצט ערלויבען צו דערמאָנען איהר אן דיא פערגאנגענע יאָהרען, וועט זיא עס דערצעהלען דעם מאן.

אליין ניט בעמערקענדיג וויא אזוי, האט זיא זיך אין איהרע געדאנקען אומ־געקעהרט צו גוזשע.

איין פריהמאָרגען האט קלעמענס דערצעהלט, אז מיט א נאכט פריהער האָט זיא בעגעגענט לאנטיע געהן געארעמט מיט א דאמע. דיא פרוי איז געווען א בלאָנ־דענקע און פון דעם געוויסען סאָרט דאמען. קלעמענס האט ווייטער דערצעהלט, אז זיא איז זיי נאָכגעגאנגען, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א הויז. דיא פרוי איז אריין אינעווייניג, און לאנטיע איז געבליבען שטעהן אונטען און האט געווארט, ביז ער האט געזעהן, אז אויבען האט זיך געעפענט א פענסטער. וויא עס שיינט, איז דאס געווען א סיגנאל, ווייל ער איז גלייך אויך אריין אין הויז.

זשערוויז האָט געהאלטען אין פרעסען א ווייסע קלייד, זיא האָט א שוואכען שמייכעל געטהאָן און געזאָגט, אז דיא פראנצויזען פון זיעד־פראנקרייך זיינען שטענ־דיג פעררוקט איבער פרויען. דיא זעלבע נאכט ווען לאנטיע איז צו זיי אריינגע־קומען האָט זיא געהאט שפּאס דערפון, וואס קלעמענס איז באלד אויף איהם אָנ־געפאלען. עס האט געשיינט, אז ער האָט געהאט פערגניגען, וואס מען האט איהם געזעהן מיט דער דאמע. דיא דאמע איז זיינע אן אלטע פריינד און ער האָט זיך מיט איהר שוין א צייט ניט געזעהן, זיא איז זעהר עלעגאנט, און ער האט

געגעבען ק'עמענס א שמעק טהאַן פון זיין טיבעל, אויף וועלבע זיין בעקאנטע האָט אנגעגאָסען אביסעל פון איהר פּאַרפיום. גראדע דאַן איז עטיען אריינגעקומען און זיין פאָטער איז געוואָרען זעהר ערנסט. ער האָט איצט ערקלערט, אז ער האט נאר געשפּאַסט, ווייל זיין הארץ איז טוידט.

זשערוויז האט מיט א שאָקעל פון קאָפּ אויסגעדריקט איהר צופריעדענהייט מיט זיין האלטונג.

ווען דער פריהלינג איז געקומען, האט לאַנטיע אָנגעהויבען צו ריידען פון איבערקלייבען זיך אין זייער נאכבארשאַפט, ער האָט געזוכט א מעבלירטען און ריינעם צימער, מאדאם ראָשע און זשערוויז האבען איהם געהאָלפען זוכען אזא צימער, נאָר זיי איז דאס ניט געלונגען, ווייל ער איז געווען א גרויסער אויסקלייבער, יעדען אבענד ביי דיא קאָפעס פלעגט ער אויסדריקען זיין וואונש צו געפינען אזעלבע מענשען, וויא זיי, וואס זאָלען וועלען אריינגעהמען א קווארטיראַנט (באָרדער).

— דא איז זעהר בעקוועם ביי אייך, פלעגט ער זאָגען יעדען אבענד.

ענדליך איין אבענד ווען ער האט ווידערהאָלט דיא ווערטער, האט קאָפּע אויסגעשריען:

— אויב אונזער הויז געפעלט אייך אזוי שטארק, פאר וואָס קלייבט איהר זיך ניט אריבער אהער? מיר וועלען דא געפינען געגוג פּלאַץ פאר אייך.

און ער האָט ערקלערט, אז דאס צימער וואו מען האלט דאס גרעט, קען געמאכט ווערען גאנץ פיין, און עטיען קען שלאָפען אויף א מאטראַץ אין ווינקעל.

— ניין, ניין! האָט לאַנטיע געזאָגט, איך ווייס, אז איך וועל אייך נאר זיין אין וועג. איך ווייס, איהר בעזיצט א טהייערע הארץ, נאר איך וועל עס ניט אויס־נוצען. אייער צימער וואָלט געווען א דורכגאנג צו מיינעם און דאס וואָלט גע־שטערט אונז אלעמען.

— נארעשקייטען! האָט געזאָגט קאָפּע, קענען מיר דען זיך קיין עצה ניט געבען? זיינען דען אין יענעם צימער ניטאָ קיין צוויי פענסטער? מיר קענען פון איין פענסטער מאכען א טהיר און וועט קענען געהן צו זיך דורך דעם הויף און מיר וועלען קענען אלע זיין בעזונדער.

עס איז געוואָרען א היבשע ווייליע שטיל, ענדליך האָט לאַנטיע געזאָגט:

— אויב דאס איז מעגליך צו טהאָן, וואָלט געווען זעהר גוט, נאר איך האָב מורא, אז עס וועט זיין פאר אייך צו ענג.

ער האָט ניט געקוקט אויף זשערוויז. ווען ער האָט גערעדט, נאָר עס איז געווען קלאָר, אז ער ווארט נאר אויף איהרען א ווארט. איהר איז דער פּלאַן גאָר ניט געפעלען געוואָרען, ניט וויל דער געדאנק וועגען זיין וואוינען ביי איהר האָט איהר אויפגערעגט, זאנדערן וויל זיא האָט ניט געוואוסט, וואו זיא וועט האלטען דאס גרעט.

נאר קאָפּע איז זעהר געפעלען געוואָרען זיין פּלאַן, דירה־געלד איז שטענדיג געווען שווער פאר זיי צו צאָהלען האט ער געזאָגט. דיא צוואנציג פראנק, וואס ער וועט זיי צאָהלען, וועט ניט זיין שווער פאר איהם און פאר זיי וועט דאס זיין א שטיקעל הילף, זיין ווייב האָט ער געזאָגט, אז ער וועט איהר מאַכען אזעלכע צוויי גרויסע קאַסטענס, אז זיא וועט קענען אין זיי אריינלעגען דאס גאנצע גרעט פון דעם הויז.

זשערוויז האט נאך אלץ ניט צוגעשטימט און האָט ביי דער שווינער גע־פרעגט אן עצה מיט דיא אויגען, נאר לאָנטיע האָט איהר שוין לאנג געוואונען אויף זיין זייט דערמיט, וואס ער האט איהר געבראַכט קאנפעקטען צו איהר הוסט.

— ווען מיר וואָלטען דאס קענען דערווייזען, האָט זשערוויז געזאָגט, בין איך זיכער, אז ......

איהר זייט זעהר פריינדליך, האט ער אנגעווענדעט, איך פיהל ווירקליך, אז דאס וועט אייך שטערן.

קאָפּע האט אויפגעפלאַמט.

— פאר וואָס רעדסטו ניט קלאָרע רייד, וואָלט איך וועלען וויסען, און דוא שטאַמעלסט עפּעס וויא א נאר? עטיען! עטיען! האט ער אויסגעשריען.

דאס אינגעל איז געשלאָפען, אנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אן טיש, נאר ביי דעם געשריי איז ער אויפגעשפּרונגען.

— הער מיך אויס, האָט אָ פּע צו איהם געזאָגט, זאג דיזען העררן „איך וויל אזוי!” זאג נאר דיא ווערטער און ווייטער גאָר ניט.

— איך וויל אזוי, האט עטיען געשטאַמעלט פערשלאָפען.

אלע האָבען זיך צולאַכט, נאר לאָנטיע האט באלד צוריק אָנגענומען זיין פייערליכע מינע, האָט פריינדליך געדריקט קאָפּע דיא האנד און געזאָגט:

— איך נעה איין אויף אייער פאָרשלאַג, דאס איז זעהר פריינדליך פון אייער זייט און איך דאנק אייך פון זיך און אין דעם נאָמען פון מיין קינד.

אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען דער ווירטה פון הויז איז צופעליג געקומען אהין, האט איהם זשערווייז דערצעהלט ווענגען וואָס דא האנדעלט זיך אז מען דאַרף איבערמאכען פון א פענסטער א טהיר, אָנפאַנגס האט ער דערפון גאר ניט גע־וואָלט הערען, נאר שפּעטער האט ער זיך געלאָזט ריידען און איז אויף דעם איינ־געגאַנגען, נאר מיט דער בעדינגונג, אז זיי זאָלען דאס מאכען אויף זייערע אייגענע קאָסטען און ווען דער קאָנטראַקט וועט זיך ענדיגען, זאָלען זיי אלץ מאכען וויא פריהער איז געווען. זיי האבען אויף דעם געדאַרפט אונטערשרייבען א קאָנטראַקט.

דעם זעלבען אבענד האָט קאָפּע געבראַכט זיינע דריי בעקאַנטע בעל מלאכה׳ס א טישלער, א מויערער און א מאָלער, וואס האבען זיך אָנגענומען צו מאכען דיא ארבייט אין זייערע פרייע שטונדען פאר הונדערט פראנק, וואס ער וועט זיי בע־צאָהלען אזוי גיך, וויא ער וועט דאס געלד בעקומען פון זיין קוואַרטיראַנט.

מעבלירען דאס צימער האט געקאָסט נאָך הונדערט און דרייסיג פראַנק, וואָס זיא האָט זיך אָנגענומען אויסצוצאהלען צו צעהן פראנק א מאָנאט, אזוי אז א קיילעכדיג יאהר האבען זיי ניט געקענט האבען קיין שום פּערדיענסט פון זייער קוואַרטיראַנט.

אין מאָנאט יוני האט זיך לאַנטיע אריינגעצויגען אין זיין נייע וואוינונג. קאָפּע האָט איהם אָנגעבאָטען העלפען איהם איבערטראָגען זיינע זאכען און צו פערשפּאָ־רען דערמיט דיא דרייסיג סו פאר א דראָשקע, נאר ער האט זיך דערפון אָבגע־זאָגט, ניט וועלענדיג אפילו איצט אויסזאָגען, וואו ער וואוינט.

ער איז געקומען מיט זיין קאָסטען א זיינער דריי, און זשערווייז, וואס איז געשטאַנען אין טהיר, איז געוואָרען בלייך, וויא דער טוידט, דערקענענדיג דעם אלטען קאַסטען, מיט וועלכען זיי זיינען אראָבגעקומען אין פּאַריז. נאר איצט איז דער קאסטען געווען אלט און צובראָכען און צוזאמענגעבונדען מיט שטריקלאָך.

זיא האָט געזעהן, וויא מען האָט דעם קאסטען אריינגעטראָגען, וויא זיא האָט עס אָפט געזעהן אין איהרע חלומות און זיא האָט זיך געפרעגט, צו דאס איז ניט דיא זעלבע דראָשקע, וואס האט איהם און אַדעל אוועקגעפיהרט. ראָשע האָט פריינדליך בעגעגענט לאַנטיע, און זשערווייז איז געשטאַנען דאבייא צומישט און שטיל.

כמעט ניט וויסענדיג וואס זיא רעדט, האָט זיא געמורמעלט:

— מיר מוזען טרינקען א גלאָז ווייז צוזאמען.

לאנטיע איז געווען בעשעפטיגט מיט׳ן אויפבינדען זיין קאסטען און האט דעם קאפּ ניט אויפגעהויבען. זיא האט ווייטער געזאגט:

— איהר וועט אויך מיט אונז טרינקען, העררר ראשע!

און זיא איז אוועק נאך וויין און גלעזער.

אין דיעזען מאמענט האט זיא דערזעהן פלאסא פערביינגעהן. זיא האט זיך צו איהם א נייג געטהאן און געגעבען צו איהם א וואונק. ער האט דעם וואונק גאנץ גוט פערשטאנען, וואס האט בעדייט א גלאז וויין אין דער צייט ווען ער איז אויף זיין פאסטען. ער איז דורכגעגאנגען דורך דעם הויף, אום מען זאל ניט זעהן וויא ער קומט אריין, לאנטיע האט שטענדיג געשפּאסט איבער זיינע פאליטישע אנזיכטען, ווען ער האט זיך מיט איהם געטראפען, נאר דאך זיינען זיי געווען דיא בעסטע גוטע פריינד.

ביי דיזע שפּאסעריי האט זיך ראשע אריינגעמישט און געזאגט:

— ווייסט איהר, אז ווען נאפּאלעאן (דער דריטער) איז געווען אין לאנדאן, איז ער געווען א פּאליסמאן און זיין ספּעציעלע פּפליכט איז געווען צו שלעפּען אלע שכור׳ע פרויען אין סטיישאן־הויז.

זשערוויז האט אנגעפילט דריי גלעזער, זיא אליין האט ניט געוואלט טרינקען, זיא האט ניט אראבגעלאזט קיין אויג פון לאנטיע, וועלכער איז געשטאנען אויף דיא קניע נעבען זיין קאסטען. א ווילדע נייגיערדע האט איהר אנגעכאפּט צו זעהן, וואס דארטען געפינט זיך. זיא האט געדענקט, אז אין איין ווינקעל איז געווען אנגעווארפען א קופּע אלטע זאקען, א פּאר העמדער און אן אלטער הוט. לינען נאך אלץ דיא זאכען דארטען? און וועלען איהר אלע אכטע שמאטעס פון דער פערגאנגענהייט ווידער קומען פאר דיא אויגען?

נאר לאנטיע האט דעם קאסטען ניט אויפגעעפענט, ער איז אויפגעשטאנען און צוגעהענדיג צום טיש, האט ער הויך אויפגעהויבען זיין גלאז:

— פאר אייער געזונד, מאדאם! האט ער געזאגט.

פלאסא און ראשע האבען מיט איהם מיטגעטרונקען.

זשערוויז האט אויף דאס ניי אנגעפילט דיא גלעזער, און דיא דריי מענער האבען דיא ליפּען אויסגעווישט מיט דער לינקער זייט פון האנד.

דאן האט לאנטיע געעפענט זיין קאסטען, ער איז געווען פול מיט ביכער, פּאפּירען, אלטע קליידער און בינטלאך וועש, דאס צימער איז פול געווארען מיט׳ן גערוך פון טאבאק און שטויב.

— ניין, דיא אלטע הוט איז נימאָ אין ווינקעל, דאָרטען ליגט איצט א נאָדעל־קישעלע, א פרעזענט פון עפּעס א פרוי.

דיא אנגסט, מיט וועלכע זיא האָט געקוקט אויפ'ן אויספּאקען, איז אין גאנ־צען פערשוואונדען געוואָרען און אָנשטאָט דעם איז זיא געוואָרען זעהר טרויריג.

ער האט ארויסגעשלעפּט א פענדיל, א פּאָר שיך, אן אויסגענייטע העמד לעדרודראָלינ'ס *) א ביוסט מיט אן אבגעבראָכענע נאָז און א פּאָר צוריסענע הויזען.

— קוקט אהער, פלאסאָ, האט ער געזאָגט, ארויסשלעפּענדיג א קליין ביכעלע דאס איז געווען א ביטערע אטאקע (אָנפאל) אויפ'ן קייזער, געדרוקט אין ברוסעל מיט'ן נאָמען: „נאפּאָלעאָן דעם דריטענס ליעבעס''.

פלאסאָ איז געבליבען שטעהן מיט אן אָפענעם מויל, ער האט ניט געפונען קיין ווערטער צו פערטהיידיגען דעם קייזער, דאס איז געווען א געדרוקטע ביכעל, און דאריבער האָט עס געמוזט זיין וואהר. לאנטיע האט זיך צולאכט און גענומען צוזאמענלעגען דיא ביכער, מורמלענדיג אונצופריעדען, וואס ער האט ניט קיין פּאָ־ליצעס אין צימער.

זשערוויז האט איהם צוגעזאָגט צו קויפען עטליכע, ער האט געהאט עטליכע ביכער צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען א פּאָר טהייל פון לואי בלאַן, דער עווינער יודע און דיא געהיימניסע פון פאריז, ניט רעכענדיג א גאנצע קופּע אנ־דערע ליטעראטור, מעהר וויא אלץ האט ער אָבגעהיט זיינע אלטע צייטונגען, ער האָט זיי געקליבען יאָהרען־לאנג, ווען ער האָט אין א קאפע געלעזען אן ארטיקעל וואס איהם איז געווען געפעלען, האט ער באלד געקויפט דיא צייטונג און בעהאלטען ביי זיך, זיי זיינען געווען צוזאמענגעבונדען אין א פּעקיל אָהן א שום אָרדנונג, דאס פּעקיל צייטונגען האט ער אַנידערגעלעגט אין א ווינקעל און געזאָגט:

— ווען מענשען וואָלטען גוט דורכשטודירט דיזע בלעטער און דורכגעפיהרט דיא אידעען, וואס זיי ענטהאלטען, וואָלט דיא געזעלשאפט געווען א סך בעסער איינגעאָרדענט, וויא זיא איז איצט, עס וואָלט געווען גאר אנדערש. דיא וועלט וואָלט מעהר פּראָפיטירט דאביי. צום שלום האט לאנטיע בעמערקט אז אין דעם פּעקיל צייטונגען געפינען זיך ברילליאנטע ארטיקלען וועגען גט'ען.

— יאָ, גט'ען, האט איהם איבערגעריסען ראָשע, פאר מאָ־אל איז דאס זעהר נעטהיג.

*) לעדרודראָלין א פראנצויזישער סאָציאליסט און רעדנער.

פלאסאָ האט צוריקגעוואָרפען דעם קאָפּ, פערטיג צו ענטפערן.

נאר זשערוויז, וואס האט פיינד געהאט דעבאטען, האט זיך אריינגעמישט; ויא איז אביסעל געקומען צו זיך און זיא האָט אָנגעבאָטען, דיא מענער זאָלען ווידער א מאָל טרינקען.

לאנטיע איז פּלוצים שטיל געוואָרען און האָט געטרונקען זיין וויין; נאר ראָשע האט אונרוהיג א קוק געטהאָן אויף פלאסאָ.

— דאס וואס מיר האבען גערעדט, בלייבט צווישען אונז, נים וואהר? האָט ער געזאָגט צום פּאָליציסט.

פלאסאָ האָט איהם ניט געלאָזען ענדיגען, און ארויפלעגענדיג דיא האנד אויפ'ן הארצען, האָט ער ערקלערט, אז ער איז ניט קיין שפּיאָן, אז זייערע ווערטער זיינען איהם אריין אין איין אויער און ארויסדורך דעם צווייטען און אז ער האט שוין פערגעסען וואס מען האט גערעדט.

צו דער צייט איז קאָפּע אריינגעקומען און מען האָט געשיקט נאָך מעהר וויין, נאר פלאסאָ האָט מורא געהאט לענגער צו פערבלייבען און איז שטייף און שטאָלץ ארויסגעגאנגען פון דער הינטער טהיר.

פון דעם ערסטען טאָג אָן האט זיך לאנטיע געפיהרט וויא ביי זיך אין דער היים. ער האט געהאט א בעזונדערע צימער, א בעזונדער אריינגאנג און א שליסעל, נאר ער איז שטענדיג געגאנגען דורך דעם געשעפט. קאָפּע האָט דיא קאָסטענס פאר'ן גרעט ניט געמאכט, און זשערוויז האָט געהאט גרויסע צרות, נים וויסענ־דיג, וואו הין צו טהאן דאס גרעט. זיא האָט אויך ניט ליעב געהאט צו מאכען פאר עטיען דאס בעט שפּעט ביי נאכט.

גוזשע האָט מיט איהר גערעדט, זיא זאָל אוועקשיקען עטיען צו זיין אלטען בעל הבית וואס האט געזוכט ארבייטער, דער פּלאָן איז איהר זעהר געפעלען געוואָרען, ווייל דאס אינגעל איז אין דער היים ניט געווען גליקליך און ער האָט געוואָלט ווערען זעלבסט־שטענדיג, נאר זיא האָט מורא געהאט צו פרעגען וועגען דעם לאנטיע, וועלבער האט זיך צו זיי אריבערגעצויגען, אום ער זאָל קענען זיין נעבען זיין זוהן. איהר האָט דאריבער אויסגעוויעזען, אז עס וועט זיין ניט גוט אוועקצושיקען איהם גלייך נאָכדעם, וויא זיין פאָטער האָט זיך אריינגעקליבען צו איהר.

נאר ווען זיא האט איהם ענדליך געזאָגט וועגען דעם פּלאָן, איז ער איהם זעהר געפעלען געוואָרען, און ער האָט ערקלערט, אז פאר א יונגען אינגעל איז פיעל בעסער צו זיין אויפ'ן לאנד וויא אין פּאריז.

ענדליך איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז עטיען זאָל פאָהרען אין יענעם טאָג ווען עטיען האט זיך אויסגעקליבען אין זיין רייזע. האָט איהם זיין פאָטער געלייענט א לאַנגע שטיק מוסר, און נאָך זיין אוועקפאָהרען איז אין שטוב אלעס געגאַנגען וויא פריהער.

זשערוויז איז געוואוינט געוואָרען, אַז דאס קויטיגע גרעט זאָל ליגען אין אלע ווינקעלאַך, לאַנטיע האט נאָך אלץ גערעדט מיט א וויכטיגע מינע פון זיינע געשעפטען און פלעגט יעדען טאָג ארויסגעהן זאָרגפעלטיג אָנגעטהאָן און ביים צו־ריס קומען האט ער געזאָגט, אַז ער איז זעהר מיעד פון דיא וויכטיגע געשעפטען, וואס ער האָט פערהאַנדעלט.

ער פלעגט אויפשטעהן צעהן א זייגער און אין א שעהנעם טאָג ארויסגעהן שפאַצירען און ווען עס האָט גערעגענט, איז ער געזעסען אין געשעפט און געלעזען זיין צייטונג, ער האָט געהאט א פערגניגען צו זיצען צווישען דיא פרויען, וואס האָבען איהם פערגעטערט, און האָט אויך ליעב געהאט צו זיצען לעדיג וואו עס איז געווען ווארעם און בעקוועם.

אָנפאַנגס האָט לאַנטיע געגעסען אין א רעסטאָראַן, וואס האָט זיך געפונען אין עק גאַס, נאר באלד נאָכדעם האט ער אָנגעהויבען עטליכע מאָל אין וואָך צו שפייזען מיט דיא קאָפּעס און ענדליך האָט ער זיי געבעטען, זיי זאָלען איהם געהמען אויף קעסט און ער וועט זיי צאָהלען פופצעהן פראַנק א וואָך, אויף אזא אופן איז ער געוואָרען איינער פון דער פאַמיליע; יעדען פריהמאָרגען פלעגט מען איהם זעהן אהן א ראָק אין געשעפט, וואו ער האט געטהאָן פערשיעדענע קליינינקייטען און אנגענומען בעשטעלונגען פון פערשיעדענע קונדען, ער האָט איינגערעדט זשערוויז, זיא זאָל אָבזאָגען איהר וויינהענדלער און זיא זאָל קויפען וויין ביי זיינעם א גוטען פריינד. דערנאָך איז איהם ניט געפעלען געוואָרען דאס ברויט און ער האָט געשיקט אָגוסטין קויפען ברויט אין וויענער בעקעריי, וואס האָט זיך געפונען ערגעץ וויים, אויך האָט ער אומגעביטען דעם קרעמער, און האט נאר איבערגעלאָזט דעם פלייש־הענדלער און דאס איז נאר געווען וויל יענער האט געהאט דיא זעלבע פּאָליטישע אנזיכטען, וואס ער. אין דעם פערלויף פון איין מאָנאט האט ער אין גאַנצען געענדערט זייערע שפייזען און האָט אריינגעפיהרט אזעלכע, וואס קיינער, אויסער איהם און זשערוויז, וועלכע איז געווען פון איין געגענד מיט איהם, האט ניט געקענט נעהמען אין מויל אריין, ער האָט אליין געקאָכט אייער און געוויזען דער אלטער קאָפּע, וויא מען דאַרף יעדע זאַך מאַכען.

ביסלעכווייז האט לאַנטיע אַנגעהויבען צו טהאָן אלע יענע זאכען, וואס וועד־רען שטענדיג געטהאָן ביי דעם בעל הבית. ער האָט געפאָדערט, אז אויב דיא לאָרילס וועלען ניט געבען דיא פינף פראנק פאר דער אלטער קאָפּע, וויא זייא האבען פערשפּראָכען, זאָל מען זיי פערקלאָגען אין געריכט, און ניט פינף פראנק דארפען זיי געבען, זאָנדערן צעהן. ער וועט אליין געהן און דורכריידען זיך מיט זיי, אז זיי זאָלען צאָהלען צעהן פראנק. ער האט עס ווירקליך דורכגעפיהרט און איז צוריקגעקומען פון זיי מיט צעהן פראנק. ער האט אויך איינגערעדט מאדאם לעבא צו צאהלען דיא זעלבע סומע. דיא אלטע קאָפּע איז געווען פערטיג צו קוסען איהם דיא הענד, פאר וואס ער איז געווען א פערמיטלער, ווען זיא האט געהאט א קריעג מיט זשערוויז.

זשערוויז פלעגט צייטענווייז פערליערען דיא געדולד מיט דער שווינער, און דיא לעצטע פלעגט אָהנעקגעהן וויינענדיג צו זיך אין בעט אריין, ער פלעגט זיי שטראָפען, וואס זיי מאכען לייטישע געלעכטער און צווינגען זיי, אז זיי זאָלען זיך צוקוסען און ווערען ווידער גוטע פריינד.

ער האָט אויך פריי ארויסגערעדט, וואס ער דענקט וועגען נאַנא׳ס ערציהונג, נאך זיין מיינונג, איז זיא ערצויגען געוואָרען זעהר שלעכט, און אין דעם האט ער ווירקליך געהאט רעכט, ווייל ווען דער פאָטער פלעגט איהר שלאָגען, האט זיך פאר איהר דיא מוטער אָנגענומען, און פערקעהרט, ווען דיא מוטער פלעגט זאָגען א וואָרט, האט דער פאָטער געמאכט א גוואלד.

נאַנא האָט דאס גוט פערשטאַנען און האָט זיך דערמיט געפרייט, ווייל זיא איז געווען פריי צו טהאָן, וואס זיא האָט געוואָלט.

טהאַטזעכליך האט זיא איבערגעקעהרט א וועלט; זיא האָט זיך אָנגעהאנגען אויף וועגענס, האט זיך מיט איהרע חברה בעהאלטען אין א ווינקעל פון הויף און דערנאך איז זיא פלוצים מיט א גרוים ליארם ארויסגעלאָפען פון איהר בעהעלט־ניס און איהר גאַנצע חברה נאך איהר און האבען דיא גאַנצע גאס אויפגעוועקט.

לאַנטיע איז געווען דער איינציגער, וועמען זיא האָט אביסעל געפאָלגט. נאַנא, וואס איז געווען ניט מעהר וויא צעהן יאָהר אלט, איז געווען לוסטיג און שלעכט און האָט מיט איהם קאָקעטירט, וויא זיא וואָלט געווען אן ערוואקסענע פרוי, ער האָט ענדליך איבערגענומען איהר ערציהונג און האט איהר געלערנט דיא שפּראך פון דער גאס און טאנצען.

אזוי איז אוועק א יאָהר, דיא גאַנצע נאכבארשאפט האָט געדענקט, אז

לאנטיע האָט געלד, אז נים, וויא קענען דיא קאָפּעס פיהרען אזא לעבען, וויא זיי האָבען געלעבט? אמת, זשערוויז פערדיענט, אבער איהרע פערדיענסטען זיינען דאָך ניט געווען אויסצוהאלטען צוויי מענער, וואס טהוען גאר נים. אין דער ווירקליכקייט האָט זיי לאנטיע איין סאנטים נים געגעבען, ניט פאר'ן עססען און ניט פאר דער וואוינונג, ווען זשערוויז האָט איין מאָל געפּרובט דערמאָנען וועגען געלד, האט ער געענטפערט, אז ער וועט ווארטען, ביז עס וועט זיך אָנקלייבען א היבשע סומע און דאן וועט ער איהר בעצאָהלען מיט א מאָל.

נאָכדעם האט זיא שוין מעהר נים געוואגט ביי איהם צו בעטען, אפילו א סאנטים. זיא האָט געקויפט ברויט, פלייש און וויין אויף באָרג. דיא רעכנונגען זיינען אלץ גרעסער געוואָרען און זיא האָט אויך גאָר נים געצאָהלט און געלאָזט דיא חובות וואקסען. אויפ'ן מטבעל, וואס זיא האָט געקויפט פאר לאנטיע'ס צימער, האָט זיא גאר נים געצאָהלט; אויך האט זיא זיך געמאכט נים וויסענדיג וועגען דעם געלד, וואס זיא האָט בעדארפט בעצאהלען קאָפּע'ס דריי פריינד, וואס האָ־בען איבערגעבויט לאנטיע'ס צימער. דיא קרעמער האבען אָנגעהויבען צו מורמלען און בעהאנדלען איהר אביסעל גרעבער.

נאר וויא עס האָט געשיינט האט זיא דאס נים געפיהלט, זיא האָט געקויפט דיא טהייערסטע זאכען, ווען זיא האָט נאר געקענט קריגען אויף באָרג, דאך האָט זיא געדעכענט מיט דער צייט צו בעצאָהלען, טרוימענדיג, אז זיא וועט א מאָל פערדיענען א גרויסע סומע געלד און וועט אלעמען בעצאָהלען מיט א מאָל.

ארום מיטען זומער איז קלעמענס אוועקגעגאנגען, ווייל עס איז געווען צו ווענינ ארבייט פאר צוויי פרויען און זיא האט געווארט אויף איהר געצאָהלט שעהנע עטליכע וואָכען, לאנטיע און קאָפּע האט דאס גאר נים געארט, זיי זיינען גע־ווען זעהר גוט אויפגעראמט און האבען געשיינט פעט צו ווערען אויף דער רואינע (חורבן) פון דעם געשעפט.

אין הויז האָט מען געהאלטען אין איין רכילות טרייבען, זיי האבען נים גע־וואוסט דיא ריכטיגע פערהעלטניסע צווישען לאנטיע און זשערוויז, דיא לאָרילס האבען געגעבען בייזע אנצוהערעניס, אז זשערוויז וואָלט צופריעדען געווען צו בעניי־ען איהרע אמאָליגע פערהעלטניסע מיט לאנטיע, נאר זיא איז שוין צו אלט און ער וויל אויף איהר נים קוקען. דיא ראָשעס האבען געהאט גראדע א פערקעהרטע מיינונג, נאר דאס האבען אלע איינגעשטימט, אז זייער צוזאמענלעבען איז נים

אנשטענדיג. נאר מיט דער צייט האבען זיי אויף דעם אַנגעהויבען צו קוקען, וויא אויף א גאנץ נאטירליכע זאך.

עס איז זעהר מעגליך, אז מען האָט ניט געדארפט ווייט זוכען, אום צו גע־פינען אזעלכע חטאים אין אנדערע פאמיליען אויך. נאר דיא קאָפּעס זיינען גאנץ גוטע שכנים און לאַנטיע איז זעהר אנגענעהמע פערזאָן און דארום האבען דיא שכנים פון הויז בעשלאָסען צו לאָזען זיי אין רוה.

זשערוויי'ן האבען דיא אלע רעדערייען גאר ניט געארט און פיעלייכט האָט זיא גאָר דערפון ניט געוואוסט, עס איז אין גיכען געקומען א צייט, אז אפילו איהר מאנ'ס פאמיליע האט אויף איהר אַנגעהויבען צו קוקען אזוי, וויא זיא וואָלט נאָר קיין הארץ ניט געהאט. מאדאם לעבא פלעגט יעדען אבענד קומען מיט א בעזוך, און איז זיך בעגאנגען מיט לאַנטיע אזוי, וויא עס וואָלט אונמעגליך געווען פאר א פרוי בייצושטעהן א נסיון מיט איהם און ניט רעכענען נאָך דאס פאר א גליק. עס האָט געשיינט, וויא אלע האבען געמאכט איין האנד צו געבען זשערוויי א געליעבטען.

נאר ביי זשערוויין אין דיא אויגען האט לאַנטיע שוין מעהר קיין חן ניט גע־האט. אמת, ער האָט זיך אויסערליך אין גאנצען אומגעביטען און דאס איז איהם זעהר געגאנגען; ער האָט געטראָגען א פראק און איז געווען וויא מען זאָגט אָב־געפּאָלירט, נאר זיא האט איהם געקענט צו גוט און האָט ארייננעקוקט צו איהם אין זעעלע דורך זיינע אויגען, און זיא האָט געציטערט, פאר דעם וואס זיא האָט דארטען געזעהן. זיא האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס אנדערע בעוואונדערן איהם אזוי און זיא האט דאס אמאָל געזאָגט ווירזשינען, ווען זיא איז צו איהר צוגעשטאנען. מאדאם לעבא און ווירזשין האבען געהאלטען אין איין דערצעהלען געשיכטען פון איהם און קלעמענס און האבען געזאָגט, אז צייט זיא איז אוועק פון זשערוויין, בעזוכט ער איהר יעדען טאג רעגעלמעסיג.

— און אויב דאס איז יא אזוי, וואס געהט דאס מיך אן? האט זשערוויין געזאָגט מיט א ציטערענדיג קול, און זיא האָט ארייננעקוקט ווירזשינען אין איהרע דונקעל־ברוינע אויגען, וואס האבען געפינקעלט, וויא ביי א קאץ. נאר ווירזשין האָט געמאכט בכיון א נארעשע מינע און געענטפערט.

— געוויס, געהט דאס אייך גאר ניט אן, נאָר איך האָב געמיינט, אז איהר וועט איהם ראטהען, אז ער זאָל ניט האבען צו טהאָן מיט אזא פערזאָן.

לאַנטיע האָט ביסלעכווייז געענדערט זיין בענעהמען זיך מיט זשערוויי, איצט

ווען ער האט גענומען איהר האנד, האט ער געדריקט איהרע פינגער לעננער, ווי עס איז געווען נעטהיג. ער האט אויף א מינוט ניט אראבגענומען זיינע פרעכע אויגען און פלעגט זיך איבער איהר אנבויגען אזוי, אז זיא האט געקענט פיהלען זיין ווארעמען אטהעם אויף איהרע באקען.

א מאל, אבענדצייט, ווען ער איז געבליבען מיט איהר אליין, האט ער איהר ארומגעכאפט מיטביידע הענד, אין דער מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און נוזשע איז אריינגעקומען, זשערוויז האט זיך פון איהם ארויסגעריסען, און זיי האבען אלע דריי גענומען רעדען אזוי, וויא עס וואלט גאר ניט געשעהן, נוזשע איז געווען זעהר בלייך און שטארק צומישט, דענקענדיג, אז ער האט זיי געשטערט און אז זיא האט אוועקגעשטופט לאנטיע נאר דארום, וויל זיא האט ניט געוואלט, ער זאל דאס זעהן.

אויף מארגען האט זיך זשערוויז געפיהלט אזוי אונרוהיג און אונגליקליך, אז זיא האט אפילו ניט געקענט אויספרעסען א טיכעל. זיא האט געוואלט זעהן נוזשע און ערקלערען איהם וואס איז געווען, נאר צייט עטיען איז אוועקגעפאהרען, האט זיא ניט געהאט קיין אויסרייד צו געהן אין סוזנע און האט זיך געשעמט פאר נוזשע'ס חברים, וואס האבען געוואונקען איינער צום צווייטען ביי איהר אריינקומען, נאר איצט האט זיא זיך ענטשלאסען צו געהן, און נעהמענדיג א לעדיגע קארב אויף דער האנד האט זיא זיך געמאכט, וויא זיא געהט אבטראגען וועש און איז אוועק.

נוזשע האט געשיינט צו ערווארטען איהר, וויל ער האט איהר בעגעגענט אויפ'ן עק גאס.

— הא! האט ער אויסגערופען מיט א שוואכען שמייכעל, איהר קעהרט זיך אום, וואהרשיינליך, אהיים.

ער האט אליין ניט געוואוסט, וואס ער רעדט, זיי האבען זיך ביידע געלאזט געהן און געזוכט אוועקצוגעהן וואס וויטער פון פלאץ, וואו זיי האבען געארבייט, זיי זיינען פערבייגאנגען עטליכע פאבריקען און זיינען ענדליך ארויסגעקומען אויף א פעלד.

זיי האבען זיך אנידערגעזעצט אונטער א בוים, דיא וועשערקע האט אנידערגעשטעלט דאס קערבעלע צופוסענס. פאר זייערע אויגען נאנץ וויט איז געווען א בארג מיט נעלע און גרויע הייזער, ארומגערינגעלט מיט בוימער, און ווען זיי האבען עטוואס אויפגעהויבען דיא קעפ האבען זיי געזעהן דעם קלארען הימעל אהן

עם מינדעסטען וואָלקען. נאר דיא זון האט זיי נעבלענדט דיא אויגען און זייא האבען געקוקט צום פאָרשטאדט, פון וואנען עס האָט זיך אויפגעהויבען א גרויסער רויך פון דיא הויבע קוימענס, דאס האט געשיינט צו מאכען זיי אביסעל רייגנער.

— יא, האט זשערוויז געזאָגט נאָך א לאנגע פויזע, איך האב געהאט א לאנגען גאנג און בין ארוים......

זיא האט זיך אין מיטען אבגעהאלטען, זיא האָט דיא גאנצע צייט ניט געקענט רוהען און געוואָלט איהם ערקלערן, נאר זיא האָט ניט געקענט ארויסברענגען א וואָרט פאר שאנדע, זיא האָט גאנץ גוט געוואוסט, אז זיי זיינען ביידע געקומען אויף דעם פלאץ צוליעב אן ערקלערונג, נאר זיי האבען ביידע ניט געוואגט אנהויבען וועגען דעם צו רעדען.

דאן האט זיא איהם מיט א צובראָכענעם געמיטה דערצעהלט פון פרוי ביזשאר, וועלכע איז געשטאָרבען היינט אין דער פריה אונטער שרעקליכע יסורים.

— דאס איז געקומען פון א זעץ, מיט'ן פוס, האט זיא געזאָגט מיט איהר שטילען און ווייכען קול. דער מאן האט איהר מיט'ן זעץ אנגעמאכט עפעס א צרה אינעווייניג, דריי טעג לאנג האט זיא זיך שרעקליך געמוטשעט, פאר וואס איז דאס נימאָ קיין שטראָף אויף אזעלכע מענער? נאר איך דענק, אז ווען דאס געריכט זאָל נעהמען פערפאָלגען אלע דיא, וואס הרג'ענען זייערע ווייבער, וואָלט געווען צו פיעל ארבייט, איבריגענס, וואס מאכט דאס אויס א קלאפ מעהר אָדער א קלאפ וועניגער? שטעלט אייך אבער פאר, דיא אונגליקליכע בעשעפענים, אום אבצוראטעווען דעם מאן פון דער תליה, האט זיא געזאָגט, אז דאס איז איהר געקומען פון א פאל איבער אן עמער.

גוזשע האָט גאר ניט גערעדט, ער האט גאר געריסען שטיקלאך גראָז פון דער ערד.

— עס איז נאָך נימאָ קיין צוויי וואָכען, האט זשערוויז ווייטער גערעדט, זינט זיא האט אנטוואוינט דאס קינד, איצט איז לאַלי געבליבען דיא מאמע פון ביידע עופ'עלאך. זיא איז געבאָך אליין נאך ניט אלט אכט יאָהר, נאר זיא איז קלוג און שטיל, וויא אן ערוואקסענע פרוי. איהר פאָטער שלאָגט איהר אויך. געבאָרען עס זיינען פאראן מענשען, וואס ווערען גאר געבוירען אויף צרות.

נוּשע האט א קוק געטהאן אויף איהר און האט פּלוּצים געזאגט מיט צי־טערענדע ליפּען:

— איהר האט מיר געבטען אויף פעראורזאכט גרויסע ליידען.

זשערוויז האט צוזאמענגעדריקט איהרע הענד, וויא צו א געבעט, און ער האט ווייטער גערעדט:

— איך האב פאראויס געוואוסט. וויא דאס וועט זיך ענדיגען...... דאך האט איהר מיר ניט געדארפט לאזען דענקען......

ער האט ניט געקענט ענדיגען. זיא איז האסטיג אויפגעשפרונגען, טרעפענ־דיג זיינע געדאנקען, און האט אויסגעשריען:

— איהר האט אונרעכט, איך שווער אייך אז איהר האט אונרעכט. ער האט מיר געוואלט א קוש טהאן, נאר זיינע ליפּען האבען מיך ניט בעריהרט. דאס איז דאס ערסטע מאל וואס ער האט געמאכט דעם פערזוך. גלויבט מיר, איך שווער אייך ביי אלץ, וואס איך האלט הייליג, אז איך זאג אייך דעם ריינעם אמת.

נאר נוּשע האט געשאקעלט מיט'ן קאפּ, ער האט גוט געוואוסט, אז עס זיינען פאראן זאכען, פון וועלכע פרויען זאגען ניט אימער דיא וואהרהייט. זשערוויז איז געווארען זעהר ערנסט.

— איהר קענט מיך גוט, האט זיא געזאגט, איהר ווייסט אז איך וועל קיין ליגען ניט זאגען, איך זאג אייך נאך א מאל אז איך און לאנטיע זיינען פריינד און מיר וועלען קיין מאל ניט זיין עפּעס אנדערס, ווייל ווען אזא זאך וואלט מיט מיר געטראפען, וואלט איך זיך אליין פעראכטעט און גערעכענט זיך פאר דיא ניעדרי־גסטע בעשעפּענים, וואס איז ניט ווערט צו האבען דיא פריינדשאפט פון א מאן, וויא איהר זייט.

איהר געזיכט איז געוועזען אזוי עהרליך, איהרע אויגען אזוי קלאר און אפען, אז ער האט איהר געמוזט גלויבען, און ער האט אנגעהויבען פרייער צו אטהעמען. דאס ערסטע מאל האט ער איהר אנגענומען ביי דער האנד און האט איהר ניט ארויסגעלאזט פון זיינע,ביידע האבען געשוויגען, ווייסע וואלקענדלאך האבען זיך געצויגען איבער זייערע קעפּ. און זיי זיינען געשטאנען האנד אין האנד מיט טרערען אין דיא אויגען.

— אייער מוטער האט מיך מעהר ניט ליעב, האט געזאגט זשערוויז מיט א שטילען קול. זאגט ניט, אז ניין, וויא קען דאס זיין אנדערס? מיר זיינען איהר שולדיג צו פיעל געלד.

ער האָט איהר גראָב אַ טרייסעל געטהאָן דיא האנד און געוואָלט מיט דעם שטערן איהר זיא זאָל דיא ווערטער ניט ארויסברענגען פון איהר ליפּען. ער האט געוואָלט עפּעס רעדען, נאר זיין האלז איז געווען צו טרוקען. ענדליך האט ער ארויסגערעדט:

— הערט מיך אויס, האט ער אויסגעשריען, איך האב שוין לאנג אייך געוואָלט עפּעס זאָגען איהר זייט ניט גליקליך, מיין מוטער זאָגט, אז ביי אייך נעהמט צו זעהר שלעכט.

ער האָט זיך אויף אַ מינוט אָבגעשטעלט און גלייך ווידער געזאָגט:

— מיר מוזען צוזאַמען אוועק.

זיא האָט אויף איהם געקוקט און ניט פערשטאַנען איהם. זיא איז געווען זעהר געריהרט פון זיין פּלעצליכער ערקלערונג אין ליעבע, איבערהויפּט דארום וואס ער האט קיין מאָל אַ וואָרט ניט געזאָגט.

— וואס מיינט איהר? האָט זיא געפרעגט.

— איך מיין, האָט ער געענטפערט, ניט קוקענדיג איהר אין געזיכט, אז מיר זאָלעןביידע אוועק און לעבען אין בעלגיען, פאר מיר איז דאס גלייך וויא אין דער היים, מיר קענען דאָרטען ביידע ארבייטען און לעבען בעקוועם.

דיא פארב איז איהר געקומען אין געזיכט און באַלד אוועק. זיא וואָלט גערן געווען בעהאַלטען איהר געזיכט ביי איהם אויפ'ן אקסעל, אום צו בעהאַלטען איהר צומישטקייט און שעמעדיגקייט. וואס פאר אַ מערקווירדיגער יונג ער איז אָנצובאַטען איהר, זיא זאָל מיט איהם אנטלויפען. דאס איז עפּעס וויא אין אַ ראָמאַן איז גע־שריעבען אדער וויא מען דערצעהלט זיך אָן פון דיא העבערע געזעלשאַפט. זיא האָט אָפט געזעהן און געהערט, וויא ארבייטער ערקלערען זיך אין ליעבע צו פער־הייראַטהעטע פרויען, נאר זיי קומט קיין מאָל אין קאָפּ ניט אריין צו וועלען אנטלוי־פען מיט זיי.

— אָך, הערר גוזשע! האט זיא געמורמעלט און האָט אָבער מעהר ניט געקענט אויסרעדען.

— יאָ, האָט ער געזאָגט, מיר ביידע וואָלטען געלעבט אליין פאר זיך.

נאר אזוי גיך, וויא זיא איז געקומען צו זיך, האט זיא זיך ענטשלאָסען דער־פון אָבגעזאָגט.

— עס איז אונמעגליך, האט זיא געזאָגט, און דאס וואָלט געווען אַ גרויס אונרעכט. איך בין פערהייראַט און האב קינדער. איך ווייס, אז איהר האט מיך

כיעב און איך ליעב אייך צופיעל, אז איך זאָל אייך ערלויבען צו בעגעהן אזא נאַרישקייט. ניין; מיר דאַרפען לעבען אזוי וויטער, מיר רעספּעקטירען איצט איינער דעם צווייטען, לאָ'מיר זיך וויטער אויפפיהרען אזוי, דאס האָט זעהר פיעל צו זאָגען און דאס וועט אונז העלפען בייצושטעהן פיעלעס אין אונזער שווערען לעבען. און ווען מיר מאַטערען זיך צו זיין גוט, קענען מיר האָפען אויף א בעלוינונג.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויסהערענדיג איהר, נאר ער האָט געפיהלט, אז זיא האָט רעכט. פּלוצים האָט ער איהר ארומגעכאַפּט מיט זיינע הענד און איהר קיידענשאַפטליך א קוס געטהאָן און דאן האט ער איהר מיט א מאָל אָבגעלאָזט און אָבגעקעהרט זיך, זיא איז ניט געווען אין כעס, נאר גוזשע האָט געציטערט פון קאָפּ ביז דיא פיס ער האָט אָנגעהויבען צו קלייבען בלומעלאַך און וואַרפען אין איהר קערבעלע ניט וויסענדיג וואס צו טהאָן מיט זיינע הענד, דיא בעשעפטיגונג האָט איהם אמוזירט און בערוהיגט. ווען ער האָט ניט געטראָפען אריינצואוואַרפען אין קערבעל, האָט ער זיך אין דער הויך צולאַכט.

ביידע זיינען געווען צופריעדען און רוהיג. ווען זיי האבען זיך געלאָזט געהן צוריק א היים, געהענדיג, האָט זיא גערעדט פון עטיען.

אין דער ווירקליכקייט האָט זיא זיך פאַר לאַנטיע געשראָקען א סך מעהר וויא זיא האָט זיך מודה געווען צו זיך אליין. זיא איז געווען שטארק ענטשלאָסען ניט צו ערלויבען דיא קלענסטע פרייהייט פון זיין זייט, דאך האָט זיא געקענט איהר שוואכע נאַטור, וואס האָט לאַנג ניט געקענט ווידערשטעהן א שטארקען כאַראַקטער וויא איהר איינגענעם.

נאר לאַנטיע איז צו איהר שטארק צוגעשטאַנען. איצט איז ער מיט איהר זעהר אָפט געבליבען אליין, נאר ער איז שטענדיג געווען שטיל און איידעל. קאָפּע האָט יעדען דערצעהלט, אז לאַנטיע איז א טרייער פריינד; ער האָט ניט אין קאָפּ קיין נאַרעשקייטען און ער קען זיך פערלאָזען אויף זיין אָרדענטליכקייט. ווען זייא פלעגען אלע דריי ארויסגעהן א זונטאָג אויף א שפּאַציר, פלעגט ער הייסען זיין ווייב, זיא זאָל נעהמען לאַנטיע'ס ארם; ער פלעגט געהן פון הינטען און איז געווען פערטיג צו געבען קלעפּ יעדען איינעם, וואס וועט זיך ערלויבען צו וואַרפען אויף זיי א פרעכען בליק אדער ווינס.

ער פלעגט לאַכען פון לאַנטיע איהם אין דיא אויגען און געמאַכט שפּאַס פון זיין פראַק און פון זיינע ביכער, נאר ער פלעגט באַלד צוגעבען, אז טראָצדעם

האט ער איהם ליעב און זיי פערשטעהען איינער דעם צווייטען און דיא פריינד־שאפט פון א מאן צו א מאן איז שטארקער וויא דיא ליעבע צו א פרוי.

קאפע און לאנטיע זיינען געווען גרויסע אויסברענגער און האבען זיך מיט געלד געשאטען, לאנטיע פלעגט שטענדיג לייהען ביי זשערוויז צעהן אדער צוואנציג פראנק, אזוי גיך נאר וויא ער האט זיך דערוואוסט, אז זיא האט געלד ביי זיך, אונטער דעם אויסרייד, אז ער מוז דאס האבען צוליעב געשעפטס־אנגעלעגענהייטען. אזעלכע טעג פלעגט ער מיטנעהמען מיט זיך קאפע אין א וייטען רעסטאראן און האט געהייסען דערלאנגען אזעלכע שפייזען, וואס זיי האבען אין דער היים ניט געקענט קריגען און פלעגען פערטרינקען איין פלאש ווין נאכ'ן צווייטען.

קאפע'ן וואלט א סך בעסער געפעלען געווארען אנשכור'ען זיך גאנץ איינפאך און נאר ניט עסען, נאר דיא עלעגאנץ און געניטקייט פון זיין פריינד אין אויס־קלייבען וואונדערליך־פיינע שפייזען אויף דער קארטע, האט אויף איהם געמאכט א שטארקען איינדרוק. ער האט נאך קיין מאל ניט געזעהן א מענשען וויא לאנטיע מיט אזא געשמאס און אזא אויסקלייבער. און ער האט דיא אויגען ניט אראב־גענומען פון איהם, וויא ער פלעגט רעדען מיט'ן דיענער אדער אבשיקען דיא שפייזען, וואס זיינען איהם ניט געווען געפעלען.

נאר איין זאך איז לאנטיע געווען זעהר שפארזאם; דעם דיענער האט ער קיין מאל ניט געגעבען מעהר וויא צוויי סו, ווען דער מיטאג האט אפילו געקאסט אכט אדער צעהן פראנק.

ווען זיי זיינען אויפ'ן אנדערען טאג געזעסען ביים איינפאכען מיטאג אין דער היים מיט זשערוויז, האבען זיי קיין מאל ניט דערמאנט וועגען דיא מיטאגס אין רעסטאראן. נאטירליך, מענשען, וואס ווילען לעבען א גוטען טאג, קענען ניט אר־בייטען, און זינט לאנטיע איז געווארען א מיטגליעד פון זיין פאמיליע, האט קאפע ניט גענומען קיין שטיקעל געצייג אין האנד אריין, קאפע האט געוואוסט פון יעדען שענק מייל׳ען ארום און האט געטרונקען ביז שפעט אין דער נאכט און איז געווען אונצופריעדען, ווען לאנטיע, וועמען דער בראנפען האט קיין מאל ניט געמאכט שכור, האט איהם איבערגעלאזט אליין.

ארום ערסטען נאוועמבער האט קאפע ערקלערט, אז ער הויבט אן א נייא לעבען און מארגען וועט ער געהן צו דער ארבייט. לאנטיע האט איהם דאביי גע־לייענט א שטיקעל מוסר, אז ארבייט איידעלט דעם מענשען. אין דער פריה איז לאנטיע אויפגעשטאנען נאך איידער דיא זון איז אויפגעגאנגען און האט זיך

ארויסגערופען צו נעהן איהם בעגלייטען. אויפ'ן וועג זיינען זיי אריין אין דעם נאַך־הענטסטען וויינ־שענק אום צו פערשטארקען מיט א גלאָז וויין דעם בעשלוס צו ארבייטען. דאָרטען האָבען זיי געטראָפען קאָפּע'ס א קאמעראַד, ביבי־לאַ־גרילא וועלכער איז געזעסען און האָט מיט כעס געריבערט זיין פּיפּקע.

— וואס איז געשעהן ביבי? האָט קאָפּע געפרעגט.

— גאָר ניט, האָט ביבי געענטפערט. איך האָב נאָר געקריגען נעכטען מיין פּאַס *) א בראָך זאָל קומען אויף אלע מייסטערס.

זיי האָבען איהם אָנגעבאָטען א גלאָז בראַנפען און ער האָט דאס אָנגענומען מיט דאַנק, לאַנטיע האָט אָנגעהויבען צו פערטהיידיגען דיא ארבייט־געבער. זיי זיינען ניט אזוי שלעכט, וויא מען מאַכט זיי, און וויא קען מען אויסקומען אָהן זיי?

— אמת, האָט ער געזאָגט ווייטער, איך בענעה זיך אָהן זיי, נאָר קומט, האָט ער זיך געווענדט צו קאָפּע, מיר קענען זיך נאָך פערשפּעטיגען.

ביבי איז אויך מיט זיי ארויס, דער פריהמאָרגען איז געווען גרוי און וואָל־קענדיג, עס האָט גערעגענט דיא גאַנצע נאַכט און עס איז געווען וואַרעם, מען האָט ערסט אויסגעלאָשען דיא לאָמפּען אין גאַס, דיא ארבייטער האָבען זיך געאיילט צו דער ארבייט.

קאָפּע מיט זיין זעקיל געצייג אויף דיא פּלייצעס האָט זיך נאָכגעשלעפּט, זיינע טריט האָבען שוין לאַנג פערלאָרען דעם הילך.

— ביבי, האָט ער געזאָגט, מיין מייסטער האָט מיר געזאָגט, אז איך סען ברענגען נאָך אן ארבייטער מיט מיר.

— ניט פאר מיר געדאַכט, האָט געענטפערט ביבי, איך וויל פון זיי מעהר ניט וויסען, פאר מיר עקזיסטירען מעהר ניט קיין מייסטערס, נאָר אפשר וועט מע־באָט וועלען געהן צו דער ארבייט?

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום „אסעמואר" האָבען זיי דערזעהן מע־באָט אינעווייניג, לאַנטיע איז געבליבען אין דרויסען און האָט געהייסען קאָפּע זיך צו־איילען, ווייל איהם איז נאָר פערבליבען א מינוט צעהן.

— דענקסטו, אז איך וועל געהן ארבייטען פאר דיין מייסטער? האָט אויס־געשריען מע־באָט, ער איז דער גרעסטער טיראַן אין פראַנקרייך. ניין, איך וועל

---

*) מען האָט איהם אָבגעזאָגט פון דער ארבייט.

בעסער לענען דיא צייהנער אויף דיא פּאָליצעס, איידער נעהן ארבייטען צו דיין בעל הבית. איך זאג דיר, אז דוא ווענסט זיך דאָרטען קיין דריי טעג ניט איינהאַלטען.

— מיינסטו דאס ערנסט? האט קאָפּע געפרעגט אונרוהיג.

— געוויס מיין איך ערנסט. מען מאָר דאָרטען קיין וואָרט ניט אויסרעדען, מען טאָר זיך א ריהר ניט טהאָן, מען מוז שטעקען מיט דער נאָז אין דער ארבייט דיא גאַנצע צייט. ער לאָזט פון דיר דיא אויגען ניט אראָב, און ווען דוא נעהמסט א טראָפּען אין מויל, זאָגט ער, אז דוא ביזט שכור און מאַכט סקאַנדאַלען.

— איך דאנק דיר זעהר פאר דיין ווארנונג. איך וועל נאר פּרובען היינטיגען טאָג און אויב דער מייסטער וועט מיר שטארק דערעסען, וועל איך איהם אָפּען זאָגען, וואס איך דענק פון איהם און וועל אוועק.

קאָפּע האָט געדריקט זיין קאמעראַד דיא האנד און געלאָזט זיך געהן, נאר מע־באַט איז שטארס אין כעס געוואָרען און געזאָגט. אז דער מייסטער איז ניט קראַנק צו ווארטען אויף איהם א פינף מינוט און ער וועט איהם ניט לאָזען געהן ביז ער וועט מיט איהם טרינקען. לאַנטיע איז אויך אריינגעקומע און האט זיך אנידערגעשטעלט נעבען מע־באַט, וועלכער איז געשטאַנען מיט׳ן היטעל פעררוקט צו דער פּאַטילניצע און וועלכער האָט געהייסען דעם שענקער געבען א גוטע מאָס

אין דיעזען מאָמענט האבען זיי דערזעהן גוזשע און לאַריל פערביינעהן, מע־באַט האט זיי נאָכגעשריען, אז זיי זאָלען אויך אריינקומען, נאר זיי האבען זיך ביידע ניט אָבגעשטעלט. גוזשע האָט געענטפערט, אז ער וויל נאר ניט, און לאַריל האָט געזאגט. אז ער האָט קיין צייט ניט און האָט געטוליעט צום הארצען א קעסטעלע מיט גאָלדענע קיימלאָך.

— נאראָנים, האָט מע־באַט געזאָגט, דער בעסטער פּלאַץ פאר זיי איז אונטער׳ן אייוועץ.

און ער האָט זיך ווידער גענומען זידלען דעם שענקער, אז ער מישט זיין בראַנפען מיט וואסער, עס איז שוין געוואָרען טאָג, דער שענקער האט גענומען אויסקעשען דעם גאז, קאָפּע האָט גענומען פערענטפערן זיין שוואָגער און גוזשע האָט זיך געראָזט געהן. נאר דא האט איהם לאַנטיע אָבגעהאַלטען און געזאָגט אז ער האט נאך פאר איהם ניט בעצאָהלט.

זיי האבען אלע בעצאָהלט פאָר זייערע גלעזער, אויסער ביבי וועלכער האָט האָט זיך אָנגעבויגען און עפּעס שטיל איינגעראַמט דעם שענקער אין אויער אריין,

דער שענקער האָט אונצופריעדען געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, מע־באָט האט איהם דערפאר גוט אָבגעזידעלט און ווען עס איז שטיל געוואָרען, האט דער שענקער געזאָגט:

— זאָלען אייערע פריינד בעצאָהלען פאר אייך, דאס איז א גאנץ איינ־פאכע זאך.

מע־באָט איז וואס ווייטער אלץ מעהר שכור געוואָרען און אוועקרוקענדיג זיך אביסעל אן א זייט, האט ער א זעץ געטהאָן איבער קאָפּע'ס זעקיל געצייג און געזאָגט:

— דוא זעהסט אויס וויא א פעדלער מיט א פּאק אויף דיא פלייצעס.

קאָפּע האט זיך א ווײלע בעטראכט נאר באלד האָט ער דאס זעקיל אראָב־גענומען פון פלייצע און אראָבגעלאָזט עס אויף דער ערד.

— עס איז שוין צו שפּעט צו געהן איצט צו דער ארבייט; איך וועל בעסער ווארטען ביז האלבען טאָג, האט קאָפּע געזאָגט, איך וועל מיין מייסטער זאָגען, אז מיין ווייב איז קראנק. הערט! האט ער זיך געווענדעט צום שענקער, איך וועל דא אונטער דער באנק איבערלאָזען מיין זעקיל מיט דיא געצייג און וועל נאכדעם קומען נאך האלבען טאָג.

לאנטיע האט אויף דעם איינגעשטימט, ארבייט איז געוויס א גוטע זאך, נאר גוטע פריינד זיינען בעסער. דיא פיער מענער זיינען אָבגעשטאנען ביי א שטונדע צייט פריהער אויף איין פוס און דערנאך אויפ'ן צווייטען און האבען ווייטער גע־טרונקען און דערנאך האָט יעמאנד פאָרגעשלאָגען צו שפּיעלען ביליארד און זיי זיינען אוועק אין א ביליארדנע איבערן וועג. פאר לאנטיע איז דער פּלאץ געווען ניט גענוג פיין און ער האָט פערקרימט מיט דער נאָז, נאר ער איז באלד צופריע־דענער געוואָרען, ווען ער האָט בעמערקט, אז זיינע פריינד ווערען ענטציקט פון זיין שפּיעלען, און אין דער ווירקליכקייט האט ער זעלטען גוט געשפּיעלט.

ווען דיא שטונדע פון עסען איז געקומען, זיינען זיי אלע אוועק אין א רעס־טאָראן און אויפ'ן וועג האבען זיי נאך ארויסגערופען נאך א קאמעראד פון א פאב־ריס, שיקענדיג איהם אָנזאָגען, אז זיין ווייב איז געפעהרליך קראנק און ער זאָל גלייך ארויסגעהן, דיא המצאה איז געלונגען און זיי האבען זיך אלע פינף געזעצט צום עסען, א זייגער האלב נאך צוועלף האָט זיך קאָפּע אויפגעהויבען און געזאָגט, אז ער האָט זיין ווייב פערשפּראָכען אז היינט וועט ער געהן צו דער ארבייט. דיא קאמעראדען האבען געגען דעם פּראָטעסטירט און האבען איהם געוואָלט אָבהאַל־

מען נאר ער האט זיך געהאלטען ביי דאס זייניגע. דיא קאמעראדען האבען בע־שלאסען צו געהן איהם בעגלייטען אין אסעמואר, וואו זיינע געציינג האבען זיך גע־פונען, דארטען האבען זיי ווידער גענומען צו ביסלאך בראנפען און דערווייל האט שוין דער זיינער געשלאגען איינס, און קאפּע האט מיט׳ן פוס צוריק ארונטערגע־שארט דאס זעקיל מיט דיא געצייג אונטער דער באנק און געזאגט, אז צו דער ארבייט וועט ער שוין געהן מארגען און איין טאג צושלאגען איז נים קיין גרויסע זאך.

דער רעגען האט אויפגעהערט, איינער פון דיא מענער האט פארגעשלאגען צו מאכען א שפּאציר, אום אויסצוגלייכען זייערע פיס, נאר דיא לופט האט זייא נאך שכור׳ער געמאכט און זיי זיינען געגאנגען ווארפענדיג מיט דיא הענד און נים רעדענדיג קיין ווארט. צוקומענדיג אין עק נאס צו א נייען שענק, זיינען זיי אהין מעכאניש אריינגעגאנגען, לאנטיע האט זיי דארטען אריינגעפיהרט אין א בעזונדערע צימער, רעבענענדיג, אז אזוי וועט זיין פיעל אנשטענדיגער, ער האט געשיקט נאך א צייטונג און האט אנגעהויבען צו לייענען מיט א פערוואלקענטען שטערן. קאפּע און מע־באט האבען זיך געזעצט שפּיעלען אין קארטען און דאס פלעשיל בראנפען מיט גלעזלאך איז געשטאנען אין מיטען טיש.

— וואס הערט זיך נייעס? האט געפרעגט ביבי.

לאנטיע האט גענומען לייענען פון א שרעקליכען מארד און אלע האבען ווע־נען דעם אנגעהויבען צו דיסקוטירען.

א זיינער פינף, ווען אלע זיינען שוין געווען טוידט־שכור, האט זיך לאנטיע ארויסגעמאכט פון שענק אזוי, אז קיינער זאל דאס נים בעמערקען. ער האט זיך ארומגעדרייט א היבשע צייט איבער דיא גאסען, ביז ער האט זיך אויסגעניכטערט און איז געקומען א היים און האט דערצעהלט זשערוויז, אז איהר מאן איז אוועק מיט זיינע פריינד. קאפּע האט זיך נים געוויזען אין דער היים גאנצע צוויי טעג. מען האט איהר געבראכט נאבריכטען, אז מען האט איהם געזעהן אין פערשיעדענע פּלעצער, דאן אין שענק, דא אין צווייטען. זשערוויז האט נאר געצוינגען מיט דיא אקסלען.

— נומער נאט! האט זיא געזאגט. וואס פאר א ביטער לעבען דאס איז!

פאלגענדען טאג איז ער אין דער פריה א היים געקומען און איז ביי נאכט צוריק אוועק, אזוי האט געדויערט א וואך צייט, ענדליך האט זשערוויז נים אויס־געהאלטען און איז אוועק אין אסעמואר. דארטען האט מען איהר געזאגט, אז ער

איי דא געווען אייניגע מאָל, נאר איצט ווייסען זיי ניט, וואו ער איז. דיא האָט ארויסגעשלעפט דאס זעקיל מיט דיא געציינ פון אונטער דער באַנק און האט עס גענומען מיט זיך א היים.

זעהענדיג, אז זשערוויז איז זעהר אומעדיג האט איהר לאַנטיע איינגעלאַדען צו געהן אויף א קאָנצערט אין א קאפע. אָנפאַנגס האט זיא זיך אָבגעזאָגט ענט־פערענדיג, אז זיא איז ניט אויפגעלעגט ווען איהר וואָלט געווען בעסער אויפ'ן הארצען, וואָלט זיא דיא איינלאַדונג אָנגענומען, ווייל צייט איהרע צרות האבען זיך אָנגעפאַנגען, איז לאַנטיע געווען זעהר פריינדליך צו איהר.

קאָפּע איז ביז איצט קיין מאָל ניט אוועק פון דער היים אויף אזא לאַנגע צייט, זיא האָט ניט געקענט איינשטעהן ביי דער ארבייט און איז אלע ווייַלע צר גענאַנגען צו דער טהיר און געקוקט איןביידע זייטען פון דער גאַס. האט ער אויסגעבראָכען א פוס? איז ער אריינגעפאַלען אין וואסער? זיא האָט ניט געוואוסט וואס איבערצוטראַכטען. ווען ער זאָל דער'הרג'עט ווערען, וואָלט דאס איהר אפשר ניט אזוי געאַרט; דאמאלס וואָלט זיא געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר נאר צו לעבען שטענדיג אין איין מורא, איז זעהר שווער.

ענדליך ווען מען האָט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און לאַנטיע האָט ווידער געמאכט זיין פאָרשלאַג וועגען דעם קאָנצערט, האָט זיא איינגעשטימט. נאך אלעמען פאר וואס זאָל זיא ניט געהן? פאר וואס זאָל זיא זיך אָבזאָגען פון אלע פער־גניגענס מעהר ניט ווייל איהר מאן האט אָנגעהויבען צו פיהרען א מאוס'ען ארט לעבען?

דער קאָנצערט־זאַל האט זיך געפונען אויף איינעם פון דיא בולווארען, א מאָל איז דא געווען נאר א קאפע; דעם קאָנצערט־זאַל האט מען צוגעבויעט פון איינפאכע ברעטלאך. דער אריינגאַנג איז געווען אילומונירט מיט א רייהע גאז־לאָמפּען.

— דא איז דאס, האט געזאָגט לאַנטיע. מאַדמואזעל אמאנדא טרעט היינט ארויס צום ערסטען מאָל.

נעבען איינעם פון דיא אריינגעננגע איז געשטאַנען ביבי און האט געלייענט, ער האָט געהאט אן אונטערגעשלאָגענע אויג און האָט אויסגעזעהן, אזוי וויא ער איז ניט לאַנג פון א געשלעג.

— וואס מאכט איהר? האט צו איהם אויסגערופען לאַנטיע, וואו איז קאָפּע? האָט איהר איהם פערלאָרען?

**— יא,** יגט נעבטען. מיר האבען נעהאט א קליינעם געשלעג מיט'ן דיענער פון „דיא בוקעטען" ער האט געפאדערט מיר זאלען צאהלען צוויי מאל, אין געשלעג האבען מיר איינער דעם צווייטען פערלארען און איך האב איהם פון דאמאלס אן ניט געזעהן

ביבי האט א שרעקליכען גענעץ געטהאן, ער איז געוועזען מאוס שכור און האט אויסגעזעהן, וויא ער וואלט זיך ערגעץ געוואלגערט אין א רינשטאק.

— און איהר ווייסט גאר ניט פון מיין מאן? האט געפרעגט זשערוויז.

— ניין, גאר ניט.

לאנטיע און זשערוויז האבען פערבראכט זעהר אן אנגענעהמען אבענד אויפ'ן קאנצערט, און ווען דער קאנצערט האט זיך געענדיגט עלף א זייגער זיינען זיי אוועק אהיים שפאצירענדיג. לאנטיע האט שטיל געזונגען דיא אריע, וואס ער האט איצט געהערט אויפ'ן קאנצערט און זשערוויז האט איהם מיטגעהאלפען, אין קאנצערטזאל איז געוועזען זעהר הייס און זיא האט געטרונקען עטליכע גלעזער וויין.

דער קאסטיום פון דער זינגערין איז איהר שטארק ניט געפעלען געוועזען. וויא וואנט זיא דאס ארויסצוטרעטען פאר אזא פובליקום אין אזא קלייד? נאר איהר ייב איז ווירקליך זעהר א שעהנע. און זיא האט זיך צוגעהערט מיט גרויס נייר־ירינקייט צו דעם, וואס לאנטיע האט איהר דערצעהלט וועגען דער פרוי.

— אלע שלאפען שוין, האט זשערוויז געזאגט נאכדעם וויא זיא האט דריי זאל געקלונגען.

זיא האט אנגעקלאפט צו דיא ראשעס אין טהיר און האט געבעטען דאס שליעסעל.

דיא פערשלאפענע טהיר־שליסערין האט ארויסגעמורמעלט עטליכע אונפערשטענדליכע ווערטער, נאר דאך האט זשערוויז פערשטאנען, אז פלאסא האט א היים געבראכט קאפע'ן און אז דאס שליסעל שטעקט אין טהיר.

זשערוויז איז געבליבען שטעהן מיט אן אפענעם מויל בייא דער עקעלהאפטען אנבליק, וואס איהרע אויגען האבען דערזעהן קאפע איז געלעגען א טוידטשכור'ער אויף דער ערד.

זיא האט א ציטער געטהאן און האט אבגעקעהרט דעם קאפ. דיזער סצענע האט ביי איהר אין הארצען צושטערט דאס לעצטע ברעקיל געפיהל צו איהם.

— וואס זאל איך טהאן? האט זיא געזאגט פערקלעמט. איך קען דא ניט זיין.

לאנטיע האט א כאפ געטהאָן איהר האנד.

— זשערוויין, האָט ער געזאָגט, העד מיך אויס.

נאר זיא האָט פערשטאַנען, וואס ער מיינט און האָט זיך האסטיג פון איהם אָבגעקעהרט.

— ניין, ניין, לאָז מיך צורוה, אָגוסט, (דאס איז געווען לאנטיע'ס ערסטער נאָמען) איך וועל שוין וויסען וואס צו טהאָן.

נאר לאנטיע איז פון איהר ניט אָבגעטראָטען, ער האט איהר מיט דער האנד ארומגענומען ארום דער טאַליע און האָט איהר אָנגעוויזען אויף איהר מאָן, וואס איז געלעגען מיט אָן אָפענעם מויל און געכראָפעט.

— לאָז מיך! האט זיא געבעטען, און האט איהם אָנגעוויזען אויפ'ן צימער, וואו עס האבען זיך געפונען דיא שוויגער און נאַנאַ, דוא וועסט זיי אויפוועקען! דוא ווילסט דאָך ניט פערשעמען מיך פאר מיין קינד. נעה, איך בעט דיך.

ער האָט מעהר גאָר ניט גערעדט, ער האט איהר נאר א צארטען קוס געטהאָן אויפ'ן אויער, וויא ער האט דאס אָפט געטהאָן אין דיא גוטע יאָהרען, זשערוויין האט א ציטער געטהאָן און איהר בלוט האָט אָנגעהויבען צו קאָכען אין דיא אָדערן.

— וואס אָארט איהם דעם בעסטיע, האט זיא געטראַכט וועגען קאָפּע, דאס איז זיין איינענע שולד, דאס איז זיין שולד. ער פערטרייבט מיך פון דעם צימער.

און ווען לאנטיע האט איהר צוגעשלעפט צו זיין טהיר, האט זיך אויף א סעקונדע געוויעזען א ליכט אין פענסטער.

דיא מוטער האָט ניט געזעהן איהר קינד, וואס איז געשטאַנען אין איין העמד, בלייך פון שלאָף. נאַנאַ האָט א קוק געטהאָן אויף איהר פאָטער און דאן האט זיא נאָכגעקוקט דיא מוטער, וויא זיא איז פערשוואונדען געוואָרען אין לאנטיע'ס צימער. זשערוויין איז געווען פאַלקאָמען ערנסט נאר אין איהרע אויגען האט זיך אָנגעצונדען דיא תאוה'דיגע נייגיערדע פון פריהערדיגע זינד.

---

## VIII.

קאָפּע'ס מוטער פלעגט יעדען אָנהויב ווינטער ליידען פון אן אָנפאַל פון אן אסטמאטישען (יאָדישליוער) הוסט. דיעזען ווינטער האט זיא געליטען מעהר וויא שטענדיג. און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אז זיא איז געוועזען זעהר צורייצט און צוקלעמט. דאס צימער וואו זיא איז געשלאָפען איז געוועזען זעהר ווענינ בעלויכ־טען און דיא לופט איז געוועזען זעהר פערשפּארט, דאס צימער איז געוועזען אזוי ענג אז צווישען איהר בעט און נאנא'ס האט זיך קוים געקענט שטעלען א ביינקעל, דיא אלטע פלעגט זיך ווארפען פון איין זייט אויף דער צווייטע און פלעגט ניט אויפהערען צו קרעכצען.

— אך, איידער אזא לעבען בעסער שוין זיין אין קבר, האט דיא אלטע גע'טענה'ט.

אזוי גיך וויא יעמאנד פלעגט אריינקומען, ווירזשין אָדער ראָשע, האט דיא אלטע גענומען פאר זיי אויסגיסען איהר הארץ.

— מיר וואָלט בעסער געוועזען ביי פרעמדע, פלעגט זיא זאָגען, איך וואָלט ווענינער געליטען אפילו נאנא, וואס איך האָב ערצויגען אויף מיינע הענד, וויל פון מיר ניט וויסען, זיא אנטלויפט אין דער פריה און ווען זיא קומט ביי נאכט פרענט זיא ניט צו איך וויל עפּעס, אָדער וואס מאך איך און פאלט גלייך וויא א שטיין אין בעט. איך גלויב, אז דיא וועשערקע וואָלט מיר דערשטיקט מיט איהרע איי־גענע הענד, ווען זיא זאָל ניט מורא האבען פאר'ן געריכט.

אין דער ווירקליכקייט איז זשערוויז שוין ניט געוועזען אזוי גוט און צארט וויא א מאָל, יעדע זאך האָט געשיינט צו געהן אנטקעגען איהר און זיא האָט בימלעכ־ווייז פערלאָרען איהר מוטה און געדולד. א מאָל האָט זיא זיך אויסגעדריקט אין דער הויך, אז דיא שווינער איז אויף איהר א גרויסע לאסט. דאס האט דיא אלטע א ריס געטהאָן ביים הארצען, און ווען איהר טאָכטער לעבא איז געקומען, האָט זיא זיך פאר איהר געקלאָגט, אז מען גיט איהר ניט געגוג צום עסען, דיא טאָכטער האט איז ר געטרייסט מיט דעם, וואס זיא האט איהר געגעבען אביסעל געלד, וואס איז דעם זעלבען טאָג אוועק אויף נאשעריי,

באלד האָט דיא אלטע גענומען אויסדערצעהלען איהרע טעכטער, וויא זשערוויז האט זיך גענומען פוצען און וויא זיא עסט אין דיא ווינקעלאך דיא בעסטע זאכען און גיט קיינעם גאר ניט און נאך אזעלכע רכילות. דערנאָך האט זיא נעהנ־

טער צונערופען דיא טעכטער צום בעט און נאך א שטארקען הוסטען האט זיא דערצעהלט, אז מיט א פאר נעכט פריהער איז איהר זוהן געקומען טוידט־שכור און זיא איז זיכער, אז זשערוויז האט דיא נאכט פערבראכט אין לאנטיע'ס צימער.

— און העסליכער פון אלץ איז, וואס איך בין זיכער, אז נאנא האט דאס אלץ געזעהן און געוואוסט, וואס דארטען קומט פאר.

דיא צווי פרויען האבען דיא זאך גענומען קאלט און האבען זיך גאר ניט געוואונדערט.

— דאס איז ניט אונזער געשעפט, האט געזאגט לאריל, אז דער ברודער מאכט זיך דערפון ניט וויסענדיג, וואס זאל דא אונז אארען.

גלייך נאכדעם האבען זיי צוטראגען איבער דער גאנצער נאכבארשאפט, וואס עס טהוט זיך ביי זייער שוועגערין און האבען דאביי בעמערקט, אז אויב זיי געהן אהין אריין, איז דאס נאר צוליעב זייער מוטער.

אלע האבען בעשולדיגט זשערוויז, אז זיא האט פערדארבען דעם ארימען לאנטיע, מענער וועלען בלייבען מענער, האבען זיי גע'טענה'ט, איהר קענט דאך ניט ערווארטען פון איהם, אז ער זאל זיך אבקעהרען פון א פרוי, וואס הענגט זיך איהם אויפ'ן האלז; מען קען איהר בשום אופן ניט ענטשולדיגען, זיא איז א שאנדע פאר דער גאנצער גאס.

דיא לארילס האבען פערבעטען נאנא צו זיך אויף אנבייסען, אום זיי זאלען קענען בעסער אויספרעגען, נאר אזוי גיך, וויא זיי האבען בעריהרט דיא פראגע, האט זיא זיך געמאכט אזוי וויא זיא פערשטעהט גאר ניט און זיי האבען פון איהר ניט געקענט ארויסקריגען ניט איין זילבע.

נאר דיא אלע רעדערייען האבען זשערוויז גאר ניט געארט, זיא איז געווען אבגעלאזט, פערשלאפען און פערדולט. אנפאנגס האט זיא זיך אליין פעראכטעט נאך יענער נאכט, ווען זיא איז אוועק מיט לאנטיע צו איהם אין צימער און ווען קאפא האט אויף איהר ארויפגעלעגט א האנד, פלעגט זיא א שוידער טהאן און אנטלויפען, נאר אין ניבען האט זיא זיך צוגעוואוינט. איהר פוילקייט איז געווארען שרעקליך און דיא איינציגע זאך, וואס זיא האט געווינשט, איז געווען צו זיין רוהיג און לעבען בעקוועם. נאך אלעמען, האט זיא צו זיך געזאגט, וואס דארף דאס איהר אארען? ווען איהר מאן און געליעבטער זיינען צופריעדען, פאר וואס זאל זיך ערגערן?

קיין פרעמדער מענש האט ניט געקענט בעמערקען קיין שום ענדערונג אין הויז. ווען קאפּע פלעגט קומען א שכור'ער, האט זיא איהם איבערגעלאזט אליין און איז אוועק שלאפען אין לאנטיע'ס צימער. עס האט איהר אפילו ניט געטריבען קיין ליידענשאפט, עס איז איהר איינפאך דארטען געווען בעקוועמער און וויא א קאץ האט זיא געזוכט דיא ווייכסטע און בעקוועמסטע פּלעצער.

דיא אלטע קאפּע האט איהר קיין מאל ניט געוואגט צו זאגען איהר דאס אין דיא אויגען, נאר ווען זיי האבען זיך אמאל צוקריעגט, האט איהר דיא אלטע גענומען געבען אנצוהערענים. דאס ערסטע מאל האט זשערוויז אויף איהר אויס־געשטעלט איהרע אויגען און האט שטיל אויסגעהערט, וואס יענע האט צו זאגען, דאן האט זיא געענטפערט אזוי וויא זיא וואלט גערעדט פון א פרעמדע פערזאן און און ניט פון זיך, אז ווען א פרוי האט דאס אונגליק חתונה צו האבען פאר א מאן וואס איז א שכור, דארף מען אויף איהר רחמנות האבען און ניט בעשולדיגען איהר, ווען אפילו זיא זוכט טרייסט ערגעץ אנדערסוואו.

א צווייטען מאל איז זיא אוועק ווייטער און געענטפערט, אז לאנטיע איז אזוי גוט איהר מאן וויא קאפּע, ער איז דער פאטער פון איהרע צוויי קינדער. אויסער דעם, האט זיא ווייטער געזאגט, זיינע דען איהרע שכנות בעסער? זיי זיינען נאר ניט אזוי אנשטענדיג, אז זיי זאלען קענען וועגען עמיצען רעדען, און זיא האט גענומען אויסרעכנען יעדע שכנה בעזונדער און האט אויף יעדע געפונען עפּעס, וואס האט געווען, אז זיי זיינען נאך ערגער פון איהר, ווייזענדיג דאבייא איהר שווינער, אז צוואר זיא האט זיך קיין מאל ניט צוגעהערט צו דיא רכילות־טרייבערקעס, האט זיא דאך יעדע זאך געוואוסט, נאר א מאל האט זיא זיך דער־פון אבגעקעהרט אונצופריעדען און איצט האט דאס איהר פערשאפט פערגניגען.

— נאר דאס איז ניט מיין געשעפט, האט זיא געענדיגט איהר געשפּרעך ;— זאל יעדער לעבען וויא ער פערשטעהט.

א מאל ווען דיא שווינער האט איהר שטארס דערעסען, האט זיא צו איהר געזאגט מיט צוזאמענגעפרעסטע ליפּען :

— הערט, וואס איך וועל אייך זאגען, איהר זייט איצט קראנק און דערפאר וויל איך אייך ניט ערגערען, איך האב אייך קיין מאל ניט געזאגט א ווארט וועגען אייער אייגענעם לעבען, נאר איך ווייס יעדע זאך ...... איך וויל אייך ניט דערמאנען קיין איינצעלהייטען, נאר איהר האט געפיהרט א שענדליכען לעבען ...... ניט איהר זייט דיא פערזאן, וואס זאל רעדען וועגען פרעמדע.

דיא אלטע האט שיער ניט געפּלאצט פאר כעס און ווען גוזשע איז אויף מאָרגען געקומען נאך דער מוטער׳ס וועש און האט צופע״נ ניט געטראָפען זשערווייז אין דער היים, האט איהם דיא אלטע צוגערופען צום בעט און וויסענדיג זיינע געפיהלען צו זשערוויז, האט זיא איהם אויס ראַכע צו דער שנור דערצעהלט מיט טרערען און זיפצען פון איהר שלעכטע אויפפיהרונג, זאָגענדיג, אז דאס פיהרט איהר אין דער ערד אריין.

ווען גוזשע האט פערלאָזט דאס צימער, האט ער אויסגעזעהן מיט צעהן יאָהר עלטער און איז געווען בלייך ו יא דער טוידט, און ווען זשערוויז איז צוריק געקומען האט איהר דיא אלטע מיט אזא צופריעדענע מינע דערצעהלט, דאס פרוי גוזשע פאָדערט איהר וועש גלייך אויפ׳ן שטעל צו געוואַשען צו ניט געוואשען, אז זיא האט גלייך דערשמעקט, וואס דא איז געשעהן און וואס זיא קען איצט ערוואַרטען פון גוזשע, בלאָס און צושראָקען האט זיא צונויפגעלעגט דיא וועש אין א קערביל און איז גלייך אוועק צו פרוי גוזשע. יאָהרען זיינען שוין אריבער און זיא האט איהרע פריינד נאך איין סו ניט אָבגעצאָהלט. דער חוב איז נאָך אלץ געשטאַנען ביי פיער הונדערט און פינף און צוואנציג פראנק.

קאָפּע פלעגט זיך דערפון לוסטיג מאַכען, אז גוזשע איז גענוג בעצאָהלט מיט דעם, וואס זיא ניט איהם פון צייט צו צייט א קוס אין א ווינקעל, זשערוויז׳ס אויגען פלעגען זיך אין אזעלכע מאָמענטען אנצינדען מיט א פייער און זיא פלעגט פרעגען, צו ער מיינט דאס ערנסט און צו ער איז ווירקליך אזוי נ׳עדריג געפאלען און ער זאָל ניט וואגען צו רעדען אזוי פון גוזשע אין איהר אנוועזענהייט.

יעדעס מאָל ביים אָבטראָגען דיא וועש צו גוזשע, האט זיא געפיהלט דעם טעם פון טוידט, נאר היינטיגעס מאָל איז איהר ליעבער געווען אריינגעהן לעבענדיג אין דער ערד איידער ארויפשטיינען דיא בעקאַנטע טרעפּ צו איהרע אלטע פריינד.

— אה, דאס זייט איהר! האט איהר בעגעגענט פרוי גוזשע קאלט.

זשערוויז איז אריין זעהר אונגערן, זיא האט ניט געוואגט צו ענטשולדיגען זיך, זיא איז שוין ניט געווען פינקטליך, וויא א מאָל; פערקעהרט, יעדע זאך איז איצט געווען אין אונאָרדנונג.

— איהר האט מיך געלאָזט ווארטען א גאנצע וואָך, האט ווייטער געזאָגט פרוי גוזשע, איהר האט מיר געזאָגט איין ליגען נאָכ׳ן צווייטען, איהר האט מיר געשיקט זאָגען דורך אייער העלפערקע, אז היינט האט זיך עפּעס אויסגעגאָסען אויף דער וועש, אז נעכטען איז געשעהן עפּעס א צופאל, נאר מאָרגען וועט איהר

שוין ברענגען, אזוי האָט איהר מיך ארומגעפיהרט א גאנצע וואָך. נאר וואס האָט איהר מיר דא געבראכט? האט איהר געבראכט דיא העמדער, וואס איהר האָט אָבגעהאלטען א גאנצען מאָנאט? האט איהר געבראכט דאס קליידעל, וואס איז לעצטע וואָך פערפאלען געוואָרען!

— יא, דאס קליידעל האב איך געבראכט, האט זשערוויז געענטפערט שטיל, ניט א קוק.

— דאס קליידעל איז ניט מיינע, האט פרוי גוזשע אויסגעשריען מיט כעס. איך וויל ניט האבען יענעמס וועש. און דיא העמדער? וואו זיינען דיא העמדער? זיי זיינען אויך פערפאלען געוואָרען, וויא איך פערשטעה. טהוט אייך וואס איהר ווילט, נאר מאָרגען זאָלען מיר ווערען דיא העמדער.

עס איז געוואָרען שטיל, זשערוויז איז געווען זעהר אונרוהיג, זעהענדיג, אז דיא טהיר פון גוזשעס צימער איז געווען אָפען, ווייל זיא האט פערשטאנען אז ער געפינט זיך אינעוויינינג און הערט יעדעס וואָרט. זיא האָט געזוכט צו זיין וואס מעהר אונטערטהעניג און האט זיך שטיל צוגעהערט צו פרוי גוזשע'ס ווערטער, ווען זיא האט געצעהלט דיא שטיקלאך גרעט.

— נו, נו! האט זיא געזאגט, קיינער קען ניט לויבען אייער וואשען אין דיא לעצטע צייטען; עס איז ניטא א שטיקעל, וואס זאָל ניט זיין פערשמוצט פון אייזען. זעהט, דיא העמד איז צוגעברענט און דיא קנעפלאך ארויסגעריסען. יעדע זאך, וואס איהר ברענגט אב, איז צוריסען. זעהט דעם יאקיל, עס ליעגט דאך אויף איהם דיא גאנצע שמוץ...... איך קען ניט צאָהלען פאר אזא וועש.

זיא האט אויפגעהערט צו רעדען און האָט פון דאס ניי איבערגעצעהלט דיא וועש און אויסגערופען:

— צוויי פאָר זאָקען, זעקס האנדטיכער און א טיש־טוך פעהלען היינטיגע וואָך! וויא עס שיינט מאכט איהר חוזק פון מיר, איך וויל אז איהר זאלט איין מאָל פאר אלע מאָל פערשטעהן, אז איך וויל האבען צוריק מיינע זאכען, געפרעסטע אדער ניט געפרעסטע. אויב איהר שיקט זיי מיר ניט אָב אין א שטונדע, האב איך מעהר ניט צו טהאָן מיט אייך, פרוי קאָפּע.

אין דיעזען מאָמענט האָט גוזשע א הוסט געטהאָן, זשערוויז האט זיך א צאפּעל געטהאָן ער האט געהערט, וויא מען בעהאנדעלט איהר און זיא איז גער בליבען שטעהן צומישט אהן ווערטער.

פרוי גוזשע האָט זיך צוריקגעזעצט צו איהר ארבייט ביים פענסטער.

— און דאס גרעט? האט זשערוויין געפרעגט מיט ציטערניס.

— א גרויסען דאנק, האט געענטפערט דיא אלטע פרוי, איך האב היינטיגע וואך גאר ניט צו געבען וואשען.

זשערוויין איז געוואָרען בלייך. איהר איז געוואָרען קלאָר, אז פרוי גוזשע וויל איהר מעהר ניט געבען צום וואַשען, זיא האט זיך אנידערגעזעצט אויף א ביינקעל. זיא האָט ניט געזוכט צו פערענטפערן זיך, זיא האט נאר געמאכט איין פראגע: איז הערר גוזשע קראנק?

— ער איז ניט געזונד, ער איז ערסט אריינגעקומען און האט זיך צוגעלעגט.

פרוי גוזשע האט גערעדט לאנגזאם און האט אויסגעזעהן זעהר פייערליך אין איהר ווייסע הויב און שווארצע איינפאכע קלייד, זיא האט איהר ווייטער ערקלערט אז זיי ווילען איצט מוזען לעבען זעהר עקאָנאָמיש און וועט אליין מוזען וואשען, געוויס, ווען זשערוויין זאָל אויסצאהלען איהר חוב, וואָלט דאס ניט געטהיג געווען, נאר מען דארף שווייגען, ווייל פערקלאָגען פאר'ן חוב וועט זיא ניט.

— נאר ווען איהר זאָלט לעבען אביסעל שפּארזאמער, האט דיא אלטע פרוי בעמערקט, — וואלט איהר אונז דעם חוב אויסגעצאָהלט; איהר וואלט אונז געבען כאָטש צעהן פראנק א מאָנאט......

— מאמע! האט זיך דערהערט פון דער אָפענער טהיר א קול — קום אריין אהער!

ווען זיא האט זיך צוריקגעקעהרט, האט זיא גענומען רעדען וועגען עפּעס אנדערש. וויא עס שיינט, האט איהר דער זוהן געבעטען, זיא זאָל ניט רעדען וועגען דעם חוב מיט זשערוויין, דאך האט זיא זיך אין צעהן מינוט ארום ניט איינגעהאלטען און האָט זיך צוריק אומגעקעהרט צו דער זעלבער טהעמא. זיא האָט פון אָנפאנג אן געוואוסט, מיט וואס דאס וועט זיך ענדיגען און עס האט זיך אויסגעלאָזט אויף איהרע רייד. דער בלעבער האט פערטרונקען דעם גאנצען געשעפט און האָט דעם גאנצען לאָסט ארויפגעוואָרפען אויפ'ן ווייב. ווען איהר זוהן וואָלט איהר נעפאָלגט, וואָלט ער קיין מאָל דאס געלד ניט פערליהען, זיין חתונה איז צושלאָגען געוואָרען, און ער האָט פערלאָרען דעם מוטה. ענדליך איז זיא אזוי בייז געוואָרען, אז זיא האט אָפען בעשולדיגט זשערוויין, אז זיא מיט איהר מאן האבען זיך צונויפגערעדט צו בעשווינדלען איהר גוטהערציגען זוהן, וואס וויים ניט פון קיינע חכמות, פיעלע פרויען שפּיעלען דיא ראָלע פון אָרדענטליכע און עס נעהמט יאָהרען ביז מען געפינט אויס, וואס זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט.

— מוטער! מוטער! האט זיך ווידער דערהערט גוזשע׳ס שטימע.

זיא איז אוועק אין צווייטען צימער און ווען זיא האט זיך צוריקגעקעהרט, האט זיא זיך געווענדט צו זשערוויז:

— געהט אריין, ער וויל אייך זעהן.

זשערוויז האט געפאָלגט און איז אריין אין צווייטען צימער, איבערלאָזענדיג דיא טהיר אָפען. זיא האט געפונען דאס צימער זיס און פריש, וויא שטענדיג, גוזשע, נידערגעשלאָגען פון דעם, וואס ער האט געהערט פון דער אַלטע קאָפּע, איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ׳ן בעט מיט א בלייכע געזיכט און איינגעפאלענע אויגען.

— הערט, האט ער געזאָגט, איהר דארפט זיך ניט נעהמען צום הארצען פון מיין מוטער׳ס ווערטער, זיא פערשטעהט ניט, איהר זייט מיר גאָר ניט שולדיג.

ער האט זיך קוים אויפגעהויבען פון בעט און איז געשטאנען, קוקענדיג אויף איהר אנגעשפּארט אן בעט.

— זייט איהר קראנק? האט זיא געפרעגט נערוועז.

— ניין, נאר מיין הערץ איז קראנק; קראנק דערפון ווען איך ערמאָנער מיך, וואס איהר האט מיר געזאָגט און ענדליך זעה איך דיא וואהרהייט. געהט, איך קען מעהר ניט קוקען אויף אייך.

און ער האט א מאך געטהאָן מיט דער האנד, ניט מיט כעס נאר מיט ענטשלאָסענהייט.

זיא איז ארויסגעגאנגען אהן א ווארט, ווייל זיא האט ניט געהאט וואס צו זאָגען.

ווען זיא איז אריין אין צווייטען צימער, האט זיא גענומען איהר קאָרב און האט א מינוט געוואַרט. פרוי גוזשע האט צו איהר געזאָגט, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ:

— געדענקט, אז איך וויל באלד האבען מיין וועש צוריק און ווען איהר וועט מיר אלעס אָבשיקען, וועל איך בעצאָהלען מיין רעכנונג.

— יא, האט געענטפערט זשערוויז, פערמאכענדיג דיא טהיר און איבערלאָזענדיג הינטער זיך דיא זיסע, ריינע אָרדנונג, אויף וועלכע זיא האט א מאָל גע־לעגט אזא געוויכט, זיא האט זיך אומגעקעהרט אין איהר געשעפט מיט אן אראָב־געלאָזטען קאָפּ, ניט קוקענדיג ניט רעכטס, ניט לינקס.

דיא אלטע האָט צום ערסטען מאָל פערלאָזען איהר בעט און איז געזעסען ביים פייער. זשערוויז האט איהר ניט אויסגערעדט ניט איין וואָרט, פאר וואס זיא האָט דערצעהלט נוזשע׳ן וועגען איהר. זיא האָט זיך געפיהלט טוידט מיעד, אזוי וויא יעמאנד וואָלט איהר צושלאָגען. דאס לעבען האָט איהר אויסגעוויעזען זעהר שווער, און זיא האט זיך געווינשט דעם טוידט.

פון דער צייט האָט זיא זיך אין גאנצען אָבגעלאָזט, דיא איינציגע זאך, וואס איהר האָט געאארט, איז געוועזן צו עסען דריי מאָל א טאָג. דאס געשעפט האָט זיך געפיהלט אליין, איהרע קונדען האבען איהר פערלאָזען איינער נאָכ׳ן צווייטען, און זיא האָט געצויגען מיט דיא אקסלען האלב גלייכגילטיג, האלב פרעך, און האָט געזאָגט, אז דאס הויבט איהר ניט אן צו אארען, ווייל זיא וועט שטענדיג ארבייט געפינען. נאר זיא האָט געהאט א טעות, אין גיכען האָט זיא געמוזט אָבזאָגען פרוי פאטוא און איז געבליבען נאר מיט איהר קליינע אויסהעלפערקע. וואס גרעסער עס איז געוואָרען איהר פוילקייט און אָרימקייט, האט זיך אלץ מעהר פערגרעסערט דער שמוץ, קיין מענש וואָלט מעהר ניט דערקענט אין דעם שמוציגען לאָך, וואו זשערוויז האָט איצט געוואוינט, דעם קליינעם אויסגעפוצטען געשעפט פון דער ערסטער צייט, נאר זשערוויז האָט דאס ניט געפיהלט, זיא האָט ניט בעמערקט דאס צוריסענע פאפיר אויף דיא ווענד, דעם דיקען שטויב, וואס איז געלעגען אויף יעדע זאך. אין דער צייט וואס זיא האָט זיך אויפגעהערט צו קימערען וועגען דער ריינקייט פון איהר איינענע פערזאָן, איז איהר אין קאָפּ ניט געקראָכען צו זאָרגען וועגען דיא ריינקייט פון דיא דילען. זיא האָט ניט קיין ריהר געטהאָן מיט קיין פינגער, אום עפּעס ריין צו מאכען.

איהרע חובות זיינען אלץ גרעסער געוואָרען, נאר איהר האָט דאס ניט גע־אארט. פון איהר אָרדענטליכקייט איז גאָר ניט געבליבען. עס האָט איהר ניט גע־קימערט צו זיא וועט א מאָל בעצאָהלען אבי נאר זיא זאָל קריגען וואס זיא דארף, ווען זיא האָט אין איין קראָם ניט געקריגען אויף באָרג, איז זיא געגאנגען אין א צווייטע. עס איז ניט געווען איין געשעפט אין דער נאכבארשאפט, וואו זיא איז ניט געווען שולדיג, זיא האָט ניט געוואגט צו פערביינעהן דעם בעקער אָדער קרעמער פון איהר גאס, און זיא האט געדארפט אנלעגען א סך וועג, אום אויס־צומיידען זיי. דיא קרעמער האבען געמורמעלט און אייניגע האבען איהר אנגערר פען מיט שלעכטע נעמען.

איין אבענד איז געקומען דער מעבעל־הענדלער, וואס האט איהר פערקויפט

דיא מעבעל פאר לאַנטיע׳ס צימער און האט געמאכט א שרעקליכען סקאַנדאַל, אַזעלכע סצענען זיינען איהר געווען זעהר ניט אנגענעהם.

זומער־צייט האבען זיך געמאכט פיעל טעג ווען עס איז געווען א סך ארבייט, אין יענע טעג פלעגט דער טיש זיין געגרייט פון אלעס גוטעס, נאר באלד נאָכ־דעם זיינען געווען טעג, ווען עס איז ניט געווען אפילו קיין מיטאָג.

דיא אלטע קאָפּע פלעגט אָפּט מאכען א וויזיט אין לאָמבארד, פון שטוב פלעגט זיא ארויסגעהן מיט א פעקיל און אומקעהרען זיך אהן דעם, נאר מיט א פריילינען געזיכט, איהר האט פערשאפט פערגניגען דיא ערדענונג פון געהן פער־זעצען משכנות.

זשערוויז האט ביסלעכווייז אויסגעלעדיגט דיא שטוב פון קליידער, וועש, נעצייג און מעבעל, אָנפאנגס ווען זיא האָט געהאט א גוטע וואָך, פלעגט זיא ארויסנעהמען וואס זיא האָט פערזעצט; נאר באלד האָט זיא דאס אויפגעהערט צו טהאָן און פלעגט אפילו פערסויפען דיא צעטלאך פון לאָמבארד, נאר איין זאך האָט איהר פערשאַפט א טיעפען שמערץ, דאס איז געווען דער זייגער, זיא האָט געשוואָרען אז זיא וועט איהם ניט פערזעצען, אפילו זיא וועט אויסגעהן פון הונגער און ווען זיא האָט געזעהן, וויא דיא שוויגער טראָגט איהם אוועק, האָט זיא זיך צואוויינט וויא אַ קינד, נאר ווען דיא אלטע פרוי איז צוריקגעקומען מיט פינף און צוואנציג פראַנק און זיא האט אויסגערעכענט, אז איהר וועט נאָך פערבלייבען פינף פראַנק נאכדעם וויא זיא וועט אבצאהלען דעם חוב, האט זיא זיך בערוהיגט און געשיקט נאך בראַנפען פאר פיער סו. ווען דיא שנור און שוויגער זיינען געווען פריינדליך, האבען זיי אָפט געשיקט נאך אביסעל בראַנפען און געטרונקען צוזאַמען.

וויא עס שיינט האט קאָפּע׳ן דער שלעכטער בראַנפען גאר ניט געשאדט. ער האָט געהאט א גוטען אפעטיט און האָט אָנגעהויבען פעט צו ווערען, און ווען לאַנטיע האט איהם געוואָרענט, אז זיין פעטקייט איז ניט קיין געזונטע, אז ער ווערט נאר פערגאָסען, האט ער געלאכט און געטרונקען ווייטער, ער האט אויך געלאכט ווען זיין ווייב פלעגט איהם זאָגען, וויא שלעכט עס געהט זיי אין געשעפט, וואס האט דאס איהם נעקימערט אזוי לאנג, וויא זיא האט איהם געגעבען צום עסען, ער איז נאך דערצו געוואָרען א גרויסער אויסקלייבער.

זיינע פריינד האבען געגלויבט, אז ער ווייס ניט פון זיין ווייב׳ס אתטרייהייט און ווען ער זאָל וויסען, וואָלט ער געמאכט א סקאַנדאַל. נאר זיין שוועסטער

לעבּא האָט צונעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, וואס האט געהייסען, אז זיא איז גאר ניט זיכער, אז ער וויים ניט.

לאַנטיע איז אויך געווען אין א גוטען מוטה, ער איז געווען געזונד און שטארק זיין איינציגע זאָרג איז געווען, ער זאָל חלילה ניט ווערען צו פעט אדער צו דאר, ווען אין שטוב איז ניט געווען אפילו איין סו, האט ער נעפּאָדערט אייער און קאָטלעטען, ער האָט געהאלטען זשערוויז מיט אן אייזערנע האנד און האָט נעפּאָדערט מעהר וויא קאָפּע, אראָבנעהמענדיג דיא סמעטענע פון יעדע זאַך, וואס איז געווען אין הויז.

זשערוויז'ס לעבען איז ניט געווען בעשמירט מיט האָניג, דאך איז זיא ניט דארער געוואָרען און האָט זיך געפיהלט זעהר געזונד; נאר עס איז געווען א שווערע ארבייט צו פערזאָרגעןביידע מענער, און זיא האָט דערפאר קיין דאנק ניט נעקריגען. קאָפּע האט איהר גערופען מיט דיא ערגסטע נעמען, ווען ער פלעגט קומען אהיים אין א שלעכטען מוטה, און לאַנטיע, צוואר ער איז געווען אביסעל איידעלער, האָט ער איהר אויך ניט געשאָנעוועט, און זיינע געקליבענע ווערטער האבען איהר נעשטאָכען וויא מיט שפּילקעס. דאך איז זיא געווען מעהר צופריעדען, ווען זיי פלעגען איהר שילטען און זידלען, אלס ווען זיי זיינען געווען אין א גוטען מוטה, ווייל דאן האבען זיי איהר אזוי פיעל ארומגעשיקט אהין און אהער, אז זיא האט קיין צייט ניט געהאט צו שטעהן א מינוט ביי דער ארבייט.

א מאָל האָט זיך איהר גע'חלומ'ט, אז זיא געפינט זיך אין א ברונען; קאָפּע שטופּט איהר מיט ביידע הענד ארונטער און לאַנטיע קיצעלט איהר זיא זאָל וואס גיכער ארויסשפּרינגען, דעם חלום האָט זיא גערעכענט פאר א ריכטיג בילד פון איהר לעבען און אויף איהר איז אָנגעפאלען א ציטערניס פון געדאנק, אז עס קען נאָך ווערען ערגער.

וואס נעהענטער עס איז געקומען צום הערבסט, איז לאַנטיע אלץ מעהר אונצופריעדען געוואָרען זאָגענדיג, אז זיין געזונד ליידט דערפון, וואס ער לעבט אזוי שלעכט, ער האָט געהאלטען אין איין מורמלען ווייל ער האָט נעפיהלט, אז ער וועט דארפען באַלד נעהמען זיין הוט און פערלאָזען דעם פּלאץ, צו וועלכען ער האָט זיך אזוי צוגעוואוינט, ווייל פאר איהם איז דאָרטען מעהר ניט געבליבען, ער איז געווען זעהר בייז און האָט געזאָגט, אז דאס איז געקומען דערפון, וואס זשערוויז איז א גרויסע פערשווענדערין און ווען זיא וואָלט געלעבט שפּארזאם און דערצויגען נאך זעקס מאָנאטען, וואָלט ער שוין פערטיג געוואָרען מיט זיין געשעפט און

נעקענט אויסהאלטען דיא גאנצע פאמיליע, איצט וויים ער ניט, וואס ער וועט טהאָן.

א מאָל איז געקומען דערצו, אז אין שטוב איז אפילו ניט געווען מיט וואס א מויז צו דערווערגען, לאנטיע איז געזעסען ביים אייווען פינסטער וויא דיא נאכט, ענדליך איז ער אויפגעשפרונגען און איז אוועק מיט א וויזיט צו דיא פלאסאָס, ער האָט שוין ניט געקאכט מעהר פון דיא פּאָליסלייט און געזאָגט, אז נאך אלעמען איז נאפּאָלעאָן דער דריטער ניט קיין שלעכטער מענש, נאר אם מייסטען האט ער געשמייכעלט ווירזשין און האָט געזאָגט, אז זיא וועט איהר שטעדטיל קענען בע־שטעהן אומעדום. זיא האָט געהאט א געוויסע סומע געלד, וואס זיא האט גע־קרינען ירושה פון א מוהמען, און אויסגעפּינענדיג, אז זיא וויל אנהויבען עפּעס א געשעפט, האט לאנטיע איהר צוגעגעבען חשק דערצו און ערקלערט, אז פיעלע פרויען וואס האבען ניט אזוי פיעל שכל אין קאָפּ, פיעל זיא אין קליינעם פינגער, האבען געמאכט פיינע געשעפטען און אָנגעקליבען געלד.

איין טאָג ווען ווירזשין האָט איהם געזאָגט, אז זיא וויל ניט פערלאָזען איהר נאכבארשאפט און דא קען זיא ניט קריגען קיין קראָם, האט ער איהר אָבגעפיהרט אן א זייט און איינגערוימט א סוד אין אויער. פון דאמאלס אן האבען זיי זיך ניט אויפגעהערט צו סוד׳ען (שושקענען) און עס האט געשיינט, אז זיי האבען עפּעס א געהיימנים.

פון יענער צייט אָן האָט לאנטיע אָנגעהויבען צו זידלען דיא קאָפּעס און פרעגען, וואס דענקען זיי צו טהאָן, זיי זיינען שולדיג א פינף־זעקס הונדערט פראנק צו דיא ארומיגע קרעמער און פאר דער וואוינונג האבען זיי זיך פערשולדי׳גט אזוי, אז אויב זיי וועלען ניט איינצאהלען ביז יאנואר, ווארפט מען זיי ארויס פון דער דירה, איז שטוב איז קיין זאך ניט געבליבען, אלץ איז אוועק אין לאָמבארד, וואס דענקען זיי איצט צו טהאָן?

זשערוויז האט זיך א לאנגע צייט רוהיג צוגעהערט, דאן האָט זיא אויסער זיך אויסגעשריען:

— הער, איך וועל מאָרגען אוועק און איבערלאָזען דעם שליסעל אין טהיר, איך וויל בעסער אין רינשטאָק ליגען, איידער פיהרען אזא לעבען, איך בין פערטיג זאָגאר גלייך צו פערלאָזען, האט זשערוויז אויסגעשריען, דאס געשעפט ליגט מיר שוין אין דיא ביינער.

דאן האָט לאנטיע ערקלערט, אז ווירזשין זוכט א געשעפט. נאר קוים האָט

ער ארויסגעבראכט ווירזשינ׳ס נאמען, איז זשעוויז רוהיגער געווארען און האט געענטפערט, אז זיא דארף זיך נאך בעטראכטען, אין כעס קען מען זאגען וואס מען וויל, נאר נאכדעם אז מען בעטראכט זיך קומט אויס גאר אנדערש.

נאך א וואך איז אריבער, לאנטיע האט אומזיסט גערעדט איבער איהר, עס האט איהם גאר ניט געהאלפען. זיא האט איהם געוואלט וויזען, אז זיא איז נאך אזוי נידריג ניט געפאלען, זיא איז נאך שטארק ביי זיך און האט גערעדט, אז זיא וועט צונעהמען א פרוי און זוכען נייע קונדען, אויב זיא קען ניט צוריק־קריגען איהרע אלטע. און ווען ער איז א מאל געווען אונפארזיכטיג און האט דערמאנט ווירזשינ׳ס נאמען, איז זיא שרעקליך אויפגעבראכט געווארען און איז אויף איהם אנגעפאלען:

— ניין, ניט דערלעבען וועט זיא!

זיא האט איהר קיין מאל ניט געגלויבט און זיא ווייס, אז יענע וויל נאר איבערנעהמען דעם קראם, אום צו נעהמען פון איהר ראכע, זיא האט אויף דיא ראכע געווארט יאהרען־לאנג און איצט פערשטעהט זיא גוט, וואס דיא געלע פונקען אין איהרע קאצענע אויגען האבען בעדייט. איהר איז איצט קלאר, אז ווירזשין האט קיין מאל ניט פערגעסען, וואס זיא האט איהר געשמיסען אין וואש־הויז. נאר אויב זיא וועט זיך ניט היטען, וועט זיא איהר דאס ווידערהאלען א צווייטען מאל.

לאנטיע איז געבליבען שטעהן מיט אן אפענעם מויל, פערוואונדערט פון איהר כעס. ענדליך איז ער געקומען צו זיך און געזאגט, אז זיא זאל ניט וואגען צו רעדען אזוי פון זיינע פריינד איהם אין דיא אויגען און אז פון היינט אן מישט ער זיך מעהר ניט אין פרעמדע געשעפטען.

יאנואר איז געקומען. דיא אלטע קאפא האט זיך אריינגעלעגט אין בעט, און אלע האבען פערשטאנען, אז זיא וועט שוין מעהר ניט אויפשטעהן, דיא קינדער האבען ערווארט איהר טוידט מיט אן ערלייכטערונג, דעם דאקטאר האט מען מעהר וויא איין מאל ניט גערופען. נאר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דאס לעבען האט זיך קוים געהאלטען אין איהר, איז זיא געווען ביים זינען און איז אין כעס געווען אויף איהרע קינדער, וואס זיי װארטען נאר ניט איהר שטארבען, נאר מעהר פון אלעמען איז זיא אין כעס געווען אויף נאנא, וועלכע האט פון איהר גאר ניט גע־וואלט וויסען.

א מאל מאנטאג ביי נאכט, ווען קאפא איז אהיים געקומען טוידט־שכור

און האָט זיך אין דיא זאַמען אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן בעט, האָט זשערוויז נע־וואָלט בלייבען זיצען אַביסעל לענגער ביי דער קראַנקער, נאָר נאַנאַ האָט איהר צוגעזאָגט, אַז זיא וועט אַכטונג געבען אויף דער אַלטע, און זשערוויז איז אַוועק שלאָפען.

אַרום האַלב נאָך דריי ביינאַכט האָט זשערוויז פּלוצים ערוואַכט, און אַרויפ־וואַרפענדיג אויף זיך אַ שאַל, איז זיא אַריין צו דער קראַנקע אין צימער. דאָרטען האָט זיא געטראָפען נאַנאַ רוהיג שלאָפען און דיא אַלטע טוידט, זיא איז געשווינד אַוועק צו לאַנטיע און אויפגעוועקט איהם מיט דיא ווערטער:

— זיא איז טוידט.

— נו, איז וואָס? האָט ער איהר געפרעגט פערשלאָפען.

זשערוויז האָט זיך אין דער גיך אָנגעטהאָן מיט טרערען אין דיא אויגען, זיא איז געוועזען צוגעבונדען צו דער אַלטער בייזער פרוי, וועמעס זוהן איז געלעגען אַ טוידט־שכור'ער און האָט געכראָפּעט.

— שטעה אויף! האָט זיא געזאָגט צו נאַנאַ, וועקענדיג איהר, איך וויל ניט דוא זאָלסט דאָ בלייבען.

נאַנאַ האָט זיך אונצופריעדען אויפגעהויבען פון בעט, אַראָבלאָזענדיג דיא אויגען פון דער באָבעס קערפּער, זשערוויז האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט איהר און וואו איהר צו שיקען, אין דיעזען מאָמענט איז לאַנטיע אַריינ־געקומען אין צימער, ער האָט דאָך געפיהלט אַביסעל שאַנדע און האָט זיך אָנגעטהאָן.

— זאָל נאַנאַ געהן אין מיין צימער, איך וועל בלייבען דאָ און וועל דיר העלפען.

נאַנאַ האָט אַ קוק געטהאָן פריהער אויף איהר מוטער, דערנאָך אויף לאַנטיע און איז אַוועק אין לאַנטיע'ס צימער און איז אַריינגעקראָכען אין זיין בעט, וואָס איז נאָך געוועזען וואַרעם און איז געלעגען פערזונקען אין געדאַנקען מיט ברענענדע בעקלאַך און פינקעלדיגע אויגען.

זשערוויז און לאַנטיע האָבען געוואַרט אויף טאָג, זיצענדיג ביים אייוועןן און טרינקענדיג אַ גלאָז וויין. אַרום זיבען אַ זייגער האָט זיך קופּאָ אויפגעכאַפּט און ווען ער האָט דערהערט, וואָס עס איז געשעהן, האָט ער געזאָגט, אַז זיי מאַכען שפּאַס, נאָר וויא ער האָט דערזעהן דעם טוידטען קערפּער, האָט ער זיך שטאַרק

צואווינגט און איז געפאלען אויף דיא קניע, זשערוויז איז אזוי געריהרט געוואָרען פון זיינע טרערען, אז איהר הערץ איז צו איהם ווייכער געוואָרען.

— מוטה, אלטער פריינד! האָט צו איהם געזאָגט לאַנטיע און אנגעגאַר־סען פאר איהם א גלאָז ווין.

קאָפּע האָט אויסגעטרונקען אביסעל ווין, נאר ווינען האָט ער ניט אויפגע־הערט. לאַנטיע איז באלד אוועקגעגאנגען.

א זייגער ניין האָט זיך דיא גאנצע פאמיליע פערזאמעלט ביי זשערוויז, מאַדאם לאָריל האָט געשיקט נאך א פונט ליכט און עס האָט זיך אָנגעהויבען אן ארומ־ויפענים צו דיא שכנים און אין קלויסטער.

אין א פאָר שטונדען ארום איז לאַנטיע געקומען, ער האָט דערוויל אויס־געפונען, פיעל דיא בעערדיגונג וועט קאסטען, דער זארג (טרונע) וועט קאָסטען צוועלף פראנק, דער גלח צעהן, פאר'ן טוידטען־וואָגען צאָהלט מען נאך דיא בעד־פוצונגען נאך.

— איהר מוזט וויסען, האָט געזאָגט פרוי לאָריל, מען מוז דיא מוטער בע־ערדיגען נאך איהר קעשענע נאך.

— געוויס, האָט לאַנטיע געענטפערט, איך האב אייך נאר איבערגעגעבען דאס וואס איך וויים און איהר בעראטה זיך צווישען זיך.

ער האָט גערעדט מיט א שטילען קול, וויא דיא אַנוועזענהייט פון דער לייכע האָט איהם ניט ערלויבט צו רעדען העכער. אין הויף האָט זיך געהערט א געלעכ־טער פון קינדער און נאַנאַ'ס זינגען.

— געוויס זיינען מיר ניט רייך, האָט זשערוויז געזאָגט ווייך, נאר דאך וואָל־טען מיר געוואונשען צו בעערדיגען איהר אזוי, וויא זיא אליין וואָלט געוואָלט, אויב דיא שווינער האָט אונז גאָר ניט איבערגעלאָזט, איז דאס ניט געווען איהר שולד און מיר דארפען איהר דערפאר ניט בעגראָבען, וויא זיא וואָלט געווען א הונד... זיא מוז האבען א געבעט און א טוידען־וואָגען.

— און ווער וועט דערפאר בעצאָהלען? האָט געפרעגט פרוי לאָריל, — מיר ניט. מיר האָבען אזוי אויך פערלאָרען לעצטע וואָך פיעל געלד, און איך דענק אז פאר אייך וועט אויך זיין צו שווער.

קאָפּע האָט נאר א ציה געטהאן מיט דיא אקסלען, פרוי לעבא האָט גע־זאָגט, אז זיא וועט איהר טהייל בעצאָהלען.

— מיר זיינען דרייא, האָט געזאָגט זשערוויז; ווען יעדע פון אונז וועט

געבען צו דרייסיג פראנק, וועלען מיר קענען מאכען א גאנץ אנשטענדיגע בעערדיגונג.

— איך וועל קיין מאָל ניט איינגעהן אויף אזא נארעשקייט, האט אויסגע־שריען מיט כעס פרוי לאָריל. ניט ווייל איך שטעה אזוי אום דעם געלד, נאר ווייל איך האב פיינד זיך אויסצופיינען.

— זעהט גוט, האט זשערוויז אויסגעשריען, איך האָב פאר אייער מוטער געזאָרגט, ווען זיא האָט געלעבט און איצט ווען זיא איז טוידט וועל איך זאָרגען וועגען איהר בעערדיגונג.

פרוי לאָריל האָט זיך צואוויינט און לאַנטיע האָט איהר מיט גרוים מיה איינגעהאלטען, זיא זאָל גלייך ניט אַנטלויפען, דיא קריעגעריי איז געוואָרען אזוי שטאַרק, אז פרוי לעבאַ האט צוגעמאכט דיא טהיר וואו דיא טוידטע איז געלעגען וויא זיא וואָלט מורא געהאט, אז זיא זאָל זיך ניט אויפכאַפּען.

שפּעטער איז זשערוויז אוועק צו גוזשע און האט ביי איהם געליהען זעכציג פראנק און מיט דיא דרייסיג, וואס לעבאַ האָט געגעבען איז געווען גענוג צו בע־ערדיגען דיא טוידטע.

איצט איז אויך אָנגעקומען דער ווירטה פון הויז, ער איז אריין אין צימער וואו דיא טוידטע איז געלעגען, האט איהר בעשפּריצט מיט'ן הייליגען וואסער און געשטאנען א פּאָר מינוט פאר איהר אויף דיא קניע, נאָכדעם האָט ער זיך אויפ־געהויבען און איז אריין אין געשעפט און געזאָגט צו קאָפּע:

— איך בין געקומען נאָך דיא צוויי פיערטעל־יאָהר דירה געלד, האט איהר דאס געלד פאר מיר?

— ניין, מיין הערר, נאָך ניט אין גאנצען, האט זשערוויז זיך אָנגערופען, אויפגעבראכט, וואס דיא סצענע איז פאָרגעקומען פאר איהרע שוועגערינס אין דיא אויגען. איהר זעהט דאס אונגליק, וואס אונז האָט געטראָפען......

יעדער האט זיינע צרות, האָט געענטפערט דער ווירטה — איך קען לענגער ניט וואַרטען איך דאַרף האבען דאס געלד. אויב איך וועל מאָרגען דאס געלד ניט קריגען, וועל איך זיין געצוואונגען אייך ארויסצוואַרפען.

זשערוויז האָט פערבראָכען מיט דיא הענד און האָט אויף איהם א קוק געטהאָן מיט געבעט, נאר ער האט בלויז א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט, אז דיא רייד זיינען אומזיסט און עס איז אויך ניט פיין פאר דער טוידטע.

— איהר מחט מיר טויזענד מאָל ענטשולדיגען, האט ער געזאָגט ארויסגע־הענדיג, נאר פערגעסט ניט, אז דאס געלד מוז איך האבען מאָרגען.

נאך זיין ארויסגעהן האבען זיך דיא פרויען ארומגעזעצט ארום איוועז, וואו עס האָט זיך געקאָכט א גרויסער טאָפּ סאָפּע.

א ויינער אבט אבענד זיינען געקומען דיא פּלאַסאַס און לאַנטיע האָט אָנ־געהויבען צו רעדען בעאָבאכטענדיג זשערוויז, וועגען דער נידערטרעכטיגקייט פון דעם ווירטה, וואס איז געקומען מאָנען דירה־געלד, ווען אין שטוב געפינט זיך א טוידטע.

— ער איז א גרויסער צבוע׳ק, האָט ער ווייטער געזאָגט, ווען איך וואָלט זיין אויף פּרוי קאָפּע׳ס פּלאַץ, וואָלט איך איהם נאך מאָרגען צוגעוואָרפען זיין דירה.

זשערוויז האט געהערט, נאר זיא האָט זיך ניט וויסענדיג געמאכט, דיא לאָרילס האבען זיך זעהר דערפרייט מיט׳ן געדאנק, אז זשערוויז וועט פערלירען איהר געשעפט און האָבען ווידערהאָלט לאַנטיע׳ס ווערטער פאר קאָפּע. זשערוויז איז געוועזען געניינט נאכצוגעבען, נאר ווירזשין האָט אלץ איבערגעפיהרט וואס זיא האָט זיך אריינגעמישט און געזאָגט מיט׳ן פריינדליכען טאָן:

— איך וועל ביי אייך איבערנעהמען דעם קאָנטראַקט און וועל דורכקומען מיט׳ן ווירטה פאר אייער חוב.

— ניין, ניין, איך דאנק אייך, האט אויסגעשריען זשערוויז, איך קען אליין פיהרען מיינע געשעפטען און איך קען ארבייטען. ניין, ניין, זאָג איך.

לאַנטיע האָט זיך אריינגעמישט און געזאָגט, אז היינט דארף מען וועגען דעם ניט רעדען, מאָרגען וועט נאך זיין צייט דערפאר.

דיא פרויען זיינען געזעסען דיא גאנצע נאכט ביז פריהמאָרגען און האבען גערעדט, וויא יעדע ווינשט צו זיין בעערדיגט.

ענדליך איז געקומען דער קברות מאן און מען האָט דיא טוידטע אריינגע־לעגט אין זארג און דער טוידטען־וואָגען איז צוגעפאָהרען, דיא קינדער און זשערוויז האבען זיך געזעגענט מיט דער טוידטער און האבען געוויינט. דיא קרעמער זיינען ארויס פון דיא טהירען צו בעטראכטען דעם וואָגען און האבען אין דער שטיל גע־זאָגט, אז עס וואָלט בעסער געווען, ווען פּרוי קאָפּע זאָל בעצאָהלען איהרע חובות איידער צו מאכען אזא גרויסארטיגע בעגרעבעניס, ענדליך האָט מען דיא טוידטע ארויסגעפיהרט און אלע זיינען איהר נאָכגעגאנגען.

— עס איז א שאנדע, האט געזאגט זשערוויז, רעדענדיג וועגען דיא לארילס זיי האבען אפילו קיין קוויטעל ניט געבראכט.

אויפ'ן וועג איז צו זיי צוגעקומען גוזשע פון א זייטינער גאס און האט בעד נריסט זשערוויז מיט א זיס-טרויריגען שמייכעל, טרערען האבען זיך א גאס געטהאן פון איהרע אויגען נאר זיא האט איצט ניט געוויינט נאך דער טויטע, זאנדערן אויף זיך. בעמערקענדיג איהרע טרערען, האבען דיא שווענערינס געזאגט, אז זיא איז דיא גרעסטע היפאקריטקע (צבוע'קע) אין דער וועלט.

דיא צערעמאניע אין קלויסטער איז געוועזן א קורצע און אויפ'ן פעלד האט מען אויך קיין גרויסע פארבערייטונגען ניט געמאכט, דיא קינדער האבען ווייטער פערגאסען אביסעל טרערען, נאר דאס זיינען געוועזן טרערען פון ערלייכטערונג, דער יזולם איז זיך צוגאנגען ביים טהויער און קאפע איז אריין אין ערסטען שענק, איבער־ לאזענדיג זיין ווייב אליין אויפ'ן טראטואר. זיא האט געמאכט א צייכען צו גוזשע, ער זאל צו איהר צוגעהן.

— איך וויל מיט אייך עפעס ריידען, האט זיא געזאגט דערשראקען, איך וויל אייך זאגען, וואס פאר א שאנדע מיר איז געוועזן צו געהן צו אייך לייהען געלד פון דאס ניי, נאר איך האב ניט געוואוסט וואס צו טהאן.

— איך בין שטענדיג צופריעדען צו טהאן אייך א טובה, האט געענטפערט גוזשע, נאר זעהט, איהר זאלט וועגען דעם ניט דערמאנען פאר מיין מוטער, זיא קלעמט זיך דערפון.

זיא האט אויף איהם א קוק געטהאן טרויריג און ערנסט, א געפיהל פון ווייהטאג און חרטה, פאר וואס זיא האט איהם ניט געפאלגט, ווען ער האט מיט איהר געוואלט אוועקגעהן, האט זיך אויפגעהויבען ביי איהר אין הארצען, זיא וואלט דאס גערן צוריקגעכאפט.

— איהר זייט איצט מעהר ניט בייז אויף מיר, האט זיא געפרעגט בעטענ־ דיג און ציטערנדיג מיט'ן גאנצען קערפער.

— ניין, ניט בייז, נאר מיין הערץ איז נאך קראנק, האט ער געענטפערט. צווישען אונז איז אלעס פערביי אויף אויביג.

און ער איז אוועק מיט גרויסע טריט, איבערלאזענדיג איהר א פערשטיינער־ טע פון זיינע ווערטער.

„אלעס איז צווישען אונז פאריבער" האט זיא ווידערהאלט צו זיך עטליכע מאל. „און וואס איז מיר איצט פערבליבען אין לעבען?"

קומענדיג אהיים, האָט זיא זיך אנידערגעזעצט אין דעם איינזאמען צימער און האָט אויסגעטרונקען א גרויסע גלאָז וויין, ווען דיא אנדערע זיינען אָנגעקומען האָט זיא פּלוצים אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט ווייך געזאָגט צו ווירזשין:

— אויב איהר וועט איבערנעהמען דאס געשעפט, קענט איהר עס האבען.

ווירזשין און איהר מאן האבען זיך אין דעם אָנגעכאפּט און האבען גלייך געשיקט נאכ'ן טהיר־שליסער, מיט וועלכען זיי זיינען באלד דורכגעקומען, איבער־נעהמענדיג אויף זיך זשערוויז'ס חוב פאר'ן האלב יאהר דירה־געלד. מען האָט איצט אלץ אָבגעמאכט, אפילו אז דיא קאָפּעס זאָלען נעהמען א צימער אין דעם זעלבען הויז אויפ'ן זעקסטען שטאָק נעבען דיא לאָרילס. לאנטיע האט זיך דער־וויל געווענדט צו דיא פּואסאָס און געזאָגט, אז אויב פאר זיי וועט ניט זיין אונ־אנגענעהם, וועט ער בלייבען אין זיין צימער, דער פּאָליציסט האָט זיך שטייף פערניינט און געענטפערט, אז דער פּלאן געפעלט איהם זעהר.

אין דעם אבענד ווען זשערוויז איז געבליבען אליין, האָט זיא זיך געפיהלט זעהר מיעד. דיא וואוינונג האָט איהר געשיינט צו זיין צוויי מאָל גרעסער און איהר האט געדוכט, אז צוזאמען מיט דער שווינער האט זיא איבערגעלאָזט אויפ'ן בית עולם איהר שטאָלץ, איהר געשעפט איהרע האָפנונגען און איהר ענערגיע. נאר דאס איז נאָך ניט געווען אלץ, וואס זיא האָט בעגראָבען אין יענעם טאָג. איהר הארץ איז געווען אזוי לעדיג און פינסטער, וויא איהר לעדיגע וואוינונג, זיא איז געווען צו מיעד, אום אליין צו פערשטעהן איהרע געפיהלען און האט זיך אומ־געדרעהט וויא אין שלאָף.

ווען נאנא האָט זיך אויסגעטהאָן אום צו געהן שלאָפען, האט זיא זיך צר־ווײנט, אז זיא וויל שלאָפען אין דער באָבעס בעט. זשערוויז האָט זיך געוואונ־דערט, וואס דאס קינד האָט קיין מורא ניט און זיא האָט איהר ערלויבט. נאנא האָט זיך מיט פרייד איינגעדרייט אין דיא ווארעמע בעט־געוואנד.

---

## IX.

דיא נייע דירה פון דיא קאָפּעס איז געווען נעבען דיא ביזשארס, זייער נייע דירה איז בעשטאנען פון צוויי צימערן, איין צימער איז געווען אזוי קליין, אז נאנא'ס בעטיל האָט זיך דאָרטען קוים געקענט שטעלען.

## IX.

דיא נייע דירה פון דיא קאָפּעס איז געווען נעבען דיא ביזשאַרס, זייער נייע דירה איז בעשטאַנען פון צוויי צימערן, איין צימער איז געווען אזוי קליין, אז נאַנאַ׳ס בעטיל האט זיך דאָרטען קוים געקענט שטעלען.

דיא ערסטע פּאָר טעג האט זשערוויז פערבראַכט אין טרערען, עס האָט איהר פערפעהלט לופט און דיא דירה איז געווען צו קליין נאָך דיא גרויסע צימערן וואס זיא האָט געהאט אונטען. זיא פלעגט נאר אָבכאַפּען דעם אָטהעם ביים פענסטער, צוואר דער הויף האָט אויך ניט געהאַט קיין פריילליכען אנבליק.

דאָך האָט זיך זשערוויז אביסעל צוגעוואוינט, ווען דאס וועטער איז געוואָרען אביסעל שעהנער האָט קאָפּע געפונען ארבייט אויפ׳ן לאַנד, וואו ער האָט פערבראַכט דריי מאָנאַט אהן טרינקען, דיא פרישע ריינע לופט האט איהם אויף א קורצע צייט אויסקורירט פון זיין שכרות, עס טהוט א מאָל א מענשען פיעל גוטעס ווען מען נעהמט אוועק פון דיא אַלטע פּלעצער און פון פּאַריזער גאַסען, וואס שיינען ארויסצוגעבען פון זיך דעם גערוך פון בראַנפען און וויין.

ער איז געקומען צוריק פריש, וויא א רויז און האָט מיט זיך געבראַכט פיער הונדערט פראַנק, ער האָט בעצאָהלט דיא פלאַסאָם פאר דיא דירה־געלד, וואס זיי האָבען פאר איהם אויסגעלעגט און נאָך א פּאָר קליינע און נויטהיגע חובות, און זשערוויז האט ווידער א מאָל געקענט דורכגעהן פריי א פּאָר גאַסען, דורך וועלכע זיא האָט פריהער מורא געהאט צו געהן.

זיא האָט איצט ווידער געארבייט פון טאָג אויף איהר אלטען פּלאַץ און מיט שפּאַרזאמקייט האָט זיא געקענט לעבען בעקוועם און אויסצאָהלען ביסלעכווייז איהרע חובות, נאר דאס האָט איהר ניט געפרייט שטאַרק, זיא האט זעהר געליטען זעהענדיג דיא פּלאַסאָם אין איהר אמאָליגען געשעפט און צוהערענדיג, וויא איהרע שווענערינס לויבען דיא נייע קראָם, וויא זיי וואָלטען קיין מאָל קיין שעהנערע ניט געזעהן.

ווירזשין האט געמאַכט א קראָם פון צוקער, טהיי, קאָנפעקטען א. ז. וו. לאַנטיע האָט איהר דאס געראטהען אריינצונעהמען דיא סחורה, ווייל אויף דעם איז פאַראַן א גרויסער פערדיענסט, דיא קראָם איז געווען זעהר שעהן פערפוצט, און ווירזשין איז געווען אויפ׳ן זיבעטען הימעל פאר פרייד.

לאנטיע האָט געזוכט צו מאכען שלום צווישעןביידע פאמיליען און צוליעב איהם האבען זיך זשערוויז און ווירזשין בעגעגענט גאנץ פריינדליך, ער האָט רעד־ ניערט איבער דער ברונעטקע, וויא פריהער איבער דער בלאָנדינקע.

נאָנאָ איז אין דער צייט אלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר, זיא איז געווען שלאנק און הויך פאר איהרע יאָהרען מיט זעהר א פרעכע מינע מיט א יאָהר פריהער האָט מען איהר אַרויסגעטריבען פון א ביבעל־שוהלע פאר שלעכטע אויפ־ פיהרונג און אויב דער גלח האט איהר היינטיגען יאהר צוריק אריינגענומען איז דאס נאר געווען דארום, ווייל ער האָט מורא געהאט, אז מיט דעם וועט ער ארויסגעוואָרפען אויף פאריזער גאסען נאך אן אָפּפער.

נאָנאָ האָט געטאַנצט פאר פרייד פון דעם געדאנק, אז דיא לאָרילס וועלען איהר געבען דאס קלייד, וואס זיי האָבען איהר צוגעזאָגט צו געבען צו איהר דריי־ צעהנטען געבורטס־טאג, ווען זיא וועט דארפען געהן אין קירכע זיך מתודה זיין. מאַדאַם לעכאַ האט איהר געשענקט א שלייער און א בעכער, ווירזשין — א בייטע? און לאנטיע — א געבעט־בוך.

דיא פלאַסאָם האבען אויסגעקליבען דעם טאָג צו מאכען א מאָלצייט לכבוד דעם געשעפט, וואס זיי האבען געעפענט, דאס האט געמוזט זיין לאַנטיע'ס עצה. מיט א נאַכט פריהער, ווען נאָנאָ איז געשטאַנען געבען איהרע פרעזענטען און בעקוקט זיי מיט ענטציקונג, איז איהר פאָטער אריינגעקומען זעהר שכור, פאַריז האָט אויף איהם ווידער געווירקט און האָט פון דאס ניי אנגעהויבען צו שכור'ען, ער האָט גערופען דאס ווייב און קינד מיט דיא ערגסטע נעמען.

— דיא מאַמע און דיא טאָכטער — א פיינע פּאָר זיינען זיי, איך פערשטעה גאַנץ גוט, וואס דאס בעדייט; דאס איז נאָר אויסצופיינען זיך אין א ניי קליידעל.

נאָנאָ האָט זיך וויא א בליץ א וואָרף געטהאָן אויף איהרע זאכען, אום זיי צו בעהאלטען פון איהם ער זאָל זיי ניט צוברעכען און האָט איהם א קוק געטהאָן גלייך אין געזיכט.

— בעסטיע! האָט זיא צו איהם אויסגעשריען מיט צוזאמענגעפרעסטע ליפּען און א פערשטיקטען קול.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז קאָפּע אויפגעשטאַנען גאַנץ פריינדליך און האט בעוואונדערט זיין טאָכטער'ס קלייד און געזאָגט, אז זיא זעהט אויס, וויא א דאמע און א פאָטער דארף זיך פרייהען מיט זיין קינד אין אזא טאָג. ביים ארויסגאַנג

ווען זיי זיינען געגאנגען אין קירכע, האבען זיי בעגעגענט דיא ראשעס מיט זייער טאכטער פאלין, וואס איז אויך היינט אלט געווארען דרייצעהן יאהר. נאנא האט איהר אבגעמאסטען פון קאפ ביז דיא פיס און האט צו איהר א שמייכעל געטהאן מיט א בעהאלטענעם שטאלץ, דיא צווי פאמיליען זיינען אוועק צוזאמען, נאנא און פאלין פאראוס מיט זייערע נעבעט־ביכלאך אין איין האנד און מיט דער צווייטע צוהאלטענדיג דיא ווייסע שלייערס, וועלכע דער ווינד האט געבלאזען וויא א זעגעל. זיי האבען איינער צום צווייטען ניט גערעדט, נאר זיי האבען געהאט גרויס פערגניגען, זעהענדיג, וויא דיא קרעמער לויפען צו צו דיא טהירען און קוקען זיי נאך.

אין קירכע האט קאפא דיא גאנצע צייט געוויינט, ער האט געוואוסט, אז דאס איז זעהר נאריש, נאר ער האט ניט געקענט העלפען; דער קול פון גכח, דער גערוך פון ווייראך און דאס שפיעלען פון ארגעל האבען געמאכט אויף איהם א שטארקען איינדרוק, מיט א שטונדע שפעטער האט ער זיך שוין געקריעגט מיט לאריל אין א שענק און האט איהם גערופען הארט הערציגער.

דער אבענד ביי דיא פלאסאס איז אוועק זעהר פרייליך, לאנטיע איז געזעסען צווישען זשערוויז און ווירזשין און איז זיך בעגאנגען מיט איינער אזוי נוט וויא מיט דער צווייטער. נאר דיא קעניגינען פון דעם יום טוב זיינען געווען ביידע קליינע מיידלאך נאנא און פאלין, וואס זיינען געזעסען אויסגעצוינגען גלייך וויא סטרונעס, אום ניט צו קנייטשען זייערע נייע קליידער. ביים דעזערט האט זיך אנ־געהויבען אן ערנסטע דיסקוסיאן (וכוח) וועגען דער צוקונפט פון דיא קינדער, פרוי ראשע האט געזאגט, אז פאלין וועט באלד אריינטרעטען אין א געוויסע פאבריק, וואו זיא וועט פערדיענען פון פינף ביז זעקס פראנק א טאג, זשערוויז האט זיך נאך ניט געקענט בעשליסען, וואס צו טהאן מיט נאנא, מען זעהט ניט צו וועלכע ארבייט זיא זאל האבען א פארליעבע. זיא האט א פיינעם געשמאק נאר איהרע הענד קלעבען צו קיין זאך ניט.

— איך וואלט פון איהר געמאכט א בלומען־מאכערין, האט געזאגט פרוי לעבא, דאס איז א שעהנע ארבייט און א ריינע ארבייט.

עס האט זיך אנגעהויבען א ווארעמע דיסקוסיאן, דיא מענער האבען זיך געהיט ניט ארויסצוכאפען זיך מיט א גראב ווארט צוליעב דיא קליינע מיידלאך, וואס זיינען געזעסען ביים טיש.

— דיא פרויען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט מין ארבייט, האט זיך אנגערופען

מאדאם לעבא, זיינען אָרדענטליכער וויא אנדערע, און זיי גליטשען זיך אויס זעהר זעלטען.

— איך האָב גאָר ניט געגען אייער פּראָפּעסיאָן, האט איהר זשערוויז איבער־געריסען, אויב נאָנאָ האָט לוסט צו מאַכען בלומען, קען זיא זיך נעהמען דערצו. זאג, נאנא, ווילסטו זיך נעהמען פאר דער ארבייט?

דאס קליינע מיידעל האָט ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון טעלער, וואו זיא האָט געטונקט א שטיקעל ברויט. זיא האט נאר א שוואכען שמייכעל געטהאָן, ווען זיא האָט געענטפערט:

— יא, מאמא, אויב דיר געפעלט, וועל איך זיך נעהמען פאר דער ארבייט.

עס איז גלייך בעשלאָסען געוואָרען, אז זיא זאָל ווערען א בלומענ־מאַכערין, און קאָפּע האָט געבעטען זיין שוועסטער, אז זיא זאָל מאָרגען מיטנעהמען נאנא אויפ'ן פּלאַץ, וואו זיא ארבייט. ראָשע האָט דאביי בעמערקט, אז זיי זיינען שוין מעהר ניט קיין קינדער, זיי זיינען שוין מיידלאך און מען האָט שוין אָנגעהויבען צו געבען אנצוהערענים וועגען זייערע חתונות. זייערע ווירטשאַפּט און זייערע קינדער, דיא מיידלאך האבען מיט דיא פּיס איינע דער צווייטער אנגעטראָטען, און זיינען שטארק רויט געוואָרען, און ווען לאנטיע האָט זיי געפרעגט, אויב זיי האבען שוין ניט קיין חתנים, האט נאנא, ווערענדיג נאָך מעהר רויט זיך מודה געווען, אז זיא האָט ליעב דעם קליינעם וויקטאָר און וועט פאר קיין אנדערן ניט חתונה האָבען.

ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון פּלאַסאָס הויז, האט פרוי לאָריל געזאָגט צו פרוי ראָשע:

— נאָנאָ איז אונזער קוואטער־קינד און אונזער פּלימעניצע, נאר ווען זיא וועט איצט א בלומענ־מאַכערין, וועט זיא אין זעקס מאָנאט ארום זיין אויפ'ן פּאריזער טראָטואר און מיר וועלען זיך פון איהר אין גאנצען אָבזאָגען.

נאנא האָט ביים אויסטהאָן געפרעגט דיא מוטער, צו דאס מיידעל פון צווייטען שטאָק, וואס האָט חתונה געהאט לעצטע וואָך, האט געהאט אזא קליידעל, וויא זיא.

נאר דאס איז געווען דער לעצטער פריילעכער טאָג: אין דעם לעבען פון דעם הויז־געזינד. צוויי יאָהר זיינען אריבער, זייערע אויסזיכטען זיינען געוואָרען פינסטער־ער זייער ערניעדערונג גרעסער, עס זיינען געווען טעג, וואס זיי האָט געפעהלט

פייער און ברויט אין שטוב, נאר קיין מאל איז זיי ניט אָבגעגאַנגען קיין בראנפען.

עס איז געוועזן אונמעגליך צו צאָהלען פאר דער דירה און אין א געוויסען טאָג אין יאנואר האָט זיי ראָשע געהייסען פערלאָזען דאס הויז.

עס איז געוועזן שרעקליך קאלט, א שארפער ווינד האָט געבלאָזען.

דערווירטה פון הויז איז אריינגעקומען אנגעטהאָן אין א ווארעמען מאנטעל און אין ווארעמע האנד-שוה און האָט זיי ערקלערט, אז זיי מוזען געהן, אפילו ווען זיי זאָל אויסקומען צו שלאָפען אין רינשטאָק. פון דיא מעהרערע דירות פון דעם הויז האָט זיך געהערט א יאָמער און א קלאָג, דען דיא מייסטע שכנים האבען ניט איינגעצאָהלט דירה־געלד. זשערוויין האָט געמוזט פערקויפען דאס בעט און שאפען דירה־געלד, נאנא האָט נאך גאָר ניט פערדיענט און זשערוויין איז געוואָרען אזוי נאכלעסיג אין דער ארבייט אז מען האָט איהר אראָבגענומען פון איהר געהאלט און זיא האָט זעהר ווייניג פערדיענט.

קאָפּע האָט אין גאנצען אויפגעהערט צו ברענגען געלד א היים, ווען אפילו ער פלעגט ארבייטען, און זשערוויין האָט שוין אויף זיין געלד אויפגעהערט צו ווארטען, אנפאנגס פלעגט ער מאכען א תירוץ, אז מען האָט ביי איהם דאס געלד ארויסגע׳גנב׳עט, אדער עס איז ארויסגעפאלען פון א לעבערדיגע קעשענע, נאָר שפעטער האט ער אויפגעהערט צו מאכען תרוצים.

פרוי ראָשע האָט געראטהען זשערוויין, זיא זאָל אויף איהם ווארטען ביי זיין ווערקשטוב ווען ער בעקומט זיין געהאלט און זאָל דאס ביי איהם גלייך צונעהמען נאר דאס איז איהר ניט געלונגען, זיינע פריינד פלעגען איהם געבען צו וויסען, און ער פלעגט אנטלויפען דורך א הינטער טהיר.

זשערוויין האָט זיך איצט ניט אויפגעהערט צו קריגען מיט איהר מאַן, דיא ווארעמקייט פון מאַן צו פרוי, פון עלטערן צו קינדער איז אוועק און יעדער האָט געציטערט פאר זיך אין א ווינקעל. אלע דריי האבען בעטראכט איינער דעם צווייטען מיט אויגען פול מיט האס, עס האָט אויסגעוויעזען, אז א פרוישינע איז צו־בראָכען געוואָרען, דיא הויפט־פרוישינע וואס בינדעט צוזאמען א פאמיליע.

אלס צוגאָב צו איהרע אייגענע צרות און אבקומענים, האָט זשערוויין נאָך געהאט צו ליידען פון פרעמדע צרות. זיא האָט געוואוינט צווישען אזעלכע אונגליס־ליכע, וויא זיא אליין.

איהר הארץ האָט איהר געריסען אויפ׳ן אלטען ברו, ער איז שטענדיג גע־

לענען אייננעדרייט אויפ'ן שטרויה אין זיין קעמעריל אונטער דיא טרעפ, און ווען מען האט איהם עטליכע טעג ניט געזעהן, האט יעמאנד פון דיא שכנים געעפענט זיין טהירעל צו זעהן, אויב ער לעבט נאך.

אויך איז זשערוויז'ן געווען ניט אנגענעהם, וואס מיט איהר אין שכנות האט געוואוינט דער אלטער קברות-מאן, איהר צימער פון זיינעם האט נאר אבגעטהיילט א דינע ברעטיל, זיא האט געקענט הערען יעדען קעהר און ריהר זיינעם און דיא גראבע ליעדלאך, וואס ער האט געזונגען מיט א שכור'ן קול, און איהר קראנקע פאנטאזיע האט איהר געמאלט אז ביי איהם אונטער'ן בעט ליגט בעהאלטען א טוידטער קערפער.

זיא האט אין א צייטונג געלייענט עפעס א שרעקליכע געשיכטע פון א קברות-מאן, וואס פלעגט מיט זיך אהיים ברייננען עטליכע קינדערשע טרונעס, אום ער זאל זיי קענען אלע מיט א מאל אוועקטראגען אויפ'ן בית עולם. און ווען זיא פלעגט דערהערען זיינע טריט אין קארידאר האט איהר געדוכט, אז דיא קופט ארום איז פול געווארען מיט'ן גערוך פון טוידטע מענשליכע סטרפערם. איהר איז געווען וויא זיא וואלט געוואוינט אויף א בית הקברות און געזעהן דיא ווערים ביי זייער ארבייט, זיין שטענדיגער לאכען האט אויף איהר אנגעווארפען א טוידט-שרעק, זיא האט געטרעדט, אז זיא וועט זיך ארויסקלייבען פון דאנען, נאר זיא האט דאס ניט געטהאן, ווייל דער קברות-מאן האט פאר איהר געהאט א זעלטזאמע צוציהונגס-קראפט. האט ער איהר דען ניט געזאגט, אז ער וועט א מאל קומען נאך איהר און וועט איהר אנידערלעגען אין שאטען פון גרינע בוימער, וואו זיא וועט ניט וויסען פון קיין ארבייט, און פון קיין הונגער.

זיא האט זיך געוואונשען, אז זיא זאל דאס קענען פרובירען אויף א מאנאט צייט, ווען מען האט געדארפט צאהלען דירה-געלד. נאר דאס איז אונמעגליך, יענער שלאף איז אן אוביגער און דאס האט איהר אבגעשראקען.

א מאל ביי נאכט ווען זיא האט געהאט היץ און האט זיך געפיהלט קראנק, האט זיא אנשטאט ארויסווארפען זיך פון פענסטער, צו וואס זיא האט געהאט שטארק לוסט, אנגעהויבען צו קלאפען אין ווענטיל און רופען אויפ'ן קול:

— פאטער באזשאן! פאטער באזשאן!

דער גרעבער האט געהאלטען אין אראבווארפען דיא שיך און האט געזונגען א ציניש ליעדעל.

— וואס איז דער מעהר? האט ער געפרעגט.

נאר דערהערענדיג זיין שטימע, האָט זיא ערוואַכט וויא פון א שרעקליכען חלום. וואס האָט זיא געטהאָן? האט זיא זיך געפרעגט און איז מיט שרעק אָבגעשפרונגען פון וואַנד. עס האָט איהר אויסגעוויעזען, אז זיא פיהלט דעם גרעבער'ס הענד ביי זיך אויפ'ן קאָפּ. ניין ניין, זיא איז נאָך ניט פערטיג, זיא האָט זיך אליין געזוכט איינצורעדען, אז זיא האָט ניט געקלאַפּט, איהר עלענבויגען האָט זיך אונגערן אנגעשטויסען אן וואַנד׳ זיא האָט געציטערט מיט אלע גליעדער פון דעם געדאַנק, אז דער גרעבער טראָגט איהר אוועק אונטער זיינע ארמס.

— וואס איז דער מעהר, מאדאם, האט ווידער געפרעגט דער גרעבער, קען איך עפּעס טהאָן פאר אייך?

— ניין, ניין, גאָר ניט, האָט געענטפערט זשערוויז מיט א פערשטיקטע קול איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר.

זיא איז דיא גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען און זיא האָט זיך געשראָקען צו אָטהעמען הויך, אום ער זאָל ניט דערהערען און דענקען, אז זיא רופט איהם.

זשערוויז האָט פאר זיך געהאט א לעבעדיגען און איידעלען ביישפּיעל פון העלדענמוטה אין דער ביזשאַר פאַמיליע. דיא קליינע לאַלי, וואס איז געווען אזוי גרויס וויא א שמעק־טאַבאַק, האט געהאלטען איהר צימער ריין וויא גאָלד און האָט אכטונג געגעבען אויף דיא צוויי קלענערע קינדער מיט דער צאַרטקייט און געדולד פון א מוטער. זייט דיא מוטער איז געשטאָרבען פון דעם פאָטער'ס קלעפּ, האט זיא אין גאַנצען פערנומען איהר פלאַץ און אפילו דיא קלעפּ האט זיא אויך געקריגען דיא זעלבע. עס האָט געשיינט צו זיין ביי דעם ביזשאַר א נאַטירליכע נאָטהווענדיגקייט צו שלאָגען א פרויענצימער, ווען ער איז געקומען שכור אהיים. ער איז נאָר געווען אונצופריעדען, וואס לאַלי איז געווען צו קליין; איין פּאַטש זיינער האט פערדעסט איהר גאַנצע געזיכט, איהר הויט איז געווען אזוי איידעל, אז סמנים פון זיינע פינגער פלעגען פערבלייבען אויף איהר הויט טעג־לאַנג.

זשערוויז האט זיך שטאַרק צו איהר צוגעבונדען און איז זיך מיט איהר בעגאַנגען, וויא מיט א קליינע פרוי וואס ווייס שוין עפּעס פון לעבען, מען דאַרף צוגעבען, אז לאַלי איז געווען גרויס פאר איהרע יאָהרען, זיא איז געווען א בלאָנדע און א בלייכע מיט פייערליכע אויגען און א צאַרטען מיילכעל. ווען מען האט איהר געהערט רעדען, האט מען געקענט דענקען, אז דאס איז א פרוי פון דרייסיג יאָהר ויא האָט געקענט שטריקען און האט גערעדט פון דיא קינדער, וויא זיא וואָלט זיי

געבראכט אויף דער וועלט. זיא האט מענשען געמאכט לאכען מיט איהרע רייד, נאר מעהרסטענטהיילס האט זיא ארויסגערופען טרערען.

זשערוויז האט געטהאן פאר איהר, וואס זיא האט נאר געקענט. האט איהר געגעבען וואס זיא האט נאר געקענט פון זיך אבבייסען און געהאלפען איהר מיט ארבייט. א מאל ווען זיא האט איהר אנגעמאסטען א קלייד, וואס זיא האט פאר איהר איבערגעמאכט פון נאנא'ס, איז איהר איבערגעגאנגען א קעלט איבער'ן ליי, פאר שרעק. ווען זיא האט דערזעהן לאלי'ס רוקען, ער איז געווען אין איינע וואונדע איהר צארטער ארם איז געווען פערבלוטיגט, דאס גאנצע אונשולדיגע לייב פון קינדהייט איז געווען געפייניגט ביי דעם ברוטאלען פאטער.

דער סברות־גרעבער מעג שוין אנגרייטען דעם זארג, ווייל זיא וועט עס לאנג ניט קענען אריבערטראגען, נאר לאלי האט איהר געבעטען רחמים, אז זיא זאל וועגען דעם קיינעם ניט זאגען, ערקלערענדיג, אז איהר פאטער האט ניט געוואוסט וואס ער טהוט, ער איז געווען שכור. זיא האט איהם פערגעבען פון איהר גאנצען הארצען, פון דאן אן האט זיך זשערוויז געהיט, ווען זיא האט דערהערט ביזשאר'ס טריט אויף דיא טרעפ. עטליכע מאל האט זיא געפונען לאלי'ן צוגעבונדען צום פוס פון בעט און זיא איז אזוי געבליבען אין דעם צושטאנד אפט א גאנצען טאג און א מאל א גאנצע נאכט. ווען זשערוויז איז צוגעשטאנען צו איהר, אז זיא וועט איהר אבבינדען, האט זשערוויז'ן געבעטען רחמים, אז זיא זאל זיך צו דיא קניפּ־לאך ניט צו ריהרען, ווייל דער פאטער וועט זיין שרעקליך אויפגעבראכט, ווען ער וועט אויסגעפינען, אז מען האט זיי אבגעבונדען.

ווען דער פאטער פלעגט איהר אבבינדען זיינען איהרע יסורים נאך לאנג ניט אריבער, ווייל עס האט איהר אמאל גענומען מעהר וויא א שטונדע איידער דאס בלוט האט פריי גענומען סירקולירען אין איהרע פערגליווערטע גליעדער און איידער זיא האט זיך געקענט שטעלען אויף דיא פיס.

איהר פאטער האט מיט זיינע צומישטע מארך פון שכרות, אויסגעטראכט א נייע פרייליכע שפּיעל, ער האט אנגעברענט עטליכע סו ביז זיינען געווארען רויט און האט זיי אוועקגעלעגט אויפ'ן פאליצע, דאן האט ער צוגערופען לאלי'ן און געהייסען איהר נעהן קויפען ברויט, דאס קינד האט ניט וויסענדיג גענומען דיא אנגעברענטע מטבעות און ארויסלאזענדיג א געשריי האט זיא זיי אווארף געטהאן און געטרייסעלט איהרע אבגעברענטע פינגער.

דאן פלעגט ער ווערען אן אנגעצונדענער, וואס מיינט זיא זיך, ער וועט

אויסשטעהן איהרע משונעת'ן? ער וועט איהר געבען געלד און זיא וועט דאס פער־
ווארפען, זיא זאָל דאס גלייך געפינען, אז ניט וועט ער איהר דיאביינער צוברעכען,
ווען דיא ארעמע לאָלי האָט ניט געפאַלגט גלייך, האָט ער איהר נעגעבען א זעץ
איבער'ן קאָפּ מיט שטילע טרערען, וואס האָבען געראנגען איבער איהרע בעקלאַך
האָט זיא זיך אָנגעבויגען און אויפגעהויבען דיא מטבעות און געווארפען זיי פון האנד
אין האנד אום צו מאכען זיי אביסעל קיהלער, וועהרענד זיא איז אראָבגעגאנגען
דיא לאנגע טרעפּ.

דיא שרעקליכקייט פון דיעזען מענשען האבען גאָר קיין סוף ניט געהאט,
א מאָל נאָך האלבען טאָג, ווען לאָלי האָט זיך געהאט שוין אבגעפערטיגט מיט
איהר ארבייט, איז זיא געשטאַנען אויף דיא קניע און געשפּיעלט מיט דיא קינדער
דאס פענסטער איז געווען אָפען, און דער ווינד האט געטרייסעלט דיא טהיר אזוי,
אז עס האָט אָבגעדוכט וויא יעמאנד קלאַפּט שטיל אין טהיר.

— דאס איז דער הערר ווינד, האט לאָלי געזאָגט. קום אריין, הערר ווינד,
וואס מאכסטו היינט?

און זיא האָט זיך פערנייגט פאר'ן הערר ווינד, דיא קינדער זיינען געווען
ענטציקט דערפון און האבען אויך געטהאָן דאס זעלבע און האבען געשטראַהלט פאר
פרייד, וואס האט זעהר זעלטען געטראָפען אין דעם הויז.

— קום אריין, הערר ווינד! האָט זיא ווידערהאָלט.

נאר א גראָבע האנד האָט א שפּאר געטהאָן דיא טהיר און ביזשאר איז
אריינגעקומען. דאן איז פּלוצים אלץ געענדערט געווארען, דיא צוויי קליינע קינדער־
לאַך האבען זיך פערשטופּט אין א ווינקעל, און לאָלי איז געבליבען שטעהן וויא
צוגעשמידט פון שרעק אויף אן אָרט, זיא האָט דערזעהן אין דעם פאָטער'ס האנד
א נייען בייטש זעהר א לאנגען. ער האט דיא בייטש אנידערגעלעגט אויפ'ן בעט
און האָט קיינעם פון דיא קינדער קיין ריהר ניט געטהאָן. ער האט נאר געלאַכט
מיט א שלעכטען געלעכטער און ארויסגעוויזען זיינע שווארצע צייהנער. ער איז
געווען זעהר שכור.

— וואס איז אייך געווארען נאראָנים? זייט איהר מיט א מאָל שטום גע־
ווארען? איך האב געהערט וויא איהר האָט גערעדט און געלאַכט אזוי פריילין,
איידער איך בין ארייננעקומען. האט אייך דער לשון אָבגענומען? ציה מיר אראָב
מיינע שיך.

לאָלי איז געווארען זעהר בלייך, וועהרענד זיא האָט איהם אראָבגעצויגען

דיא שיף, ער האָט זיך ארייננעלעגט אין בעט אין אלעמען און האָט נאָכגעסוקט לאלי'ן, וויא זיא איז ארומגעגאנגען איבער'ן צימער, זיא איז געווען זעהר צושראָקען פון זיין זאָנדערבארע אויפפיהרונג און זיא האָט געענדיגט מיט דעם, וואס זיא האט צובראָכען א טעציל, דאן האָט ער רוהיג גענומען דעם בייטש און האָט עס איהר געוויזען.

— קוק זיך צו, דוא נאר, האָט ער געזאָגט מיט כעס, איך האָב דאס גע־קויפט פאר דיר און בעצאהלט דערפאר פופציג סו. נאר איך האָף ארויסצוקריגען פון דיר גוטס מעהר וויא פופציג סו ווערטה, מיט דעם לאנגען בייטש ברויך איך ניט ארומצויאָגען זיך נאך דיר איבערן צימער, ווייל איך קען דיר דערלאנגען פון דאנען, וואו דוא וועסט ניט שטעהן, זאָג, ווערסטו ברעכען טעצלאך? שפרינג איצט ארום אביסעל און בעגריסס ווידער דעם הערן ווינד!

ער האָט זיך זאָגאר ניט אנידערגעזעצט, דעם קאָפּ האָט ער געהאלטען אָנ־געשפארט אן קישען און האָט א שמיץ געטהאָן מיט'ן בייטש, דער בייטש האָט זיך ארומגעדרייט ארום לאלי'ס צארטען קערפער און זיא איז אנידערגעפאלען אויפ'ן באָדען. נאר ער האָט איהר ווייטער געשמיסען און געצוואונגען איהר אויפ־צוהויבען זיך.

— דאס איז א גוטע זאך, האָט ער געזאָגט קאלטבלוטיג, דאס וועט מיר ניט לאָזען צוקיהלען זיך אין דיא קאלטע פריהמאָרגענס, איך קען דיר גרייכען אין יעדען ווינקעל. לויף איצט, לויף!

א לייכטער שוים איז ארויסגעטראָטען אויף זיינע ליפּען, זיינע פערלאָפענע אויגען זיינען געווען ארויסגעסטארטשעט. דיא אָרימע לאלי איז ארומגעשפּרינגען ארום צימער, וויא א צושראָקענע פייגעלע און דער בייטש האָט געפייפט, ווען ער האָט געלענט אויף איהרע אָקסלען, ארומגעדרייט זיך ארום איהרע פּיסלאך און געביסען איהר וויא א שלאנג. ווען זיא איז אנידערגעפאלען, איז זיא גלייך אויפגעשפּרונגען, וויא א גומענקע פילקע (ראָבער באָל), און דיא בעסטיע אין דער געשטאלט פון פאָטער, האָט אָנגעקוואָלען קוקענדיג און געפרענט, צו דאס וועט זיין גענוג פאר איהר.

דיא טהיר האָט זיך געעפענט און זשערוויז איז ארייגעלאָפען אויף דיא געשרייען. זיא איז ביי דעם אנבליק פון דער סצענע געבליבען שטעהן מיט אן אָפענעם מויל, דאן איז זיא אויפגעבראכט געוואָרען פון כעס.

— לאָזט איהר צורות, האָט זיא אויסגעשריען, איך וועל אליין גערן רופען דיא פּאָליציי.

ביזשאר האָט געראָוועט וויא א ווילדע חיה פון וועלכע מען וויל ארויס־רייסען איהר רויב. און ער האָט מיט א פלינקען שמיץ אזא קלאַפּ געטהאָן לאלי'ן איבער'ן געזיכט, אז זיא האָט זיך בעגאָסען מיט בלוט, זשערוויז האָט געכאפּט א שטוהל און א וואָרף געטהאָן זיך אויף דער בעסטיע, נאר דאס קינד האט איהר אָנגעכאַפּט פאר'ן קלייד און געזאָגט, אז עס טהוט איהר ניט שטארק וויה און עס וועט איהר באלד איבערגעהן, און זיא האָט גענומען איינשטילען דיא צושראָקענע קינדער מיט צארטע ווערטער.

ווען זשערוויז פלעגט טראכטען פון לאלי האט זיא זיך געשעמט צו בעקלאָגען אויף איהר שיקזאל, און אז זיא האט זיך דערמאָנט, אז לאלי האָט וואָכענלאנג קיין אנדער זאך געזעהן אין דיא אויגען וויא טרוקענע ברויט און האט ניט געהאט קיין אונשולדיגע פערגניגען, וואס קינדער האבען אין איהרע יאָהרען, האבען זיך טרערען געשטעלט ביי איהר אין דיא אויגען און האָט לאלי'ן גענומען פאר א ביישפּיעל, וויא אריבערצוטראָגען איהרע צרות.

אויך ביי דיא קאָפּעס האט דער אלקאָהאָל פאָרטגעזעצט זיין צערשטערענדע ווירקונג. קאָפּע איז געוואָרען זעהר אויסגעדארט זיין לייב האָט ביסלעכוויז אָנגענומען דעם קאָליר פון בליי; זיין אַפּעטיט האָט ער אין גאנצען פערלאָרען, און מיט גרויסע שוועריגקייטען האט ער געקענט אראָבשלינגען א שטיקעל ברויט, זיין מאָגען האָט זיך אָבגעזאָגט צו פערנעהמען יעדע נאהרונג, נאר בראנפען האָט ער געמוזט טרינקען יעדען טאג און דאס האָט איהם געדיענט פאר עסען און טרינקען.

ווען ער פלעגט זיך אויפהויבען פון בעט, האט ער א פיערטעל שעה נאָך אנאנד געהוסט און געשפּייט און אין מויל איז איהם אויפגעגאנגען א שרעקליכע ביטערקייט און האָט איהם געשטיקט, און ער האט ניט געפיהלט בעסער ביז ער האָט געקריגען א „גוטען טרונק“ און שפּעטער ביי טאָג פלעגט איהם ווערען אביסעל גרינגער, ער האָט געפיהלט א זעלטזאמע שטעכונג אין דער הויט פון דיא הענד און פיס. שפּעטער האָט דאס אויפגעהערט, זיינע גליעדער זיינען געוואָרען שווער און אנשטאט דיא שטעכונג האט ער געקריגען קרעמפּפען, וואס זיינען איהם גאָר ניט געוועז געפעלען, ער האָט איצט זעלטען געלאכט, נאר ער פלעגט זיך אָבשטעלען אויפ'ן טראָטואר, ווייל דיא אויערען האָבען איהם גערוישט און פאר דיא אויגען האָט געבליצט עפּעס א פייערל, יעדע זאך האָט אין זיינע אויגען בער־

קומען א געלען קאָליר, דיא הייזער זיינען פון איהם אנטלאָפען, אפט ווען דיא זון האָט איהם געברענט אין רוקען האָט ער גענומען ציטערן וויא יעמאנד וואָלט איהם גענומען גיסען מיט א שטראָם קאַלטע וואסער צווישען דיא אקסלען; נאר מעהר פון אלץ איז איהם ניט געפעלען געוואָרען, וואס דיא הענד האבען איהם געצי־טערט, איבערהויפט דיא רעכטע.

— איז ער דען געוואָרען אן אלטע באָביצע? פלעגט ער זיך פרעגען מיט כעס.

א מאָל אין מערץ איז קאָפּע אהיים געקומען שטארק דורכגענעצט פון רעגען דיא גאנצע נאכט האָט ער געהוסט און אין דער פריה האָט ער געהוסט, דער דאָקטאָר האָט געראַטהען, אז מען זאָל איהם גלייך אבשיקען אין האָספּיטאַל.

און זשערוויז האָט געגען דעם גאָר ניט געהאט, א מאָל האט זיא ניט גע־וואָלט געטרויען איהר מאן אין האָספּיטאַל, נאָר איצט האָט זיא איהם איבערגע־געבען גערן און האָט נאָך גערעכענט פאר א גליק פון איהם פטור צו ווערען.

דאָך ווען מען איז נאָך איהם געקומען איז זיא געוואָרען זעהר בלייך און ווען זיא זאָל האבען צעהן פראנק אין קעשענע, וואָלט זיא ניט דערלאָזט מען זאָל איהם צונעהמען, זיא האָט איהם בעגלייט ביז׳ן האָספּיטאַל און ווען זיא איז פון דאָרטען ארויס, האָט זיא א קוק געטהאָן אויפ׳ן דאך, אויף וועלכען קאָפּע האָט א מאָל געארבייט. דאמאלס האָט ער נאָך ניט געטרונקען און פלעגט זינגען פון פריה ביז שפּעט ביי נאכט, פאָכענדיג צו איהר מיט׳ן טיכעל, ווען זיא האָט ארויסגעקוקט צו איהם פון פענסטער, דאמאלס האָט ער ניט געדענקט, אז ער העלפט בויען דעם האָספּיטאַל פאר זיך, איצט איז ער ניט אויפ׳ן דאך, נאר אויף א בעטיל אונטען. און איז דיא זעלבע יונגע און גליקליכע ווייב וואס דאמאלס? דאס איז געווען דוכט זיך זעהר לאנג.

אויפ׳ן צווייטען טאָג ווען זיא איז געקומען צו איהם געוואָר ווערען, האָט זיא געפונען זיין בעטיל לעדיג, א באַרמהערציגע שוועסטער האט איהר געזאָגט, אז ביי נאכט האָט מען איהם איבערגעפיהרט אין א משוגעים־הויז, ווייל ער איז געוואָרען אונערטרעגליך און האָט אויפגעוועקט אלע קראנקע, דער אלקאָהאָל האָט זיך ענדליך אבגערופען אויף זיינע נערווען צוליעב זיין קראנקהייט.

זשערוויז איז אוועק א היים, נאר וויא אזוי זיא האָט דערגרייכט איהר וואוינונג, האט זיא אליין ניט געוואוסט, איהר מאן איז געווען משוגע, דיא ווערטער האבען ניט אויפגעהערט צו קלינגען אין איהרע אויערען, וויא שרעקליך איז געוואָרען

איהר לעבען. נאָנא האָט געזאָגט, אז אלץ וואס זיי דארפען טהאָן, איז צו לאָזען איהם אין משוגעים הויז, דען ער קען זיי נאָךביידען אוועק'הרג'ענען.

זשערוויז האט צו איהם געקענט צוקומען נאר זונטאָג, דאס איז געוועזען זעהר ווייט און זיא האָט גענומען דעם אָמניבוס, זיא האָט געקויפט צוויי אפעלסינען (אָראנדזשעס) אום נים צו קומען מיט לעדיגע הענד.

צו איהר גרויסע פערוואונדערונג האט זיא איהם געטראָפען, וויא ער איז געזעסען רוהיג און האט געשיינט צו זיין געזונד, ער האָט איהר זעהר פריילעך בעגריסט.

— דוא ביסט בעסער! האט זיא אויסגערופען.

— יא, כמעט געזונד, האָט ער געענטפערט.

זיי האבען א ווײלע גערעדט און זיא האט איהם דערלאנגט דיא אפעלסינען ראס האָט געשיינט איהם זעהר צופריעדען צו שטעלען און ער איז געוועזען זעהר גערירט, ווייל איצט ווען ער האָט נים געטרונקען, איז ער געוועזען גאָר אן אנדער מענש. זיא האָט מורא געהאט צו רעדען מיט איהם וועגען זיין משוגעת, נאר ער אליין האָט געמאכט דערפון א רייד.

— יא, האָט ער געזאָגט, איך האָב געהאט א פיינע חתונה איך האָב געזעהן מייז ארומלויפען איבער'ן באָדען, איבער דיא וואנד, איבער'ן סופיט, איך האב געהערט, וויא דוא האסט מיך גערופען און האָב געזעהן דיא שרעקליכסטע זאכען. נאר איצט פיהל איך זיך שוין גוט. איך זעה אמאָל א שלעכטען חלום, נאר דאס טרעפט מיט יעדען.

זשערוויז איז מיט איהם פערבליבען ביז פארנאכט. ווען דער דאָקטאָר פון האָספיטאָל איז זעקס א זייגער געגאנגען ארומקוקען דיא קראנקע, האָט ער געהייסען קאָפּע'ן, ער זאָל אויסשטרעקען דיא הענד. זיי האבען כמעט נים געציטערט, מען האָט נאָר קוים געקענט בעמערקען, וויא דיא שפּיץ־פינגער ציטערן. נאר ווען אין צימער איז געוואָרען פינסטערלאָך, איז ער געוואָרען אונרוהיג. ער האט זיך עטליכע מאָל אויפגעהויבען און געקוקט אין דיא ווינקעלאָך.

פלוצים האָט ער אויסגעשטרעקט זיין ארם און עס האָט געשיינט, אז ער האָט עפּעס געכאַפּט אויף דער וואנד און דערשטיקט.

— וואס איז דאס? האָט זשערוויז געפרעגט אויסער זיך פאר שרעק.

— מייז, האָט ער איהר געענטפערט רוהיג.

שפּעטער א ווײלע האָט ער אָנגעהויבען צו דרעמלען און פון דיא ליפּען האָ־

בען זיך ביי איהם ארויסגעריסען איינציגע פראזען: „מאוסע בעסטיעס!" „ניב אכטונג! איינע איז ביי דיר אונטערן קלייד" ער האט דיא דעקע אריבערגעצויגען איבער'ן קאפ, וויא ער וואלט זיך וועלען בעשיצען פון דיא בעשעפעניסען, וואס ער האט געזעהן.

דאן איז ער פלוצים אויפגעשפרונגען מיט א משוגע'נעם שרעק און האט ארויסגעלאזט א ווילדען געשריי. און א וועכטערקע איז צו איהם צוגעלאפען און זשערוויוז האט פערלאזען דעם האספיטאל שטום פון שרעק.

נאר ווען זיא איז געקומען דעם צווייטען זונטאג, האט זיא איהם שוין גע־טראפען אין גאנצען געזונד. זיינע חכומות זיינען פערשוואונדען, און ער איז געשלאַ־פען וויא א קינד צעהן שטונדען נאך אנאנד. מען האט זשערוויוז ערלויבט, זיא זאל איהם נעהמען א היים, און דער דאקטאר האט איהם פאר זיין ארויסגעהן געגעבען א גוטען ראטה, אז ער זאל אויפהערען צו טרינקען, אויב ניט, וועט ער אין דריי מאנאט זיין א טוידטער, זיין לעבען איז אין זיינע איינענע הענד; ער מוז פערגעסען, אז בראנפען אדער וויין עקזיסטירט אויף דער וועלט.

— דער דאקטאר איז גערעכט, האט זשערוויז געזאגט, ווען זיי האבען זיך אריינגעזעצט אין אמניבוס.

— געוויס איז ער גערעכט, האט ער געענטפערט.

נאר נאך א קורצע פויזע האט ער ווידער געזאגט:

— נאר דוא ווייסט גאנץ גוט, אז א טראפען בראנפען פון צייט צו צייט שאדט ניט, דאס ניט צו אפעטיט.

דעם זעלבען אבענד האט ער גענומען „עטוואס" און דיא גאנצע וואך האט ער זיך איינגעהאלטען פון שכור'ען, זאגענדיג אז ער וויל ניט שטארבען אין קיין משגעים־הויז. נאר אין א וואך ארום האט ער זיך מעהר ניט געקענט איינהאלטען. פון אביסעל איז געווארען א גלאז און אין א פאר וואכען ארום האט ער אנגעהויבען ווידער צו פיהרען זיין אמאליגען לעבען, זשערוויז האט געטהאן דאס בעסטע וואס זיא האט געקענט. נאר וואס קען א ווייב טהאן אין אזעלכע אומשטענדען? דיא סצענע אין משגעים־הויז האט איהר אזוי איבערגעשראקען, אז זיא האט גע־וואלט אנהויבען א ניי לעבען, און זיא האט געמיינט, אז איהר מאן וועט איהר אין דעם העלפען, נאר איצט האט זיא פערלארען דיא גאנצע האפפנונג, זעהענדיג אז איהם האלט אפילו ניט אב זיין איינענע ערפאהרונג וואס ער האט זעלבסט דורכגעמאכט און וואס ער ווייס וויא טהייער ער וועט דערפאר אין גיכען בעצאהלען.

דער נהינם האט זיך פון דאס ניי אָנגעהויבען ביי זיי אין שטוב. נאָנא האָט נעפּרענט מיט כעס פאר וואס האט מען איהם נים איבערגעלאָזט אין משוגעים־הויז. וואס! זיא וועט ארבייטען פאר'ן פאָטער, אז ער זאָל פאר דעם געלד קויפען בראנפען! וואס גיכער דאס וועט זיך ענדיגען, איז בעסער פאר זיי אלעמען!

זשערוויז האָט אין גאנצען פערלאָרען דעם מוטה, זיא איז געוואָרען פוילער מיט יעדען טאָג און האָט אפילו נים אויסגעקעהרט איהר צימער. דיא לאָרילס האבען געזאָגט, אז מען קען אהין נים אריינגעהן, אזוי שמוציג איז דאָרטען, זייא האבען דעם גאנצען טאָג גערעדט ביי דער ארבייט נאר פון דעם הילצערנעם פוס און פון איהר מפלה.

— יא, א, האבען זיי געמורמעלט. א שעהנע ענדע האָט זיך אויסגעלאָזען צו דער שעהנער בלאָנדינקע, וואס האָט געשפּיעלט אזא ראָליע אין איהר בלויען געשעפט.

זשערוויז האט געוואוסט, וואס זיי רעדען פון איהר, נאר זיא האָט זיך גע־מאכט נים וויסענדיג, נים וועלענדיג, אז עס זאָל קומען צו אָפענע קריעגערייען.

איין מאָל, שבת, האט קאָפּע געזאָגט צו זיין וויב, אז ער וועט איהר נעה־מען אין א צירק, ער האָט דיא וואָך פערדיענט אביסעל געלד און האָט געוואָלט האבען פערגניגען, נאָנא האָט דעם אבענד געדארפט ארבייטען שפּעט און זיא וועט שלאָפען ביי דער מוהמע לעבאַ.

זיבען א זייגער האָט געשלאָגען, נאר קאָפּע האָט זיך נים געוויעזען, ער האָט מסתמא געטרונקען מיט זיינע קאַמעראַדען. זשערוויז איז שוין געווען צוגעגרייט צום געהן. זיא האָט לכבוד דעם פעררינכט אן אלטע קליידעל און האָט זיך אויס־געפּוצט. א זייגער ניין איז זיא מיט א לעדיגען מאָגען און שרעקליך אין כעס ארויס־געגאַנגען זוכען קאָפּע.

— זוכט איהר אייער מאן? האט איהר געפרעגט פרוי ראָשע, ער איז אין אסעמואר, מיין מאן האָט איהם איצט געזעהן דאָרטען.

זיא האָט איהר בעדאַנקט און איז אוועק, א קליין רעגענדיל האָט געשפּריצט דיא גאַז אין שענק האָט געלויכטען העל, זיא האָט א קוק געטהאָן אין פענסטער דיא הויז איז געווען פול מיט רויך קאָפּע איז געזעסען צווישען זיינע קאַמעראַדען און האָט אויסגעזעהן צודולט און פערשלאָפען, זיא האָט א ציטער געטהאָן און געפרעגט זיך אליין, וואס שטעהט זיא דא, און זיא האָט זיך געלאָזט אוועקגעהן. נאר באַלד האָט זיא זיך אומגעקעהרט צוריק און איז אריין אין שענק און

צונעגאנגען צו איהר מאַן, וועלענדיג איהם פרעגען, פאר וואס איז ער ניט געקומען.

— זיא איז משוגע, האָט קאָפּע געזאָגט, ווען ער האט איהר דערזעהן, איך זאָג אייך, אז זיא איז משוגע.

ער און זיינע פריינד האבען זיך צולאַכט אויפ'ן סול, נאר קיינער האָט ניט געוואוסט, וואס איז דא געווען אזוינס צו לאכען זשערוויז איז געבליבען שטעהן וויא א צומישטע פון דיזען אונערווארטעטען ברוך הבא. קאָפּע האָט אויסגעזעהן אזוי פריינדליך, אז זיא האָט געזאָגט:

— קום עס איז נאך ניט שפעט און מען סען נאָך עפּעס זעהן.

— זעץ זיך א ווײלע, האט ער געענטפערט, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט.

זיא האָט זיך צוגעזעצט, איהר קאָפּ האָט זיך גענומען מישען פון דעם ריח פון אלקאָהאָל. זיא האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דיא מאַשין, וואס האט סטאַלירט דעם בראַנפען און וואס האָט געמאַכט אזוי פיעל שכורים. דיא שאָטענס וואס זיינען געפאלען פון דער מאַשין אויף דיא וועגד, האבען אויסגעוויעזען וויא דיא קעפּ און עקען פון אונגעהייערע חיות, וואס עפּענען דיא מייל ער צו פערשלינגען דיא גאַנצע וועלט.

— וואס וועסטו טרינקען? האט איהר געפרעגט קאָפּע.

— גאר ניט, האָט זיא געענטפערט, דוא ווייסט דאך אז איך האָב נאָך קיין מיטאָג ניט געגעסען.

— אויב אזוי דארפסטו געווים אביסעל בראַנפען. נעהם אביסעל

זעהענדיג, אז זיא שלאָגט זיך נאך מיט דער דעה, האט מע'באָט געזאָגט העפליך:

— דיא דאמע וואָלט וועלען עפּעס אזוי זיס, וויא זיא אליין.

— איך האָב ליעב מענער, וועלכע טרינקען זיך ניט אן שכור און רעדען ניט קיין נארישקייטען. איך האָב ליעב מענער, וואס האלטען וואָרט, האט זשערוויז געענטפערט מיט כעס.

איהר מאַן האָט געלאַכט.

— דוא וועסט טהאָן גלייכער, אז דוא וועסט טרינקען דייז טהייל, האט ער געזאָגט; — ווייל דוא וועסט היינט אַזוי זעהן דעם צירק, וויא דיין לינקען אויער.

זיא האָט אויף איהם א שטארקען בליק געטהאָן, און זיא האָט געענטפערט לאנגזאם:

— דוא ביסט גערעכט, דאס איז א גוטער פּלאַן, מיר וועלען פערטרינקען דאס געלד צוזאמען.

ביבי האָט איהר געבראכט א גלאָז צוגעפּראוועטע בראנפען. זופענדיג דיא משקה, האָט זיא זיך דערמאָנט דעם טאָג, ווען זיא איז דא געזעסען מיט קאָפּע און האָט געגעסען יאגדעס געוויקט אין בראנפען, דאמאלס האט זיא נאר גענר־מען דיא יאגדעס און האָט דעם בראנפען איבערגעלאָזט; יעצט טרינקט זיא בראנ־פען אָהן יאגדעס. נאר דער צוגעפּראוועטער בראנפען איז געווען גוט. דאך האָט זיא זיך פון א צווייטע גלאָז אבגעזאָגט, אָבוואָהל זיא איז נאָך נים געווען בעפריעדיגט.

זיא האָט זיך אומגעקעהרט און א וואָרף געטהאָן א בליק אויף דער טייוועל־שער מאשין הינטער איהר — א מאשין וואס האט גענומענט זיין פערגראבען צעהן קלאפטער טיעף אונטערן ים. דאך האט דיא מאשין געהאט פאר איהר א מערק־ווירדיגע צוציהונגס־קראפט און איהר האָט זיך פערגלוסט צו לעשען איהר דורשט מיט דיזען גיסעדיגען פייער.

— וואס פאר א משקה איז אין אייערע גלעזער? האָט זיא געפרעגט.

— דאס, מיין טהייערע, איז גלייך פון אונטער דער מאשין. פערזוך.

און ווען מען האָט איהר געבראכט א גלאָז פון דעם סם המות, האט איהר פּע געהייסען אויסטרינקען און געזאָגט, אז דאס וועט איהר נים שאדען.

ווען זיא האט אויסגעטרונקען דאס צווייטע גלאָז, האט זיא פערגעסען פון דעם הונגער, וואס האט איהר נים געלאָזט רוהען, זיא האט זיך געפיהלט גאנץ בעקוועם און אביסעל שלעפעריג, דיא גאנצע סצענע האט איהר אָנגעהויבען צו אמוזירען, זיא האָט אויסגעטרונקען א דריטע גלאָז און זיא האט אנגעשפּארט איהר קאָפּ אן דיא ארמען און האָט זיך צוגעהערט צו וואס איהר מאן און זיינע פריינד האָבען גער

הינטער איהר האט זיא געהערט דאס טריפען פון דער מאשין. א ווילדער לוסט האט איהר אנגעכאפט ארויפצוואָרפען זיך אויף דער מאשין, וויא אויף א בעסטיע און קעמפפען מיט איהר ביז זיא וועט ארויסרייסען פון איהר דאס הארץ. איהר האט אויסגעוויזען, אז זיא אליין איז אריינגעפאלען אין דער מאשינעריע און דיא

רעהרען האָבען זיך ארומגעוויקעלט ארום איהר קערפער און פרעסען לאנגזאם פון איהר דאס לעבען.

דאס גאנצע צימער האָט זיך געדרייט ארום איהר, זיא האָט זיך איצט גע־פונען אין דעם צושטאנד, וועלכער פלעגט ביי איהר ארויסרופען כעס און רחמנות, ווען זיא האָט אנדערע געזעהן אין איהם. זיא האָט וויא דורך א חלום געהערט, וויא עס האָט זיך אָנגעהויבען א קריעג, וויא ביינקלאך און טישען האבען אנגעהוי־בען צו קנאקען און וויא דער שענקער האָט זיי אלעמען ארויסגעוואָרפען אין גאס.

עס האָט נאָך גערעגענט, און א שטארקער און קאלטער ווינד האָט געבלאָ־זען, זיא האָט געוואָלט געהן א היים, נאר זיא האָט ניט געקענט געפינען דעם וועג, אויפ'ן עק גאס האָט זיא זיך אנידערגעזעצט נעבען רינשטאָק, דענקענדיג, אז זיא געפינט זיך נעבען איהר באלייע (וואש-טאָב) ענדליך האָט זיא זיך דערשלעפט א היים, אנוועדענדיג אלע קרעפטען פערביינעהן דיא טהיר־שליסערין ראָשע גלייך, דאך האָט זיך איהר געדוכט, אז זיא האָט בעמערקט דאָרטען אין צימער פרוי פלאסאָ און לאָריל, וועלכע האָבען אויפגעהויבען דיא הענד מיט עקעל, דערזעהענ־דיג איהר אין אזא צושטאנד.

זיא האָט קיין מאָל ניט געוואוסט, וויא אזוי זיא איז ארויף אויף דיא טרעפ, נאר ווען זיא איז אריין אין איהר אייגענעם קארידאָר, איז איהר דיא קליינע לאָלי אנטקעגען געלאָפען מיט אויסגעשטרעקטע ליעבענדע ארמען.

— גוטע פרוי זשערוויז, האט זיא אויסגעשריען, דער טאטע איז נאָך ניט געקומען, קומט אריין און זעהט מיינע קינדערלאַך: זיי זעהן אויס אזוי זיס אין שלאָף.

נאר ווען זיא איז צו איהר צוגעקומען נאהענט און האָט איהר אריינגעקוקט אין געזיכט, האָט זיא זיך א ציה געטהאָן אהינטער מיט שרעק און האָט גענומען ציטערן מיט אלע גליעדער, איהר איז צו גוט בעקאנט געווען דער אלקאָהאָלישער גערוך, דיא בלאָנדזשענדע און פערקרימטע אויגען.

און ווען זשערוויז איז איהר פערבייגעגאנגען שאָקלענדיג זיך פון דיא פיס און ניט ענטפערענדיג קיין וואָרט, האבען זיך ביי לאלין דיא הענד אראָבגעלאָזט, און זיא האָט איהר נאָכגעקוקט מיט טרויריגע און פייערליכע אויגען.

# X.

נאַנא איז געוואַקסען וויא אויף הייוועז, זיא איז געוועזן בלאָנד, פריש און מיט חן־גריבעלאַך, איהר הויט ווייך וויא סאַמעט און דיא אויגען האָבען געברענט מיט אזא פייער, אז מענער האָבען אָפט געפרעגט, צו זיי קענען ניט אָנצינדען זייערע פּאַפּיראָסען אן איהר. איהרע בלאָנדע האָר האָבען געהאַט דעם קאָליר פון פערטיגע זאַנגען ווייץ און האָבען אויסגעזעהן ארום איהרע שלייפען וויא בעשאָטען מיט גאָלד. זיא האָט געהאַט אַ געוואוינהייט ארויסצושטעקען דעם שפּיץ צונג פון צווישען איהרע ווייסע ציינדלאַך און דאס האָט זעהר אויפגעבראַכט דיא מוטער.

זיא האָט שרעקליך גיעב געהאַט צו פּוצען זיך און איז געוועזן זעהר קאָקעטיש, ביי איהרע עלטערן אין שטוב, וואו עס איז אָפט געוועזן שווער צו קריגען ברויט, האָט זיא ניט געקענט נאָכגעבען איהרע קאַפּריזען, דאָך האָט זיא בעוויזען וואונדער, פון פאַבריק, וואו זיא האָט געאַרבייט, האָט זיא געבראַכט שטיקלאַך און פּיצלאַך שטענגעס און פלענט דערפון מאַכען שלייפלאַך, מיט וועלכע זיא פלעגט בעפּוצען איהרע שמוציגע קליידלאַך. זיא האָט זיך ניט אָבגעגעבען שטאַרק מיט וואַשען איהרע פיס, נאָר דערפאַר האָט זיא פערצווינגען איהרע שיך אזוי שטייף אז זיא האָט געליטען דעם טעם פון טוידט. און ווען דאס פלעגט איהר אריינטרייבען דאס בלוט אין געזיכט און יעמאַנד האָט איהר געפרעגט, וואס איהר איז, האָט זיא געהאַט אַ פערטיגען תירוץ, אז זיא ליידט פון קרעמפּפען.

זומער איז געוועזן דיא צייט, ווען זיא האָט אָבגעלעבט, אין אַ לייכטע קליידעל האָט זיא אויסגעזעהן אזוי פריש וויא אַ פריהמאָרגען אין מאַי, און דיא אומעדיגע גאַס האָט געשטראַהלט פון איהר יוגענד און שעהנהייט, דיא שכנים פון ארום האָבען איהר גערופען „היהנדעלע" איין קלייד איז איהר אַם בעסטען געגאַנגען, דאס איז געוועזן אַ ווייסע קלייד מיט ראָזע שפּרינקעלאַך אהן אַ שום בעפּוצונג. דאס קליידעל איז געוועזן קורץ און האָט ארויסגעוויזען איהרע פיס, דיא ברייטע אַרבעל האָבען ארויסגעוויזען איהרע נאַקעטע הענד ביז דיא עלענבויגען, און ווען זיא פלעגט ארויסגעהן אין קאָרידאָר, ווייל אין שטוב האָט זיא מורא געהאַט פאַר׳ן פאָטער, זיא פלעגט אזוי אַרונטערלעגען איהר קראַגען און פערשפּילען איהם, אז איהר שעהנע קייליכדיגע האַלז זאָל זיך ארויסזעהן, אַ ראָזינע באַנד איינגעפלאָכטען

**אין איהרע שעהנע געקרייזעלטע האָר האט פערענדינט איהר טואַלעט, דא איז** געוועזן א פראכטפאָלע צוזאמענמיש פון פרוי און קינד.

אם מייסטען האט זיא זיך אמוזירט זונטאג, ווען דא איז געוועזן פריי און האט געקענט שעפּען פרישע לופט. דאמאלס האט זיא קאָקעטירט מיט דעם גאנצען פובליקום.

שוין גאנץ פריה האט זיא זיך גענומען קלייבען און פלעגט שטעהן שטונדען־לאנג אין איין העמד פאר אן אבגעבראָכענע שטיסעל שפּיגעל־גלאָז, וואס איז גע־זען צוגעשלאָגען נעבען פענסטער, און אזוי וויא יעדער האט איהר געקענט זעהן פ־ענט איהר דיא מוטער פרעגען אויב זיא וועט נאָך לאנג שטעהן אין אזא צושטאנד.

נאר דאס האט איהר ניט געקימערט, זיא האט איהר ארבייט פאַרטגעזעצט האט פערריכט איהרע קרייזלאָך, צוגענייט א קנעפּיל אָדער פערריכט א קליידעל, און איהר העמד איז דיא גאנצע צייט געוועזן אראָבגערוקט איבער'ן אקסעל, איהר פאטער האט געזאגט, אז ער וועט איהר ארויסשטעלען אלס א ווילדע מיידעל אויף בילעטען, צוויי סו א ביקעט.

דעם פאָטער'ס גראָבע ווערטער פלעגט איהר זעהר אויפברעננען, זיא איז אין אזעלכע מינוטען געווען זעהר שעהן מיט איהרע פלאַמענדע בעקלאָך און א האלב נאקעטע, דאך פלעגט זיא ניט ענטפערן, זיא פלעגט נאר מיט אן איינגעהאלטע־נעם כעס בייסען דעם פאָדעם.

נאָך פריהשטאָק פלעגט זיא און פאָלין און נאָך עטליכע מיידלאָך ארויס־לויפען אין גאס און פון דאָרטען אויף דיא בולווארען, וואו זיי פלעגען זעהן יעדע זאך וואס איז פאָרגעקומען דורך זייערע האלבאראָבגעלאָזטע ברעמען, נאנא און פאָלין זיינען שטענדיג געגאנגען געארמט אין מיטען און דיא איברינע האבען זיי נעפּאָלגט וויא סאָלדאטען דיא גענערעלער, זיי האבען קיין זאך ניט געטהאָן אויב זיי זיינען געלאָפען אין דאס געווען צו ווייזען זייערע שלאנקע פיס און אויב זייא פלעגען זיך סאָפּענדיג אָבשטעלען איז דאס געווען ביי דער זייט פון יונגע ארבייטער זייערע בעקאנטע, וואס פלעגען אויף זיי בלאָזען מיט רויך, ווען זיי האבען צו זיי גערעדט, נאנא האט געהאט איהר ליעבלינג, וויקטאָר פאקאָן און פאָלין האט גע־האט א טישלער, וואס פלעגט איהר שענקען עפּעל.

**זייער פערגניגען האט זיך ערסט אָנגעהויבען אבענד-צייט, קאָמעדיאנטען** **האבען געגעבען זייערע פאָרשטעלונגען אין מיטען גאס אויף א פערשפּרייטען טעפּיך**

און נאנא און פּאָלין זיינען געווען אין דער ערסטער רייהע צושויער, וואו זייערע פרישע קליידלאך פלעגען צוקנייטשט ווערען אין דער ענגשאפט צווישען דיא שמוציגע בלוזעס פון דיא ארבייטער. נאר ניט דער רויך פון דעם שלעכטען טאבאק ניט דער גערוך פון אלקאָהאָל און ניט דיא פערדאָרבענסטע ווערטער האבען זיי געאַרט און ניט געמאכט זיי רויט, זיי האבען זיך צו אַלץ צוגעהערט מיט א שמייכעל.

דיא איינציגע זאך, וואס האט זיי אין אזא צייט געשטערט איז געווען, ווען זייערע פאטערס פלעגען אנקומען און ווען זיי זיינען געווען אביסעל שכור, זיי פלעגען שטארק אכטונג געבען, אז זיי זאָלען ניט אריינפאלען אין אזא צרה.

— קוק, קוק! שרייט פּאָלין, דיין פאָטער קומט, נאנא!

דאן פלעגט זיא זיך שטעלען אויף דיא קניע און אלע האבען זיך ארום איהר ארומגעשטעלט אזוי, אז מען האט איהר ניט געקענט ארויסזעהן. און נאכדעם וויא ער פלעגט פערביינעהן מיט א פערדעכטיגען בליק, פלעגט זיא ארויסשפּרינגען מיט א געלעכטער.

דאך איז קאָפּע געקוממען א מאָל צו כאפּען נאנא און אוועקפיהרען איהר א היים שענקענדיג איהר קלעפּ מיט'ן קניע אין הינטערן און ראָשע האט זיין פּאָלין אוועקגעשלעפּט פאר'ן אויער.

ביינאכט פלעגען זיי צוריק קומען מיט אן אונשולדיגע מינע און יעדע האָט געהאט אנגעגרייט א פערטיגען תירוץ, אויב מען וועט פרעגען, וואו זיא איז געווען.

נאנא האָט איצט פערדיענט פיערציג סו א טאָג און דיא קאָפּעס האבען איהר ניט געוואָלט ערלויבען צו פערלאָזען דעם פלאַץ, ווייל דאָרטען האָט אויף איהר אכטונג געגעבען דיא טאנטע לעבא.

דאס מיידעל פלעגט אוועקגעהן יעדען אין דער פריה צו דער ארבייט אין א ענגע שווארצע קליידעל, וואס איז געווען קורץ אויף איהר. זשערוויז האָט איהר געגעבען גראדע צוואנציג מינוט צייט אויפ'ן גאנג און זיא האָט געבעטען לעבא, אז זיא זאָל איהר לאָזען וויסען, אויב נאנא וועט זיך פערשפּעטיגען, אָפט איז נאנא געקומען מיט א זיבען אכט מינוט שפּעטער און נאנא האָט פערבראכט דעם גאנצען טאָג און בעטען דיא טאנטע, זיא זאָל ניט דערצעהלען דיא מוטער. פרוי לעבא האָט ליעב געהאט דאס מיידעל און האָט פערשטאנען דיא נאַרעשקייטען פון יוגענד, און האט דער מוטער ניט דערצעהלט, נאר אין דער זעלבער צייט

האָט זיא איהר געזאָגט מוסר און גערעדט פון איהר פעראנטוואָרטליכקייט און פון דיא געפאהרען, וואס א מיידעל איז אונטערוואָרפען אין פאריז.

— דוא מוזט מיר דערצעהלען אלץ, האָט זיא איהר געזאָגט, איך גיב דיר צופיעל נאך און אויב דיר זאָל געשעהן אן אונגליק, וועל איך זיך ארייננוואָרפען אין דער סענא אריין. פערשטעה מיך גוט, מיין קליין קעצעלע. דוא מוזט מיר צוזאָגען, אז אויב א מאַסקנפערזאָן וועט צו ווען עפעס רעדען, זאָלסטו מיר איבער־געבען יעדעס וואָרט. שווערסטו מיר אויף דעם?

נאנא האָט געלאכט מיט א קודצען געהיימניספאָלען געלעכטער. אָה, יאָ, זיא קען איהר שווערען, נאר מענער רעדען צו איהר קיין מאָל נים; זיא געהט צו גיך און ווידער וואס קענען זיי צו איהר רעדען? און מיט אן אונשולדיגע מינע האט זיא ערקלערט דיא אורזאכע, פאר וואס זיא האָט פערשפעטיגט: זיא האָט זיך פערקוקט אין א פענסטער פון א מאגאזין, זיא האָט זיך פעררעדט מיט פאָלין און אויב זיא וויל איהר נים גלויבען, קען זיא געהן און נאָכקוקען איהר.

— אָה, דוא דארפסט קיין מורא נים האבען, האָט לעבא געזאָגט צו איהר ברודער, איך גיב שוין אויף איהר גוט אכטונג און איך בין פאר איהר פעראנט־וואָרטליך, וויא פאר זיך אליין.

נאנא איז נאך נים געווען אין גאנצען פערדאָרבען, נאר דיא נייגיעריגקייט, וואס האָט זיך שוין שטארק ארויסגעצייגט אין איהר ווען זיא איז נאך געווען א קינד, האָט איהר נים פערלאָזען, און זיא האָט זעלטען אראָבגענומען דיא אויגען פון א מיידעל, וואס האָט געהייסען ליזא און פון וועלכע מען האָט דערצעהלט זאָנדערבארע געשיכטעס.

— וויא וואָרעם דא איז? האט זיא אויסגעשריען, אויפהויבענדיג זיך פלוצים און אויפהויבענדיג דיא פאָרהאנג פון פענסטער.

אן ארבייטערין פון פאבריק האט בעמערקט א מאן שטעהן אנטקעגען איבער אויפ'ן טראָטואר.

— ווער איז דער מאן? פרעגט דיא ארבייטערין, איך האָב איהם שוין דא געזעהן מיט א פיערטעל שטונדע צוריק.

— עפעס א נאר מסתמא, וואס האט נים וואס צו טהאָן, האט געענטפערט מאדאם לעבא — נאנא ועסטו געהן צו דעם ארבייט? איך האָב דיר געזאָגט, דוא זאָלסט צום פענסטער נים געהן

נאנא האָט גענומען איהרע בלומען און אלע האָבען גענומען קוקען אויף דעם

מאַן, ער איז געווען פיין געקליידעט, פון א יאָהר פופציג, בלייך און ערנסט.

— זעהט, האָט זיך א מיידעל אַנגערופען, ער מוז ווארטען אויף אָגוסטין. נאר אָגוסטין האָט שאַרף געענטפערט, אז זיא האָט פיינד אלטע לייט.

— דוא מאַכסט א פעהלער דערמיט, האט געזאָגט פרוי לעבאַ מיט א שמייכעל.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זיי א פערדאָרבענער געשפּרעך און נאַנאַ האָט זיך געפונען זעהר היימיש אין דעם, זיא האָט דיא גאַנצע צייט געאַרבייט מיט איהרע פלינקע פינגער און האָט צוזאַמענגעבונדען א בוקעט בלומען.

דער הערר איז אוועק, און דיא אַרבייט איז געגאַנגען רוהיג וויא אימער, ווען דער גלאָק האָט געקלונגען אויף צוועלף א זייגער, האט זיך נאַנאַ ארויסגערופען צו געהן אויפקויפען פאר יעדע מיידעל. איינע האָט געבעטען, זיא זאָל פאַר איהר קויפען פאַר צוויי סו קאַרטאָפעל, א צווייטע — וואורסטעל א. ז. וו. ווען זיא האָט געהאלטען ביים ארויסגעהן, האט איהר טאַנטע רוהיג געזאָגט:

— וואַרט, איך געה אויך מיט דיר, איך דאַרף אויך עפּעס קויפען.

אויפ'ן וועג וואס האָט געפיהרט אין פאַבריק איז געשטאַנען דער פרעמדער הערר, נאַנאַ איז געוואָרען זעהר רויט און לעבאַ האָט שטאַרקער אריינגערוקט איהר אָרם אין נאַנאַס און זיי זיינען געשווינד דורכגעלאָפען.

אזוי! איז דאס דער הערר געקומען נאָך איהר! דאס איז זעהר שעהן פאַר א מיידעל פון איהרע יאָהרען. און מאַדאַם לעבאַ האָט איהר פערוואָרפען מיט פראַגען, נאר נאַנאַ האָט גאר ניט געוואוסט פון איהם, זיא האָט נאר געוואוסט, אז ער נעהמט איהר שוין נאָך פינף טעג.

מאַדאַם לעבאַ האט מיט א זייטיגען בליק בעטראַכט דעם העררן און גע־זאָגט צו נאַנאַ.

— דוא מוזט מיר זאָגען אַלץ.

זיא איז מיט איהר געגאַנגען פון איין קראָם אין דער צווייטע מיט דיא פעקלאַך אין דיא הענד און זיי האבען ניט אויפגעהערט צו רעדע; פון דעם פרעמ־דען העררן.

— דאס וואָלט ניט געווען אזא שלעכטע זאַך, האט געזאָגט לעבאַ, ווען ער זאָל זיין אָרדענטליך אין מיינען ערנסט.

דיא אַרבייטערינען האבען געגעסען שטעהענדיג אויף דיא קניע, זיי האבען

זיך שטארק ניט נעיאָגט צוריס צוקעהרען צו זייער ארבייט, פּלוצים האט איינע פון זיי אויסגעשריען: ט'ס! און אין איין מינוט זיינען שוין אלע געווען בעשעפטינט מיט דער ארבייט, דיא פאבריקאנטשע איז אריינגעקומען און האט אָנגעהויבען ארומצוגעהן צווישען דיא טישלאך.

פרוי לעבא האט פון יענעם טאָג אן ניט ארויסגעלאָזט נאנא אליין, זיא איז איהר שטענדיג נעגאנגען בעגלייטען, אָנפאנגס האט זיך נאנא נעשטעלט נעגען דעם, נאר באלד איז זיא געוואָרען שטאָלץ, וואס מען היט איהר וויא א שאץ, זיי האָבען אויסגעפונען, אז דער הערר איז געווען א פאבריקאנט פון קנעפּלאך און איין אבענד איז לעבא צו איהם גלייך צוגעגאנגען און נעזאָגט, אז ער האנ־דעלט זעהר ניט אנשטענדיג, ער האט זיך פערנייגט און איז רוהיג אוועקגעגאנגען, און אויפ'ן צווייטען טאָג האט ער געטהאָן דאס זעלבע.

א מאָל איז ער אוועק אזוי ווייט, אז ער איז דורכגעגאנגען צווישען זייא ביידען און האט עפּעס איינגערוימט נאנא שטילערהייד, דאס האט אזוי אָנגע־שראָקען לעבא, אז זיא איז גלייך אוועק צו קאָפּע און האט דעם ברודער דעו צעהלט דיא גאנצע געשיכטע, ער האט זיך שרעקליך אָנגעצונדען דערפון און האט איהר אָנגעהויבען אזוי צו טרייסלען, אז דיא צייהנער האבען גענומען קלאפּען ביי איהר אין מויל און ער האט צו איהר גערעדט אזוי, וויא זיא וואָלט געווען דער גרעסטער אויסוואורף.

— לאָז איהר צורוה! אאט נעזאָגט זשערוויז מיט'ן פערשטאַנד פון א פרוי. פערשטעהסטו דען ניט, אז דוא שטופּסט איהר אן אין קאָפּ אלע מאוסע זאכען.

און דאס איז געווען אמת, ער האט ביי איהר ענטוויסעלט אזעלכע געדאנ קען און האט איהר אויסגעלערנט אזעלכע זאכען, וואס זיא האט פריהער ניט געוואוסט.

איין פריהמאָרגען האט ער ביי איהר דערזעהן עפּעס א פאפּירעל, דאס אי געווען פּוידער וואס זיא האט מיט'ן פערדאָרבענסטען געשמאק געשמירט, און איהר איידעלען געזיכט, ער האט איהר מיט דער פּוידער אזוי אויסגעריבען דיא האָר, אז זיא האט אויסגעזעהן, וויא א מילנערס טאָכטער. א צווייטען מאָל האט זיא געבראכט א רויטען באנד צו בעפּוצען איהר הוט און ער האט איהר געפּרעג מיט כעס, וואו זיא האט דאס געקריגען.

ווען ער פלעגט ביי איהר דערזעהן א נייע שטיקעל בעפּוצונג, האט ער

אויף איהר אָנגעוואָרפֿען מיט דיא ערגסטע בעשולדיגונגען, און זיא האָט זיך פֿער־טהיידיגט, וויא זיא האָט געקענט, א מאָל האָט ער ביי איהר ארויסגעריסען א הערציל און האָט עס צוטראָטען מיט דיא פיס.

זיא איז געבליבען שטעהן ווייס וויא קאַלך מיט א שטרענגען בליק. צוויי יאָהר לאנג האָט זיא פאנטאזירט וועגען אזא הערציל. ניין, זיא וועט דאס לאנג ניט אריבערטראָגען. קאָפּע האָט צייטענווייז פערשטאנען, אז ער האנדעלט ניט גוט, נאָר דאס שלימסטע איז שוין געשעהן.

יעדען אין דער פריה פלעגט ער געהן מיט איהר אין פאבריק און אָבוואַר־טען אונטען פינף מינוט, אום צו זיין זיכער, אז זיא איז ארויפגעגאנגען. נאר א מאָל ווען ער האָט זיך אָבגעשטעלט צו רעדען מיט א פריינד אויפ'ן עק גאַס, האָט ער דערזעהן, וויא נאַנא איז ארויסגעלאָפען פון טהיר און איז באלד פער־שוואונדען געוואָרען, זיא איז ארויף מיט צוויי טרעפ העכער, וואו זיא האָט געוואַר־בייט און האָט דאָרטען אָבגעוואַרט ביז נאָך איהר רעכנונג האָט שוין דער פאָטער געדארפט אוועקגעהן.

ווען ער פלעגט ארויפגעהן צו פרוי לעבא פלעגט זיא ענטפֿערן, אז זיא וואַרפט אראָב פון זיך דיא פעראנטוואָרטליכקייט; זיא האָט געטהאָן וואָס זיא האָט גע־קענט, זיא האָט איהם געראטהען ער זאָל איהר גלייך מאַכען חתונה, אז ניט וועט נאָך זיין ערגער.

דיא גאנצע נאכבארשאפט האט געקענט נאנא'ס פערעהרער, ער איז עטליכע מאָל געווען אין הויף און א מאָל האָט מען איהם זאָגאר געזעהן אויף דיא טרעפ. דיא לאָרילס האָבען געזאָגט, אז זיי וועלען זיך פון דעם הויז ארויסקלייבען, אויב עס וועט אזוי געהן ווייטער און פרוי ראָשע האָט אויסגעדריקט פיעל רחמנות צו דעם פרעמדען הערין, וועלכען דיא אויסגעלאסענע מיידעל פיהרט ביי דער נאָז.

אָנפאנגס האָט זיא בעטראכט דיא גאנצע זאך אלץ א גרויסען שפּאַס, נאר זינט דאס האָט געדויערט א מאָנאט לאנג, האָט זיא אָנגעהויבען מורא צו האבען פֿאַר איהם. אָפט ווען זיא פלעגט זיך אָבשטעלען פאר א יובילירער'ס פענס־טער, פלעגט ער פלוצים ערשיינען נעבען איהר זייט און פרעגען איהר, וואס זיא וויל.

עס האָט איהר אזוי ניט געצויגען צו שמוק און ציערונג וויא צו אנדערע זאכען, ווען א קארעטע איז פערביי איהר דורכגעפאָהרען און פערשפריצט איהר מיט בלאָטע האָט איהר אָנגעכאפט א שטאַרקע קנאה און א לוסט צו זיין בעסער

נעקליידעט און צו געהן אין טהעאטער, צו האָבען פאר זיך דיך אליין א שעהנעם צימער, צו געניסען עפּעס גוטע פערגניגענס. דער פרעמדער פלעגט במעט שטענ־דיג ערשיינען פאר איהר אין אזעלכע מינוטען, נאר זיא פלעגט זיך אומקעהרען און אנטלויפען, אזוי שטארק איז געווען איהר מורא פאר איהם.

נאר ווען ווינטער איז געקומען איז איהר לעבען געוואָרען אזוי אונערטרעגליך אז זיא האָט ניט געקענט אויסהאלטען, יעדען אבענד, האט מען איהר געשלאָגען און ווען דער פאָטער איז מיעד געוואָרען, האט איהר דיא מוטער געשאָלטען, זיי האָבען זעלטען געהאט וואָס צו עסען און שטענדיג איז געווען קאַלט אין דער היים, אויב נאַנאַ האָט געבראַכט עפּעס א קליינינקייט, א בעפוצונג, האט מען דאס ביי איהר צוגענומען. נייז, אזא לעבען האט לענגער ניט געקענט אָנהאַלטען, זיא האָט איהר פאָטער מעהר ניט ליעב געהאט, ער האָט איהר שרעקליך דער־עסען, און איצט האָט נאָך דיא מוטער אויך אָנגעהויבען צו טרינקען.

זשערוויז איז געגאַנגען אין אסעמואר זוכען איהר מאַן, וויא זיא האָט גע־זאָגט, נאר זיא פלעגט דאָרטען פערבלייבען, ווען נאַנאַ פלעגט א מאָל דורכגעהן פערביי דעם שענק און זעהן איהר מוטער צווישען א רייהע מענער, איז זיא געוואָ־רען בלייך פאר כעס. יונגענד קען ניט דולדען קיין שכרות, זיא האָט פערבראַכט א פינסטערען לעבען אָהן א בעקוועמע היים, מיט א שכור'ען טאטע און שכור'ע מאמע. א היילינער וואָלט אונטער אזעלכע אומשטענדען ניט געקענט אויסהאלטען און זיא האָט צו זיך געזאָגט, אז זיא וועט מוזען אנטלויפען פון דער היים, דאַן וועלען אפשר דיא עלטערן פערשטעהן, אז זיי האבען איהר פערטריבען פון איהר נעסט.

א מאָל שבת אבענד האט נאַנאַ געפונען איהר פאָטער און מוטער אין אן עקעלהאפטען צושטאַנד, ווען זיא האָט געעפענט דיא טהיר פון זייער וואוינונג. קאָפּע איז געלעגען אויסגעצויגען איבער'ן ברייט פון בעט און זשערוויז איז געזעסען אין א שטוהל און געשאָקעלט זיך אהין און צוריק. זיא האָט פערגעסען אן מיטאָג, און א איינציג ליכטעל האָט בעלויכטען דיא טרויריגע סצענע.

— ביזטו דאס מיידעל? האָט געשטאַמעלט זשערוויז, דער טאטע וועט זיך שוין מיט דיר אָברעכענען.

נאַנאַ האָט ניט געענטפערט. זיא האָט ארומגעקוקט דעם טרויריגען צימער, דעם פאלטען אייוען, דיא שכור'ע עלטערן, זיא האָט דעם שוועל ניט אריבערגע־טראָטען זיא האָט זיך אומגעקעהרט און איז אוועק.

און זיא איז ניט צוריקגעקומען.

אויפ'ן צווייטען טאג, ווען דיא קאפּעס האבען זיך אויסגעניכטערט האבען זיי בעשולדיגט איינער דעם צווייטען אין נאנא'ס אנטלויפען. דאס איז געווען אין דער ווירקליכקייט א שרעקליכער קלאפּ פאר זשערוועיז, פאר וועלכע עס איז מעהר קיין זאך ניט געבליבען אויף דער וועלט. און זיא האט זיך גלייך אריינגעלאזט אין א שרעקליכע שכרות, וואס האט געדויערט דריי טאג. קאפּעָ האט זיין טאכטער אין גאנצען אויפגעגעבען און האט רוהיג גערויכערט דיא פּיפּקע, נאר צייטענווייז ביים מיטאג פלעגט ער א כאפּ טהאן א מעסער און פאכען מיט איהם אין דער לופט און שרייען, אז זיין נאמען איז בעפלעקט געווארען, דאן האט ער פּלוצים צוריק אוועקגעלעגט דאס מעסער און גענומען זיך רוהיג צום טרונק.

אין דיעזען גרויסען הויז, פון וואנען עס איז ניט אוועק א מאנאט, אז א מיידעל אדער צוויי זאלען ניט אנטלויפען, האט נאנא'ס פערלאזען איהרע עלטערן ניט געמאכט קיין רעש, דיא לארילס האבען מיט שמחה געזאגט, אז זייערע ווערטער זיינען מקוים געווארען, און לאנטיע האט פערטהיידיגט נאנא.

— געוויס, האט ער געזאגט, — געוויס האט זיא געטהאן ניט גוט, נאר וואס האט איהר פון איהר פערלאנגט? א מיידעל, אזוי שעהן וויא זיא, קען ניט פער־ברענגען איהר גאנץ לעבען אין ארימקייט.

— איהר ווייסט נאך גאר ניט, האט פרוי לאריל אויסגעשריען איין אבענד, ווען זיי זיינען אלע געווען פערזאמעלט ביי פרוי ראשע, דער הילצערנער פוס האט איהר טאכטער פערקויפט איך וויים דאס, איך האב אויף דעם בעוויזע. דאמאלס, ווען מען האט דעם אלטען העררן געזעהן דא אויף דיא טרעפּ, איז ער איהר גע־גאנגען צאהלען דאס געלד, מען האט געזעהן איהם צוזאמען מיט נאנא מיט א פּאר נעכט פריהער אין טהעאטער.

זיי האבען געהאלטען ביים ענדיגען טרינקען קאפּע. דיא אנוועזענדע האבען יא געגלויבט און ניט געגלויבט, דאך האט זיי געשיינט, אז דאס איז מעגליך, און זיי האבען דאס גלייך צוטראגען אין דער נאכבארשאפט, אז זשערוועיז האט פער־קויפט איהר טאכטער.

זשערוועיז איז דערווייל געפאלען אלץ ניעדריגער און ניעדריגער. אויף איהר אלטען פּלאץ ביי פרוי פאקאן, האט מען איהר אבגעזאגט, פאר וואס זיא איז ניט ריין, זיא האט געשיינט צו פערגעסען אין גאנצען וויא מען האלט אן אייזען אין דיא הענד, זיא האט גענומען געהן אויף טאג ארבייט און זיא האט נאר געקריגען

ריא גרעבסטע ארבייט. דאס האט איהר ניט געמאכט שעהנער, נאר זיא איז געוואָרען אלץ דיקער און דיקער, ניט קוקענדיג, וואס זיא האט ווייניג געהאט צום עסען און געטהאָן שווערע ארבייט.

איהר פרויען־שטאָלץ און זעלבסט ליעבע איז אין גאנצען פערשוואונדען געוואָרען, לאָנטיע האָט זיך געמאכט, אז ער בעמערקט איהר ניט. ווען זיי פלעגען זיך צופעליג בעגעגנען, און זיא האָט קוים בעמערקט, אז זייער פערהעלטניס וואס האט זיך געצויגען יאָהרען־לאַנג האט זיך געענדיגט און ביידע זיינען געווען ענטטוישט.

לאָנטיע האָט געוואוסט, וואס ער האָט געטהאָן, ווען ער האט ווירזשין געראטהען צו מאכען אזא סאָרט קראָם, ער האט ליעב געהאט זיסע זאכען און האט געקענט לעבען מיט קאָנפעקטען.

אם מייסטען האט ער ליעב געהאט געצוקערטע מאנדלען, א יאהר לאַנג איז זיין הויפט שפייז געווען באָמבאָנס; ער האָט געעפענט אלע קעסטעלאַך, שופלאדען, ווען ער איז געבליבען אליין אין געשעפט; און אָפט רעדענדיג מיט פינף־זעקס פערזאָנען אין געשעפט, פלעגט ער עפענען דאס דעקיל פון א סלאָי און ארויסנעהמען איין מאנדעל, דאס דעקיל איז שוין מעהר אויפ'ן סלאָי ניט ארויף, און דיא מאנדלען זיינען באלד אין גאנצען פערשוואונדען געוואָרען. „דאס איז ביי איהם אזא געוואוינהייט" פלעגען אלע זאָגען, „און דערצו נאָך ליידט ער פון א קיצלען אין האלז!"

ער האָט זעהר פיעל גערעדט מיט פּאַסאָ, וועגען זיינע אן ערפינדונג, וואס איז ווערטה א פערמעגען — דיא ערפינדונג איז א הוט מיט א שירעם צוזאמען, דאס הייסט א הוט וואס ווט פון דיא ערסטע טראָפּענס פון א רעגען זיך צרשפרייטען און פערוואנדלען זיך אין א שירעם.

לאָנטיע האָט אויפגעגעבען ווירזשין א פלאָן, אז זיא זאָל זשערוועיז נעהמען יעדע וואָך צו וואשען דיא דילען, זיא פלעגט איהר דערפאר צאהלען דרייסיג סו א מאָל, און זשערוועיז פלעגט קומען יעדען שבת מיט א עמער און בארשט און האָט געשיינט גאר ניט צו ליידען פון דער ניעדריגע ארבייט אין דעם הויז, וואס זיא האָט א מאָל געפיהרט א פיינעם לעבען.

א מאָל שבת האָט זשערוועיז געהאט א שווערע ארבייט; דריי טעג לאַנג האָט גערעגענט און עס האט געשיינט, אז דער גאנצער שמוץ פון גאס איז אריינגעשלעפּט געוואָרען אין קראָם אריין. ווירזשין איז געשטאַנען הינטערן טיש, פיין

פערפוצט מיט שפּיצען און האָט גערעדט מיט לאַנטיע, וואס איז געזעסען ניט ווייט פון איהר אויף א ניעדריגען שטוהל און האָט וויא אימער גענעסען קאָנפעקטען.

— קענט איהר ניט וואשען אביסעל ריינער, פרוי קאָפּע, האָט צו איהר געזאָגט ווירזשין, איהר האָט אין דיא ווינקלען איבערגעלאָזט דעם גאַנצען שמוץ — זעהט איהר דען ניט? זייט אזוי גוט און נעהמט איבער נאָך א מאָל מיט דער בארשט.

זשערוויז האָט געפאָלגט. זיא האָט א צווייטען מאָל איבערגעוואשען דעם ווינקעל, זיא איז געלעגען אויף דיא הענד און קניע דיא ארבעל פערקאשערט איבער דיא רויטע ארמס, איהר אלטע קליידעל איז געווען אָנגעקלעבט אין איהר פעטען לייב, און דער שוויים איז גערונען פון איהר געזיכט.

— וואס מעהר זיא שמירט זיך, שיינט זיא מעהר, האט לאַנטיע ארויסגערעדט לאַנגזאם מיט א פולען מויל.

ווירזשין האָט זיך אָבגעשפּארט אין איהר שטוהל מיט דער מינע פון א פּרינצעסין און נאָכגעקוקט מיט האלב פערמאַכטע אויגען, וויא זשערוויז ארבייט.

— אביסעל מעהר רעכטס, געדענקט, אז דיא פלעקען מוזען אלע ארויסגענומען ווערען. וויא איהר ווייסט, בין איך מיט אייך פאר אכטאָגען שבת ניט געבליבען צופריעדען.

דאַן האָט ווירזשין אנגעהויבען א געשפּרעך מיט לאַנטיע, וועהרענד זשערוויז איז ארומגעקראָכען נעבען זייערע פיס אין דעם שמוץ פון דיא דילען.

דאס האָט פערשאפט ווירזשין פיעל נחת. איהרע קעצענע אויגען האבען געפינקעלט מיט פרייד פון נקמה, און זיא האָט א קוק געטהאָן אויף לאַנטיע מיט א שמייכעל, ענדליך האָט זיא געהאט איהר נקמה פאר דער סצענע אין וואש־הויז, וואס איז געלעגען אויף איהר הארצען וויא א שווערע לאסט לאַנגע יאָהרען.

— מחשבות'ן, האט זיך לאַנטיע אָנגערופען ווענדענדיג זיך צו זשערוויז, איך איך האָב נעכטען ביי נאַכט געזעהן נאַנא.

זשערוויז האָט זיך אויפגעהויבען מיט דער בארשט אין האַנד.

— יא, איך בין געגאַנגען אין גאַס, פאר מיר איז געגאַנגען א יונגע מיידעל, געאָרמט מיט אן אלטען הערר. ווען איך בין זיי פערבייגעגאַנגען און האָב איהר אריינגעקוקט אין געזיכט האב איך דערזעהן, אז דאס נאַנא, זיא איז געווען גוט געקליידעט און האט אויסגעזעהן גליקליך.

— אה! האָט זשערוויז אַרויסגעלאָזט א שטילען קלאַנג.

לאנטיע וואס האט פערטיג געמאכט איין סלאַי, האט זיך גענומען צו א צווימען.

— נו, איז דאס א מיידעל! האט ער ווייטער גערעדט, שטעלט אייך פאָר, זיא האט מיר געמאכט א צייכען, אז איך זאָל איהר נאָכגעהן, אין א קאפע האט זיא אוועקגעשיקט דעם אלטען הערן און האט מיך צוגערופען צו דער טהיר, און געבעטען, איך זאָל איהר דערצעהלען, וואס יעדער מאכט.

— אה! האט זשערוויז ווידערהאָלט דעם זעלבען קלאנג.

זשערוויז איז געשטאנען און געווארט, זיבער האט נאנא איהם געבעטען, ער זאָל איהר עפּעס מיטטהיילען, לאַנטיע האט געקיים געצוקערטע פלוימען.

— איך וואָלט אויף איהר אפילו קיין קוק ניט געטהאָן, האט געזאָגט ווירזשין. איך האָף, אז זיא וועט מיך בענענענען וועט זיא צו מיר ניט ריידען. איך קען אייך ניט זאָגען וויא דאס וואָלט מיך בעליידינט, מיר טהוט זעהר באנג פאר אייך, פרוי זשערוויז נאר דיא זאך איז, אז מיין מאן ארעסטירט אזעלכע מיידלאך מעהר וויא א טוץ א טאָג.

זשערוויז האט גאר ניט געזאָגט, איהרע אויגען האבען געקוקט אין דער לופט. זיא האט לאנגזאם געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ וויא איין ענטפער אויף איהרע איינענע געדאנקען.

— מאכט עס אביסעל גיכער, האט צו איהר געזאָגט ווירזשין, עס וועט היינט ביי אייך געדויערן ביז האלבע נאכט און דאס וויל איך ניט.

און זשערוויז האט זיך צוריקגענומען צו איהר ארבייט.

ווען זיא איז מיט'ן וואשען פערטיג געוואָרען, איז זיא געשטאנען פאר'ן טישעל און געווארט אויף געלד, נאר ווען ווירזשין האט איהר דיא דרייסיג סו צוגעוואָרפען, האט זיא ניט גלייך גענומען דאס געלד.

— און זיא האט מעהר קיין זאך ניט געזאָגט? האט זשערוויז געפרעגט.

— זיא? האט לאנטיע אויסגערופען. ווער איז „זיא"? אָ, יא, איך וויים, איהר מיינט נאנא! ניין, זיא האט מעהר קיין זאך ניט געזאָגט.

און זשערוויז איז אוועק מיט דיא דרייסיג סו אין האנד, פון איהר קליידער און שיך האט געטריפט וואסער און דיא ברייטע זוילען פון דיא שיך האבען איבער־געלאָזט א ברייטען שפור אויפ'ן טראָטואר.

אין דער נאכבארשאפט האבען אלע פרויען, וואס האבען געטרונקען, וויא זיא, געהאלטען איהר זייט און געזאָגט, אז איהר טאָכטער'ס שלעכטע אויפפיהרונג

האט איהר ארייננעטריבען אין שברות. זשערוויז אליין האט אויך אנגעהויבען איז דעם צו גלויבען און צייטענווייז האט זיא אנגענומען א טראגישע מינע און געזאגט אז זיא ווינשט זיך דעם טוידט, זיא האט אהן א שום צווייפעל געליטען פון נאנא'ס אנטלויפען; פאר א מוטער איז שווער דער געדאנק, אז איהר קינד פערלאזט איהר פאר'ן ערסטען פרעמדען, וואס בעט איהר זיא זאל אזוי טהאן, נאר זיא איז שוין געווען צו ניעדריג געפאלען, אז זיא זאל לאנג ליידען דערפון.

זיא האט ארומגעוואנדעלט איבער דיא גאסען טאג נאך טאג, נאכט נאך נאכט אין האפנונג צו בעגעגענען איהר טאכטער. אין יענעם יאהר זיינען האלב פון דיא הייזער אין דער נאכבארשאפט אראבגעווארפען געווארען. לאנטיע און פלאסא האבען גאנצע טעג דעפוטירט איבער דיזע צערשטערונגען. לאנטיע האט געזאגט, אז דער קעניג וויל אויסבויען פאלאצען און דערמיט פערטרייבען דיא ניעד־ריגע קלאסען פון פאריז, און פלאסא האט געענטפערט, אויסער זיך מיט כעס, אז דער קעניג וואלט צואווארפען גאנץ פאריז, אום צו געבען ארבייט פאר'ן פאלק.

זשערוויז'ן זיינען אויך נים געווען געפעלען דיא אלע פערבעסערונגען און דיא ענדערונגען אין דער ענגער שמוציגער נאכבארשאפט, צו וועלכער זיא איז געוואוינט געווארען, אין דער ווירקליכקייט איז איהר געווען שווער צו צוזעהן דיא אלע פער־בעסערונגען אין דער צייט וואס זיא איז געזונקען אלץ נידריגער און נידריגער, און זיא האט געמורמעלט אונצופריעדען, פאלענדיג איבער דיא קופעס ציגעל און קאלך אין איהרע וואנדרונגען און זוכען איהר טאכטער.

זיא האט געהערט פון איהר טאכטער עטליכע מאל, מען האט דערצעהלט, אז נאנא האט פערלאזען דעם עלטערן העררן און פיהרט זיך ארום מיט א יונגען, זיא האט אויך געהערט, אז נאנא האט מען געזעהן אין דעם גראנד סאלאן אויף א באל און אין אנדערע פלעצער, און זיא און קאפא האבען גענומען בעזוכען אזעלכע פלעצער, ווען זיי האבען געהאט אביסעל געלד אויף אויסצוגעבען.

אין דעם פערלויף פון א מאנאט האבען זיי אן נאנא פערגעסען און זייא זיינען געגאנגען פון זייער אייגענעם פערגניגען, שטונדען־לאנג זיינען זיי געזעסען אנ־געשפארט מיט עלענבויגען אן דיא טישען, וואס האבען זיך געטרייסעלט פון טאנ־צען, און האבען זיך צוגעקוקט צו דיא טענצער.

א מאל אין א נאוועמבער נאכט זיינען זיי אריין אין גראנד סאלאן נים אזוי צו זוכען פערגניגען, וויא צו דערווארעמען זיך. אין דרויסען איז געגאנגען א

הונעל און דער סאלאָן איז נעווען איבערנעפילט, דיא קאָפּעס האָבען ניט נעקענט נעפינען קיין טיש און זיינען נעבליבען שטעהן אין א דורכגאנג, אין נעדרענגניס האָט מען ארויפגעשטופּט א יונגען מאַ אין א פראַק אויף קאָפּע, דער יונגער מאַן האָט זיך אָבגעטרייסעלט מיט עקעל און גענומען ווישען דעם פראַק מיט א טיכעל קאָפּעס בלוזשע איז ווירקליך געווען זעהר שמוציג.

— הער, מיין טהייערער יונגער מאַן! האָט אויסגעשריען קאָפּע מיט כעס. מאַך ניט אזעלכע הוית דאס איז גאר ניט נויטהיג, דוא מעגסט וויסען, אז דעם ארבייטער׳ס בלוזשע קען דיין פראַק ניט שאַדען, אויב עס האָט זיך אן איהם אנגעריהרט.

דער יונגער מאַן האָט זיך אומגעקוקט און האָט אָבגעמאָסטען קאָפּע׳ן פון קאָפּ ביז דיא פיס.

— זיי וויסען, האָט ווייטער גערעדט קאָפּע מיט כעס, אז דיא בלוזשע איז דאס איינציגע קלייד, וואס פּאַסט פאר א מאַן.

זשערוויז האָט געזוכט צו בערוהיגען איהר מאַן, נאר ער האָט זיך געקלאַפּט מיט׳ן פויסט אין הארצען און ווידערהאָלט:

— דאס איינציגע קלייד פאר א מאַן זאָג איך!

דער יונגער מאַן האָט זיך א דרייה געטהאָן און איז פערשוואונדען געוואָרען צווישען פּובליקום, קאָפּע איז איהם געגאַנגען זוכען, נאר געפינען איהם איז געווען אונמעגליך, עס איז געווען צו פיעל מענשען, דער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט א סוואדריל. און דיא טענצער האָבען געמאַכט אזא שטויב, אז עס האָט דונקעל גע־מאַכט דעם גאַז.

— זעה! האָט זשערוויז אויסגעשריען פּלוצים.

— וואס איז? האָט קאָפּע געפרעגט.

— קוק אויף יענעם סאַמעטענעם הוט!

לינקס פון זיי האָט זיך געזעהן א סאַמעטענער הוט, פול מיט גרויסע פעדערן, זיי האָבען אָהן אטהעם בעטראַכט דיא ווינענדיגע פעדערן.

— דערקענסטו ניט יענע האָר? האָט געמורמעלט זשערוויז הייזעריג, איך בין זיכער, אז דאס איז זיא.

אין א מינוט ארום איז קאָפּע שוין געשטאַנען צווישען דיא טענצער. יאָ, דאס איז געווען נאַנאַ, און אין וואס פאר א קאָסטיום! זיא האָט געטראַגען אן אָבגעריסענע זיידענע קלייד פערפלעקט און פערשמוצט. זיא האָט ניט געהאַט קיי

שאל אויף איהרע אקסלען צו פערדעקען דיא לעבער וואס זיינען געוואָרען פון דיא ארויסגעריסענע קנעפּלאך, נאר ניט קוקענדיג א יף איהר א גנעריסענקייט, האָט זיא אויסגעזעהן שעהן און פריש. זיא האָט ניט געוואוסט, וואס איהר ערוואַרטעט און האט רוהיג געטאנצט ווייטער. דיא מינעס און קונצען, וואס זיא האָט געוויזען, זיינען געווען אונגלויבליך, זיא האָט זיך פערבויגען ביז צו דער ערד און פּלוצים אין איין אויגענבליק האָט זיא שוין געהאט איהר פוס אריבערגעוואָרפען איבער איהר קאוואלער׳ס קאָפּ. ארום זיי האָט זיך פערקליבען א רעדיל און מען האָט זיי שטארק אפּלאָדירט, אין דיעזען מאָמענט האט זיך קאָפּע א וואָרף געטהאָן צו זיין טאָכטער.

— האלט מיך ניט אָב, האָט ער אויסגעשריען. איך וועל איהר כאַפּען!

נאנא האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן איהר פאָטער און מוטער. און קאָפּע האָט דערקענט אין זיין טאָכטער׳ס קאוואלער דעם יונגען מאן מיט׳ן פראק, מיט וועלכען ער האָט פריהער געהאט א קריג.

זשערוויז האט דערוויל אבגעשטופּט איהם אן א זייט און האָט אראָבגע־לאָזט צוויי פּעטש נאנא׳ן איבער דיא אויערן, פון ערסטען פאטש איז איהר הוט מיט דיא פעדערן אראָבגעפלויגען אן א זייט, און דער צווייטער האט איבערגע־לאָזט פינף רויטע סמנים אויף איהר בלייכע באַס. דער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט ווייטער, און נאנא האָט ניט געוויינט און זיך ניט געריהרט.

דיא טענצער זיינען געוואָרען זעהר בייז און האבען געהייסען דיא קאָפּעס פערלאָזען דאס צימער.

— נעה, האָט געזאגט זשערוויז און פּרוב נאָר ניט צו אנטלויפען, וויל אזוי ניך וויא דוא מאכסט דעם ערסטען פערזוך, וועלען מיר דיך איבערגעבען צו דער פּאָליציי.

דער יונגער מאן מיט׳ן פראק האט געטהאָן וויא א חכם און האט זיך דערוויל אָבגעטראָגען.

בּיי נאנא האָט זיך ווידער אנגעהויבען איהר אלטער לעבען, דיא גאנצע וואָך נאכדעם איז זיא געווען צארט און זאנפט, זיא האט געטראָגען אן איינפאכע קליידעל און אן איינפאכען הוט און האָט געזאָגט, אז זיא וואָלט וועלען ארבייטען אין דער היים, זיא פלעגט אויפשטעהן פינף א זייגער אין דער פריה און זעצען זיך צום טיש און מאכען איהרע בלומען. נאר אין דיא זעקס מאָנאט, וואס זיא

האָט ניט נעאַרבייט, האָבען איהרע פינגער פערלאָרען זייער פליטקייט און זיא האָט מיט זיי גאָר ניט געקענט מאַכען.

דער קליי אין טעפּעלע איז פערטריקענט געוואָרען, דאס פּאַפּיר און דיא בלעטלאַך זיינען פערפלעקט און פערשטויבט געוואָרען, דיא פּאַבריקאַנטין, וואס האָבען איהר דיא ארבייט ארויסגעגעבען, איז געקומען נאך איהרע געצייג און מאַטע־ריאַל און האָט געמאַכט אַ סצענע. נאנא האט זיך ווידער אָבגעלאָזט און האט נאר ניט געטהאָן, זיא האָט זיך נאר געקריגט מיט דער מוטער פון פריה ביז ביי נאכט. געווים האָט אזא צושטאַנד לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטען, און אין איין שעהנעם אבענד איז נאנא ווידער פערשוואונדען געוואָרען.

דיא לאָרילס האָבען זיך שטארק אמוזירט פון דער געשיכטע און האָבען געזאָגט, אז דאס צווייטע מאָל ווען זיי וועלען איהר כאַפּען זאָלען זיי איהר איינ־שפּאַרען אין אַ שטיינעלע וויא אַ קאַנאַריקעל.

דיא קאָפּעס זיינען געווען שרעקליך בייז, נאר זיי האָבען זיך געמאַכט, וויא דאס פערשאַפט זיי פערגניגען, אם מייסטען האט זיי געערגערט, וואס נאנא פלעגט קומען אָפט אין דער נאַכבאַרשאַפט און ושערוויז האָט געזאָגט, אַז זיא טהוט דאס איהר אויף צו להכעיס.

זיי האָבען געוואוסט אז זיא געהט אויף אלע בעלער און זיי קענען איהר לייכט אָבזוכען, נאר זיי האָבען דאס ניט געוואָלט טהאָן.

נאר איין נאכט ווען זיי האָבען זיך שוין צוגעקליבען צו געהן שלאָפען, האָבען זיי דערהערט אַ קלאַפּ אין טהיר, דאס איז געווען נאנא און זיא איז געקומען פרע־גען אַזוי קאַלט וויא מעגליך, אויב זיא קען ביי זיי שלאָפען. איהר צושטאַנד איז געווען שרעקליך! איהר קלייד איז געהאַנגען וויא אַ שמאַטע און איז געווען אויס־געטונקט אין בלאָטע. נאנא האָט אין דער גיך איינגעשלונגען אַ שטיקעל טרוקענע ברויט און אנשלאָפען געוואָרען מיט אַ שטיקעל ברויט אין האנד.

דאס האט אָנגעהאַלטען אַ צייט לאַנג. זיא פלעגט אַוועק און דערנאך ווידער ווייזען זיך, גאַנצע וואָכען און אַ מאָל מאָנאַטען האט מען פון איהר נאר ניט גע־הערט, פלוצים פלעגט זיא ערשיינען און ניט געזאָגט קיין וואָרט וואו זיא איז געווען, אַ מאָל איז זיא געווען גוט געקליידעט, אַ מאָל שרעקליך אָבגעריסען, און ענדליך האָבען זיך דיא עלטערן דערצו צוגעוואוינט און האָבען בעטראַכט איהר קומען און געהן וויא אַ זאַך, וואס דאַרף אַזוי זיין, זיא קען קומען און געהן, ווען זיא וויל, נאר דיא טהיר זאָל זיא פערמאַכען. איין זאַך האָט ושערוויז ניט

נעקענט פערקיידען, דאס איז געווען ווען נאנא פלעגט קומען אין א הוט מיט פעדערן און אין א קלייד מיט א שלעפע. ווען נאנא קומט צו איהר, מוז זיא קומען וויא אן איינפאכע ארבייטער־מיידעל, זיא וויל ניט, אז זיא זאל זיך דא ווייזען מיט איהר טהייער־בעצאהלטען פוץ, ווייל איהרע קליידער מיט איהרע שלעפעס האבען געמאכט א גאנצען גערודער אין הויז.

א מאל ווען זשערוויז האט גענומען זידלען איהר טאכטער פאר'ן לעבען, וואס זיא פיהרט און איז אזוי ארויס פון זיך, אז זיא האט איהר אנגעבאפט פאר דיא אקס־ען און גענומען איהר טרייסלען, האט נאנא זיך אנגערופען:

— לאז מיך צורוה! ווער ביזטו דאס, וואס דוא זאגסט מיר אזעלכע ווערטער, דוא האסט געטהאן, וויא דיר איז געווען געפעלען, פאר וואס קען איך ניט טהאן וויא מיר געפעלט?

— וואס מיינסטו? האט געשטאמעלט זשערוויז.

— איך האב זיך געמאכט ניט וויסענדיג, ווייל דאס איז ניט געווען מיין געשעפט, נאר מיינסטו אז איך וויים ניט וואו דוא האסט דיא נעכט פערבראכט. ווען מיין פאטער איז געלעגען און געבראפעט? דוא האסט דאס מיר געוויזען א ביישפיעל וויא צו לעבען.

זשערוויז האט זיך אבגעקעהרט בלייך און ציטערנדיג, און נאנא האט זיך גלייך בערוהיגט און איז איינגעשלאפען

קאפע האט איצט געפיהרט זעהר א רעגולארען לעבען, דאס הייסט, ער האט ניט געטרונקען זעקס מאנאט לאנג. דאן האט ער זיך פלוצים צוגעבאפט צום טרונק און דאס פלעגט איהם פיהרען אין משוגעים־הויז. נאך זיין ארויסקומען פון דארטען האט זיך דאס ווידער אנגעהויבען פון דאס ניי און אין דעם פערלויף פון דריי יאהר, איז ער זיבען מאל געווען אין משוגעים־הויז און איז יעדעם מאל ארויס־געקומען שוואכער און צובראכענער.

קאפע האט נאר געוואוסט איין רפואה פאר זיינע ליידען און דאס איז גע־ווען א גרויסע כוס'ע אין דער פריה. זיין זכרון האט ער שוין לאנג פערלארען, זיין מארך איז געווארען ווייך, ווען נאנא פלעגט קומען נאך זעקס וואכען, האט איהם אויסגעוויזען, אז זיא איז נאר וואס ארויסגעגאנגען עפעס קויפען. ווען זיא האט איהם בעגעגענט אין גאס, האט זיא פאר איהם קיין מורא ניט געהאט, ווייל ער פלעגט פערביי איהר דורכגעהן און איהר ניט דערקענען. א מאל אבענד־צייט אין הערבסט איז נאנא ארויס קויפען א פאר געבאקטע בערנעס און איז ניט געקומען

צוריק. זיא האט דערפיהלט, אז דאס קאלטע וועטער קומט, און זיא האט ניט געוואלט זיצען ביי א קא־טען אייוועז, פאַרינגען ווינטער האט זיא געטהאָן דאס זעלבע, זא איז דאן ארוים קויפען טאבאק פאר צוויי סו, און איז צוריקגעקומען אין א מאַנאט ארום. זשערווייז האט געדענקט, אז איצט וועט זיין דאס זעלבע, נאר זיי האבען געהאט א גרויסען מעות. ווינטער איז אריבער, דער פריהלינג איז אוועק און אין מאַנאט יוני האבען זיי נאך גאר ניט געהערט פון איהר.

מסתמא איז איהר געווען גאנץ בעקוועם, און זשערווייז האט פערקויפט איהר בעטיל, דענקענדיג, אז זיא וועט שוין מעהר א היים ניט קומען, דאס בעט האט פערנומען אן אָרט און דיא זעקס פראנק האבען געקענט צו ניץ קומען אויף טרינקען.

איין פריה־מאָרגען, ווען זשערווייז איז דורכגעגאנגען, האט ווירזשין איהר א רוף געטהאָן זיא זאָל איהר העלפען. לאנטיע האט דיא לעצטע נאכט געהאט ביי זיך צוויי געסט און מען האָט געדארפט אויפראמען. וועהרענד זשערוויז האט גע־וואשען דאס געפעס, איז לאנטיע געזעסען אין קראָם און האָט גערויכערט, פלוצים האט ער זיך געווענדט צו זשערוויז און געזאָגט:

— אהה, זשערוויז, איך האָב געזעהן נאנא מיט א פּאָר געבט פריהער.

ווירזשין איז געשטאנען הינטערן טיש און געפּענט איין שופלאָד נאכ'ן צוויי־טען, איהר געזיכט האָט זיך אלץ מעהר און מעהר אויסגעצויגען, זיא האט געפינען אז יעדער שופלאָד איז לעדיג. דערהערענדיג זיינע ווערטער, האט זיא איהם גע־וויזען א פויסט.

זיא האָט געדענקט, אז ער זעהט נאנא צו אָפט, זיא האָט גאר ניט גע־זאָגט, נאר פרוי לעכא, וואס איז איצט אריינגעקומען האט געזאָגט מיט א פיעל־דייטענדען בליק:

— און וואו האט איהר זיא געזעהן?

— אהה, אין א קאַרעטע, האט לאנטיע געענטפערט מיט א געלעכטער, און איך בין געשטאנען אויפ'ן טראָטואר. און ווענדענדיג זיך צו זשערוויז, האט ער גערעדט ווייטער:

— יא, זיא איז געזעסען אין א קארעטע, פראכטפאָל געקליידעט, איך האָב איהר אָנפאנגס ניט דערקענט נאר זיא האט מיר צוגעוואָרפען א קוס מיט דער האנד, היינטיגעס מאָל מוז איהר געליעבטער זיין צום ווענינגסטען א גראף, זיא האט אויסגעזעהן גליקליך, וויא א קעניגין.

זשערוויין האָט נאָך אלץ געווישט דיא טעלער. וואס איז שוין לאַנג געוועזן טרוקען, ווירזשין מיט אַנגערוקטע ברעמען האָט געבראַכען דעם קאָפּ, וויא וועט זיא קריגען דאס געלד צו בעצאָהלען מאָרגען אויף דיא צוויי וועקסלען, און לאַנטיע פעט און פריילעך פון דיא קאָנפעקטען, וואס ער האָט אויפגענעסען האט זיך גע־פרעגט, צו דיא שופלאָדען און קעסטעלאך און סלאָיעס וועלען ווידער אָנגעפילט ווערען, אדער דיא רואינע, וואס ער האט שוין לאנג פאָראויס געזעהן, איז שוין אָנגעקומען און ער וועט זיך דארפען בעצייטענס אָבטראָגען, ווייל פאר איהם איז שוין מעהר ניט געבליבען קיין קאָנפעקטען.

ווען זשערוויז איז צוריקגעקומען אין איהר צימער, האָט זיא געטראָפען קאָפּע זיצען נעבען בעט, און ער האָט געוויינט און געקרעכצט, זיא האָט גענומען א שטוהל, האָט זיך געזעצט נעבען איהם און געקוקט אויף איהם, ניט רעדענדיג קיין וואָרט.

— איך האָב נייעס פאר דיר, האָט זיא ענדליך געזאָגט, מען האָט געזעהן דיין מאַכטער, זיא זעהט אוים גליקליך און צופריעדען, הלואי וואָלט איך געווען אויף איהר פּלאַץ.

קאָפּע האָט געקוקט אויף דער ערד, דאן האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געזאָגט מיט אן אידיאָטישען געלעכטער:

— מהו, וויא דוא פערשטעהסט, מיין טהייערע. איך וועל דיר ניט שטעהן אין וועג, ווען דוא ביזט אויסגעפּוצט, זעהסטו ניט אוים זעהר שלעכט.

---

## XI.

דאס וועטער איז געוועז קאלט אין מיטען יאנואר. זשערוויז האט דעם „ערסטען" ניט געקענט איינצאהלען פאר דער דירה זיא האט געהאט זעהר ווייניג ארבייט און דארום איז ניט געוועזען וואס צו עסען. זשערוויז האט ווייניג געהאפט אויף איהר מאן, אז ער זאל ברענגען אביסעל געלד, נאר פיעלייכט? ער האט געזאגט, אז ער וועט ארבייטען און אזוי האט זיא זיך ביסלעכוויים איינגערעדט אז ער וועט ברענגען געלד, און זיי וועלען האבען א גוטען וואַרעמען מיטאג, זיא האט שוין גאר אויפגעגעבען צו זוכען ארבייט, קיינער האט איהר ניט געוואָלט נעהמען זיא איז געווארען אזוי אבגעלאזען, אז א ריהר טהאן זיך איז פאר איהר געוועזען אונערטרעגליך, און זיא איז געלעגען אויסגעצויגען אין בעט, ווייל דארטען האט איהר געשיינט צו זיין ווארעמער.

זשערוויז האט עס גערופען בעט, אין דער ווירקליכקייט אבער איז דאס נעַ־וועזען ניט מעהר וויא א קופע שטרוי אין א ווינקעל צימער, איהר בעט און מעבעל האט זיא שוין לאנג פערקויפט, וויא לאנג קענען מענשען לעבען ניט געגעסען? האט זיא געטראכט ליגענדיג דארטען, זיא איז ניט געוועזען הונגעריג, נאר זיא האט געפיהלט א זעלטזאמע שווערקייט אין מאגען, איהרע איינגעגראבענע אויגען האבען ארומגעוואנדערט איבערן צימער און געזוכט, וואס קען מען נאך פערקויפען, ווען עס וואלט זיך נאר געפונען א סוחר אויף דיא פאוועטינע (שפינענגעוועב)? זיא האט געוואוסט, אז פאוועטינע איז א סגולה צו א שניט, נאר צו האט עס עפעס א ווערטה, האט זיא שטארק געצווייפעלט.

מיעד פון דיזע בעטראכטונגען, האט זיא זיך אויפגעהויבען און צוגערוקט איהר איינציגען שטוהל צום פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין פער'חושך'טען הויף.

דער ווירטה פון הויז איז היינט געוועזען און האט איהר געזאגט, אז אויב זיא וועט איהם ניט געבען קיין געלד ביז א וואך ארום, וועט ער איהר ארויסווארפען פון וואהנונג.

זיא איז געזעסען ביים פענסטער און געקוקט אויפ'ן בלייכען הימעל, ביז זיא איז ענדליך אנשלאפען געווארען, איהר האט אויסגעוויעזען אז זיא געהט אין א שניי־שטורם און קען ניט געפינען דעם וועג א היים. זיא האט זיך אויפגעכאפט מיט א צאפעל און האט געזעהן, אז עס הויבט אן צו ווערען נאכט, וויא לאנג

זיינען די טעג, ווען דער מאַגען איז לעדיג. זיא האַט געוואָרט אויף קאַפּע און אויף דיא הילף, וואס ער וועט ברענגען.

דער זיינער האַט געשלאַגען ביי א שכנה, איז דאס מעגליך אז דער זייגער איז שוין דריי? זיא האַט זיך צואוויינט. וויא וועט זיא דאס קענען אויסהאלטען ביז זיבען? נאך אַן אנדער האלבע שטונדע וואַרטען איז זיא אויפגעשפּרונגען, יא, זיי קענען זאָגען, וואס זיי ווילען דאך וועט זיא פּרובען אויב זיא וועט ניט קענען לייהען צעהן סו ביי דיא לאַרילס.

אין דעם קאָרידאָר האבען אָפּט דיא שכנים ווינטער־צייט געליהען איינער ביים צווייטען קלענערע סומען, נאר קיינעם איז אין זינען ניט אריין צו בעטען לייהען ביי דיא לאַרילס. זשערוויז האָט געמאכט הארץ און האט אַנגעקלאַפּט צו זיי אין טהיר.

— העריין! האָט געענטפערט א שוואכער קול.

וויא גוט דא איז! ווארעם און ליכטיג פון דעם ברענענדען שמיעד־אייוועלע, אין נאָז האט איהר גלייך א זעץ געטהאָן דער ריח פון זופּ, און איהר איז א חלשות צוגעפאלען צום הארצען.

— אַה, דאס זייט איהר! האט אויסגערופען דיא שוועגערין, וואס דאַרפט איהר?

דיא ווערטער זיינען געבליבען ביי זשערוויז שטעקען אין האלז, ווייל זיא האט דערזעהן ראָש'ן זיצען ביים אייוועל.

— וואס ווילט איהר? האט איהר לאַריל געפּרעגט פון זיין זייט.

— האט איהר געזעהן קאָפּע? האט זשערוויז געשטאמעלט. איך האב גע־מיינט, אז ער איז דא.

פרוי לאַריל האט געענטפערט מיט א שטאָך, אז זיי זעהן איצט זעהר זעלטען קאָפּע אזוי וויא זיי זיינען ניט רייך גענוג צו טראַקטירען איהם מיט אזוי פיעל בראַנפען, פיעל ער קען אויסטרינקען.

זשערוויז האָט ענדליך ארויסגעשטאמעלט, אז ער האט פערשפּראָכען צו קומען א היים, און זיא דארף אביסעל געלד אויף עסען.

א לאַנגע שטילקייט איז איינגעטראָטען, פרוי לאַריל האט מיט'ן קליינעם בלאָז־זאַק געבלאָזען אויפ'ן פייער און איהר מאַן האט זיך נאך מעהר אנגעבויגען איבער דער ארבייט, וועהרענד ראָשע האָט א שמייכעל געטהאָן מיט א מינע, וויא ער ערוואַרט עפּעס.

— ווען איך זאָל נאר קרינען צעהן סו, האט ווייטער געמורמעלט זשערוויז. ווייטער שטיל.

— אז איהר זאָלט מיר זיי לייהען, וואָלט איך אייך מאָרגען אין דער פריה אָבגעגעבען.

פרוי לאָריל האָט זיך א קעהר געטהאָן צו איהר און א קוק געטהאָן איהר גלייך אין געזיכט אריין, טראכטענדיג מיט זיך, אז אויב זיא וועט איצט נאכגעבען, וועט זיא מאָרגען קומען נאך צוואנציג סו און אזוי ווייטער, גאר אָהן א סוף, און דאריבער האָט זיא געענטפערט:

— מיין טהייערע, איהר ווייסט גאנץ גוט, אז מיר האָבען קיין געלד ניט, און מיר קענען פון ערגעץ ניט ערווארטען. מיר וואָלטען אייך גערן געטהאָן אזא טובה.

— געוויס, האָט לאָריל געזאָגט, דאס הארץ איז גוט, נאר דיא קעשענע איז לעדיג.

זשערוויז האָט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, נאר זיא איז ניט אוועק גלייך. זיא האָט א קוק געטהאָן אויף דעם גאָלדענעם דראָט, אויף וועלכען איהר שווענערין האָט געארביים, אויפ'ן דראָט ביי איהר שוואָגער אין דיא הענד און האָט זיך געטראכט, אז אין ברעקיל דערפון האָט איהר געקענט געבען א גאנצען מיטאָג. דאס צימער איז איצט געווען זעהר שמוציג, פול מיט'ן שטויב פון קויהלען, נאר ביי איהר אין דיא אויגען האט דאס צימער אויסגעוויזען פול מיט ריינקייט, און זיא האָט נאך א מאָל געזאָגט מיט א שטילער און ווייבער שטימע:

— איך זאָג אייך צו, אז מאָרגען אין דער פריה טראָג איך אייך דיא צעהן סו אריין.

טרערען זיינען געשטאנען אין איהרע אויגען, נאר זיא האָט זיך בעשלאָסען ניט צו זאָגען, וויא לאַנג זיא הונגערט שוין.

— איך קען אייך ניט זאָגען, וויא געטהיג איך דארף עס האבען, האט זיא פאָרטגעזעצט.

דיא לאָרילס האבען זיך געביטען מיט א קוק, דער הילצערנער פוס בעטעלט ביי זייער מהיר — ווער האָט זיך אויף דאס געקענט ריכטען! פאר וואס האבען זיי ניט געוואוסט אז דאס איז זיא, ווען זיי האבען אזוי אונבעטראכט אויסגעשריען: „העריין!“ זיי קענען זיכער ניט געטרויען אזעלכע מענשען אריבערצוטרעטען זייער שוועל, זיי האבען ביי זיך אין צימער צופיעל פון דעם, וואס איז זעהר

טהייער. זיי האבען שוין עטליכע מאל פערדעכטיגט זשערוויין, ווען זיא האט מיט אזא זעלטזאמען בליק ארומגעקוקט דאס צימער. זיי טארען איצט פון איהר קיין אויג ניט אראבלאזען.

רעדענדיג, איז זשערוויין אביסעל נעהענטער צוגעגאנגען צו לאריל.

— ניט אכטונג! האט ער געזאגט גראב. איהר ווערט אוועקשלעפען א פאר שטיקעלאך גאלד מיט דיא זוילען פון אייערע שיך. עס זעהט אויס, וויא איהר וואלט זיי בכיון אויסגעשמירט מיט פעטס.

זשערוויין האט זיך צוריקגערוקט און זעהענדיג, אז דיא שוועגעריין נעהמט ניט אראב דיא אויגען, פון איהרע הענד, האט זיא זיי געעפענט און געזאגט, מיט א פריינדליך־מיעדען קול — דער קול פון א פרוי, וואס איז מיעד געווארען צו קעמפפען —

— איהר קענט זעהן אליין, אז איך האב גאר ניט גענומען.

דיא ווארעמקייט פון דיא צימערן און דעם ריח פון דער זופ האט זיא ניט געקענט אריבערטראגען און זיא איז ארויסגעגאנגען.

אזוי ניך וויא הינטער איהר האט זיך פערמאכט דיא טהיר, האבען דיא לארילס א ציח געטהאן מיט דיא אקסלען. זיי האבען געהאפט, אז זיי זעהן איהר דאס לעצטע מאל, זיא האט אליין אויף זיך ארויפגעבראכט אלע אונגליקען און זיא האט דאריבער קיין רעכט ניט צו ערווארטען פון זיי הילף, ראשע האט זיי אונטער־געהאלפען אין דעם געשפרעך און האט אויף איהר אויסגערעדט, וואס אין קארט שטעהט ניט, און אלע דריי זיינען געקומען צום שלום, אז זיי האבען דערלעבט אין איהר א נקמה פאר איהר אמאליגען שיינעם געשעפט און פאר אלע אנ־דערע זאכען.

— איך קען איהר, האט געזאגט פרוי לאריל ווען איך זאל איהר געבען דיא צעהן סו, וואלט זיא זיי געווים פער'שכור'ט.

זשערוויין איז צוגעקראכען ביז צו איהר טהיר, נאר זיא איז אין צימער ניט אריין, ווייל זיא האט מורא געהאט. זיא ווערט בעסער געהן איבערן קארידאר הין און צוריק און דערווארעמען זיך אביסעל. צוקומענדיג צום לאך, וואו דער אלטער ברו פלעגט זיין פערשטעקט, האט זיא אהין אריינגעקוקט און האט דערזעהן, אז ער איז ניטא, און זיא האט מיט א געפיהל פון קנאה א קלער געטהאן, צו האט איהם עמיצער פיעלייכט ניט פערבעטען אויף א מיטאג. דערגרייכענדיג דיא טהיר

פון דיא ביזשארס האט זיא דערהערט א קרעכץ פון אינערוויינינג. זיא איז אהין אריינגעקומען.

— וואס איז געשעהן? האט זיא געפרעגט.

דאס צימער איז געוועזן זעהר ריין, יעדע זאך איז געשטאנען אויף איהר ארט, ערסט היינט אין דער פריה האט לאלי אויסגעקעהרט און אויפגעראמט אין שטוב, דער דלות האט אומיסט געפייפט אין דעם צימער; קיין שמוץ האט ער אהין ניט געקענט ברענגען, דאס קינד האט אהן אן אויפהער גערייניגט און געשייערט, געוואשען און געסקראבעט און יעדע זאך האט געגלאנצט.

דיא צוויי קליינע קינדערלאך זיינען געזעסען אין א ווינקעל און האבען אויסגעשניטען צאצקעס פון פאפיר, נאר לאלי איז געלעגען אויסגעצויגען אין בעט, איבערגעדעקט ביז איבערן האלז מיט א ליילעך.

— וואס איז געשעהן? האט ווידער זשערוויז געפרעגט אונרוהיג.

לאלי האט לאנגזאם געעפענט דיא אויגען און האט זיך געמאטערט רעדען.

— גאר ניט, האט זיא געענטפערט מיט א שוואכען קול. גאר ניט.

זיא האט ווידער פערמאכט דיא אויגען און ווייטער געזאגט:

איך בין נאר אביסעל פויל און איך רוה זיך אב.

נאר איהר געזיכט האט געטראגען אזא אויסדרוק פון שרעקליכע יסורים, אז זשערוויז האט זיך אראבגעלאזט אויף דיא קניע נעבען איהר בעט, זיא האט געוואוסט, אז דאס קינד הוסט שוין א מאנאט צייט און זיא האט איצט געזעהן, וויא פון דיא ווינקלען פון מויל טריפט ארונטער בלוט.

— איך בין ניט שולדיג, האט לאלי געמורמעלט; — איך האב געמיינט, אז איך בין געזונד גענוג און האב אויסגעוואשען דיא דילען, נאר דיא פענסטער האב איך ניט געקענט ענדיגען, אלץ איז ריין אויסער דיא פענסטער, איך בין געוועזן אזוי פערמאטערט, אז איך האב מיך געמוזט אנידערלייגען ......

זיא האט אין מיטען איבערגעריסען און בעמערקט:

— זייט אזוי גוט און ניט א קוק, אז דיא קינדער זאלען זיך ניט צושניידען מיט'ן שעריל.

זיא האט א ציטער געטהאן, דערהערענדיג שווערע טריט אויף דיא טרעפ, איהר פאטער האט מיט א גערויש געעפענט דיא טהיר, וויא שטענדיג איז ער איצט געוועזן זעהר שכור און זיינע אויגען האבען געברענט פון אלקאהאל.

ועהענדיג, אז לאלי ליגט אין בעט, איז ער צוגעגאנגען צום ווינקעל, וואו עס איז געשטאנען דער לאנגער בייטש און האט איהם פערנאנדערגענומען.

— א פיינער שפאס! האט ער געזאגט, איצט ליגט מען אין בעט! ארויס פון בעט!

ער האט א פאך געטהאן מיט'ן בייטש איבער'ן בעט און דאס קינד האט ווייך א מורמעל געטהאן:

— שלאג מיך ניט פאטער, דוא וועסט דערנאך חרטה האבען, שלאג מיך ניט.

— שטעה אויף! שטעה אויף! האט ער א געשריי געטהאן.

דאן האט זיא שוואך געענטפערט.

— איך קען ניט, ווייל איך האלט ביים שטארבען.

זשערוויז האט אויסגעריסען ביי איהם דעם בייטש, און ער איז געבליבען שטעהן מיט אן אפענעם מויל און מיט אויסגעגלאצטע אויגען האט ער גענומען קוקען אויף זיי מאב ער.

וואס מיינט דערמיט דיא קליינע נאר? ווער האט דאס געהערט, אז א קינד זאל שטארבען, ניט ליגענדיג פריהער קראנק? אה, זיא מאכט זיך דאס.

ביזשאר האט א פיהר געטהאן מיט דער האנד איבער דיא אויגען, זיא האט ווירקליך אויסגעזעהן זעהר זעלטזאם, זיא האט מיט איין מאל בעקומען א געזיכט פון אן ערוואקסענע פרוי, דיא אנוועזענהייט פון טוידט אין דעם ענגען צימער, האט איהם פלוצים אויסגעניכטערט. ער האט זיך ארומגעקוקט איבער'ן צימער מיט דער מינע פון א מענשען, וועלכען מען האט פלוצים אויפגעוועקט פון א חלום. ער האט געזעהן דיא צוויי קליינע קינדער ריין און גליקליך און דאס צימער אויפגעראמט.

ער האט זיך אראבגעלאזט אויף א שטוהל.

— מהייערע, קליינע מאמעלע, האט ער געמורמעלט.

דאס איז געוועזען אלץ, וואס ער האט געזאגט, נאר פאר לאלי, וואס האט פון איהם קיין מאל אזעלכעס ניט געזעהן, האט דאס געקלונגען זעהר זיס, זיא האט איהם אנגעהויבען צו טרייסטען זיא האט איהם געזאגט, וויא איהר טהוט וויה, וואס זיא מוז איהם פערלאזען איידער זיא האט ערצויגען איהרע קליינע שוועס-טערלאך, ער וועט אויף זיי אכטונג געבען, ניט אמת? און מיט א שטערבענדע

שטימע האט זיא איהם געזאגט, וואו זייערע קליידלאך ליגען און אנדערע אזעלכע זא

דער אלקאהאל האט ווידער גענומען איבער איהם דיא אויבער־מאכט און ער האט זיך צו איהר צוגעהערט מיט פערוואונדערטע און פערלאפענע אויגען.

נאך א לאנגער פויזע האט זיא ווייטער געזאגט:

— מיר זיינען שולדיג פיער פראנק און זיבען סו דעם בעקער, מען מוז איהם בעצאהלען, פרוי גאדרא האט אונזערן א פרעס־אייזען דוא זאלסט ניט פערגעסען אבצונעהמען, איך האב אויף היינט אבענד ניט געקענט צוגרייטען קיין זופ, נאר דוא וועסט געפינען ברויט און קאלטע קארטאפעל.

אזוי לאנג וויא זיא האט געאטהעמט, איז דאס קליינע, ארימע וועזען געוועזען דיא מוטער פון דער פאמיליע. זיא איז אויסגעגאנגען, ווייל איהר קליינע ברוסט איז געוועזען צו קליין איינצוהאלטען אזא גרויסע הארץ. עס איז געוועזען דיא שולד פון פאטער, וואס ער האט פערלארען אזא שאץ, דיא נידערטרעכטיגע בעשעפענים האט דער׳הרג׳עט איהר מוטער צום טוידט און האט איצט ערמארדעט דיא טאכטער.

זשערוויז האט זיך געמאטערט איינצוהאלטען איהרע טרערען, זיא האט געהאלטען לאלי פאר ביידע הענד און ווען דער ליילעך האט זיך פון איהר אראב־געגליטשט, האט זיא איהר אויף דאס ניי צוגעדעקט און האט דערביי א קוק גע־טהאן אויף איהר קליין קערפערל. דאס, וואס זיא האט דערזעהן, האט געקענט מאכען א שטיין וויינען. לאלי האט נאר געטראגען א קליינע העמדיל איבער איהר צופאסעוועטע און צובלוטיגטע לייב, דער בייטש האט אויף איהר איבערגעלאזט לאנגע פאסען, אויף דער רעכטער האנד האט זיא געהאט א גרויסען בלויען צייכען און דער גאנצער קערפער איז געוועזען איין וואונד.

זשערוויז איז געבליבען שטעהן א פאראליזירטע פון דיעזען אנבליק, זיא האט זיך געפרעגט אויב א גאט איז פאראן אין הימעל, וויא אזוי האט ער געקענט דערלאזען, אז אזא קליין קינד זאל אזוי פיעל דארפען אויסשטעהן.

— פרוי קאפע, האט דאס קינד געמורמעלט, מאטערענדיג זיך צו פערדע־קען זיך מיט׳ן ליילעך — פרוי קאפע ......

עס איז איהר געוועזען א שאנדע פאר איהר פאטער.

זשערוויז האט דארטען מעהר ניט געקענט אויסהאלטען, דאס קינד איז אויסגעגאנגען וויא א ליכט, זיא האט דיא אויגען ניט אראבגעלאזט פון דיא קליינע

שוועסטערלאך, וואס זיינען נאך אליץ געזעסען אין ווינקעל און האבען אויסגעשני־
טען זייערע צאצקעס. אין צימער האט אנגעהויבען צו ווערען פינסטערער און
זשערוויז איז אנטלאפען. אך, וואס פאר א שרעקליכע זאך איז דאס לעבען, וויא
צופריעדען וואלט זיא געווען ארונטערצואווארפען זיך אונטער דיא רעדער פון אן
אמניבוס אום נאר דערפון פטור צו ווערען.

במעט ניט וויסענדיג, וואס זיא טהוט, האט זיא זיך געלאזט געהן צום
פאבריק, וואו דער מאן האט געארבייט, אדער וואו ער האט געזאגט, אז ער
ארבייט, זיא וועט דא אויף איהם ווארטען און וועט ביי איהם צונעהמען דאס
געלד איידער ער וועט עס פער׳שכור׳ן.

אין דעם ווינקעל, וואו זיא איז געשטאנען, איז געווען זעהר קאלט דער שניי
וואס איז געפאלען האט שטילער געמאכט דעם גערויש פון דיא קארעטען און טריט.
זיא איז געשטאנען און געקלאפט מיט דיא פיס, כדי זיי זאלען ניט פערפרווירען
ווערען, דיא דורכגעהער זיינען געלאפען געשווינד מיט אריבערגעצויגענע קאלנערס
און האבען איהר ניט געסענט פערשאפען קיין צערשטרייהונג, פון דערווייטענס האט
זיא בעמערקט עטליכע פרויען, וואס האבען געקוקט אויף דער טהיר פון פאבריק
פונקט מיט אזא אנגסט וויא זיא, זיא האט זיי ניט געקענט, נאר מען האט זיי
איהר ניט נעדארפט פארשטעלען זיא האט גאנץ גוט געוואוסט, וואס זיי ווארטען
דא, זיי זיינען אויך געווען ארימע ארבייטער ווייבער, וועלכע זיינען געקומען אב־
נעהמען ביי זייערע מענער א טהייל פון דער פערדיענסט, איידער זיי וועלען צייט
האבען צו פער׳שכור׳ן עס.

דיא טהיר פון דער פאבריק איז א צייט לאנג געווען צוגעמאכט, ענדליך
האט זיא זיך געעפענט, עטליכע ארבייטער זיינען ארויס, נאר דאס איז מסתמא
געווען פון יענע, וועלכע טראגען דאס געלד אהיים, ווייל זיי זיינען געלאסען און
ערנסט פערביינענאנגען דורך דער קופקע פרויען, איין פרוי האט זיך א ווארף גע־
טהאן אויף א בלייבען און נידריגען מאן און האט ארויסגענומען ביי איהם פון
קעשענע דאס גאנצע געלד ביז׳ן לעצטען סו, ניט איבערלאזענדיג פאר איהם אפילו
אויף א גלאז וויין, ער איז אוועק כמעט וויינענדיג, נאך עטליכע מענער זיינען
ארויס, איינער האט זיך צוריקגעקעהרט אום צו ווארנען א קאמעראד, וועלכער
איז ארויסגענאנגען פון פאבריק זעהר פריילעך מיט א געזאנג אין מויל, נאר יענער
האט קיין מורא ניט געהאט, ווייל דאס געלד האט ער בעהאלטען אין שוך.

אומזיסט האט דאס וייב געזוכט אין אלע קעשענעס און געבעטען און געזידעלט, ער האט קיין געלד ניט און פערטיג.

א נייע גרופע האט זיך געוויזען און איינער האט דעם צווייטען געשטופט, אום גיכער צו קומען אין שענק און פערטרינקען דיא פערדיענסטען פון א גאנצע וואך ארבייט, נאך זיי זיינען ארויסגעגאנגען נאך א פאר אבגעריסענע, וועלכע האבען זיך געזידעלט, וואס זיי האבען אזוי ווענינ געקריגען, האבענדיג גע׳שכור׳ט א האלבע וואך און ניט קומענדיג צו דער ארבייט.

דיא טרויערינסטע סצענע איז געוועזען צו זעהן דעם קימער פון א קליינע שוואכע פרוי, געקליידעט אין שווארצען, וועמען דער מאן א הויכער, שעהנער יונג, האט גראב אבגעשטופט אן א זייט און איז אוועק מיט זיינע קאמעראדען אין שענק, לאזענדיג איהר געהן אליין א היים און וויינען ביטער דעם גאנצען וועג.

זשערוויז איז נאך אלץ געשטאנען און געווארט, וואו איז געבליבען קאפע? זיא האט אייניגע פין דיא ארבייטער געפרעגט, נאר זיי האבען זיך מיט איהר גע־רייצט און געזאגט, אז ער איז ארויס דורך א הינטער־טיר, זיא האט שוין גוט פערשטאנען, אז קאפע האט איהר געזאגט א ליגען, ער האט היינט גאר ניט גע־ארבייט און זיא האט ניט קיין שום האפנונג, און האט נאר צו ווארטען אויף הונגער, קעלט און פינסטערנים.

זיא האט זיך געלאזט געהן צוריק, פלוצים האט זיא דערהערט קאפע׳ס קול, זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און דערזעהן דורכ׳ן פענסטער פון א שענק איהר מאן און מעבאט. יענער האט דעם פאריגען זומער חתונה געהאט מיט א פרוי און גענומען אביסעל געלד, ער איז געוועזען גוט געקליידעט זאט און גליקליך, און קאפע האט איהם שטארק בעוואונדערט.

זשערוויז האט איהר האנד ארויפגעלעגט צו איהר מאן אויפ׳ן אקסעל, ווען ער איז ארויס פון שענק.

— איך בין הונגעריג, האט זיא געזאגט שוואך.

— הונגעריג? אזוי? עסס דיין פויסט און בעהאלט דעם צווייטען אויף מארגען.

— זאל איך געהן גנב׳ענען א לעבעל ברויט? האט זיא געפרעגט מיט אן אומעדיגען קול.

מעבאט האט א גלעט געטהאן זיין קין־באק און געזאגט מיט א שלום־מא־כענדיגען קול:

— ניין, ניין, טהוט דאס ניט, דאס איז נענען דעם געזעץ, נאר אז א פרוי וויל......

קאַפּע האָט איהם איבערגעריסען מיט א גראָבען געלעכטער:

— יאָ, אז א פרוי האט שכל, קען זיא שטענדיג דורכקומען, און אויב זיא הונגערט, איז דאס איהר אייגענע שולד.

און דיא צוויי מענער זיינען געגאַנגען וויטער צום בולוואר.

זשערוויז איז זיי נאָכגעגאַנגען און האט ווידער געזאָגט:

— איך בין הונגעריג, איהר ווייסט, אז איך האב נאָך היינט נאר ניט גע־געסען, דוא מוזט מיר עפּעס פערשאַפען.

קאַפּע האָט ניט געענטפערט און זיא האָט ווידערהאָלט איהרע ווערטער מיט א הערצרייסענדען טאָן:

— גרויסער גאָט! האט ער אויסגעשריען מיט כעס, וואס קען איך טהאָן? איך האָב גאָר ניט, געה אוועק פון מיר, אויב דוא ווילסט ניט קיין קלעפּ.

ער האט אויפגעהויבען דעם פויסט, זיא איז אָבגעשפּרונגען און האט געזאָגט מיט צוזאמענגעפּרעסטע ציינער:

— זעהר גוט, איך וועל געהן און געפינען עפּעס א מאַן, וואס פערמאָגט א סו.

קאַפּע האט זיך געמאכט, וויא ער וואָלט עס גערעכענט פאר א גרויסען שפּאָס.

— געוויס קען זיא נאָך מאכען א זיעג ביים ליכט פון גאז. זיא זעהט נאָך אויס נישקשה'דיג, אויב איהר וועט געלינגען, ראטה ער איהר צו עסען אין קאפּוצין, וואו מען ניט זעהר גוטע עסענס.

זיא האט זיך פון איהם אָבגעקעהרט מיט בלייכע ליפּען און ער האט איהר נאָכגעשריען:

— ברענג מיר א שטיקעל טאָרט, איך האב זעהר ליעב לעקאָך, און אפשר וועסטו אויך קענען אויסבעטען ביי דיין פריינד עפּעס אן אלטען ראָק, ווייל היינ־טיגע נאכט איז זעהר קאַלט.

זשערוויז האט זיך געלאָזט געהן גיך און אין איהרע אויערן האט געקלונגען זיין טייוועלשער געלעכטער. זיא איז געוועזען ענטשלאָסען צו מאכען דעם פערצוויי־פעלטען שריט. איהר איז נאר פערבליבען אויסצוקלייבע צווישען דעם און גנב'ענען און זיא האט געדענקט, אז זיא האט א רעכט צו טהאָן מיט איהר קערפּער, וואס

זיא וויל. דיא פראגע פון רעכט און אונרעכט איז פאר איהר ניט ערשיענען אין א קלארע ליכט, ווען איינער שטארבט פון הונגער, האט זיא צו זיך געזאגט, איז ניט דיא צייט צו פילאזאפירען.

זיא איז לאנגזאם געגאנגען אויף און אב איבער'ן בולוואר, דיזער טהייל פון פאריז איז איצט געווען פערבויט מיט נייע פראכטפאלע הייזער און איז דורכ־געשניטען געווארען מיט קליינע, שמאלע געסלאך, וואו עס האט גענעסטעט ארימקייט, שמוץ און דחקות. רייכקייט און ארימקייט זיינען געווען נאהענטע שכנים.

זשערוויז איז איז געגאנגען מיט דער מאסע. קיינער האט זיך אויף איהר ניט אומגעקוקט ווייל דיא מענער זיינען געלאפען צו זייער מיטאג, פלוצים האט זיא אויפגעהויבען דעם קאפ און דערזעהן פאר זיך דעם האטעל, וואו זיא האט געוואוינט דיא ערסטע צייט נאך איהר אנקומען אין פאריז. ער איז געשטאנען לעדיג, דיא טהירען און פענסטער זיינען געווען פערקלעבט מיט אפישען (פאסטערס) זיא איז געשטאנען שטיל און האט געקוקט אויפ'ן פענסטער פון צימער, וואו זיא האט געוואוינט און האט זיך דערמאנט אן איהר יוגענד, וואס זיא האט פער־בראכט מיט לאנטיע און וויא ער האט איהר פערלאזען, נאר דאמאלס איז זיא געווען יונג און איז גיך געקומען צו זיך נאכ'ן טוידטליכען קלאפ, דאס איז געווען מיט צוואנציג יאהר צוריק, און איצט וואס איז פון איהר געווארען?

ביסלעכווייז איז דיא גאס געווארען וויא אבגעשטארבען און זשערוויז איז געבליבען אליין יעדער איז איצט געזעסען ביי זיין מיטאג, זיא האט געטראכט, וויא גוט עס וואלט געווען אנידערצולעגען זיך און קיין מאל מעהר ניט אויפשטעהן — צו וויסען אז אלע איהרע צרות האבען זיך געענדיגט, און דאס איז געווען דיא ענדע פון איהר לעבען! אין מיטען איהר איצטיגען הונגער האט זיא זיך דערמאנט אן איהרע יום־טוב'דיג טעג, און זיא האט זיך דערמאנט, אז ניט שטענדיג איז זיא געווען אונגליקליך, א מאל איז זיא געווען שעהן, פריש זיא איז געווען א גוטע ווירטהין און אלע האבען זיך געוואונדערט, וויא זיא פיהרט דעם געשעפט, העררן פלעגען אריינקומען נאר אום אנצוקוקען איהר, און זיא האט זיך געוואונדערט, וואו איהר שעהנהייט איז פערשוואונדען געווארען.

זיא האט ווידער אויפגעהויבען דעם קאפ זיא איז צוגעקומען צו א האספיר־טאל, דיא טהיר דארטען אין דער וואנד איז געווען דער שרעק פון דער גאנצער נאכבארשאפט, מען האט עס גערופען דיא טהיר פון דיא טוידטע, ווייל אלע

טוידטע קערפערס זיינען דורך דאָרטען דורכגעטראָגען געוואָרען. זיא איז גלייך אוועק פון דעם אָרט.

מען האָט איצט אָנגעצונדען דיא פאנארען, דיא רעסטאָראנען זיינען געוועזן פול מיט מענשען, וואס האבען געגעסען און געטרונקען, נעבען אסעמוואר איז געשטאנען א קופקע מענשען, וועלכע האבען געוואַרט ביז אינערוויינג וועט ווערען פלאץ פאר זיי.

זשערוויז האָט געטראַכט, אז ווען זיא זאָל האבען עטליכע סו, וואָלט זיא איצט אריין אין שענק און געטרונקען אזוי לאנג, ביז זיא וואָלט פערגעסען אן איהר הונגער. זיא האָט בעטראכט דעם מאשין דורכ'ן פענסטער מיט א געפיהל פון כעס, זיינענדיג איבערצייגט, אז אלע איהרע צרות זיינען געקומען פון דאָרטען. ווען זיא וואָלט קיין מאָל ניט גענומען קיין טראָפּען בראנפען, וואלט זיא צו דעם אלעם ניט געקומען.

זיא האָט זיך א צאפּעל געטהאָן און האָט ערוואכט פון איהרע געדאנקען. איצט איז דיא שטונדע, מיט וועלכע זיא דארף זיך בענוצען, דיא מענער האבען זיך אָנגעגעסען און זיינען פריינדליכער וויא אימער, זיא האָט זיך ארומגעקוקט און א וואָרף געטהאָן איהר בליק צווישען דיא בוימער. אונטער דיא הויכע צווייגען האט זיא בעמערקט פיעלע פיגורען פון פרויען, זיא האָט זיי בעטראכט און איז געוועזן ענטשלאָסען צו טהאָן, וואס זיי טהוען. עס האט איהר געשטיקט, איהר האָט געדוכט, אז איהר חלומ'ט זיך א שלעכטער חלום.

זיא איז געשטאנען א מינוט פופצעהן, קיינער פון דיא מענער, וואס זיינען פערביי איהר דורכגעגאנגען, האט זיך אויף איהר ניט אומגעקוקט. ענדליך האָט זיא זיך א ריהר געטהאָן און זיך געווענדט צו איינעם, וואס איז פערביי איהר דורכגעגאנגען, פייפענדיג, מיט דיא הענד אין דיא קעשענעס.

— הערר, האט זיא געזאָגט מיט א שטילען קול, הערט מיך אויס!

דער מאַן האט איהר אָבגעמאָסטען פון קאָפּ ביז דיא פיס און איז אוועק פייפענדיג נאך העכער.

זשערוויז איז געוואָרען פרעכער, זיא האט פערגעסען אלץ, אויסער איהר הונגער. דיא פרויען אונטער דיא בוימער זיינען געגאנגען הין און צוריק, וויא ווילדע חיות אין א שטייג.

— הערר, האט זיא זיך ווייטער געווענדט צו איינעם, הערט מיך אויס!
נאר ער האט איהר ניט געהערט.

און זיא האָט ווידער אנגעהויבען צו געהן איבער'ן שרעקליכען פּאַן צווישען דעם שלאַכט־הויז און דעם האָספּיטאַל, זיא האט זיך פון דאַרטען ניט געקענט אָברייסען, אזוי וויא זיא וואָלט דא געווען צוגעשמידט.

— הערר, הערט מיך אויס!

זיא האָט געזעהן איהר שאָטען אויף דער ערד, וואס איז אויסגעקומען פון איהר הינקעדיגען פוס זעהר לעכערליך, און זיא האָט זיך געפרענט, צו דיא מענער קוקען אויף איהר אויך אזוי.

— הערר, הערט מיך אויס!

עס איז געוואָרען שפּעט. שכור'ע מענער פאַלענדיג פון דיא פיס, זיינען פערביי איהר פערבייגעגאַנגען. דיא לופט איז געווען פול מיט זידלעריי און קללות.

זשערוויז איז געגאַנגען האלב א פערשלאָפענע, זיא האָט קיין זאך ניט גע־פיהלט אויסער הונגער. זיא האָט זיך געפרעגט, וואו איהר טאָכטער איז, און וואס זיא עסט. נאר פאר איהר איז געווען א גרויסע אנשטרענגונג צו טראַכטען וועגען דעם, און זיא איז ציטערענדיג געגאַנגען ווייטער, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האט זיא דערפיהלט א שניידענדען ווינד, וואס האָט איהר געטריבען אין געזיכט מיט א דינעם און טרוקענעם שניי, דער שטורם איז אָנגעקומען.

מענשען זיינען פערביי איהר פערבייגעלאָפען, נאר איין מאַן האָט זיא בעמערקט, וויא ער געהט לאַנגזאם.

— הערר, הערט מיך אויס!

דער מאַן האָט זיך אָבגעשטעלט ער האָט געשיינט ניט צו הערען וואס זיא האָט געזאָגט, ער האט נאר אויסגעשטרעקט זיין האַנד און געמורמעלט מיט א נידעריגען קול:

— א נדבה, שענקט א נדבה!

דיא צוויי האבען א קוק געטהאָן איינער אויפ'ן צווייטען. גוטער גאָט! דאס איז געווען דער אלטער ברו, בעטלענדיג און פרוי קאָפּע, טהוענדיג עפּעס ערגערס.

זיי זיינען געשטאַנען, קוקענדיג איינער אויפ'ן צווייטען,ביידע גלייך אין אומ־גליק, דער אַלטער ארבייטער האָט דעם גאַנצען אבענד מיט זיך געקעמפּפט, ביז ער האָט בעשלאָסען אנצוהויבען צו בעטלען, דיא ערסטע פּערזאָן, ביי וועלכער ער האט געבעטען איז געווען א פרוי נאך ארימער, וויא ער! דאס איז געווען דיא איראָניע פון שיקזאל, איז דאס ניט א ביטערער רחמנות אבצואַרבייטען פופציג

יאָהר שווער און ביטער און ־ערנאך נעהן בעטלען? איז דאס ניט א ביטערער רחמנות צו זיין א וואָהלהאבענדע וועשערין אין פאריז און דערנאָך שלאָפען אין רינשטאָק? זיי האבען נאָך א מאָל א קוק געטהאָן איינער אויפ'ן צווייטען און זיינען אָבגעטראָטען איינער פון צווייטען און יעדער איז אוועק מיט זיין וועג, ניט זאָגענדיג קיין וואָרט. דער שניי האָט איהר פערשאָטען דיא אויגען, דער ווינד האט איהר ארומגעוויקעלט ארום דיא פיס אזוי, אז זיא האָט סוים געקענט געהן.

פלוצים האָט איהר דער שטורם א שטויס געטהאָן און אוועקגעשלעפט הילפלאָז ווייטער, זיא האט אפילו ניט געוואוסט אין וועלכע זייט, ווען זיא האט ענדליך געעפענט דיא אויגען, האט זיא גאר ניט געקענט זעהן צוליעב דעם בלענדענדען שניי, נאר זיא האט געהערט טריט און בעמערקט דיא פיגור פון א מאנספערזאָן, זיא האָט איהם א כאפ געטהאָן ביי דער בלוזשע.

— הערר, האָט זיא געזאָגט, הערט מיך אויס!

דער מאַן האָט זיך צו איהר א קעהר געטהאָן, דאס איז געוועזן נוזשע!

אך! וואס האָט זיא אזוינס געטהאָן, וואס זיא איז אזוי געפלאָגט און געשטראָפט? איז גאָט אין הימעל שטענדיג אזא בייזער גאָט? דאס איז געוועזן דער לעצטער טראָפען ביטערנים אין איהר גלאָז, זיא האָט געזעהן איהר שאָטען, און זיא האָט געפיהלט, אז איהר הינקעדינקייט מאכט איהר געהן, וויא א שכור'ע פרוי, און דאס איז געוועזן שווער איבערצוטראָגען, וויסענדיג, אז זיא האָט ניט געהאט סיין טראָפען אין מויל.

נוזשע האט א סוק געטהאָן אויף איהר, דערווייל האט דער שניי וויס געמאכט זיין געלע באָרד.

— קום! האָט ער געזאָגט און איז אוועק ווייטער, זיא איז איהם נאָכגעגאנגען, קיינער האָט ניט ארויסגעבראכט קיין וואָרט.

דיא אלטע פרוי נוזשע איז אין אָקטאָבער געשטאָרבען פון א שטארקען רעהמאטיזם, איהר זוהן האָט נאָך אלץ געוואוינט אין דערזעלבער וואוינונג, און ער האָט היינטיגען אבענד פערבראכט ביי א סראנסען פריינד.

— קום אריין! האָט ער געזאָגט מיט א שטילען קול, וויא מורא האבענדיג, אז דיא מוטער זאָל איהם ניט הערען.

דער ערסטער צימער איז געוועזן פרוי נוזשעס און איז געבליבען אונפערענדערט, דאס בעט איז געוועזן פיין פערבעט, אזוי וויא ווארטענדיג אויף איהר קומען צוריק פון בית עולם, אום צו פערברענגען א נאכט נעבען איהר זוהן, יעדע זאך

אין געשטאנען אויף אן אָרט, דאס צימער איז געווען ריין און ליעבליך, ווי א שטענדיג.

— קום אריין! האָט גוזשע ווידער געזאָגט.

זשערוויז איז אריינגעקומען אין צימער מיט א מינע פון א פרוי, וואס וואונ־דערט זיך, וויא קומט זיא אין אן אנשטענדיגען אָרט, ער איז געווען בלייך און האָט געציטערט, זיי זיינען שטיל דורכגעגאנגען דיא מוטער'ס צימער און ווען זיי זיינען אריין אין זיין צימער האָט ער פערמאַכט דיא טהיר.

דאס איז געווען דאס זעלבע צימער אין וועלכען ער האָט געוואוינט, צייט זיא האָט איהם געקענט, און עס האָט אויסגעזעהן וויא א צימער פון א יונגע, אונשולדיגע מיידעל, זשערוויז האָט ניט געוואגט א ריהר צו טהאָן זיך, גוזשע האָט איהר ארומגעכאַפּט מיט ביידע הענד נאר זיא האָט איהם שוואך אָבגער־שטופט. אויפ'ן אויוון איז געשטאנען א כלי, זשערוויז האָט אויף איהר געקוקט און גוזשע האָט פערשטאנען, וואס איהר בליק בעדייט, ער האָט אוועקגעשטעלט דיא כלי אויפ'ן טיש, האָט פאר איהר אָנגעגאָסען אביסעל וויין און אָבגעשניטען א שטיקעל ברויט.

— איך דאנק אייך, וויא גוט איהר זייט, האָט זיא געזאָגט.

זיא האָט אזוי געציטערט אז זיא האָט קוים געקענט האלטען דעם גאָפּעל אין האנד, דער הונגער האָט געגעבען איהרע אויגען דעם אויסזעהן פון א אויס־געהונגערטע חיה, איהר קאָפּ האָט זיך געשאָקעלט, וויא ביי אלטע לייט. ווען זיא האָט אויפגעגעסען א קאַרטאָפּעל האָט זיא זיך שטארק צוואויינט, נאָר זיא האָט ניט אויפגעהערט צו עסען און טרערען זיינען איהר געראָנען פון דיא אויגען אין איהר קינ־באַק האָט געציטערט.

— ווילט איהר נאָך ברויט? האָט ער געפרעגט.

זיא האָט געענטפערט יא און ניין, און האָט אליין ניט געוואוסט, וואס זיא רעדט.

ער איז געשטאנען און האָט געקוקט אויף איהר פאר'ן העלען שיין פון דעם לאָמפּ, וויא אלט און אָבגעלעבט זיא איז! פון היץ איז דער שניי צוגאנגען אויף איהרע האָר און קליידער און דאס וואסער האָט געראָנען איבער איהר, דיא האָר זיינען געווען זעהר גרוי און גראָב פון ווינד. וואוהין איז הינגעקומען איהר שעהנע מייסע האַלז, וואס ער האָט אזוי גוט געדענקט? ער האָט עראינערט דיא טעג, ווען ער האָט איהר דערקענט ווען איהר לייב איז געווען אזוי דעליקאַט און זיא

איז נעשטאנען פאר איהר טיש, פיהרענדיג לעבעדיג מיט דיא אייזענס הין און צוריק. ער האט געטראכט פון דער צייט, ווען זיא איז צו איהם געקומען אין קוזנע און פון דעם פערגניגען, וואס ער וואלט געהאט, ווען זיא וואלט דאמאלס קומען צו איהם אין צימער, איצט איז זיא דא!

זיא האט געענדיגט עסען דאס ברויט מיט שטילע טרערען אין דיא אויגען און דאן האט זיא זיך אויפגעהויבען.

גוזשע האט איהר אנגענומען פאר דער האנד.

— איך ליעב אייך, פרויא זשערוויז; איך ליעב אייך נאך, האט ער געוויינט.

— זאגט עס ניט, האט זיא אויסגעשריען, ווייל עס איז אונמעגליך.

ער איז צוגעגאנגען נעהענטער צו איהר.

— ווערט איהר מיר ערלויבען א קוש טהאן אייך? האט ער געפרעגט מיט רעספעקט.

זיא האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן פון גרויס עררעגונג.

ער האט איהר א קוש געטהאן מיט פיעל ערנסטקייט און דאן האט ער צוגעקלעבט זיינע ליפען צו איהרע גרויע האר, ער האט קיינעם ניט געקוסט צייט זיין מוטער איז געשטארבען און זשערוויז איז געווען דיא איינציגע, וואס איז איהם פערבליבען פון דער פערגאנגענהייט.

ער האט זיך אבגעקעהרט פון איהר און ארייגווארפענדיג זיך אין זיין בעט האט ער געוויינט אויפ'ן קול. זשערוויז האט עס ניט געקענט אריבערטראגען און אויסגעשריען:

— איך ליעב אייך, העררר גוזשע און איך פערשטעה איצט. זייט געזונד!

און מיט דיא ווערטער איז זיא דורכגעלאפען פרוי גוזשע'ס צימער און דאן דיא גאס ביז זיא איז אנגעקומען צו זיך אהיים, דיא הויז איז געווען פינסטער. איז דאס דיא הויז וואו זיא האט א מאל געווינשט צו וואוינען? פון דעם ערסטען טאג וואס זיא האט איהר פוס אריינגעשטעלט אין דעם הויז, איז זיא אלץ נעד־זונקען טיעפער און טיעפער.

ארויפשלעפענדיג זיך מיט גרויסע מיה דיא זעקס טרעפ פון הויז אין דער פינסטערניס, האט זיא זיך פלוצים צולאכט אויפ'ן קול, זיא האט זיך דערמאנט אן איהר אלטען טרוים: ארבייטען רוהיג, האבען גענוג צו עסען, האבען א קליינע היים פאר זיך, וואו זיא זאל קענען אכטונג געבען און ערציהען איהרע קינדער,

קיין מאָל ניט צו זיין געשלאָגען און שטארבען אין איהר אייגענע בעט, וואס איז געוואָרען פון דיא אלע חלומות! וואס פאר א לעבערליכע ענדע! זיא ארבייט ניט מעהר, האט ניט צו עסען, לעבט אין שמוץ און אונאָרדנונג איהר מאַכטער נאָנא איז אוועק אין גאס, און איהר אייגענער מאַן שלאָגט איהר ווען ער האט דערצו לוסט, און וואס אנבעלאנגט צום שטארבען אין אן אייגענע בעט, האט זיא קיין אייגענע בעט ניט, זאָל זיא זיך ארויסווארפען פון פענסטער און געפינען איהר בעט אויפ'ן פלאסטער?

זיא האט פיעל ניט פערלאנגט אין איהרע טרוימען, זיא האט דעם טעלעריל פון הימעל ניט געבעטען, און האט ניט פערלאנגט קיין קארעטע מיט פערד, וואס פאר א פערקעהרטע וועלט דאס איז! און זיא האט זיך ווידער צולאכט, דער־מאָנענדיג, וויא זיא האט א מאָל געזאָגט, אז נאָך צוואנציג יאָהר ארבייט, ווערט זיא זיך צוריק אומקעהרען אויפ'ן לאנד.

יא, זיא ווערט אין גיכען געהן אויפ'ן לאנד און זיא ווערט האבען א קליינער גריגעם ווינקעלע פאר זיך אליין...... אוי'פין בית עולם פאר אָרימע.

איהר מארך איז געווען צומישט זיא האט זיך אויף אויביג אָבגעזעגענט מיט גוזשע, זיי וועלען זיך מעהר קיין מאָל ניט זעהן, צווישען זיי איז אלץ געענדיגט, געענדיגט דיא ליעבע און דיא פריינדשאפט אויך.

פערבייגעהענדיג דיא טהיר פון דיא ביזשארס, האט זיא אריינגעקוקט אינעד־וויינינג און האט געזעהן לאַלי, וויא זיא ליגט טויט, גליקליך און רוהיג, אלע צרות זיינען פאר איהר אריבער.

— זיא איז א גליקליכע, האט זשערוויז א מורמעל געטהאָן.

אין דיעזען מאָמענט האט זיא בעמערקט א שיין פון ליכט אונטער דעם קבורות־גרעבער'ס טהיר, זיא האט דיא טהיר געעפענט מיט א ווילדען וואונש, ער זאָל איהר צונעהמען צוזאמען מיט לאַלי, באזשאָן איז היינט ביי נאכט געווען שכור'ער וויא אימער, ער האט א וואָרף געטהאָן זיין הוט און מאנטעל אין א ווינקעל און אליין האָט ער זיך אויסגעצויגען אין מיטען שטוב אויף דער ערד, ער האָט זיך א צאפעל געטהאָן און א געשריי געטהאָן צו איהר:

— פערמאך דיא טהיר און שטעה דאָרטען ניט אזוי! עס איז קאַלט. וואס ווילסטו?

זשערוויז האט צו איהם אויסגעשטרעקט ביידע הענד און האָט גערעדט, אליין ניט וויסענדיג וואָס:

— אָה, נעהמט מיך צו! איך קען דאס לענגער נים אויסהאלטען! נעהמט מיך צו! איך בעט אייך!

און זיא האָט זיך פאר איהם געשטעלט אויף דיא קניע און דאס רעכטע ליכט פון צימער איז איהר געפאלען אויף איהרע איינגעפאלענע אויגען.

דער אלטער באזשאן, זיינע קליידער בעדעקט מיט'ן שטויב פון בית עולם, איז איצט געוועזען אין איהרע אויגען שעהן וויא א מלאך, נאר דער אלטער מאן האלב פערשלאָפען האט נאך אלץ נים פערשטאנען, וואס זיא מיינט און האט זיך געריבען דיא אויגען.

— וואס רעדסטו? האָט ער געמורמעלט.

— נעהם מיך צו! האָט זשערוויז ווידערהאָלט מיט איהר ערנסטקייט וויא פריהער, געדענקסט איהר יענע נאכט, ווען איך האָב אָנגעקלאפט אין ווענטיל? איך האָב דערנאָך געזאָגט, אז איך האב דאס נים געטהאָן, וויל איך בין געווען נארעש און האָב מורא געהאט, נאר איצט האב איך מעהר קיין מורא נים, נעהמט מיינע הענד, זעהט, זיי זיינען נים קאלט פון שרעק, נעהמט מיך און לייגט מיך שלאָפען, דאס איז מיין איינציגער וואונש.

פיהלענדיג, אז עס איז נים אנשטענדיג צו דעבאטירען מיט א דאמע, האט באזשאן געזאָגט:

— איהר זייט נערעכט, איך האָב היינט בעגראָבען דריי פרויען, יעדע פון זיי וואָלט מיר גערן געגעבען א גוטע סומע געלד אויס דאנקבארקייט, ווען זיי וואָלטען נאר געקענט ארייגלענגען דיא האנד אין קעשענע, נאר וויא איהר זעהט, גוטע פרוי, אין דאס נאר נים אזא גרינגע זאך, וויא איהר מיינט.

— נעהמט מיך! האט אויסגעשריען זשערוויז, נעהמט מיך, איך וויל פטור ווערען פון אלע צרות.

— נאר איהר מוזט וויסען, אז מען דארף פריהער דורכגעהן א קלייגע אפעראציאָן, האָט ער געזאָגט און האָט אנגעהויבען צו באָרלען מיט'ן האלז און צו גלאָצען מיט דיא אויגען.

זשערוויז האט זיך אויפגעהויבען פון באָדען. ער, דער קברות-גרעבער, האט זיך אויך אָבגעזאָגט פון איהר. זיא איז ארייגגעקראָכען אין איהר צימער און האט זיך א וואָרף געטהאָן אויפ'ן שטרוי, איהר האט איצט לייד געטהאָן, וואס זיא האט געגעסען און וואס זיא האָט דערמיט אָבגעצויגען און פערלאנגזאמט דיא פערניכטענדע ארבייט פון הונגער.

# XII.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זשערוויז נעקריגען צוגעשיקט צעהן פראַנק פון איהר זוהן עטיען, וועלכער האָט געהאַט שטענדיגע ארבייט און האָט געוואוסט אז זיין מוטער האָט ניט קיין איבעריגע געלד אין טאַשע.

זיא האָט אָבגעקאָכט אָנבייסען און האָט איהם אליין געגעסען, ווייל קאָפּע איז ניט געקומען, א גאַנצע וואָך האָט מען איהם ניט געזעהן און ער איז וויא פערפאַלען געוואָרען, ענדליך האָט מען איהר געבראַכט א געדרוקטען פּאַפּיר; אָנפאַנגס האָט זיא זיך פאַר'ן פּאַפּיר דערשראָקען, נאָר באַלד האָט זיא זיך ווידער בערוהיגט, ווען זיא האָט זיך דערוואוסט, אז דאס פּאַפּיר איז ניט מעהר וויא א צעטיל, אין וועלכען מען לאָזט איהר וויסען, אז איהר מאַן איז ווידער אין האָספּיטאַל. דיא נאַכריכט האָט איהר גאַר ניט בעאונרוהיגט, ווייל זיא האָט געוואוסט, אז קאָפּע וויסט דעם וועג צוריק א היים, און ער וועט קומען ווען ער וועט דאַרפען.

זונטאָג האָט זשערוויז אָבגעקאָכט א פיינעם מיטאָג און האָט זיך פאָרגענומען צו מאַכען א שפּאַציר אין האָספּיטאַל, האָפענדיג, אז דער שפּאַציר וועט איהר פערשאַפען א בעסערען אַפּעטיט, דער בריעף פון האָספּיטאַל איז איהר געשטאַנען פאַר דיא אויגען און האָט איהר דאָך אביסעל בעאונרוהיגט. עס האָט געשנייט, דער הימעל איז געווען גרוי און דיא לופט פריש, זיא איז ארויס נאָך האַלבען טאָג, ווייל דער טאָג איז געווען א קליינער און דער וועג א ווייטער, דיא מאַסע מענשען אין דיא גאַסען האָט איהר אביסעל אַמוזירט.

ווען זיא איז געקומען אין האָספּיטאַל, האָט זיא דערהערט א זעלטזאַמע געשיכטע. וויא עס שיינט, איז קאָפּע אנטלאָפען פון האָספּיטאַל און קיינער האָט ניט געוואוסט, וויא אזוי. געפונען האָט מען איהם אונטער דער בריק; ער האָט זיך אריבערגעוואָרפען איבער'ן פּאַרענץ, שרייענדיג, אז בעוואַפענטע מענער פערפאָלגען איהם און שטעכען איהם מיט דיא ביקסען.

א וועכטערין האָט ארויפגענומען זשערוויז'ן אויבען. ארויפשטייגענדיג דיא טרעפּ, האָט זיא דערהערט א שרעקליכען וואָיען, וואס האָט קאַלט געמאַכט דיא מאַרך אין איהרע ביינער.

— דאס איז ער, האָט געזאָגט דיא וועכטערין.

— ועמען מיינט איהר? האָט זשערוויז געפרעגט.

— איך מיין אייער מאַן, ער איז אזוי דיא גאנצע ציים, פון פאַרגעסטערן אָן, און איהר זאָלט זעהן וויא ער טאנצט!

אך, וואס פאר א שרעקליכע סצענע דאס איז געוועזן! דיא וועגד פון צימער זיינען געווען ווייך בעשלאגען פון אויבען ביז אונטען און אויפ'ן באָדען זיינען גע־לעגען אויסגעשפרייט מאטראצען, איבער וועלכע קאָפּע האָט געטאנצט און געוואָיעט, ער האָט געטראָגען זיין צוריסענע, פערשמוצטע בלוזשע. עס איז געווען שרעקליך אָנצוקוקען, ער האָט זיך ווילד געשליידערט פון איין זייט צימער צום אנדערן גע־וואָרפען מיט דיא הענד אזוי, וויא ער וואָלט זיי געוואָלט פון זיך אָברייסען און א שריידער טהאָן אין פּנים דיא גאנצע וועלט, מען זעהט צייטענווייז וויא מען מאכט נאך אזא שרעקליכעס ווארפען מיט אלע גליעדער און מיט דיא הענד, נור ווער עס האָט ניט געזעהן אין דער ווירקליכקייט אזא סצענע, קען זיך גאר ניט פאָרשטעלען, וויא שוידערליך דאס איז.

— וואס איז דאס? וואס איז דאס? האָט זיך ארויסגעריסען ביי זשערוויין.

א דאָקטאָר פון האָספּיטאל, א שעהנער בלאָנדער יונגער מאן מיט רויטע באקען, האָט רוהיג פערצייכענט אין זיין ביכעל, וואס ער האט דא געזעהן, דער פאל איז געווען א זאָנדערבארער און האָט ארויסגערופען פיעל אויפמערקזאמקייט פון דיא דאָקטוירים פון האָספּיטאל.

— איהר קענט דא בלייבען א קורצע ווייל, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, נאר בלייבט שטיל. ער וועט אייך ניט דערקענען.

אין דער ווירקליכקייט האָט קאָפּע ניט בעמערקט זיין פרוי, זיא האט נאך זיין געזיכט ניט געזעהן און איז צוגעגאנגען נעהענטער.

איז דאס ווירקליך ער? האט זיא געטראכט, זיא וואָלט איהם קיין מאָל ניט דערקענט, זיינע אויגען זיינען פערגאָסען מיט בלוט און זיינע געזיכטס־ציגע פערקרימט. זיין הויט איז געווען אזוי הייס, אז דיא לופט ארום איהם איז געווען וואַרעם און האָט אזוי געגלאנצט, וויא דיא הויט וואָלט געווען פאָלירט און איז געווען נאס פון שוויים, ער האָט געטאנצט, נאר עס האָט אויסגעזעהן, וויא ער וואָלט געשטאנען אויף גליהענדע קוילען קיין בעוועגונג, קיין ריהר האט ער ניט געמאכט מיט זיין אייגענעם ווילען.

זשערוויין איז צוגעגאנגען צום יונגען דאָקטאָר און האָט איהם געפרעגט.

— וועט ער ווערען געזונד?

דער דאָקטאָר האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— וואס זאגט ער איצט? איהר הערט, ער רעדט עפּעס.

— זיים רוהיג, און רעדט גאר ניט, האט דער דאָקטאָר געזאָגט, איך וויל הערען.

קאָפּע האָט גערעדט גיך און האָט בעקוקט יעדע זאך אין צימער.

— וואו איז דאס איצט? האָט ער אויסגעשריען און דאן האט ער זיך אויסגעגלייכט און גענומען קוקען פאר זיך אין דער לופט.

— דאס איז אן אויסשטעלונג, האָט ער אויסגעשריען. לאנטערנעס אויף דיא בוימער, דאס וואסער שטראָמט איבעראל, פאָנטאַנען, וואסער־פאלען און אנדערע פערשיעדענע זאכען.

ער האָט א לאנגען אטהעם געטהאָן, וויא ער וואָלט געקליבען פערגניגען פון דיא פרישע לופט.

— א נייער שפּיצעל! האָט ער געשריען, איך האב דאס געוואוסט.

— ניין, איך וועל זיך ניט אריבעוואַרפען, דאס וואסער וועט מיך דערטרינקען, ניין, איך וויל ניט.

— איך נעה אוועק, האָט זשערוויז געזאָגט צום דאָקטאָר, איך קען דאס ניט אויסהאלטען.

זיא איז געווען זעהר בלייך, קאָפּע האָט פאָרטגעזעצט זיין שרעקליכען טאנץ וועהרענד זיא איז ארונטערגעגאנגען פון דיא טרעפּ און זיינע קולות האבען איהר פערפאָלגט.

דעם זעלבען אבענד האָבען אלע אין דעם גרויסען הויז, וואו קאָפּע האָט געוואוינט, גערעדט פון זיין מערקווירדיגע קראנקהייט, דיא ראָשעס זיינען געווען וויא פערריקט פון נייגיערדע צו דערוויסען זיך דיא איינצעלהייטען וועגען דעם קראנקען און האבען זיך אזוי וויים ערנידערט, אז זיי האבען זשערוויז'ן פערבעטען צו זיך אויף א גלאז וויין, פערגעסענדיג, אז וואָכען־לאנג האבען זיי ניט געוואָלט אפילו א קוק טהאָן אויף איהר.

פרוי לאָריל און פרוי פּלאסאַ זיינען אויך אריין געקומען צו דיא ראָשעס. ראָשע האָט הערצעהלט, אז ער האט געהערט פון א טישלער, וועלכער האט געמאכט א פאלקע, ביז ער איז געפאלען טוידט. דאס איז איהם געקומען פון טרינקען שפּיעל אבסינט.

זשערוויז האט ניט געקענט געבען זיי גוט צו פערשטעהן, וואס אזוינס קאָפּע האָט געטהאָן און אום בעסער צו ערקלערען האט זיא געהייסען צוגעהמען דעם

טיש פון מיטען שטוב און זיא האָט גענומען שפּריננען און קרימען זיך, וויא קאָפּע האָט געטהאָן, יעדער האָט געזאָגט, אז עס קען ניט זיין, פּרוי לאָריל האָט ער־קלערט, אז פאר קיין שום געלד אין דער וועלט וואָלט זיא ניט אריינגעטראָטען אין האָספּיטאל, און ווירזשין, וועמעס געזיכט איז געוואָרען מיט יעדע וואָך אלץ מעהר לעננער וויל איהר געשעפט אין קראָם איז געגאנגען זעהר שלעכט, האָט נאָר א מורמעל געטהאָן, אז דאס לעבען איז ניט אלע מאָל אנגענעהם און זיא דענקט, אז עס איז א גאנץ טרויעריגע זאך. ווען דער וויין האָט זיך געענדיגט, האָט זשערוויין געזאָגט א גוטע נאכט, און איז אוועקגעגאנגען.

ווען זיא איז איזפּגעשטאנען אויפ'ן צווייטען טאָג, האָט זיא צו זיך געזאָגט, אז זיא וועט מעהר צו איהם ניט געהן, זיא קען איהם נאָר ניט העלפען, נאָר ווען עס איז געקומען ארום האַלבען טאָג, האָט זיא זיך ניט געקענט איינהאלטען און איז ווידער אוועק אין האָספּיטאל, זיא האָט זיך אליין ניט ארומגעזעהן וויא אזוי זיא האָט געמאכט אזא לאנגע שטרעקע, אזוי גרויס איז געוועזען איהר נייגיערדע און אונרוהיגקייט.

זיא האָט זיך אפילו ניט געדאַרפט אנפרעגען, וואס איהר מאן מאכט, ווייל אונטען האָט זיא שוין געהערט זיינע שרעקליכע קולות.

זיא איז ארויפגעגאנגען אויף דיא טרעפּ און האָט זיך אָבגעשטעלט פאר דער טהיר פון צימער, ווייל דאָרטען זיינען געוועזען מענשען, דער יונגער דאָקטאָר האָט אָבגעטראָטען זיין שטוהל פאר אן אלטען מאן וועמעס ברוסט איז געוועזען באהאנגען מיט אָרדענס. דאס איז געוועזען דער הויפּט דאָקטאָר פון האָספּיטאל.

זשערוויין האָט געזוכט צו זעהן קאָפּע איבער דעם דאָקטאָר'ס פּליכעוואטען קאָפּ, קאָפּע האָט געשפּרונגען און געטאנצט מיט דעם זעלבען אינפּעט, וויא פריד־הער, נאָר דער שוויס האָט זיך פון איהם געגאָסען מעהר, זיינע פיס האָבען געמאכט לעבער אין דיא מאטראצען פון זיין אונאויפהערליכען שפּריננען הין און צוריק.

זיא האָט זיך אליין געפרעגט, נאך וואס איז זיא ווידער אהער געקומען, געכטען האָבען איהרע שכנים ניט געגלויבט, וואס זיא האָט דערצעהלט, און האָ־בען געזאָגט, אז זיא מאכט דיא זאך גרעסער וויא דאס איז, אין דער ווירקליכקייט אבער האָט זיא דאס געמאכט א סך שוואכער, דאס צווייטע מאָל ווען זיא דאס איבערמאכען פיעל בעסער, זיא האָט זיך צוגעהערט צו וואס דיא דאָקטוירים האָ־בען גערעדט, דער יונגער האָט דערצעהלט דיא איינצעלהייטען, וויא קאָפּע האָט

פערבראכט דיא נאכט, פיעל ווערטער האָט זיא ניט פערשטאַנען, דאָך איז איהר געווען קלאָר אז קאַפּע האָט ניט אויפגעהערט צו שפּרינגען דיא גאַנצע נאכט. ענדליך האָט דער יונגער דאָקטאָר געזאָגט צום עלטערן, ווייזענדיג אויף זשערווייז אז זיא איז דאָס ווייב פון דעם פּאציענט. יענער האָט זיך צו איהר אַ קעהר געטהאָן און האָט איהר גענומען אויספרעגען מיט דער מינע פון אַ פּאָליצייאַר־ריכטער.

— האָט אייער מאַנ'ס פאָטער געטרונקען?

— אביסעל, אזוי וויא יעדער מענש, ער איז ארונטערגעפאַלען פון אַ דאַך, ווען ער איז געווען שכור און איז דער'הרג'עט געוואָרען.

— האָט זיין מוטער געטרונקען?

— יאָ, מיין הערר ...... דאָס הייסט אביסעל פון צייט צו צייט, אַ ברודער זיינער איז געשטאָרבען פון קרעמפּפען, נאָר דיא איבעריגע זיינען געזונד.

דער דאָקטאָר האָט אויף איהר אַ קוק געטהאָן און געזאָגט קאַלט:

— איהר טרינקט אויך?

זשערווייז האָט זיך געפּרובט צו פערטהיידיגען און אָבלייקענען דיא בעשולדיגונג.

— איהר טרינקט, האָט ער ווידערהאָלט, און זעהט צו וואָס שכרות ברענגט און דער סוף וועט זיין, אז איהר וועט אויך זיין דיא און מיט אייך וועט זיין דאָס זעלבע, וואָס מיט איהם.

זיא האָט זיך אָנגעשפּארט אָן וואַנד אין גאַנצען אַ צובראָכענע, דער דאָקטאָר האָט זיך געשטעלט אויף דיא קניע און האָט בעאָבאַכטעט און נאַכגעקוקט קאַפּע, אום אויסצוגעפינען, צו זיינע פיס ציטערן אזוי שטאַרק וויא דיא הענד.

קאַפּע האָט געשיינט צו ליידען היינט מעהר וויא נעכטען, זיין בעקלאָגען זיך איז געווען ווידערשפּרעכענד, אַ מיליאָן שפּילקעס האָבען איהם געשטאָכען, ער האָט געפיהלט אַ שרעקליכע שווערקייט אונטער דער הויט, אַ קאַלטע נאַסע בעשעפּעניס איז איהם געקראָכען איבער'ן גאַנצען קערפּער. אנדערע זיינען איהם געקראָכען איבער דיא אַקסלען.

— איך בין דורשטיג, האָט ער געקרעכצט, אזוי דורשטיג!

דער דאָקטאָר האָט איהם דערלאַנגט אַ גלאָז לימאָנאַדע, קאַפּע האָט אַ כאַפּ געטהאָן דאָס גלאָז מיטביידע הענד און האָט אַ זופּ געטהאָן מיט אַ

מאָל נאר אזוי וויא דיא הענד האָבען איהם נעציטערט, האט ער אביסעל פערנאָסען אויפ'ן מאטראַץ. ער האָט עס גלייך אויסגעשפייט מיט עקעל.

— דאס איז בראַנפּען! האָט ער אויסגעשריען.

דאַן האָט דער יונגער דאָקטאָר אויף א צייכען פון דעם עלטערן דערלאַנגט דעם קראַנקען אביסעל וואַסער, קאָפּע האָט ווידער אויסגעשפּייט מיט עקעל און געשריען, אז מען גיט איהם בראַנפּען.

— בראַנפּען! בראַנפּען איז דאס! האט ער געשריען. אָה, מיין גאָט!

— שוין פיער און צוואַנציג שטונדען, האָט דער דאָקטאָר ערקלערט, וויא ער קען קיין זאַך ניט נעהמען אין מויל, ווייל איהם ווייזט אויס, אז מען גיט איהם נאר בראַנפּען, און בעט מיט טרערען אין דיא אויגען, אז מען זאָל איהם געבען עפּעס אנדערס, ווייל איהם ברענט אין האַלז...... מען האָט איהם געבראַכט בוליאָן און ער האָט עס ניט געקענט אריינגעהמען אין מויל, ווייל ער האָט געזאָגט אז דאס שמעקט מיט אַלקאָהאָל, ער האט געשיינט צו ליידען דעם טעם פון טוידט און האָט געשריען, אז דיא לופט ארום איהם איז אָנגעפילט מיט סם. ער האָט געפרעגט, פאר וואס ערלויבט מען מענשען צו רייבען שוועבעלאַך איהם אונטער דער נאָז און שטיקען איהם מיט דעם מאוס'ען גערוך.

דער דאָקטאָר האט בעאבאַכטעט קאָפּע מיט א גרויסען אינטערעס, דיא ערשיינונגען וואס האָבען זיך איהם פריהער געוויזען נאר ביי נאכט, האבען איהם אָנגעהויבען צו פערפאָלגען אין מיטען העלען טאָג, ער האָט געזעהן הענגען איבער איהם אזא גרויסע פּאָוועטינע (שפּינוועבס), וויא אויף דיא זעגלען פון א קריעג־שיף, און באַלד האָט זיך דיא פּאָוועטינע פערוואַנדעלט אין נעצען וועלכע זיינען געוואָרען גרעסער און קלענער, דיא נעצען האבען ענטהאַלטען שוואַרצע רעשלאַך (באָלס, פּילקעס) און זיי זיינען אויך געוואַקסען און קלענער געוואָרען. פּלוצים האָט ער אויסגעשריען:

— דיא ראַצען! אָה, דיא ראַצען!

דיא שוואַרצע רעשלאַך האבען זיך פערוואַנדעלט אין ראַצען, דיא שרעקליכע בעסטיעס זיינען אַרויסגעקראָכען פון דיא נעצען, האבען גענומען לויפען איבער דיא מאַטראַצען און זיינען פערשוואונדען אזוי גיך, וויא זיי זיינען געקומען.

נאָך דיא ראַצען איז ערשיענען אַן אַפּע (אַבעזיאַנע, מאָנקי), וועלכע איז אריינגעקומען פון דער וואַנד און איז דורך דאָרטען ארויסגעגאַנגען. ביים אריינקו־מען איז דיא אַפּע אזוי נאָהענט צוגעקומען צו קאָפּע'ס געזיכט, אז ער האט זיך

א צאפעל געטהאָן און אָבגעשפרונגען צוריק מיט עקעל, באלד האָט איהם אויס־ געוויעזען אז דיא ווענד שאָקלען זיך און האלטען ביים איינפאלען, ער האט גענר מען שרייען מיט דיא לעצטע כחות:

— פייער! פייער! זיי וועלען לאנג ניט איינשטעהן! זיי שאָקלען זיך! פייער! פייער! דער גאנצער הימעל איז ליכטיג פון דעם פייער! העלפט! העלפט!

זיינע געשרייען האָבען זיך געענדיגט אין א קאנוואולסיוועז, קראמפפהאפטען מורמעל, דאס מויל איז געווען פערלאָפען מיט פיענע, דער הויפט דאָקטאָר האָט זיך געווענדט צו זיין אסיסטענט:

— האלט איהר דיא טעמפעראטור אויף פערציג גראד?

— יאָ, מיין העדר.

א טוידטע שטילקייט האָט זיך פערשפרייט, ענדליך האָט דער דאָקטאָר א ציה געטהאָן מיט דיא אַקסלען:

— גוט! בעהאנדעלט איהם אזוי וויא פריהער, בוליאָן, מילך, לימאָנאדע, און בינין. לאָזט איהם ניט איבער אליין און שיקט נאָך מיר, ווען עס וועט זיין עפּעס אן ענדערונג.

ער איז ארויסגעגאנגען און זשערוויז איז געגאנגען נאָך איהם, זיא האָט געוואָלט פרעגען, אויב עס איז דא א האָפנונג, אז ער זאָל צוריק געזונד ווערען, נאר זיא האָט ניט געוואגט צו פרעגען איהם.

זיא איז א ווילע געשטאנען און האָט ניט געוואוסט וואס צו טהאָן, צו זאָל זיא געהן צוריק צו קאָפּע אדער ניט, נאר דערהערענדיג אז ער האָט אויף דאס ניי אנגעהויבען צו שרייען, אז מען זאָל איהם געבען וואסער און ניט קיין בראנפען, האָט זיא זיך געלאָזט ארונטערגעהן פון דיא טרעפּ פיהלענדיג, אז פאר איין מאָל וועט זיא אזוי פיעל ניט קענען אריבערטראגען. אין גאס איז זיא א דער־ ציטערטע געוואָרען, דערהערענדיג דעם געלאָפּ פון פערד, איהר האָט אויסגעוויזען, אז דיא בעוואוינער פון האָספיטאל לויפען איהר נאָך. זיא האָט זיך דערמאָנט, מיט וואס פאר א שרעקען דער דאָקטאָר האָט איהר געדראָהט און זיא האָט גע־ מיינט, אז זיא האָט שוין אויף דיא קראנקהייט.

ווען זיא איז אנגעקומען צו איהר וואוינונג, זיינען שוין דיא שכנים געווען פערזאמעלט און האָבען איהר אריינגעשלעפּט צו ראָשע.

— לעבט נאָך קאָפּע? האָט ראָשע געפרעגט.

ווען זיא האָט געענטפערט אז יא, איז איהם איהר ענטפער ניט געפעלען געוואָרען, וויל ער האָט געהאלטען א וועט, אז ער וועט ניט איבערלעבען פיער און צוואנציג שטונדען, יעדער האט זיך געוואונדערט, און פרוי לאָריל האט אויס־גערעכענט, אז קאָפּע מאָנצאָט שוין זעכציג שטונדען, ער האט אן אונגעוועהנליכע קראפט.

אנפאנגס האט זשערוויז זיך אבגעזאגט נאכצומאכען איהר מאַנ'ס טאנצען, זיא האט ווירקליך מורא געהאט, אז זיא זאל אליין ניט קראנק ווערען, נאר ווען מען האָט פאר איהר געמאכט א פּלאַץ אין צימער, האט זיא אָנגעהויבען נאכצו־מאכען, נאר זיא האט עס באלד אויפגעגעבען.

— ניין, זיא קען דאס ניט, דאס איז אונמעגליך פאר איהר.

יעדער איז געוועזען ענטטוישט, און ווירזשין איז אוועקגעגאנגען.

דאן האבען אלע אנגעהויבען צו רעדען וועגען דיא פּלאַסאָס, געכטען האָט מען געגען זיי ארויסגענומען א ווארענט, פּלאַסאָ וועט פערלירען זיין שטעלע. וואס אנבעלאנגט לאנטיע, דרייט ער זיך איצט ארום א פרוי, וועלכע דענקט צו דינגען דיא קראָם און פערקויפען הייסע מאָגענס, לאנטיע האט מזל וויא שטענדיג.

ביי דיא ווערטער האָט יעמאנד א בליק געטהאָן אויף זשערוויז און האט דיא איבעריגע אויך אויפמערקזאם געמאכט אויף איהר, זיא איז געשטאנען אין א ווינקעל פון צימער און איהרע הענד און פיס האבען געציטערט, זיא האט איצט נאכגעמאכט קאָפּע אין דער ווירקליכקייט, זייא האבען צו איהר אנגעהויבען צו רעדען און זיא האָט זיך א ווילדען צאפּעל געטהאָן, וויא זיא וואָלט ערוואכט פון א חלום און איז האסטיג ארויס פון צימער.

ווען זיא איז אויף מאָרגען געקומען אין האָספּיטאַל, האָט זיא געטראָפען קאָפּע ווילד־משוגע, ער האָט זיך געשלאָגען אין מיטען צימער מיט אונזיכטבארע פיינד און האָט זיך געפּרובט בעהאלטען פון זיי, ער האָט אליין גערעדט און אליין זיך געענטפערט, וויא ער וואָלט געווען ניט איין פערזאָן נאר צוואנציג, זיא האָט אויף איהם געקוקט מיט אויסגעשטעלטע אויגען איהם האָט געדוכט, אז ער דעקט א דאך מיט בלעך, ער האָט געבלאָזען אויפ'ן קליינעם אייזועלע און האט זיך גע־שטעלט אויף דיא קניע, וויא ער וואָלט צוזאמענגעלייט אייזען, אויפ'ן צווייטען דאך זיינען געשטאנען מענשען און האבען איהם בעליידיגט דערמיט, וואס זיי האבען ארויסגעלאָזט ראצען. ער האָט געטראָטען מיט דיא פיס אום זיי צו דער'הרג'ענען אויף האָט ער געזוכט צו דער'הרג'ענען דיא שפּינען. ער האָט געריסען פון זיך

דיא קליידער אום צו כאפען דיא בעשעפעניסען, וואס האבען זיך געוואָלט איינעסען איהם אין הויט אריין. מיט א מינוט שפעטער האט איהם אויסגעוויעזען, אז ער איז א לאָקאָמאטיוו און ער האָט געבלאָזען און געסאָפעט.

— קוק! האָט ער געזאָגט, צולויפענדיג צום פענסטער, וויא ער וואָלט געוועזען אויף א דאך. אָט איז א דורכפאהרענדע צירק, איך זעה דיא לייבען און לעמפערטען ווינקען צו מיר, און אָט איז קלעמענס. גוטער גאָט! מענש, שיס אויף מיר ניט!

און ער האָט געמאכט מיט דיא הענד, וויא ער וואָלט געזעהן יעמאנדען ציעלעווען זיך אויף איהם.

ער האָט גערעדט אהן אן אויפהער, זיין קול איז געוואָרען העכער און העכער, שטארקער און שטארקער.

— הא, דאס ביזטו? נאר זיי אזוי גוט און שטופ מיר ניט דיינע האר אין מויל אריין!

און ער האָט א פיהר געטהאָן מיט דער האנד איבער'ן מויל, וויא ער וואָלט וועלען אָבשארען דיא האָר.

— ווער איז דאס? האט געפרעגט דער אויפוואכטער.

— מיין ווייב, האָט קאָפּע געענטפערט.

ער האָט געקוקט אויף דער וואנד מיט דיא פלייצעס צו זשערוויז, וועלכע האט זיך געפיהלט זעהר זעלטזאם און וועלכע האָט געקוקט אויף דער וואנד צו זעהן, אויב זיא איז ווירקליך דאָרטען ניטא, ער האָט גערעדט ווייטער:

— דוא זעהסט אוים זעהר פיין; וואו האסטו גענומען דאס קלייד? קום אהער, איך וועל דיר עס אביסעל צורעכט מאכען...... צום טייוועל! אָט איז ער ווידער דא!

און ער איז ארויפגעשפרונגען אויף דער וואנד, נאר דיא ווייכע קישענס האבען איהם אָבגעשטויסען.

— ווען זעהט איהר דאָרטען? האט איהם געפרעגט דער יונגער דאָקטאָר.

— לאַנטיע! לאַנטיע!

זשערוויז האָט ניט געקענט אריבערטראָגען דעם יונגען דאָקטאָר'ס בליקען, ווייל דיא סצענע האט ביי איהר ארויסגערופען זעהר פיעל ערזינערונגען פון דער פערגאנגענהייט.

קאָפּע'ן האָט אויסגעוויעזען, אז מען איז איהם בעפאלען און מען אטאקירט

איהם פון אלע זייטען. ער איז ארומגעשפרונגען מיט דער פלינקייט פון א קאץ, זיין אטהעם איז געווען קירצער און קירצער, און זיינע אויגען זיינען שיער ניט ארויס־געשפרונגען פון דיא לעבער.

— ער הרג'עט איהר! האט ער געשריען. ער מאָרדעט איהר! זעהט איהר בלוט!

ער איז געפאלען מיט'ן רוקען צו דער וואנד, מיט אויסגעשטרעקטע הענד, אזוי וויא ער וואָלט ניט וועלען דערלאָזען צו זיך עפעס א שרעקליכע זאך. ער האט ארויסגעלאָזט צוויי לאנגע און שטילע קרעכצען און איז אנידערגעפאלען אויפ'ן מאטראץ.

— ער איז טויט! ער איז איז טויט! האט געקרעכצט זשערוויי.

דער אויפזאכטער האט אויפגעהויבען קאפע'ן. ניין, ער איז נאך ניט געווען טויט, זיינע באָרפוסע פיס האבען נאך געציטערט, דער הויפט־דאָקטאר איז ארייג־געקומען מיט נאך צוויי, דיא דריי מענער זיינען געשטאנען ערנסט און שטיל און האבען איהם א קורצע וויילע בעטראכט. דאן האָבען זיי איהם אָבגעדעקט, און זשערוויי האט דערזעהן זיינע אקסלען און דעם רוקען, דער גאנצער קערפער האט איצט געציטערט און עפעס וויא א זעלטזאמע כוואליע איז דורכגעלאָפען אונטער דער הויט.

— ער שלאָפט, האט געזאָגט דער הויפט דאָקטאר צו זיינע קאָלעגען.

קאפע'ס אויגען זיינען געווען פערמאכט, זיין געזיכט האט זיך קראמפפהאפט געקרימט, ער איז געשלאָפען אבער ניט זיינע פיס.

זעהענדיג אז דיא דאָקטוירים האבען אויף איהם ארויפגעלעגט דיא הענד, האט זיא אויך געוואָלט טהאָן דאס זעלבע, זיא איז שטיל צוגעגאנגען און האט איהר האנד ארויפגעלעגט אויף זיין אקסעל.

וואס איז דארטען געווען אזוינס? א טייך האט געשיינט צו שטראָמען אונ־טער דער הויט, דאס איז געווען דער בראנפען פון דעם אסעמואר, וועלכער האט זיך וויא א מאָל דורכגעבויערט דורך דיא מוסקעלען, נערוועו, ביינער און מארך.

דיא דאָקטוירים זיינען אוועקגעגאנגען, אין א שטונדע שפעטער האט זשערוויי געזאָגט צום יונגען דאָקטאר:

— איז ער טויט, מיין הערר?

נאר ער האט א קוק געטהאָן אויף דיא פיס און געענטפערט:

— ניין.

א שטונדע נאך א שטונדע איז אריבער, ענדליך זיינען דיא פים געווארען שטיל און שטייף.

— ער איז טוידט, האט דער דאקטאר געזאגט, ווענדענדיג זיך צו איהר.

נאר דער טוידט אליין איז אימשטאנדע זיי צו בערוהיגען.

ווען זשערוויז איז צוריסגעקומען א היים, האט דיא ביי דער טיר געטראפען א מאסע מענשען, דיא האט געדענקט, אז זיי ווארטען אויף איהר און ווילען איהר אויספרעגען, און האט זיי געזאגט מיט א רוהיגען טאן, אז קאפאָ איז געשטארבען און זיא איז אוועק ווייטער.

נאר קיינער האט איהר איצט ניט געהערט, זיי זיינען געווען בעשעפטיגט מיט מעהר אינטרעסאנטע זאכען, איינער האט דערצעהלט דעם צווייטען, וויא פלאסאָ האט שיער ניט דער'הרג'עט לאנטיע'ן, פלאסאָ איז א טיגער און האט געקענט בעטערקען, וואס עס געהט פאר שוין לאנג פריהער, ראשע האט דערצעהלט אז דיא פרוי האט געדונגען דעם קראם און לאנטיע האט שטענדיג מזל, ווייל ער האט ליעב הייסע מאגענס.

זשערוויז איז דערווייל אוועק צו קאפאָס ביידע שוועסטער.

— ער איז טוידט, האט זיא געזאגט מיט א שוואכען קול, נאך פיער טעג שרעקליכע יסורים.

זיי האבען געפונען פאר זייער פליכט ארויסצונעהמען זייערע טיכלאך, כאטשע ער האט געפיהרט א מאוסען לעבען, איז ער דאך זייער ברודער.

ראשע האט געצווינגען מיט דיא אקסלען און געזאגט אין דער הויך:

— א שפאס! וועט זיין מיט איין שכור ווייניגער אין פאריז!

פון דיעזען טאג אן איז זשערוויז ניט שטענדיג געווען ביים זינען און דיא שכנים פון הויז האבען זיך אפט אמוזירט צו זעהן, וויא זיא מאכט נאך קאפאָ'ס טאנצען.

נאר איהרע פארשטעלונגען זיינען געווען ניט ווילענדיג, דיא האט צייטענווייז געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער און ארויסגעלאזט קראמפפהאפטע געשרייען, זיא האט זיך אנגענומען זיין קראנקהייט פון קוקען אויף איהם אזוי לאנג אין האספיטאל, נאר דאס איז געווען א שוואכע פארמע פון דער קראנקהייט און האט קיין מאל ניט דערגרייכט דיא שטופע וויא עס איז געווען ביי איהם, און דיא פאר מאנאט וואס זיא האט זיך נאך געמאטערט אויף דער וועלט.

דא איז געזונקען אלץ ניעדריגער און ניעדריגער. אזוי ניך וויא זיא האט נאר דערטאפּט ערגעץ אביסעל געלד, האָט זיא עס גלייך אויפ'ן שטעל פערטרונ־קען, דער ווירטה פון הויז האָט בעשלאָסען ארויסצוואווארפען איהר פון דעם צימער און אזוי וויא גראדע צו יענער צייט האט מען געפונען דעם אלטען ברו א טוידטען אין זיין לאָך, האָט דער ווירטה איהר ערלויבט צו פערנעהמען זיין פּלאַץ, און ליגענדיג דאָרטען אויף א קופּע פערפוילטע שטרוי, האָט זיא ערוואַרטעט דעם טוידט וויא עס ווייזט אויס, האָט אפילו דיא מוטער־ערד פון איהר ניט געוואָלט וויסען, א פּאָר מאָל האט זיא זיך געפּרובט ארויפוואַרפען פון פענסטער, נאר דער טוידט האָט איהר גענומען ביסלעכווייז, אין דער ווירקליכקייט האָט קיינער ניט געוואוסט ווען און וויא אזוי זיא איז געשטאָרבען, מען האָט געזאָגט, אז פון קעלט און פון הונגער.

נאר דער אמת איז, אז זיא איז געשטאָרבען, ווייל דאס לעבען האָט איהר אין גאַנצען אויסגעמאַטערט. דער אלטער באזשאָן איז געקומען דעם זעלבען טאָג וואס מען האָט איהר געפונען טוידט, ער האָט געבראַכט איהר טרונע אונטער'ן אָרם און איז געווען שכור און פריילך וויא א פויגעלע.

— עס איז נאַרעש זיך צו יאָגען נאָכ'ן טוידט, ענדליך מוז ער קומען, איך בין פערטיג צו טהאָן אייך דאס פערגניגען, ווען אייער צייט קומט, אנדערע ווילען געהן, אנדערע ווילען בלייבען, און דוא ביזט איינע, וואס האָט געוואָלט געהן, נאר מען האָט איהר געלאָזט וואַרטען.

ווען ער האָט אויפגעהויבען דיא געשטאָרבענע מיט זיינע גרויסע און גראָבע הענד, האָט ער עס געטהאָן צערטליך, און ארייגלעגענדיג איהר זאַנפט אין דער טרונע, האט ער געמורמעלט:

— דאס בין איך ... דאס בין איך, מיין טהייערע, האט געזאָגט דער גראָבער פרויען־טרייסטער. דאס בין איך. זיי איצט גליקליך, און שלאָף רוהיג, מיין טהייערע.

# ענדע.

דאס איז דיא ענדע פון נאַנאַ'ס מוטער. אויב איהר ווילט וויסען וואס עס איז געוואָרען פון נאַנאַ דאַנן קויפט „נאַנאַ“ פון עמיל זאָלאַ.